ב. שלעווין

# דאָס הויז
# אין דער
# טאָפּאָלן־גאַס

ראָמאַן

פאַרלאַג  פאַריז

1955

צו דער 30־יאָריקער עקזיסטענץ פון דער בריסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין פּאַריז, היילקט זי — דורכן העלפן דערשיינען דאָס דאָזיקע בוך — דעם זכרון פון די דרייסיק טויזנט יידן פון בריסק, פאַרשפּאַרטע אין געטאָ, פאַרשני־טענע דורכן נאַצישן רוצח; ווי אויך דעם אָנדענק פון די בריסקער יידן אין פראַנקרייך, דערשאָסענע, אומגעקומענע אויף דעפּאָרטאַציע און אַלע אונדזערע קדושים.

# 1

וועמער פון אונדז טוט דען נישט אַמאָל, אַזוי אומגערן, אַ רוק אויף דאָס אונטערשטע שופלאָדל און צווישן אַ באַרג אַלטע פּאַפּירלעך, קומט אום־געריכט אין דער האַנט אַריין אַ האַלב־פאַרגעסענע פאָטאָגראַפיע? — משפּחה, פריינט, חברים, באַקאַנטע. מען כאַפּט צוערשט אַ זייטיקן בליק — נעפּלדיק־ווייטע פּנימער, וועלכע זענען אַמאָל נאָנט געווען, אין דעם קרייז, אין דער שטאָט, אָדער אין שטעטל. עס שמייכלען דיסקרעט מיידלעך, אין פרעמדע, ווייטע, פאַרגעסענע מאָדעס, מיט לופטיקע האָר־פריזורן. אויף דער אַנדערער זייט פון דער געפלאַצטער פאָטאָגראַפיע קען מען נאָך געוויינלעך געפינען אַ האַלב־אָפּגעמעקטע צושריפט מיט פאַר־געלטן טינט, אין יידיש, אין פּויליש, אין רוסיש, אָדער אַפילו אין העברעאיש — „פאַר מיין טייערן... צום עוויגן אָנדענק"... אַמאָל — אַן אַפאָריזם, וועלכער איז שוין אפשר לאַנג מער נישט גילטיק, אַ פערז...

דאָס זענען ס׳רוב פאָטאָגראַפיעס פון די צוואַנציקער־און־דרייסיקער יאָרן, פון יענעם טרויעריקן פּוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ נייע יוגנט האָט זיך געהאַט אויפגעהויבן, מיט ברויז, מיט מוט, מיט ברען און מיט ליכטיקע האָפענונגען אין יענע געדיכט־צעזייעטע יידישע שטעט און שטעטלעך. אַ טישל אין געקרייצטע ווייסע בערעזע־צווייגן, אַ שטיקל באַנאַלע לאַנדשאַפט, אַוודאי לויט דער פאַנטאַזיע פון אַ קליינשטעטלדיקן פאָטאָגראַף. אויפן טישל מיט דער אויסגענייטער סערוועטקע — אַן אויפ־געמישט בוך פון פּרצן, פון מענדעלען, צי פון מאַרקסן; צוויי־דריי מייד־לעך, צוויי־דריי יונגעלייט, די מינעס אַביסל שטרענג, זיצן ענג צונויפגענו־מען אין אַ האַלב־קרייז. ס׳איז געוויינלעך די קולטור־קאָמיסיע, אָדער די פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק א. נ. פון י. ל. פּרץ. איר דערקענט דאָרט שווערלעך זיך אַליין, אַ ברודער, אַ שוועסטער, אַ חבר. עס טוט אַ ווייע מיט ווייטע, פאַרגעסענע היים־ריחות. איר טוט אומרואיק אַ פלאַטער איבערן אייגענעם נאַקעטן שטערן, איבערן שיטערן שויבערל, וואָס איז אַמאָל געווען פאַרקעמט אין אַ שטרענגן שרונט, אָדער גע־קרויזט.

געלעבט האָט נאָך דעמאָלט אַ געדיכט פאָלק פון געזונטע, פּשוטע ייִדן אין די הילצערנע שטעטלעך און ביי די ברעגן פוןביידע זייטן בוג. ס׳איז געווען דער פריער, שיינער צייטאַלטער פון אונדזער נעפּלדיקער קינדהייט און פון אונדזער יאָרהונדערט. מיר האָבן עס מער געאַנט, ווי פאַרשטאַנען; און איידער מ׳האָט זיך נאָך רעכט אַרומגעקוקט, איז אַ גאַנצע אַלטע וועלט, אונטער די הייסע ווינטן פון אויפגעשטאַנענע פעל־קער, צעטרייסלט געוואָרן. פאַר אונדזערע אויגן כמעט איז אַ פיל־דורות־דיקער ייִדישער לעבנס־שטייגער פונאַנדערגעפאַלן זיך אין שטויב; און די אָבות אונדזערע האָבן נאָך אַלעמאָל געלעבט מיטן בטחון, אַז אַלץ איז זיכער, ווערטיק, אייביק און באַשטענדיק, פון אָרט נישט צו רירן. פאַריסענער ייִדישער יחוס און — פאַרדאגהטע באַלמעלאָכישקייט. פון דער געדיכטעניש פון אָט די משפּחות זיינען זיי עס געקומען די, וואָס האָבן געהאַפּט אַריינצולאָזן אַביסל זון אין אונדזערע אָרעמע, פינצטערע געסלעך. געווען זענען עס יענע זעלבע אונטערערדישע שטראָמען, וואָס האָבן געעירט אין דער טיפעניש איבערן גאַנצן ייִדישן תחום פון פוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד.

געווען איז ערב־פרילינג אויף אונדזער אָרעמער ייִדישער גאַס. פון די ווייטע, רויכערדיקע פאַבריק־שטעט, פון די רוישיקע ייִדישע צענטערן איז ער געקומען אָנצוווייען — די „קרייזלעך״, די „סכאָדקעס״, די בראַ־שורן אויף דינעם פּליס־פּאַפּיר, די שטרייקן פאַר אַן אַכט־שעהדיקן אַר־בעטס־טאָג; די פאָלקס־אינטעליגענטן אין די לאַנגע האָר, אין די סאַטי־נענע העמדלעך, אין די פּענסנע מיטן שוואַרצן שנירעלע אונטערן אויער. צוגלייך מיט די פּוילישע און רוסישע רעוואָלוציאָנערן, זענען זיי געגאַנ־גען איבער די ענדלאָז־אומעטיקע, טיף־פאַרשנייטע, אָפּגעמעקטע סטעפּעס פון סיביר. ס׳איז געווען יצחק לייבוש פּרץ אויף אונדזער ייִדישער גאַס. „נישט ווייט איז שוין דער פרילינג״ — האָט ער געמונטערט, כאָטש דער הימל איז נאָך געווען פינצטער, פאַרוואָלקנט, ס׳האָט „געפייפט און גע־ברומט דער ווינט״.

פרומע ייִדן האָבן נאָך אַלץ געדאַוונט צום אַלטן גאָט פון די אָבות, מ׳האָט נאָך אַלץ חתונה געמאַכט קינדער מיטן בטחון פון אייביקייט. מ׳האָט אויף אונדזער אָרעמער גאַס צוגעבויט נאָך אַ גאָרן, נאָך אַן אויי־בער־שטיבל, נאָך אַ פליגל מיט אַ דאַך־פענצטער; מ׳האָט זיך געדיכט געקריגט אין די אוראַלט־פאַרצווייגטע משפּחות איבער אַן איינגעפאַלן ירושה־הויז, איבער אַ שפּאַן ערד, איבער אַ פאַראַסטעט שטיקל משפּחה־צירונג; מ׳האָט זיך געמאַטערט און צוביסלעך אונטערגעהאַנדלט.

פאַרגלויבט אינעם ליכטיקן מאָרגן, וואָס קומט אָן, האָט מען געזונ־גען די האַרציקע לידער אין די שניידער־ און שוסטער־וואַרשטאַטלעך, צווישן די סטעלמאַכעס און קאָוואַליעס און רימאַרעס. די געזעלן און די נייטערקעס האָבן פאַרטייעט געטראָגן צווישן זיך אַ גרויסן סוד. דאָס איינ־

פּאַכע אַרבעטס־פּאַלק, די באַלעגאָלעס, די אויסלאַדערס, האָבן אָנגעפּילט די טראַקטירן, די „טשיינעס״, געשיילט יאַדערן, געטרונקען שוואַרצן, גע־דיכטן ביר, געשפּילט אין ביינדלעך, אין דאָמינע און האָבן זיך גאָר דע־מאָלט מיטגעכאַפּט אין בעל־מלאכהשן בית־מדרשל, אויסהערן אַ מגיד. די משכילים האָבן אריינגעקוקט אין דער „הצפירה״; און די אויפגעקומענע, די סוחרים און „פּאָדריאַטשיקעס״, האָבן איינגעריסן אַ וועלט, זענען אין די וואַרעמע זומער־אָוונטן ברייט געווען צעזעצט אויף די באַלקאָנען פון „ניעווסקי פּראָספּעקט״ און געטרונקען פון די סאַמאָוואַרן פייערדיקע גלעזער טיי מיט „וואַרעניע״; זיי האָבן אָנגעפּילט די אַלטאַנעס פון שיי־נעם שטאָטישן פּאַרק, די קאַפּיי־הייזער. דאָרט האָבן זיך געזאַמלט די באַ־אַמטע, די אָפיצירן און אַרום די טישלעך זענען נישט איינמאָל פאַר־האַנדלט געוואָרן גרויסע קניות.

די קאָכעדיקסטע אַרטעריע, דער „ניעווסקי פּראָספּעקט״, איינגע־טונקט אין קאַשטאַנען און אַקאַציעס, איז ברייט פונאַנדערגעוואַקסן זיך דער עיקר אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר, ווען מ׳האָט דאָ גע־נומען איבערבויען די אַלטע פעסטונג אויפן בוג, ווען די שטאָט, אויף דער שוועל פון פּוילן־רוסלאַנד, איז, מיטן דורכלייגן אַ באַן־ליניע, געוואָרן אַ וויכטיקער האַנדלס־קנופּ. דורך דאַנען זענען געפלאָסן וואַגאָנען גאַל־דענע ווייצן פון אוקראַינע, חזיר־האָר, געווילד און רויכוואַרג — פון די פאַרוואָרפענע פּינסקער און מאָזירער מקומות.

פוןביידע זייטן בולוואַר, וואָס איז געלאָפן לענגאויס דעם וואַרשע־מאָסקווער שאָסיי, זענען אין משך פון די פאָר צענדליק יאָר אויסגע־וואַקסן העל־ציגלדיקע, דריי־שטאָקיקע מויערן, געבויט אין עפּעס אַ ווילדן געמיש פון עמפּירישן, ביזאַנטינישן און רענעסאַנס־סטיל, מיט געשניצטע גזימסן, אַטלעטיש־געגאָסענע, נאַקעטע מאַנסלייט און לייביקע ווייבער, האַלב־געטער, די לענדן פאַרדעקט מיט פייגן־בלעטער. מיט די פעסטע מוסקולן זייערע האָבן זיי אונטערגעהאַלטן די לאַנגע, האַלב־רונדע באַל־קאָנען. אין די טיפע, קילע הייף זענען געווען צעלייגט די געוועלבטע שפּייכלערס, די מאַגאַזינען. פון פאָרנט זענען געווען די הורט־געשעפטן פון קאָלאָניאַל און אייזנוואַרג, פון גאַלאַנטעריע און מאַנופאַקטור, דער עיקר מיליטערישע שטאָפן, עלעגאַנטע פּרוכט־ און קאָנדיטאָריי־געוועל־בער, טיי־הייזער, וווּ ס׳האָבן אין די קילע האַליעס געזשומעט די גיטאַ־רעס פון ציגיינער־אָרקעסטערס. אויפן ראָג, אין געדיכטסטן שפּאַציר־גאַנג, האָבן שאַרף אָראָפּגעלויכטן די לעמפּ איבערן קינאָ־זאַל „אילוזיאָן״, ווו עס זענען געוויזן געוואָרן די ערשטע שטומע פילמען.

אין די בלויע זומער־אָוונטן זענען די בולוואַר־אַלייען, דער סקווער אויפן „דומסקי פּלאָשטשאַד״, די אַלטאַנעס אַרום זומער־טעאַטער אין פּאַרק, באַלייגט געווען פון די פלינקע „פּריקאַזשטשיקעס״ מיט די דינ־אויסגעשיטע וואָנסעלעך, אין האַרטע קעלנער, מיט די שטעקעלעך אין

די הענט. די גימנאַזיע־יוגנט, אין אוניפאָרמען מיט מעשענע קנעפּ און היטלען מיט ברייטע דענקעס, האָבן שפּאַצירט אין טומלדיקע גרופּעס.

די באַלמעלאָכעס און די בייטערקעס האָבן זיך געקליבן ערגעץ אויף די בולוואַר־בענק, אָדער אין טייך־געסל, אין די אָפּגעלעגענע ווינקעלעך, איינגעטענהט און שטיל געזונגען די פאַרבאָטענע לידער.

אַ נייער עולם יונגוואַרג, אַ פאַרטייעטער און אַ שווייגנדיקער, איז אין די פּאָר מלחמה־יאָרן אומגעריכט געטון אַ וואַקס אונטער. זיי האָבן זיך אין יענעם פרילינג אומגעקערט מיט די עשאַלאָנען. וואָכנלאַנג האָבן זיי זיך געוואַלגערט אונטערוועגנס, צווישן שטעטלעך, אַוועקגעלאָזענע מיטן רויך, געפּויזעט איבער די ברייטע, אומעטיקע רוסישע שטרעקעס. געדענקט האָבן זיי אַלע די צעטראָטענע פלעצער און די זוניקע פּראָספּעקטן פון כאַרקאָוו און קרעמענטשוג, פון קיעוו און רעטשיצע, פון סאַמאַרע און ראָסטאָוו, וו מ׳האָט אַ זומער מיט אַ ווינטער נאָכאַנאַנד געמיטינגט אונטערן פרייען הימל, ווו אָנגעפלויגענע רויט־אַרמייאישע טיילן האָבן באַדעקט די פרילינגדיק־פאַרבלאָטיקטע שטעט און די טליענדיקע פאָרשטעט.

די שויבערדיקע בחורים און די פלאַך־ברוסטיקע מיידלעך, יינגלעריש־פאַרשוירן, מיט קנאָכיקע מענערישע פּנימער, זענען גאָר מער נישט ענלעך געווען אויף זייערע אויסגעמאָרעטע, קליינע טאַטעס — די שניידערס, די שוסטערס, די באַלעגאָלעס, די דראָשקאַרעס; זיי זענען נישט ענלעך געווען צו די קליינע, אויסגעקינדלטע מאַמעס, די מאַרק־ווייבער און אויבסט־הענדלערינס. זיי, די דאָזיקע, האָבן אלץ און אלעמען פאַרזיכטיק אַ באַטראַכט געטון פון אונטערן שטערן, אַזיווי מיט לויער, אָבער גלייכצייטיק — אָפן, פּשוט, אָפּדעקנדיק אין ברייטן שמייכל זייערע ווייסע, געזונטע, אויסגעהונגערטע ציינער. אַ לאַנגע צייט דערנאָך האָבן זיך די בחורימלעך געקליידט אין שוואַרצן פרענטשן, אין גאַליפע־הויזן, אין פּראָסטע, העלע לייוונטענע בלוזעס. די מיידלעך האָבן זיך געוויקלט אין קורצע זשאַקעטקעס.

מ׳האָט אין דער חרובער היים קוים געצויגן די בידנע חיונה פון די וואַרשטאַטלעך. די ווייבער זענען אַוועק וואַשן וועש און פּאָדלאָגעס אין די יידיש־באַלעבאַטישע הייזער, אַרומגעטראָגן קוישן בייגל פאַר די געוועלב־טירן; און די יונגע, די אונטערגעוואַקסענע, האָבן אינגאַנצן נישט געהאַט צו וואָס זיך צו נעמען. אַלע טירן זענען באַקלעפּט געווען מיט שילדן פון באַלמעלאָכעס און בייטאָרינס. ס׳האָט באַנג געטון וואָס מ׳איז אַוועק פון רוסלאַנד; ווייל דורך בריוו פון פאַרבליבענע שוועסטער און ברידער, און דורך אַנדערע וועגן, זענען דערגאַנגען פון דאָרט זייער גוטע גרוסן : מען אַרבעט אין די פאַבריקן, מען לערנט זיך אין די אוניווערזיטעטן, מען בויט אַ נייע וועלט.

אַנדערע האָבן זיך איינגעשטעלט און אין אַ שיינעם פּרימאָרגן פאַר־שווונדן פונעם רינג הייזער. דערנאָך איז אונטערגעקומען אַ בריוול, אַז מ׳איז „אויף יענער זייט״. נישט אומזיסט האָט די פּאָליציי באַצייטנס געוואָרפן אַן אויג אויפן רינג הייזער, וועלכן אַלע האָבן אין שפּאַס אַ נאָ־מען געגעבן „האָטעל דע נענדזע״. אַריינבאַקומענדיק אַזאַ בחורל מיט אַ גרינלעך, אָפּגעשיילט קאַזיראָקל, אָדער אַ יינגלעריש־אונטערגעשוירן מיידל, האָבן זיי באַלד געוווּסט וועמען זיי האָבן דאָ פאַר זיך.

— באָלשעוויסטישע אוניפאָרמען! — האָבן זיי געכאַכאָטשעט — אַ קאָמיסאַרל, וואָס?

לאַנגע, הייסע נעכט האָט מען זיי געפּייניקט אין די שמאָלע צימער־לעך פון אויספאָרשונגס־אַמט און דערנאָך — פאַרזעצט זיי אין ווייסן תּפיסה־בנין, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט מיט אַלע זיינע פליגלען הינ־טער די ווענט פון דער צערקווע.

נאָך אַ יאָר, נאָך צוויי און נאָך דריי, איז דער עולם צוריקגעקומען פון תּפיסה גאָר אַן אַנדערער, אַ נאָכמער־פאַרביסענער. אין רינג מויערן האָט מען פון אַן „אָפּגעזעסענעם״ געהאַלטן זייער שטאַרק. די באַלמע־לאָכעס פון הויף האָבן, פאַרבייגייענדיק, אַריינגעבליקט אין אַ ביכל, וואָס איינער פון זיי האָט געלייענט, אַ רעד געטון מכּוח „דעם און יענעם״ און אויסהערנדיק די רייד פון אַזאַ איינעם, אונטערגעזיפצט:

— וואָס איז דאָ לאַנג צו ברייען?... אונדזערס אַ ס׳גאַל מענטש ליגט טאַקע ניין־און־ניינציק איילן אין דר׳ערד... פּטור...

די ווייבער האָבן זיך אַרויסגעהאָלפן ביי זיי מיט אָנשרייבן אַ בריוול, אַן אַדרעס. מ׳האָט זיי כּסדר באַטראַכט ווי די געסט, מ׳איז קיינמאָל נישט זיכער געווען, צי זיי וועלן זיך נאָך מאָרגן אויף אַרומדרייען איבערן הויף; אָדער זיי וועלן פּלוצים, פון דער העלער הויט, „אויסגעטרוקנט״ ווערן, אָדער מען וועט קומען אין אַ ביינאַכט און אַרויסשלעפּן זיי פון די בעטן; און דעמאָלט איז מען שוין אָפּגעזעגנט אויף שיינע יאָרן. די מאַמעס און די טאַטעס האָבן אונטערגעזיפצט. אַזאַ איינער, האָבן זיי גע־ווּסט, וועט זיך שוין לאַנג נישט האַלטן אין שטוב. קיין תּכלית דער־וואַרטן וועט מען שוין נישט, ווער שמועסט — מיטהעלפן אין דער ביי־טערער אויסקומעניש.

פאַרנאַכט־צייט האָט טיילמאָל פאַרבלאָנדזשעט צום טויער אַ נישט־געגאָלטער פאַרשוין מיט אַן אָנגערוקטן דאַשיק איבער די אויגן. ער איז אומבאַמערקט נאָכגעקראָכן, ווי אַ שאָטן. ס׳איז שווער געווען אַרויסצו־רירן זיך צו די ערד־שטיבלעך אַרום די טאַרטאַקן, אַרום די מילן, אַרום די גאַרבאַרייען, צום פּלאַנט, ווו ס׳האָבן געלעבט ווייסרוסישע און פּוי־לישע שוואַרץ־אַרבעטער, סעזאָן־באַלמעלאָכעס און טאָג־לוינער. ס׳האָט אַפילו געטראָפן, אַז צווישן די דאָזיקע האָט זיך אַריינבאַקומען אַזאַ פאַר־שוין און נאָכדעם אַלעמען אויסגעגעבן. און דעמאָלט איז מען פּלוצים

אין אַ פֿאַרטאָג, באַפֿאַלן די ערד־שטיבלעך, דעם רינג מויערן, דורכגע־נישטערט אַלע פֿאַרשטעקטע נאָרעס אַרום ברעג און אינדערפֿרי פֿאַר־טיעסווייז אָפּגעפֿירט אַלעמען אין קייטעלעך.

אַזאַ איינעם, וואָס איז געווען ביי זיי אויפֿן אויג, איז נישט ניחא געווען דאָס לעבן. מ'האָט געמוזט אַוועק, פֿאַרשווינדן, אָן אַ שפּור נאָך זיך. פֿאַרבליבן איז אָבער נאָך זיי דער אונטערגעוואַקסענער עולם — אַ יונגער, אַ מוטיקער, אויסגעשטעלט צום זעלבן, וואָס זייערע עלטערע שוועסטער און ברידער, צעוואָרפֿענע איבער די תּפֿיסות פֿון לאַנד און אין די ווייטע, פֿרעמדע שטעט.

# 2

אין יענעם לעצטן פֿרייטיק, קורץ איידער דאָס אומגליק האָט זיך פּלוצים אָראָפּגעלאָזן, האָט נאָך דער שטאָבס־אָפֿיציר פֿון די צערודערטע פּולק־קאַנצעלאַריעס, אין דער פֿעסטונג ביים בוג, דער געשטופּלטער טאָטער קאַלוגין, דעם אַנדערן מאָל געהאָט באַפֿוילן אַריבערצושיקן אַן עקסטרע שטאַפֿעט צו זיין געשווירענעם צושטעלער, צום ייד הלל דעם רימער, אין טייך־געסל; די אָנגעברענגטע לאַסט־פֿערד פֿאַרן טאַבאָר, פֿאַר די „אָבאָזן", פֿאַר דער לייכטער פֿעלד־אַרטילעריע, באַדאַרפֿן, הייסט עס, ביז שבת אינדערפֿרי עקיפּירט ווערן אין פֿולן סטראָי — ער וויל פֿון גאָרנישט וויסן...

הינטער די נידעריקע פֿענצטער, צו הלל רימער אין אָפֿענעם הויף אַריין, איז גלייך פֿון מאַרק אַראָפּ פֿאַרפֿאָרן דאָס געלע, צוויי־רעדערדיקע בריטשקעלע; און נאָך איידער דער קוטשער מיטן רויטן, אויסגעגאָלטן קאַרק האָט פֿאַרהאַלטן דעם צעשוימטן אָגער פֿאַר דער פֿאַרענטשע, איז פֿון הינטערשטן זעסל לייכט אַראָפּגעשפּרונגען דער שמייכלענדיקער ראָטנע־קאָמאַנדיר ריבניקאָוו. נאָכקלינגענדיק מיט די שפּאָרן, האָט ער זיך פֿלינק אויפֿגעהויבן די עטלעכע טרעפּלעך צום גאַניק. אין ברייטן, נידעריקן פֿראָנט־איינגאַנג האָט אים שוין באַצייטנס געהאָט אָפּגעוואַרט דער אַלטער אַליין. אין דער וואָטענער וועסט, ווי געוויינלעך, האָט ער דעם יונגן, לאַכנדיקן ראָטנע־קאָמאַנדיר, מיט וועלכן ס'איז נישט איין מאָל אויסגעקומען אָנצוקלאַפּן זיך די גלעזלעך, אויפֿגענומען מיט אַ פֿעסטן, היימישן האַנט־דרוק. דער גלייכער זקן מיט דער פּאַטריאַרכאַלער באָרד האָט אים שוין אָפּגעוואַרט אויף דער שוועל. ער איז פֿול געווען

מיט איבעראַשטן, לייטזעליקן שמייכל און מיט אַ קליין ביסעלע יידישן פאַרדאַכט אין די גרויע אויגן אונטערן שטערן:

— פאַרוואָס האָב איך דעם כבוד... אַזוי פריי?...

— זיי איילן, גילעל יאַקאָוולעוויטש — האָט זיך דער ראָטנע־קאָמאַנדיר, גלייך ווי אַ ווירע, אין אַ כאַקי־בלוזע, ענג פאַרשפיליעט ביז צום האַלדז, שאַרף אויסגעצויגן — דער רוח אַליין יאָגט זיי דאָרטן. ס'וועלן אַוודאי ביז מיטאָג קומען אָנצופאָרן אַהער די „פּאָדוואָדעס". נאָך 200 זאָטלען באַדאַרפן, הייסט עס, הייבט אָפּגעשיקט ווערן. מיט די איבעריקע געשפּאַנען — ווייס איך נישט. ס'איז אַ מורא אויסצורעדן מיט אים אַ וואָרט, מיטן געשטופּלטן טייוול... שרייט און זידלט אַלעמען...

אין דער לאַנגער, נידעריקער וואַרשטאַט־שטוב האָבן די לאָמפּן, וואָס האָבן זיך געשאָקלט אויף די קרומע דראָטן, נאָך געקאָפּטשעט אַזוי פון ביינאַכט. אונטערן היל־צערנעם באַלקן איז געשטאַנען אַ שווערע דעמפּיקייט. איבער צוויי צענדליק רוקנס זענען לענגאויס דער שורה נידעריקע פענצטער פלייסיק פאַרגראָבן געווען איבער די ניי־בענקלעך, איבערן אַנגעוואַלגערטן טיש. מ'האָט געקלאַפּט, געניייט און געשניטן און דאָס יידישע אַרבעטער־ליד פון די „אחדות"־לייט וועגן „דעם בלוט־זויגער, וואָס זיצט און טרינקט זיך אַ גלעזעלע ווייַן", ווי נאָר דער אַלטער איז אויף אַ רגע פאַרשוווּנדן, איז אַלעמאָל אונטערגעכאַפּט און אונטערגעברומט געוואָרן אין אַן אַנדער ווינקל. כמעט די גאַנצע כאַליאַסטרע פרייַלעכע באַלמעלאָכעס האָט געהאַט רויטע אויגן פון די לעצטע זיבן־אַכט נעכט נישט דערשלאָפן.

פון די ווענט און פון די סופיטן זענען אַרונטערגעהאָנגען די האַלב־אויסגעפּאַרטיקטע געשפּאַנען, אַז מ'האָט, פאַרבייגייענדיק, געמוזט אַייַנבייגן זיך. פון די פּאַסן און פּאַסיקלעך האָט נאָך פריש געטריפט מיט דזשעגעכטס און לאַקיר. די שאַרפע ריחות האָבן זיך געזונט געלאָזן אייַנאָטעמען, ווי זשיוויצע פון סאָסנע־ביימער.

דער אַלטער האָט אַלץ געוואָלט דערציען ביז שבת, אַרויסצופּטרן די דרינגלעכע באַשטעלונגען פאַר דער פעסטונג, פאַרן געשטופּלטן טאַטער קאַלוגין. ער האָט זיך אָן אויפהער און אומגעדולדיק געדרייט איבער דער נידעריקער וואַרשטאַט־שטוב, געגוואַלדעוועט, געשאָלטן, דערלאַנגט פעטש די לערן־ייִנגלעך און איז אייַנער אַליין די גאַנצע צייט נישט אָפּגעטרעטן פון טיש. די הענט האָבן זיך שוין אַביסל אונטערגעטרייסלט ביים אַלטן, אָבער דאָרט, ווו דער געניטער מייסטער איז נאָר צוגעגאַנגען, געכאַפּט פאָרשנדיק אַ זייטיקן בליק, האָט די אַרבעט געברענט.

מיט אַ פּאָר טעג פריער האָבן אַ צענדליק הויך־אָנגעלאָדענע „פּאָדוואָדעס", איבערגעדעקט מיט ברעזענט־פּלאַנדעקעס, שוין געהאַט אוועקגעפירט די צווייטע פּאַרטיע זאָטלען, כאָמאָנטן און שלייעס צו די באַוואַכ־

טע טויערן פון דער פעסטונג. מיט די צוגעשטעלטע רעכענונגען האָט מען דאָרט, אין די צערודערטע קאַנצעלאַריעס, עפּעס אַלץ געהאַלטן אין איין אָפּלייגן פון טאָג אויף טאָג. צום הויפּט־איינקויפער, צו קאַלוגינען, איז מער נישט געווען צוצוטרעטן. ער האָט געשריגן, געקאָפּעט מיטן שטיוול, אַרויסגעוואָרפן. ס׳האָט געשמעקט מיט מלחמה, מיט פאַרשאַרפטע, אויסעראָרדנטלעכע דעקרעטן. פאַרשידענע קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן.

מיטן ראָטנע־קאָמאַנדיר ריבניקאָוו האָט מען קודם־כל, פאַרשטייט זיך, באַדאַרפט אויסטרינקען. אין אויבערשטן גלאָז־שענקעלע פון דער קאָמאַד, אין אַלקערל, זענען אויף די פאַכן און פאַכעלעך אַלעמאָל געווען אַנגעשטעלט גלעזלעך, פלעשלעך און צובייסן אין אַ קליאַש. דערנאָך האָט אים שוין דער אַלטער מייסטער געפירט נאָך זיך דורך די טונקעלע, נידעריקע און קילע סחורה־לאַגערן, דורך דער וואַרשטאַט־שטוב, און האָט אים אַליין אַרויסבאגלייט ביז צום גאַניקל. מ׳האָט געזען אין דער נידער אויסשפרייטן זיך פאַרן אויג דעם בונט־אָנגעפּאָרענעם יאַריד, פול מיט אַ מישמאַש פון ווילדע פאַרבן און רויע קולות.

— ס׳וועט טאַקע זיין, שמועסט מען, מלחמה? — האָט דער אַלטער נישט געקענט מער פאַרבאַהאַלטן זיין אומרו און זייטיק אַ פאָרש געטון ביים יינגן ראָטנע־קאָמאַנדיר. אין זיינע גרויע אויגן, אונטערן שטערן, איז דאָס מאָל געווען אַ סך זאָרג און אַ קליין ביסעלע יידישער פאַרדאַכט.

— ס׳וועט זיין, אַלטער ! ס׳וועט, דוכט זיך, זיין !... — האָט דער פריילעכער ראָטנע־קאָמאַנדיר נאָכגעקלונגען מיט די שפּאָרן — דער געשטופּלטער טייוול קאַלוגין שוייגט נאָכאַנאַנד, טרינקט אָן אויפהער און שווייגט... דעריבער מיין איך, אַז ס׳וועט, דוכט זיך, זיין...

מיט אַ געבראָכענעם גאַנג, האָט אים נאָך דער אַלטער באַגלייט פון די טרעפּלעך־אַראָפּ. מען האָט נאָך דאָרט אַפילו געלאַכט פאַרן אָפּגעזעגנען זיך; ביז דער קוטשער מיטן אויסגעגאָלטן קאַרק האָט אַ פאָכע געטון מיטן בייטשל און דאָס צוויי־רעדערדיקע בריטשקעלע האָט זיך צוריק אַראָפּגעשאָטן אין מאַרק אַריין. דער אַלטער איז נאָך אַ ווײַלע שטיינגעבליבן אויף אַ טרעפּל און מיט אַ האַנט־דעכעלע איבער די געדיכטע ברעמען אַראָפּגעקוקט צום אָנגעפּאָרענעם מאַרק. דאָס לינדע ווינטל פון טייך אין דער נידער האָט צעווייעט זיין ברייטע, זילבערדיקע באָרד אין צוויי שפּיצן, ווי ביי אַ פּאַרצייטישן נביא.

דאָ איז ער געגאַנגען אויף אייגענער ערד. אין אָט דעם נידעריקן ירושה־מויערל האָט ער אַ גאַנצן דור אויפגעהאָדעוועט — זין, טעכטער, אייניקלעך און ביז אין די טיפע זעכציקער האָט ער נאָך אַליין געקאָמאַנדעוועט מיטן הויז. ער איז נאָך געווען אַ גאַנץ פעסטער ייד, כאָטש די אַסטמע האָט די לעצטע פאָר יאָר געשטיקט און ס׳פּאַפּיראָסל האָט ער פונדעסטוועגן פון מויל נישט אַרויסגעלאָזן. אייביק איז ער פאַרפלאָנטערט געווען אין מסחרים מיט מאָסקווע און קאַלוגע, מיט כאַרקאָוו און

זשמערינקע. פון די אַלע מקומות האָט ער באַצויגן מעשוואַרג, קופּער־וואַרג, אייזנוואַרג און שיין־געמאָלענע דוהעס, צו באַקליידן און צו באַ־צירן אויפן רוסישן „סטראַי״ די פּריצישע, מיליטערישע און פּויערישע פערד. פון צייט צו צייט האָט זיך אַראָפּגעיאָוועט, ערגעץ פון טיף־ראַסיי, אַ „קופּעץ״ מיט שמאָלע מאַנגאַלישע אויגן, מיט אַ נאַקעט־אויס־געגאָלטן שאַרבן, מיט אַ פליישיקער נאָז און מיט פליישיקע הענט; און דעמאָלט, פאַרשטייט זיך, האָט מען געהאַלטן אין איין שטעלן די גרויסע טולער סאַמאָוואַרן אין דער לאַנגער, קאַלטער קיך. מיט וואַרשע, מיט לובלין און מיטן גאַנצן קאַנט פוןביידע זייטן בוג, איז ווידער אָנ־געגאַנגען אַ האַנדל מיט רויע יוכט־פעל און בלאַנק־לעדער, מיט פאַר־טיקע געשפּאַנען און קראָקעווער כאָמאָנטן. אין אָפענעם הויף אַריין זענען כסדר פאַרפאָרן די מיליטערישע „פּאָדוואָדעס״ און פּריצישע קאַטשן, די הייסע פערד אויסגעסטראַיעט אין זילבערנע און ניקלנע וואַרף־רינגען. אין די וואָכעדיקע מאַרק־טעג איז דער הויף פאַרשטעלט געוועז מיט אויסגעשפּאַנטע פּויערישע דראַבינע־פורלעך, די האָלאָבליעס פאַרוואָרפן אין דער הויך אַרויף. די באַבעס מיט די זויג־קינדער ביי דער ברוסט זענען געוועזן פונאַנדערגעזעצט אַרום די ווענט פון נידעריקן הויז.

די פאַרשלאָפענע פאַליעסער פּויערימלעך, אין די קאַרע־לאַפּטשעס, אין די פעט־אויסגעשמירטע שטיוואַליעס, האָבן אָנגעפּילט די נידעריקע וואַרשטאַט־שטוב, לאַנג און הייס אַרומגעדונגען זיך, ביז זיי האָבן צו־געקלאַפּט. דער אַלטער אַליין איז געוועזן ביים טיש, אַריבערגעוואָרפן די פּיס אויף אַ ניי־בענקל, אָדער ער איז געשטאַנען און געהאַלטן אין פאַרציען אַ פּאָר געדרייטע רימעטן אין אַ כאָמאַנט אַריין; איז אַרויס צו דער כאָפּטע פּויערים פאַרוואָרפן דעם געשפּאַן אויף די העלדזער פון די יונגע, צעבריקעוועטע פערדלעך, און געשאָלטן:

— טפרר... אַ פּאַהיבעל... סוקינע סינעס...

פּונקט דעמאָלט האָט זיך אַ מחנה אייניקלעך געפּלאָנטערט ביי אים צווישן די פּיס, באַפּאַלן אים, געריסן אים ביי די פּאָלעס. ער האָט גאָר קיינמאָל נישט געדענקט געגנוי ווי אַזוי יעדער פון זיי רופט זיך, ווענעמס ער איז. זיי זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן פון אַלקערל, פון טייך־געסל און פון די שכנישע פאַרפּאַטשקעטע קלייטלעך. דער אַלטער האָט אַריינגע־שטעקט צוויי פינגער אין ווּעסטל־קעשענע, צוגעוואָרפן זיי אַביסל קו־פּער־ און זילבער־מינץ, געקניפּן זיי אין די בעקלעך און געטופּעט מיט די פּיס פון רציחה:

— אַוועקט, „באַסטרוקעס״! אין חדר אַריין!

גלייך פון מאַרק אַראָפּ איז מען, אויף דער קלאַטקע איבערן ראָוו, פאַרפאָרן אין הויף אַריין, צום נידעריקן מייערל, צו די געסקלעפּעוועטע שטעלער הינטערן הויז. ס׳האָט דאָרט גלייך אַ פאַרטראַג געטון מיט סמאָלע, מיט טראָן, מיט דזשעגעכטס, מיט זויערע, פאַרשטאַנענע ריחות

פון פערדישער השתנה, פון רויע פעל אין די טיפע קאַדיעס און איינ־געגראָבענע וואַפּנע־פּעסער.

די זין און די טעכטער פון ערשטן ווייב זענען אַלע געווען ברייט־בייניקע, איבערגעוואַקסענע, מיטן אַלטנס גרויען, פּאַרטייעטן בליק, אויסער דעם שטיף־זון פון אַנדערן ווייב, אהרן־לייב, וואָס איז געווען אַ מין פרעמד געוויקס אין דער משפּחה מיט זיינע הייסע, אָפּבריענדיקע אויגן פון אונטערן לאָק. די טעכטער האָט ער אַלע אַוועקגעגעבן אין דער פרעמד אַריין, אָבער כמעט אַלע זין האָבן נאָך אַ שטיקל צייט נאָך דער חתונה געוווינט ביי אים אין אַלקערל און דאָרט זענען געפּראַוועט געוואָרן די ערשטן בריתן און מזל־טובס. ביסלעכווייז איז מען זיך צע־פלויגן פון דער אויסגעוואַרעמטער נעסט. די עלטסטע טאָכטער פייגע־לאה, וואָס האָט זיך געגט מיטן מאַן און אָנגעוואָרפן דעם טאַטן דאָס יינגל אירס, סרוליקן, האָט חתונה געהאַט מיט אַ ביאַליסטאָקער וועבער און האָט זיך איין מאָל אין יאָר, אַרום די יום־טובים, אַראָפּגעיאָוועט אַהער אויף קבר־אָבות. איין זון האָט געהאַט אַ קראָם פון טשוועקעס אין דריטן ראַד קראָמען אויפן רינג־מאַרק. איין טאָכטער, רייכעלע, איז ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ משפּחה פון פּאַריסענע קבצנים, און אייביק זענען געווען ברוגזן און קריגערייען. אַהרן־לייב, דער שטיף־זון פון צווייטן ווייב, איז געוואָרן אַן איידעם פון אַ פּראָסטן ייד, אַ ישובניק, און איז געווען אַ דאָרפס־שמיד. ער האָט זיך יינגלווייז גענוג אָנגעליטן אין דעם הויז און האָט זיי קיינס מער נישט געוואָלט קענען.

דאָס אַנדערע ווייב דעם אַלטנס, אהרן־לייבס מאַמע, נעכע, איז גע־ווען אַ שוואַכע, דערשלאָגענע יידענע. זי האָט שטיל געטראָגן אויף זיך דעם עול פון דער גרויסער באַלעבאַטישקייט אין הויז, כאָטש ס׳האָבן זיך אַרומגעדרייט גענוג דינסטן. זי איז אויסגעשטאַנען כלערליי צרות און זילזולים פון די עלטערע שטיף־זין און שטיף־טעכטער; זיי האָבן כאָטש ביים לעבן נאָך פונעם אַלטן אַלץ געוואָלט ירשענען, ס׳האָט זיי פּאַרדראָסן למאי די שטיף־מאַמע קאָמאַנדעוועט מיטן הויז. אַהרן־לייבן, אַ יינגל פון אַ יאָר דריי דעמאָלט, האָט זי געהאַט מיטגעברענגט נאָכן טויט פון ערשטן מאַן, וועלכער איז נעבעך געווען אַ ייד אַ חלוש. פּונקט אַזוי ווי אהרן־לייב, האָט זיך צווישן דעם באַרג אייניקלעך אין שטוב, אויך אַרומגעוואַלגערט פייגע־לאהס בנאָק סרוליקל, און די שיינע פּלי־מעניצע, די יתומה נאָך אַ טאָכטער, שיינדל.

נאָך פּאָר די אויגן פונעם אַלטן, זענען די קינדער, און נאָכמער די אייניקלעך, פונאַנדערגעקראָכן זיך אין פּאַרשידענע דרכים, מיט דער צייט אַפילו אָפּגעפרעמדט געוואָרן. ס׳האָט אים פונדעסטוועגן ווי גע־טון, דעם אַלטן, מיט זיין פּאַרשעריש אויג האָט ער עס דערבליקט — צי קען מען דען, נאָך אַלעמען, צונויפפּאָרן אהרון־לייבן, וואָס איז אַ

פּשוטער דאָרפס־ייִד, מיט זיין פּאַריסענעם איידעם שימעלע באָדקער, אַ שטייגער, וועלכער האָט אַ מאַנופאַקטור־קראָם אויפן „ניעווסקי פּראָס־פּעקט״, אַ שיינע „קאָמעניצע״ אין דער טאָפּאָלן־גאַס, פּירט געוואַלדיקע מסחרים? ער לערנט טאַקע יעדן אויפדערנאַכט אַ בלאַט משניות, אָבער מען מורמלט אונטער שטילערהייט, אַז ער איז אַ באַהאַלטענער אַפּיקורוס, קוקט אַריין בשתיקה אין ספרים חיצונים וועגן טבע, פילאָסאָפיע און ציוניזם. די אַנדערע אייניקלעך שטודירן, סטראַיען זיך אין די ענג־גע־פּאַסטע מונדירן מיט די גילדערנע קנעפּ. מ'איז נישט געגאַנגען איינער צום אַנדערן, נאָר זעלטן־וועגן, אויף אַ שמחה, איז מען זיך צונויפגעקו־מען; די וויבער האָבן פּאַריסן די שנעבעלעך, אָנגעקוקט זיך פון אויבן־אַראָפּ — שטעך־ווערטלעך, אַלטע ברוגזן...

איבערן האַלב־קיילעכדיקן מאַרק, אין דער נידער, איז אין דעם פּרייטיק נאָכן האַלבן טאָג די אָנגעגליטע לופט פון באַלד אינדערפרי אָן געשטאַנען אַ שווערע און אַ פאַרגליווערטע. דעם גאַנצן תמוזדיקן נאָכמיטאָג האָט זיך לענגאויס דעם „ניעווסקי פּראָספּעקט״ שעהן־לאַנג פאַרבייגעצויגן דאָס ווייטע, סטעפּישע געזאַנג פון דריי, אָדער פיר פוס־גייער־פולקן. די בערדיקע רוסישע מאַנסלייט, אין שווערע שינעלן, מיט באַשליקן אַרום די העלדזער און אין פּאַפּאַכעס, זענען מיטגעשווומען אין אַ געדיכטן וואָלקן שטויב ביז אין הימל אַריין. פון צייט צו צייט האָבן אַ גלי־געטון אַ פּאָר קרומע מאַנדל־אויגן פון אַ מאָנגאָל, דינע וואָנסן, ווי מייזן־עקלעך, ביי אַ טאָטער, צוויי רייען געזונטע ציינער אין אַן אויפגעריסן מויל, אַ פּאָר וואַסערדיק־פאַרבלויטע אויגן און אַ „קורנאָסע״ נעזל, פון אַ וואָלאָגדער רוס. זיי האָבן געטראָטן אין צע־וואָרפענע קאָלאָנעס, באַהאָנגען מיט טאָרבעס, קעסעלעך, כלי־זין און פאַרוואָרפענע בייגל־קאָלדרעס. לאַנג, ווי אין אַ פּראָצעסיע, האָבן זיי דעם גאַנצן נאָכן האַלבן טאָג פאַרבייגעצויגן פון מאָסקווער וואָקזאַל, אויף דער „סלאָבאָדקע״, ביז אַראָפּ, צו דער פעסטונג ביים בוג.

אומגעדרייט צום שאָסיי, האָבן די געוועלבטע מויערן פון אָפּגע־וויסטן רינג קראָמען געגליט אין דער זון, אין דער מיט פונעם פּיל־קאָליריקן ים געשטעלן, סחורות און אויסגעשפּאַנטע פורלעך. אַרום די אָפּגעריבענע ווענט זענען די אויסגעזעצטע לירניקעס געבליבן אַזוי־צוגעקלעפּט מיט די בלינדע, טויט־אויסגערונענע אויגן. די דראָבינע־וועגעלעך, באַלאָדן מיט פּירות פון רייפן זומער, האָבן געמוזט אַראָפּ־קירעווען פון שאָסיי אין די טיפע זאַמדן אַריין. דורכן וואָלקן שטויב, האָבן דאָרט אַלעמאָל אַ בליאַסק געטון די מעשענע כלים פון די מוזי־קאַנטן־ראָטעס, די געלע און רויטע לאַמפּאַסן פון אַן אָפיציר. אין דער האַלב־טאָגיקער היץ, זענען זיי, ווי צוגעוואַקסן, געריטן אויף די נידע־ריקע סיבירישע פערדלעך אין דער שפּיץ פון די קאָלאָנעס און די פיס זייערע געלאָזן ערגעץ נאָכשאָקלען זיך ביי די אייזנדלעך. ס'האָט אויס־

געזען, ווי די ציענדיקע ראָטעס בערדיקע סאָלדאַטן וועלן שוין אַזוי גיין און גיין אָן אַ סוף.

פוןביידע זייטן „ניעווסקי פּראָספּעקט״, הינטער די זון־אָפּדעכלעך, פון די מאַגאַזינען און הורט־סקלאַדן, זענען די באַלעבאַטים, צוזאַמען מיט דער באַנדע סוביעקטן, אין שטרוי־קאַפּעלושן, אין ווייסע מאַרינאַרקעלעך, אַרויס פאַר די שוועלן, אָנגעשטעלט קאָפּ־אויף־קאָפּ. דאָרט, ווו ס׳ווערן אויפגעקלעפּט וויכטיקע מעלדונגען פון דער שטאָט־דומע און אַפּישן פון אַ רוסישער וואַנדער־טרופּע, איז די גאַנצע צייט נישט אָפּגעטראָטן פון אָרט דער „סטאָיקאָווע״, מיט דער שווערד, די וואָנסן אָנגעשטייפט. ס׳האָט נאָך גאָרנישט געהאַלטן ביים אויסלאָזן זיך. עס זענען געקומען אָנצופאָרן צוויי־רעדערדיקע קיביטקעס, מיט לייכטע און שווערע פּולימיאָטן, פערד מיט פאַרוואַקסענע קני און „סטאָפּעס״ האָבן געשלעפּט שווערע האַרמאַטן איבער די שפּיציקע ברוק־שטיינער; און באַלד הינטער זיי — אַ ים רייטער, אין בלויע און שאַרלאַך־רויטע פּעלערינעס, אָנגעשטעקט מיט קורצע שווערדלעך, אין קאָלירטע קעפּקעס, מיט לאַנגע פּיקעס. אין דער מיט האָבן זיך שוין געטראָגן פון ערגעץ קורצע איבערופן. די רייטער־פערד האָבן זיך אינמיטן שאָסיי אַראָפּגעזעצט אויף די בייכער, געפּאָרסקעט מיט די נאָזלעכער, געגאַוועט פון די אָנגעצויגענע מויל־אייזנס מיט גרינער, קלעפּיקער פליסיקייט און גענומען הירזשען און וואָיען פון דורשט.

ס׳איז געווען אַ טריט פון בונטן, ראָיענדיקן יאַריד. דאָ באַלד אין דער נידער האָבן צעוואַקסענע, פאַרפלאַמטע ווייבער און געזונטע, ראָזע מיידלעך פאַרקויפט אין די אָפענע בוידן קאַלטן, מחיהדיקן קוואַס, געשטעלט אויף אייז, זון־רויזן און דיניע־קערלעך. אַ פלומפּ איז געשטאַנען דערלעבן און דאָס קוועלנדיקע וואַסער איז גערונען לאיבוד פון אַ לאַנגן, שטיינערנעם בעקן אין ראָוו אַריין. צוויי שלאַנקע, שוואַרץ־אויגיקע טשערקעסן־רייטער, וואָס זענען די ערשטע אַרונטערגעשפּרונגען פון די הייסע פערד, האָבן מיט עפּעס אַ פרעמדן, האַרטלעכן, טיף־רוסישן לשון אַריבערגערופן:

— היי, דערלאַנגט אַריבער אַ טרונק, איידעלע ווייבעלעך און באַרישניעס!

— דערלאַנגט, טייבעלעך... דאָס האַרץ חלשט אַוועק!

און נאָך איידער וואָס־ווען, האָבן זיי נישט געלאָזן לאַנג וואַרטן אויף זיך און זענען שוין געווען אויסגעמישט אין פאַרביקן טומל אַריין, צווישן דעם ים געשטעלן און בוידן, פול באַלייגט מיט פאַרברוינטע געבעקסן, זיסוואַרג, פּאַטשערקעס, פויערישע פּאַטשיילעס און קאָפּ־טיכלעך, אין שרייענדיקע קווייטן. ערגעץ־ווו, איבער קעפּ, האָבן זיך שוין געהערט מיידלשע און ווייבערישע קוויטשן. עטלעכע געשטעלן און בוידן זענען שוין געווען איבערגעקערט — סאָלדאַטן האָבן געכאַפּט, פּוי־

ערימלעך און באַבעס האָבן געכאַפּט, פערד האָבן זיך צעבריקעט אין די האָלאָבליעס. די בהלה איז נאָך מער געשטיגן מיט די פייפערייען פון די עטלעכע אָנגעלאָפענע סטראַזשניקעס.

צום סאַמע ערשט האָבן די אייזערנע טירן אינעם געוועלבטן רינג קראָמען איינס נאָכן אַנדערן באַלד געגומען פאַרקלאַפּן זיך אויף די שווער־געקאָוועטע פרענטעס — ווי אַ זאַך מאַכט זיך. פון יענער זייט האָבן זיך שוין די פורלעך אין געאייל גענומען אַראָפּשיטן מיטן טייך־געסל, פאַרביי די סטעלמאַכעס און קאָוואַליעס. די פייפלעך פון די „גאַ־ראַדאָוואָיען" האָבן לאַנג געשניטן די לופט, ביז דער גאַנצער בונטער יאַריד האָט זיך, ווי אַ ווינט, פונאַנדערגעשאָטן. ווען די גאַז־לאַמטערן אין דער אַליי האָבן זיך גענומען אָנצינדן, איז שוין דער מאַרק און דער שאָסיי געלעגן אָפּגעשטאָרבן. אַלע טירן — פאַרהעמערט. עס האָבן נאָר געהאַלטן אין איין פאַרבייפליען קליינע, אָפענע מיליטערישע אוי־טאָמאָבילן, רייטער האָבן פון צייט צו צייט גאַלאָפּירט.

ביי הלל רימער אין הויז איז פרי געמאַכט געוואָרן שבת. די לאַנגע וואַרשטאַט־שטוב — אַרומגערוימט, פאַרצויגן מיט ליילעכער, די טישן ווייס־איבערגעדעקט, באַשטעלט מיט זילבערנע און מעשענע לייכטער. די פּאָדלאָגעס — אויסגעשאָטן מיט געלן זאַמד. אין יענעם אומפאַרגעס־לעכן שבתדיקן טאָג איז אין ראַזן בין־השמשות נאָך אַמאָל פאַרגאַנגען דער היימישער ריח פון אויסגעברענטע ליכט. הינטער די קרום־אויפ־געשפּאַרטע פענצטער האָבן זיך פאַרבענקט געטראָגן סומנע מעלאָדיעס פון דינסט־מיידלעך, געזעלן און נייטערקעס, צעזעצט אויף די איינגע־זונקענע בענק און בריקלעך אין הילצערנעם טייך־געסל. הינטער דער פּאַראָם־בריק איז געוועזן אַן אומגעוויינלעך געגיי פון ייִנגוואַרג.

באַלד נאָך שלש־סעודות, מיטן ערשטן שטערן, וואָס האָט אַ גלי געטון אויפן שבתדיקן הימל, האָט מען נאָך דאָס מאָל אין דער לאַנגער, קאַל־טער קיך געלאָזן אויפשטעלן די צוויי בייכיקע טולער סאַמאָוואַרן. די דינסט־מויד ריקל האָט אָנגעבראַכן שפּענדלעך, געלאָפן אַריין־און־אַרויס מיט די טירן און געהאַלטן אין איין זופן מיט דער נאָז; און נאָך איידער די פריילעכע כאַליאַסטרע באַלמעלאָכעס האָט באַצייטנס גענומען אריינ־שיטן זיך, ווי געוויינלעך, צו דער אַרבעט אום שבת־צונאַכטס, האָבן שוין די סאַמאָוואַרן וואַכעדיק געזידט. די אייביק־צעוועריטלטע זין און די איי־דעמס, די אייביק־אָנגעבלאָזענע טעכטער און שנירז, די פולע שטוב אונטערגעוואַקסענע אייניקלעך, האָבן פונאַנדערגערוקט טיש און בענק, ווען דער אַלטער האָט זיך דער ערשטער אויפגעשטעלט מיט אַ קרעכצל פון שלש־סעודות־טיש, איז צו, פונאַנדערגענומען די פאַרהענגלעך צום אַלקערל און אונטערברומענדיק אין דער באָרד אריין דאָס זיסע, אומע־טיקע זמירות־ניגונדל, געדופן אין דער טונקל אַריין צו דער שוואכער, געעלטערטער ייִדענע, וועלכע האָט זיך דאָרט אַביסל צוגעשפּאַרט:

— נעכע, נעכעשי קרויק, צייט כ׳לעבן אַנצוצינדן די לאָמפּן, אַראָפּ־רוימען אַביסל פון די טישן און אַריינבריינגען די וואָך אין שטוב אַריין. ווו האָסטו ערגעץ אַוועקגעהאַנגען מיין קאַרטן כאַלאַטל, העז?

דערנאָך האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן אַ רגע, קייענדיק פאַרטיפט אַ שפּיץ באָרד, אומגעדרייט זיך אין שטוב אַריין און אויסגערופן צו די באַלמעלאָכעס, וואָס זענען געשטאַנען אין דער טיר, מיט אַ געבראָכן קול, גאָרנישט לויט זיין טבע:

— נו, קינדער, מען וועט שוין היינט מער נישט אַרבעטן... גייט אייך געזונטערהייט אַהיים צו אייערע ווייבער און קינדער...

די פּולע שטוב איז מיט איין מאָל אַנטשוויגן געוואָרן און מ׳האָט זיך מאָדנע איבערגעקוקט. דאָס איז געווען דער לעצטער שבת־צונאַכטס, איידער דאָס אומגליק האָט זיך פּלוצים אַראָפּגעלאָזן.

# 3

שטיל, ווי אַ הינדעלע, איז די אַלטע נעכע אויסגעגאַנגען אויפן דראַבינע־פּורל אונטערוועגנס, אין דעם זומער, ווען מ׳האָט אַלעמען אַרויסגעטריבן פון דער ברענענדיקער שטאָט. אין דער טונקעלער בויד האָט זי שיף פאַרוואָרפן דאָס טויבן־קעפּל מיט די אַנגעזעצטע ציטער־שפּילקעס און אירע ליפּן האָבן אַפילו קיין קרעכץ נישט אַרויסגעלאָזן. זי איז אַלע אירע יאָרן געווען אַ שוואַכע יידענע, קוים וואָס די נשמה האָט זיך אין איר געהאַלטן. ס׳איז געווען אין אַ קילער, פאַרכטיקער לבנה־נאַכט, אין חודש אלול, ווען פון די הינטערגעסלעך לאָזט זיך שוין הערן דאָס שופר־בלאָזן. דער עלטסטער זון וועוועל, צוזאַמען מיטן אַלטן, האָבן זי באַגינען אינצווייען שווייגנדיק געבראַנגט צו קבורה, ערגעץ אויף אַ קליינעם בית־עלמין, צופוסנס אַ הילצערן שטעטל אויף די וועגן.

פון דאָרט האָט מען זיך שוין דערנאָך ווייטער אַוועקגעטרייסלט אויף די „באַטשנע״ שאַסייען, צווישן אָפּטרעטנדיקע אָפּגעריסענע מיליטער־טיילן, אַבאַזן, רייטערס און ברענענדיקע שטעטלעך, אויסגעליידיקט פון יידן. פון דעמאָלט אָן איז אויפן גלייכן, געזעצטן ייד אַנגעפאַלן די זיקנה. ער איז שוין איצט זעלטן־ווען אַרונטערגעקראָכן פון פורל. די פיס זענען ביי אים שווער געוואָרן. ער איז דאָרט געבליבן פאַרשטעקט, אַ פאַרפעדערטער, צווישן די פּיסלעך פון איבערגעדרייטע קיך־שאַפקעס, צווישן רויט־אָפּגעצויגן בעטגעוואַנד. מיט אַ פאַרזעצטער בריל איבער

די רויטלעכע אויגן, דאָס היטל מיט דער הויכער דענקע איבערן טיפן שטערן, האָט ער נאָכאַנאַנד געפּרעפּלט פון אַן אויסגעפּליקט תהילימל. ווען, מיטן דאַשיק איבער די אויגן, האָט אָנגעטריבן די אויסגעמאָרע־טע שקאַפּע, וואָס האָט געשלעפּט ווייב און קינדער, דאָס אָפּגעראַטעווע־טע באַלעבאַטישקייט און דעם אַלטן טאַטן.

ערב ראש השנה האָבן זיי זיך קוים געהאַט דערשלעפּט ביז מאַלטש און דאָרט האָט שוין דער דייטש דערווייל געהאַט אונטערגעיאָגט. מער ווהין צו אַנטלויפן איז שוין סיי־ווי נישט געווען. די שטאָט, דאָס טייך־געסל, האָט מען געהערט, איז אַראָפּ מיטן פייער.

פון אַלע זין, טעכטער, שנירן, איידעמס און אייניקלעך, וואָס זענען צוזאַמען אַנטלאָפן פון דער ברענענדיקער שטאָט, אויסער איין אהרן־לייב, וועלכער האָט שוין יאָרן געוווינט אין אַ דאָרף, איז מער קיין זכר נישט געווען. אַלע זענען זיי ביסלעכווייז אָפּגעשטאַנען, פאַרבליבן ערגעץ אויף די קרייץ־וועגן, ווו ס'איז געשטאַנען אַ וויסטע מהומה. דער זקן איז שוין אַזוי פאַרבליבן אויפן פורל ביים עלטסטן זון וועווע און צוזאַמען מיט זיין משפחה האָט ער שוין דערנאָך דורכגעבידעוועט די לעצטע פּאָר יאָר זיינע.

וועווע, אַ ביסל אַ שטומפּיקער, האָט זיך פון שטענדיק אָן גע־נוג געמאַטערט מיט דער ביטערער חיונה. דאָס צערודערטע וואַרשטאַטל זיינס האָט זיך געפונען אין קעלער אויפן מאַרק. אין די יאַריד־טעג האָט ער אויספּאַריכט פּאַר אַ פויערל אַ כאָמאָנט, אַ פּאָר לייצעס; ער איז נישט געווען אַזוי שטאַרק איבערגעשפּיצט אינעם מסחר, ווי די יינגערע זין און טעכטער. ס'האָבן זיך אייביק אַרומגעוואַלגערט ביי אים אַ פולע שטוב שוואַרצע קעפּלעך. אין די שבתים איז דאָס וואַרשטאַטל אין קעלער גע־ווען איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך, מיט אַ קאָלדרע. פאַרביי דעם פּיצל שטיקל פענצטערל, אויבן, האָבן געשאָרעוועט הין־און־צוריק פּיס אויפן טראָטואַר. הינטער שמאַטעס, אויף דער פּליטקע, האָט געפּאַרעט דעם גאַנצן טאָג אַ גרויסע קופּערנע באַנקע טיי. ס'איז געקומען אַ פעטער מיט אַ מומען, מיט זייערע קינדער. מ'האָט אונטערזיפצנדיק געשמועסט וועגן שוואַכן פדיון, וועגן דער ביטערער אויסקומעניש. דערנאָך זענען ביידע שויבערדיקע ברידער אַוועקגעפאַלן אויפן טיש, מיט פאַרוואָרפענע קעפּ, שנאָרכנדיק ווי געקוילעטע.

דאָס אונטערגעוואַקסענע מיידל אסתר איז שוין דעמאָלט יעדן טאָג געגאַנגען אַראָפּ מיט די בולוואַרן, מיט עטלעכע צעשיטע העפטן און מיטן רוסישן ביכל „זשיוואָיע סלאָוואָ״, אין שול אַריין. זי איז געווען אין אַ שוואַרצן פאַרטוך, אַ בלוי קליידל מיט אַן אָפּגעלייגט קעלנערל. זי איז געווען אַן אויפגעשאָסענע, ווי דער טאַטע, אַ דינע, מיט לאַכנדיקע גריי־בעלעך אין די ראָזע באַקן. זי האָט זיך אַליין געוואַשן די באַטיסטענע טיכע־לעך, באַזוימט מיט מערעשקעס, וואָס די לערערין, אַן עלטערע פריילין,

האָט זיי אין קלאַס געוויזן ווי אַזוי אויסצוהעפטן. אומקערנדיק זיך אין קעלער־שטוב אויפן מאַרק, האָט זי געכאַפּט און אַ פאַרבעט געטון די אייבּיק־אויפגעראַיעטע בעטן, זייער פּינקטלעך אויסגעגלייכט זיי אַרום די ראַנדן. פאַרנאַכט האָבן געדופן די בולוואַרן אויפן „ניעווסקי פּראָספּעקט". דאָרט איז געווען דער פריילעכסטער געגיי. פאַרן „אילוזיאָן", וווּ מ'האָט געוויזן די ערשטע שטומע פילמען, איז געווען דער געדיכטסטער שפּאַציר פון יינגוואַרג מיט ביכלעך אונטערן אָרעם. די מיידלעך האָבן זיך דאָרט געהאַלטן אין איין סודען וועגן עפּעס אַ רוסישן ראָמאַן, וואָס דער לערער מיט די שיינע וואָנסן האָט זיי געהאָט פאַרבאָטן צו לייענען. זיי האָבן אַריינגעאָכצט איינע אין דער אַנדערער מיט געטוישע קרייענדיקע שטימען :

— אַך, דער אויסוואורף!...

— אומגליקלעכע לידיאַ... דערטרונקען האָט זי זיך...

ס'איז געווען אין יענעם לעצטן זומער, ווען אין דער שאָסיי־גאָס האָבן די אַנלויפנדיקע אויטאָמאָבילן איבערגעלאָזן נאָך זיך אַ צעצויגן טרומייטערן און אַ בלוי רויכל. ס'האָבן זיך ווייט געטראָגן די אָרמעטיק־צעצויגענע עכאָס פון מיליטערישע מאַרשן.

אין יענעם הייסן מיט־זומער האָבן זיי זיך געהאַט אָוועקגעטרייסלט מיט די דראַבינע־פורלעך אַראָפּ־גאַס. דער ווייטער וואָקזאַל איז שוין געשטאַנען אין פלאַמען. אַ שטיק „ניעוווסקי פּראָספּעקט" האָט שוין געברענט. דער שאָסיי איז פאַשטאָפּט געווען מיט מיליטער, מיט וועגן; ס'איז געשטאַנען אַ יאָמער פון ווייבער און וויינענדיקע קינדער. אַ גאַנצע נאַכט איז מען אָפּגעשטאַנען און מ'האָט ווייטער נישט געקענט רירן. אַ ווינט האָט געפליקט די קאָפּ־טיכלעך און פאַטשיילעס. ס'איז געווען אַ קליינער, הילצערנער וואָקזאַל, אַן אָפּגעלעגענע באַן־ליניע, לײדיקע וואַגאָנען אויף אַ זייטיקן פלאַנט. איין טעלעגראַפיסטקע איז דאָרט פאַרבליבן אין פוסטן וואָקזאַל. שוין דעם אַנדערן מעת־לעת ווי זי האָט אַלץ געוואַרט אויף אַ ידיעה וועגן עפּעס אַ פאַרשפּעטיקטן פּוסגייער־אָפּטייל.

ביז ערב פסח פון אומפאַרגעסלעכן יאָר 1918 איז די משפחה פאַרוואָגלט געוואָרן אין דעם הילצערנעם שטעטל, ערגעץ נאָענט אַרום די ביאַלאָווזשער וועלדער. דער אַלטער הלל איז אָפּגעזעסן מיט די זקנים אין בית־מדרשל. ווערוע מיט די יינגלעך זענען אַרומגעלאָפן זוכן חיונה, האָבן געאַרבעט אויף דער באַן־ליניע ביי די דייטשן. דערנאָך האָט מען זיי איינמאָל געכאַפּט אויף צוואַנגס־אַרבעט און פאַרשיקט ערגעץ טיף אין די ביאַלאָוועזשער וועלדער, אַרום די טאַרטאַקן און כעמישע קאָרפוסן. די יינגלעך האָבן זיך שוין זינט דעמאָלט מער נישט אומגעקערט ; זיי זענען מיטגעגאַנגען מיטן שטראָם רוסישע געפאַנגענע, פראָנט־סאָלדאַטן און דעזערטירן, צום הינטערלאַנד, וווּ ס'האָט זיך דאָרט אין די גרויסע שטעט געקאָכט און געדודערט.

פון די קאַלטע, פאַרלייזיקטע באַראַקן, אַרום די טאַרטאַק־שאָפּעס און כעמישע קאָרפּוסן, וועלכע זענען דאָרט אַוועקגעשטעלט געוואָרן דורך די דייטשן צו עקספּלואַטירן די וועלדער, האָט וועווע אַהיימגעבראַכט אויף די איינגעצויגענע לענדן אַן אונטערגעשניטענעם רוסישן שינעל, אַ זלידנע ברעכעניש אין די הענט־און־פיס־געלענקען און אַ געלבזוכט אויפן גאַנצן אויסגעמאָרעטן לייב. דריי וואָכן האָט ער פריער דורכגעפיבערט דעם געפלעקטן טיפוס אין מיליטערישן לאַזאַרעט. גלייך נאָכן קריזיס, ווען ער האָט זיך נאָך קוים געהאַלטן אויף די אונטערגעבראָכענע קני, האָט ער זיך פאַרטאָג־צו שטיל אַדורכגעגליטשט די וואַך און איז אַוועק צופוס אָפּזוכן די משפחה. ער האָט איבערגעלאָזן ס'ווייב מיט די קינדער, מיטן אַלטן טאַטן, זיי זאָלן אונטערקומען, און צוריקגעקערט האָט ער זיך אין דער חרוב־געוואָרענער שטאָט אַריין מיטן ייִנגסטן ייִנגל, מיט שיען. דער קליינער איז אַרומגעשווומען אין אַ וואַטענער קורטקע, אין אַ גרויס ווינטער־היטל. אַ ראַזעוון ברויט, פאַרבונדן אין אַ זעקל, און דעם איינגעלייגטן אַרשין, פאַרשטעקט אין די קורצע כאָלעוועס — דאָס איז אַלץ, וואָס ער האָט מיטגענומען אויפן וועג. אָנגעפאָרן מיטן קאָברינער שאָסיי איז ער אין אַ לינדן בייטאָג, ווען דאָס אייז הינטערן אָנשיט האָט גענומען קראַכן. אויפן היימישן ברעג האָט ער אומרואיק אַ נישטער געטון צווישן די חורבות און ער האָט זיך אַליין נישט געוואָלט צוגלויבן זיינע אויגן, ווען ער האָט פּלוצים דערזען אַרויסהויבן זיך די נאַקעטע, פאַרסאַדזעטע ווענט פון טאַטנס מייערל.

— העע, זי שטייט!... — האָט ער הירזשענדיק אונטערגעשטויסן דאָס ייִנגל.

די פרילינגדיקע געוויסערן האָבן פיר יאָר נאָכאַנאַנד געשווענקט דעם פאַרלאָזענעם ברעג. אַלע צעלעכצטע שליוזן און אַלע אויפגעריסענע בריקן פון טאָליקן, נישט־רעגולירטן טייכן־סיסטעם האָט דאָס אומרואיקע וואַסער געהאַט מיטגעשלעפּט אין געלן, מוטנעם בוג אַריין. די פינצטערע קופּע חורבות, אומגעדרייט מיטן רוקן צום אָפענעם ווינט, איז געשטאַנען פאַרגאָסן ביז אין דער העלפט.

פון ביידע פליגלען איז איינער געווען אַראָפּגעטראָגן, אָבער די אונטערגעמויערטע ווענט און די פאָרנטיקע גאַניקלעך זענען געשטאַנען נישט גערירט. ביזן פרעסטלדיקן פאַרנאַכט האָבן זיך דאָרט ביידע, וועווע מיטן ייִנגל, אַרומגעפּלאָנטערט אויפן גליטשיקן אַראָפּשיט, וווּ דאָס וואַסער האָט געהאַלטן אין איין שטייגן. און ווען צווישן די חורבות האָט גענומען צופאַלן אַ אימהדיקע חשכות, זענען זיי אַוועק צום אויסגעלאָשענעם הויז, וווּ ס'האָבן אַרויסגעלויכטן עטלעכע איינזאַמע שייבלעך אין דער נאַכט אַריין. אָוונט־צו האָט דער ווינט זיך געשטאַרקט. האַרט הינטער די ווענט האָט געקראַכט דער פרילינגדיקער אייז־גאַנג. אויף נאַכט־לעגער זענען זיי אַריינגעפאַלן אין רינג בערלינערס גאַנץ־געבליבענע „קאַמע־

ניצעס״, אין דער טאָפּאָלן־גאַס, ווו ס׳איז שוין געווען אַ גאַנצער אָנגעלויף. פּינקע סטעלמאַך, אַן אַלטער שכן פון טייך־געסל, האָט דאָרט פאַרנומען אַ ווינקל אין גרויסן, פאַרקאָפּטשעטן זאַל מיט די איבערגעצוימטע ווענטלעך. איינער פון די ערשטע איז ער געקומען אָנצופאָרן אין שטאָט אַריין; און אַזיוויי אַלע בתי־מדרשים זענען שוין געווען פאַרפאַקט, איז ער צוועק אַהער אָפּזוכן זיך אַ ווינקל, ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

די דייטשן האָבן זיך אַ ליאַדע טאָג געגרייט אָפּצוטרעטן. זיי האָבן אין גרויס איילעניש אָפּגערוימט דאָס הויז, די פּראָוויאַנט־מאַגאַזינען, די פערד־שטעלער, די קאַנצעלאַריעס און צייטווייליקע דינסט־קוואַרטירן פון די אַנטלאָפענע אָפּיצירן. דער גאַנצער רינג הייזער האָט געהערט צום גרויסן יידישן „פּאָדריאַטשיק״ בערלינער, וועלכער איז ערגעץ פאַרבליבן אין רוסלאַנד. פון פראָנט האָט זיך דאָס הויז אויסגעשפּרייט מיטן העלגעטונקעוועטן פאַסאַד, מיט די גזימסן און באַלקאָנען און מיטן ברייטן איינפאָר־טויער. דאָס הויז, וואָס איז אַלעמאָל פול געווען מיט סחורה־לאַגערן, מיט קאָטשן, געגנערעלער, פּולקאָווניקעס, דענשטשיקעס, איז איצט געשטאַנען הפקר. אין די קאַלטע ווינטערן האָבן די דייטשן אויסגעבראָכן די פּלויטן, די גערטל־שטאַכעטן, די טירן, צו באַהייצן די גרויסע צימערן פון פאַרטער, ווו זיי האָבן זיך פאַרקליבן. זיי האָבן אַפילו אַרונטערגעריסן די הילצערנע פאַרענטשעס פון דער אייזערנער טרעפּ, וואָס האָט געשטעקט אין דער מיט דורכפאָר אין הויף אַריין.

פרייע ווינטן האָבן אַ בלאָז געטון איבערן לאַנד. דאָס פאַרבליבענע הייפל האָט געוואַרט אויפן לעצטן באַפעל פון קאָמאַנדאַנט פון דער פּעסטונג. געווען צווישן זיי דריי מיטליעריקע לאַנד־שטורמערס, מיט פאַרשטעקטע ציבעקעס צווישן די געלע ציינער, דער קאַנצעלאַריסט — אַן אינוואַליד, מיט אַלע אָפּגעשאָסענע פינגער פון דער רעכטער האַנט, צוויי יונגע אונטער־אָפיצירן, דין־געשוירענע, און אַ פינף־זעקס פּשוטע סאָלדאַטן. ביז שפּעט זענען זיי אָפּגעזעסן אין דער פּאַרנטיקער וואַך־שטוב מיט די אויסגעקלעפּטע מאַפּעס און פּאָרטרעטן, געשפּילט אין קאָרטן און שווייגנדיק געפּיפקעט ציגאַרן. דער קאַנצעלאַריסט, דער אינוואַליד, האָט מיט דער אָנפינגערדיקער האַנט אויסגעזשומעט אויף אַ גיטאַרע בענקענדיקע היימאַטס־לידער. אין וועכטער־ביידל, פאַרן טויער, האָבן זיי יעדע נאַכט אַוועקגעשטעלט אַ פּאַטרול מיט אַ קליינעם קוילן־וואַרפער, ווייל געהערט האָט מען אַלץ, אַז ציווילע פּוילישע בחורימלעך, וואָס האָבן מיטאַמאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַנטוואָפענען זיי, רייסן אַרונטער די אָפּצייכנס ביי דייטשע אָפיצירן. די פּילסודסקי־לעגיאָנערן, וואָס האָבן שוין געהאַט פאַרנומען קאָנגרעס־פּוילן, האָבן נאָך אַהער נישט באַוויזן אָנצוקומען.

אין יענעם אָוונט האָבן זיך ביידע יידן פאַרעדט ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין — וועווע רימער און פּינקע סטעלמאַך, דער ייד מיט די גע־

פּלאַצטע ברילן־גלעזלעך. נאָך פיר יאָר וואָגלעניש, איז געווען פון וואָס צו רעדן. דאָס יינגל, זיצנדיק דערלעבן, איז צוגעפאַלן צום ברודיקן בעט־געוואַנד, ווו אָנגערוקט צו דער וואַנט, איז געשלאָפן אַ פאַרקנוילטע דאָס איבערגעשראָקענע מיידל פּינקעס, דינה. ווערע האָט זיך געקראַצט דאָס שיטערע בערדל, געקוקט קאָסע און געאָכצעט. פּינקע האָט אים אויף אַלעם, וואָס יענער האָט אים אויסדערציילט, געהאַט אַ נאָך מוראדיקערע געשיכטע:

— שאַ, וואָס דאַרפט איר מער?... אַז עס גיבן נישט אַ קום אַריין פינף בערדיקע הײדאַמאַקעס און שרייען אויס : „רוקי וויערך!"... טאַקע אין דער זעלבער האַמליע, אַז ברענען זאָל זי...

דער ייד מיט די געפּלאַצטע ברילן־גלעזלעך איז דאָ עטלעכע מאָל דורך דער נאַכט געקראָכן איבער נאַרעס און איבער אויפגעראַיעטע גע־לעגערס, אַריינצודרייען דעם טשאַדענדיקן לאָמפּ, ווייל די קנויט האָט געברענט; די קראַנקע שיין האָט אים קיין אויג נישט געלאָזן צו־טון. ער האָט נישט געהערט די ווײסטע געשרייען, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן פון אַלע ווינקלען. אין דער פינצטער האָבן די פּיצלעך קינדער געוויינט. ער האָט צוריק אָנגעטאַפּט ס׳געלעגער, פרעפּלענדיק :

— דאָס פאָפּט ווי געהרגעט און אויסלעשן דעם לאָמפּ — פאַרגעסט מען...

ווערע איז אויפגעשטאַנען אַ שפּראָץ אויף טאָג, אַריינגעכאַפּט שטייענדיקערהייט דעם שחרית און געוועקט לעבן זיך שיען. אין אויסגעלאָשענעם פאַרטאָג איז ער צוזאַמען מיטן יינגל אַרומגעקראָכן צווישן די חורבות, אויסגעריסן דאָ אַ טיר, דאָרט אַ לאָדן און געהאַפּט אויפן זומער, מערטשעם, נעמען זיך אויספּאַריכטן אַ ווינקל אין טאַטנס מייערל, אַבי צו האָבן אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ.

אין לעצטן פאַרטאָג, איידער די פּוילישע לעגיאָנערן זענען אַרייַנ־געריטן אין שטאָט אַריין, איז דאָס הייפל דייטשן פון אונטערשטן פליגל אין גרויס איילעניש אָפּגעטראָטן. פונקט דעמאָלט, ווען ווערע האָט זיך גע־קליבן אַראָפּצוגיין אויפן מאַרק אָפּוואַרטן דאָס פורל מיטן געזינדל און מיטן אַלטן טאַטן, האָבן זיך הינטער די פענצטער אויפגעכאַפּט עטלעכע שאָסן. פון דעם געדיכטן נעפּל, פאַר דער צערקווע, האָבן זיך געהערט פאַרשטיקטע איבערופן. איבערן פלעצל האָט דעם לעצטן מאָל דורכגע־רוישט אַ קליינער לאַסט־אויטאָ. עטלעכע שויבן האָבן געטון אַ קלונג אויפן ברוק. אין טיפן הויף האָבן דריי לאַנדשטורמערס, פאַרן אַפּטרעטן, אונטערגעצונדן די פּי־שטאַל און פינף געזונטע לאַסט־פערד, וועלכע זיי האָבן שוין נישט באַוויזן מיטצונעמען, האָבן זיי אויסגעלייגט ביים אויפ־געריסענעם טירל אין איין ריי. דערנאָך זענען זיי אַלע, באַהאַנגענע מיט האַנט־גראַנאַטן, אָפּגעפאָרן אין קליינעם לאַסט־אויטאָ צום וואָקזאַל.

פון דער שטיג אַראָפּ, וואָס האָט געשטעקט אין סאַמע דורכפּאָר, האָט פּינקע סטעלמאַך דעריאָגט וועווען:

— דערבאַרעמט אייך... זיי וועלן שיסן...

פונדעסטוועגן איז ער אַליין פּאַמעלעך געקומען צוקריכן נאָך אים. ער האָט דערזען ווי וועווע שטייט ביי אַ הויך־אָנגעלאַדעוועטער פור; ער שטייט אָנגעשפּאַרט אין דער שטיג און לעבן דער פור — איינער פון די לאַנדשטורמערס, אַ הויכער, אַ מעכטיקער, ווי אויסגעגאָסן. געזען, אַז וועווע טענהט דאָרט אײַן מיט אים, איז פּינקע פּאַמעלעך אונטערגעקומען.

— האַנדלט אײַן די שקאַפּע — האָט זיך וועווע אומגעדרייט — אויף אַ „יאַזדע" צו דער באַן, וועט איר אויך פאַרדינען אייער אויס־קומעניש...

געזען, אַז דעם יידס רייד זענען נישט קרום, האָט זיך פּינקע גע־כאַפּט צו דער בוזים־קעשענע און פּאַר צוויי פּאַרפּעטסטע ניקאָלאַיעווער פינף־און־צוואַנציקערס האָט ער אײַנגעהאַנדלט ביים דייטש די שקאַפּע. דער לאַנדשטורמער האָט צוגענומען די פּאַרפּעטסטע פּאַפּירלעך און האָט זיך געלאָזט דעריאָגן די איבעריקע. דירעשט, פּאַרן פורל מעבל, האָט זיך שוין וועווע מיט אים צעצאָלט.

אין שטאָט זענען שוין, דורך דער פעסטונג ביים בוג, געהאַט אריינ־געריטן די פוילישע לעגיאָנערן.

4

געשלעפּט האָט מען זיך אַ גאַנצע נאַכט אין די שליטנס, ביז צו די באַוואַכטע פּאַראָם־בריקן. איבער דער באַן־גאַס האָט די פערדישע פּאַרע געגליוועט אין דער לופט. די חורבות פון דער אַלטער היים האָבן זיך גענומען אָפּדעקן פון אונטערן שניי. פּאַרפּאַרן איז מען גלייך צו שימעלע באָדקערס „קאַמעניצע". דאָס האָט ער זיי טאַקע באַפוילן, וועווע, זיי זאָלן זיך ברענגען צוציען.

שטיינגעבליבן גאַנץ און נישט־געריהרט איז די שורה מאַסיווע מויערן אין דער טאָפּאָלן־גאַס. זיי זענען אַוודאי געבויט געוואָרן אין יענע גילדערנע פּאָר יאָר פון שפע. געשניצטע פּאַסאַדן, באַלקאָנען, אונטערגע־האַלטן פון האַלב־נאַקעטע הערקולעסן, פּאַרדעקט די לענדן מיט פייגן־בלעטער, מיט ברייטע איינפּאָר־טויערן אין די טיפע הייף. די באַלעבאַ־טים האָבן זיך אין יענע פרילינגס־טעג נאָך קיינס נישט געהאַט אומגע־קערט. זיי זענען שטעקן־געבליבן אין קיעוו, אין מאָסקווע, צי אין פּעט־

ראַגראַד, די חשובֿע יידן מיט די סקאָנסק־פּוטערס, מיט די גילדערנע קייטן אויף די ווייסע וועסטן. דאָרט האָבן די זין און טעכטער זייערע שטודירט, געטון רייכע שידוכים צווישן דער סוחריש־יידישער אַריסטאָקראַטיע. דאָרט האָבן זיי אויך פאַרמאָגט אָפּצווייגן פון זייערע געשעפטן און זענען שוין דאָרט מלחמה־צייט אַליין אויך שטעקן־געבליבן.

אין די גרויסע, ליכטיקע צימערן, שטאָק אויף שטאָק, האָבן די דייטשן דאָ געהאַט איינגעריכטעט זייערע מיליטערישע אַדמיניסטראַציע־ביוראָען, שטאַבן, קוואַרטירן, אָפיצירן־קאַנטינעס. אין דער אויסגעליידיקטער שטאָט אויף דער שוועל פון די אומצוטריטלעכע פּאַליעסער בלאָטעס, ווו ס׳איז שווער געווען איינצובייסן די רוסישע אַרמייען, האָבן זיי זיך איבער דריי יאָר איינגענעסטיקט.

איבער דער אָפּגעברענטער גאַס האָבן אין יענעם זוניקן און ווינטלדיקן ערבֿ־פּורים יעדן טאָג אַ סך אַנגעלאָדענע מיליטערישע וועגענער זיך אַוועקגעטרייסלט אין גרויס געאייל. די ערשטע אַנגעלאָפענע יידן אין דער אויסגעליידיקטער שטאָט, די פריי געלאָזענע „פּלעניקעס״, די אַרומגעשליסענע לייט פון פרעמדע געביטן, פאַרשלעפּטע אויף צוואַנגסאַרבעט, האָבן באַלד דערשמעקט די אָפן־געלאָזענע מאַגאַזינען, די הפקר־געלאָזענע ביוראָען, די האַלב־אויסגערוימטע דירות. ס׳איז דאָרט געווען אַ וויסטע כאַפּעניש. בייַנאַכט האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן אַ גרויסן פּי־לאַגער, ערגעץ אַרום דער פעסטונג. דער הימל איז רויט געווען. ס׳האָבן געברענט די באַראַקן פון די געפאַנגענע הינטער די קילאָמעטער־לאַנגע שטעכל־דראָט־צוימען. אינדערפרי איז אַ קליין, אַרומגעסמאַליעט שעפּסעלע געקומען צולויפן אין שטאָט אַריין מיט אַן אומעטיקער מעקעריי. אַרום בית־מדרשל פון דער חבֿרה תהילים, וואָס די דייטשן האָבן גענוצט פאַר אַ פערד־שטאַל, אַרום אָפּגעשיילטע, פאַרלאָטעטע מייערלעך, איז שוין געשטאַנען אַ רוישיקער מאַרק מיט געשטעלן, מיט בוידן, מיט אָפענע טירן פון טיי־הייזער. דער „ניעווסקי פּראָספּעקט״, די טאָפּאָלן־גאַס, זענען ווייט־אַראָפּ געלעגן אין חורבֿות. פאַרנאַכט־צו איז אַנגעפאַלן אַן אימה. מ׳האָט קיין לעבעדיקן נפש נישט געזען.

נאָך דער צווייטער שׂרפֿה, צוריק מיט לאַנגע יאָרן, האָבן זיך אין דער טאָפּאָלן־גאַס, האַרט לעבן בערלינערס מויערן, פּלוצים באַוויזן צוויי נייע „קאַמעניצעס״. איינע — אַ געל־ציגלדיקע, מיט אַ פּאַראַדנעם צופּאָר, מיט אַ צי־גלאָק אין אַ מאַסיווער, ברוין־געפּאַרבטער טיר — דאָס הויז פון דאָקטער כוואַט מיט די העלע, פריציש־צעקעמטע וואָנסן. צו יענער צייט האָט שימעלע באָדקער, הלל רימערס פּאַריסענער איידעם, דער אַנגעזעענער שניט־קרעמער אויפן „ניעווסקי פּראָספּעקט״, אַוועקגעקויפט די אַנדערע העלפט פון אויבסט־סאָד און אויך געלאָזן אויסבויען זיך אַ שיין הויז, אָבער נישט מיט אַזאַ גוישער פּאַריסנקייט — אַ פּאַראַד־

נער צופאַר, אַ צי־גלאָק, ווי אין די „קאַזיאַננע" פּראָווינצער געביידעס; ניין, ביי אים איז אַלץ אויסגעקומען מער יידישלעך — די פענצטער האַלב־רונד, איינגעטונקט אין אַקאַציעס, באַצירט אין פאַסאַד מיט הענג־לעך ווײַנטרויבן און טייבעלעך.

מען מוז זאָגן, אַז אַזוי שטאַרק איינגעריסן האָט נישט אַזוי ער, שי־מעלע, וועלכער איז גאָר אַלע יאָרן געווען אַריינגעטון אין משכּילישע ספרימלעך, ווי ס'ווייב, הללס טאָכטער רעכל; זי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אויפגעקלערטע און איז שוין צו יענער צייט געגאַנגען אין די אייגענע האָר. זי האָט זיך אַלע יאָרן געדאַקטערט און קיין קינדער נישט געהאַט.

געשמט האָט שימעלע באַדקער פאַר אַ ייד מיט מאָדנע, קרומע גענג, מיט אויסטערלישע פּירעכצן. ווען הלל רימער האָט אים אַראָפּגעבראַכט אַהער, דעם יונגן איידעם, פון שטעטל באַדקע, ערגעץ אַרום די ראָזשי־נאַיער וועלדער, איז ער נאָך געווען אַן אויסגעבלייכט בחורל, אַ באַבריל־טער, מיט אַ שיטערן אויסוווקס. דעמאָלט האָט ער נאָך יעדן שבת נאָך וואַרעמעס געלערנט אין משמר־בית־מדרש אַ בלאַט משניות פאַר פּראָס־טע יידן, באַלמעלאָכעס; אָבער שטילערהייט האָט מען אויף אים אונטער־געמורמלט; דהיינו, מ'האָט פאַרציילט, אַז פּרייטיק צונאַכטס, אַריינקוקנ־דיק אין אַ ספר, שטעלט ער זיך אַרויף אויף אַ שטול און דרייט אַליין אַרויף דעם לאָמפּ, ער זאָל ברענען ליכטיקער. מ'האָט אויך דערציילט, אַז ער קוקט אין דער שטיל אַריין אין ביכלעך וועגן „גלגלים", „טבע" און מאַטעמאַטיקע; און וואָס ער לערנט ביי זיך אין חדר־מיוחד אַ בלאַט גמרא, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל ס'שאַרפט דעם מוח, אָבער נישט צוליב אמונה וועגן. געשטאַמט האָט ער פון קליינעם שטעטל באַדקע, פון אהרן־לייבס משפחה. פון די אַלע פאַרגרעבטע, אָבער ערלעכע יידן, האָט ער איינער זיך אַרויסגעריסן אַ ווויל־לערנער, אַ משכּיל. די משפחה זיינע, סאַמע באַלמעלאָכעס און עקשנים, האָבן קיינמאָל נישט געוואָלט נהנה זיין פון אים אָט אַזוי גרויס, האָבן זיך נישט געיחוסט מיט אים; אַז ס'איז ווען געקומען צו־רייד וועגן שימעלען, דעם נגיד, דעם קאָפּ־מענטש, האָבן זיי שטום געבורטשעט אין די קאַלטענעוואַטע בערד אַריין און באַלד אָפּ־געהאַקט. און רייך געוואָרן איז ער, דערציילט מען, דערפון, וואָס ער האָט געפלעגט צושטעלן אין דער פעסטונג ביים בוג סאָלדאַטסקע שטאָפן. צו ווערן פון אַן אויסגעווייקטן לערנער אַזאַ מין אויסטויגער, צו דעם האָט זי אים שוין געשטויסן, דאָס בריהדיקע ווייב.

מיטן אויסבויען זיך, צו יענער צייט, דאָס הויז אין דער טאָפּאָלן־גאַס, האָט זיך מיטאַמאָל אַלץ געענדיקט. דאָס קינדערלאָזע פאַר־פאָלק האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס'איז גאָר נישטאָ פאַר וועמען אַזויפיל איינצורייסן. זיי האָבן זיך טאַקע ביסלעכווייז צוריקגעצויגן פון די פאַרפלאָנטערטע מס־חרים, אַריינגענומען צו זיך אין הויז אַריין דער שוועסטערס יתומה, שיינדלען, איר רייך חתונה געמאַכט, געסילוקט פאַר איר אַ שיינעם נדן

און איבערגעגעבן איר מיטן מאָן די גאַנצע פּירונג אין שניט־געוועלב. שיינדל האָט זיך גענומען דעם אויסגעפּוצטן „פּריקאַזשטשיק" איצל פיינגאָלד — אַ יונגערמאַן מיט אַן אַפּגעהיטן קאַנט אין די הויזן. ער האָט געקענט זייער קונציק, צווישן זיינע גלאַטע הענטלעך, ציילן געלט און האָט בגנבה געשפּיגן אין אַ טיכעלע אַריין. געפירט האָבן זיי אַ ליבע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, שוין פון אַ שיינע פּאָר יאָר, אין געהיים. אַז די מומע רעכעלע האָט איינמאָל באַמערקט, אַז שיינדל נעמט נישט קיין פליישיקס צום מויל, אַז אַלעמאָל פאַרשמעקט זיך איר עפּעס אנדערש, האָט זי איר אַוועקגערופן אין אַ ווינקל אַריין און האָט איר געזאָגט בזה הלשון :

— שבת נחמו, שיינדעלע, וועט מען, מערטשעם, שטעלן אַ חופּה... זאָלסט זיין אָפּגעהיט, דו הערסט?... — און זי האָט איר נאָך געסטראַשעט מיט אַ פינגער, כלומרשט בייז — דו מוידטשיסקע, דו...

פון צוועלף יאָר אָן האָט זיך שיינדל געהאָדעוועט ביים זיידן אין הויז, צווישן דעם באַרג אייגענע און פרעמדע קינדער, צוזאַמען מיט אהרן־לייבן און סרוליקן. מ'האָט איר אָנגעטרויט אַלע שליסעלעך פון דער קאָמאָדע און פון די שאַפעס און זי האָט געהאַט צו שאַפן איבער אַלע דינסטן, מער נאָך ווי אהרן־לייבס מאַמע. ביז די מומע האָט איר אַריינגענומען צו זיך. זי האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גרויסער בריה, שיינדל, אין דער שניט־קראָם ביי דער מומען. אַ טונקל־בלאָנדע, אַ געוויקסיקע, מיט אַ שיינער דאָרפישער פאַרויטלטקייט, מיט אַ געשליפן פּיסקל צו רעדן רוסיש און דאָס איינפאַכע פויערים־לשון, האָט זי אריינגעצויגן אַ סך קונים. אין די יאָריד־טעג איז דאָרט געווען אַ געשטופעניש פון פויערים און סאָלדאַטן, אַז מ'איז געשטאַנען קאָפּ־אויף־קאָפּ. דעם פּראָסטן עולם האָבן דער עיקר גערייצט די רויט־קאָלירטע טיכלעך.

די מומע האָט נישט פאַרלאַנגט, אַז דאָס יינגע פּאָר־פאָלק זאָל זיך באַלד נאָך דער חתונה באַזעצן אין איר הויז, כאָטש ס'זענען קיין קינדער נישט געווען און זיי זענען געווען שוואַכע לייט.

— איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, שיינדעלע — האָט זי איר אָפּן געזאָגט, די מומע רייכל — וועט אַלץ קערן צו דיר און צו עולמות... דערווייל לעב איך נאָך...

די מומע האָט זיך לאַנגע יאָרן געדאָקטערט, געפאָרן צו פּראָפעסאָרן, אַפילו צו גוטע־יידן, אין די אויסלענדישע בעדער אַריין און ס'האָט גאָר־נישט געהאָלפן — איר טראַכט איז געבליבן פאַרשלאָסן אויף אייביק. די לעצטע יאָרן איז זי אָפּט געלעגן אין בעט, ביי פאַרמאַכטע לאָדן, און פאַרן גאַניקל איז אַלעמאָל פאַרפאָרן דער דאָקטער כוואַט אין זיין בריטש־קעלע. אַרומגעפילנעוועט דעם אויבסט־סאָד און געררימט ארום הויז האָט דאָס שווייגנדיקע פויערל מילאַן, מיט די צוויי ווילדע שטרוי־וואָנסן. זינט ווען דאָס יונגע ווייב איז פון אים איינמאָל אַנטלאָפן, האָט ער זיך קיינמאָל מער קיין אַנדערע נישט גענומען און האָט געהאָדעוועט ביי זיך דאָס

בלייכע מיידעלע, וואָס יענע האָט אים צוגעוואָרפן. די אַלטע דינסט טויבעלע האָט אָפּגעהיט דער קראַנקער באַלעבאָסטע, וואָס איז אין די לעצטע יאָרן געלעגן אין בעט, אַ פּאַראַליזירטע. אין די לוילעכע און זוניקע טעג האָט זי דער קראַנקער אַרויסגעפירט אין איר שטול מיט די אונטערגעשלאָגענע רעדלעך, אַוועקגעזעצט איר אין שאָטן פון געדיכטן באַרן־בוים. דאָס הייפל האָט געפּעכלט פון ריינקייט, יעדעס שטיינדעלע — אָפּגעשייערט, יעדעס סטעזשקעלע — פאַרקערט. אויף דער דאָזיקער ליג־שטול איז זי, אין זעלבן זומער, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, אויסגעגאַנגען. שיינדל איז די ערשטע אַרונטער פון די הויכע טרעפּלעך מיט אַ געוויין.

— גיי... גיי אַרויף... — האָט זי געזופן דער דינסט טויבעלע — כ'קען נישט מער...

פון דעמאָלט אָן האָט דער איידעלער ייד, שימעלע, געגומען איינצערן. די חלושדיקע מראה איז געוואָרן אַ געלבלעכע, דאָס פּעך־שוואַרצע בערדל — שיטער און גרוילעך, ווי פאַרשטויבט. ער האָט זיך זעלטן־ווען געוויזן צווישן מענטשן, איז אָפּגעזעסן אין דער זעלבער ליג־שטול, געוואַרעמט זיך די קילע ביינער אין דער לוילעכער זון און מיט קורצזיכטיקע אויגן, קליינע און רויטלעכע, געגנישטערט אין די ספּרימלעך. אין די קילע טעג איז ער נישט אַראָפּ פון זיין חדר־מיוחד אויפן גאָרן־שטיבל. די דינסט טויבעלע האָט אים אַריינדערלאַנגט אַ הייס גלעזל מילך. ער איז שטיל אַרומגעגאַנגען אין די שטעק־לאַטשן, געגנישטערט ערגעץ פאַרזיך, איבער די ווענט, דורך דער גילדערנער, ציטערדיקער בריל. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ער געווען פאַרייזט ערגעץ אין סמאָלענסק, ווו ער האָט ,דוכט זיך, געהאַט גרויסע ידידים, משכילים, פאַרשטייט זיך. ס'איז נאָר איין מאָל אָנגעקומען פון אים אָן „אָטקריטקע", אַז ער וועט זיך נאָך אַביסל זוימען; און זינט דעמאָלט האָט מען מער נישט געהערט פון אים.

נאָך די פּאָר ביטערע מלחמה־יאָרן איז שיינדעלע פון די' סאַמע ערשטע געקומען אַנצולויפן אין הויז אַריין; און כאָטש מ'האָט געגנוי נישט געוווסט וואָס מיטן אַלטן איז געשען, קיין שום געשריבענע צוואה איז נישט פאַרבליבן נאָך אים, האָט זי שוין מער ביי קיינעם גאָרנישט געפרעגט. אַלצאיינס איז דאָס הויז פול געווען מיט אָנגעלאָפענע יידן. פון דער משפחה האָט זי נאָך געהאַפּט פטור צו ווערן, נאָר פון אהרן־לייבן, וועלכער האָט זיך אויך פון דער מאַמעס צד אָנגעקערט מיט שימעלע באָדקער שטיקלעך קרובים, האָט זי זיך אַביסעלע געשראָקן. זי האָט באַלד פאַרכאַפּט פאַר זיך דעם גאַנצן אונטערשטן פראָנטאָוון פליגל, די שענסטע צימערן און דעם זאַל מיט די פענצטער צו דער גאַס. אַצינד ווידער איז זי נאָכגעקראָכן דעם זיידן הלל, ווייל זי האָט געהאַט אַ חשד, אַז דער אַלטער באַהאַלט נאָך ערגעץ אויס אַ קניפּל און אַז ער ווייסט עפּעס יאָ וועגן

אַ צוואה, וואָס שימעלע האָט געזאָלט לאָזן ביי אברהם־עוזר דיין. אַליין האָט זי דעם זיידן אַרויפגעטראָגן דאָס וואַרעמע גלעזל מילך, האָט זיך געפלייסט ווילצוגעפעלן אים מיט איר אונטערטעניקייט:

— זאָל דער זיידע מוחל זיין — האָט זי גערופן דורך דער טיר־שפּאַרע — דער זיידע האָט נאָך היינט אין מויל נישט געהאַט...

דער זקן, שוין איצט אַ קרוב זיבעציקער, האָט זיך אויסגעגלייכט און האָט קיל צוגענומען די גלאָז מילך מיט זיינע ציטערדיקע פינגער. ער איז נישט געווען קיין נאַרישער ייד, ער האָט באַלד דערכאַפּט איבער וואָס זי ציטערט עס אַזוי, שיינדעלע.

— אהרן־לייב פון פרילוקי האָט זיך דאָ נישט נאָכגעפרעגט אויף מיר?

— האָט ער גערעדט מיט אַ שוואַך קול — כ׳האָב אים אַנומלטן באַפוילן אַריינצוקומען אויף אַ שבת.

ער האָט געוואָלט, דער אַלטער, כאָטש איצט מיט עפּעס מהנה זיין אהרן־לייבן, וואָס איז געווען אַ שטילער, ערלעכער ייד; ער האָט געוווסט, אַז די מאַמע זיינע האָט שטאַרק געליטן אין הויז ביי אים און נישט ווייניק צוליב שיינדלען. זאָל כאָטש אהרן־לייב מיטן געזינדל אויך שטעקן מיט אַ פוס אין דער ירושה. אַלצאיינס בלייבט נישט נאָכן אייִדעם און נאָך דער טאָכטער קיין שום געדעכעניש. ער האָט אויך געוווסט, אַז דער פּראָסטער, ערלעכע ייד, דער דאָרפס־שמיד, וועט וויסן ווי טייער צו האַלטן זיין געדעכעניש, מער ווי שיינדעלע. ער האָט בפירוש פאַרלאַנגט, אַז אהרן־לייב זאָל זיך ברענגען צוציען אין הויז אַריין. זיין חיונה, האָט ער אים באַפוילן, וועט ער זיך אין שטאָט, בעזרת השם, אויך אָפּגעפינען. ס׳איז נאָך נישט עק וועלט.

איינער פון די ערשטע איז אויך געקומען אַנצולויפן אַהער פון בלאָטיקן שטעטל אויף יענער זייט בוג, צוזאַמען מיט דער באַנדע מיידן און מיטן שווערלעכן ווייב חנה, דער ייִנגערער זון, לייזער. ער האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אַ קראָם פון טשוועקעס אין דריטן ראַד קראָמען, האָט זיך אָבער דער עיקר פאַרנומען מיט דיסקאָנטירן וועקסעלעך און רייסן פּראָצענט. אין בערלינערס מויערן איז שוין געווען אַ וויסטער אָנגעלויף, האָבן זיי זיך אויך פאַרקליבן אין דער „קאָמעניצע" ביים רייכן שוואָגער. עס זענען נאָך דאָרט געשטאַנען געגנוג ליידיקע צימערן. וועווע מיטן אַלטן טאַטן האָבן זיך געברענגט צוציען; אַפילו דער הויז־וועכטער מילאַן און די אַלטע דינסט טויבעלע האָבן זיך פון ערגעץ אַראָפּגעיאַוועט. דאָס הויז האָט זיך גיך אָנגעפילט. ס׳האָבן גענומען קלאַפּן וואַרשטאַטלעך. די פאָרנטיקע צימערן, אין אַנדערן פליגל, האָט באַצייטנס פאַרנומען אַ געזונטער, רויטער ייד, מאַטעס, אַ בעקער און אַ שטיקל רעסטאָראַטאָר. ער האָט זיך טאַקע אויפגעמאַכט אַ טיר צו דער גאַס. איבער די שטובן דאָרט איז געשטאַנען אַ פאַרע. פאַרשידענע לייט, וואָס האָבן געצויגן דורך דער שטאָט, האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי אים — „פּלעטניקעס", געוועזענע דע־

זערטירן, וואָס האָבן זיך ערגעץ אויסבאַהאַלטן אין די טיפע וועלדער, אין
די בלאָטעס, אָפּגעקומענע רוסישע „פּאָמיעשטשיקעס", אויסגעדינטע גע־
בעראַלן, געעלטערטע, היסטערישע באַלעט־טענצערינס. אַלע האָבן זיי
דעמאָלט געצויגן דורך אָט די מקומות, ערגעץ ווייטער, וואָס ווייטער פון
דער פלאַקערנדיקער רעוואָלוציע „אויף יענער זייט", אַ טריט פון
דאנען.

ביי דעם ייד דאָרט האָט עס אַלעמאָל פאַרשמעקט מיט געפילטע קיש־
קע, צוגעברווינטע מעגעלעך, מילצן. די מחיהדיקע ריחות צו דער גאַס
האָבן גערייצט די נאָזלעכער. גאַנצע בינטן קישקעס, אינגעווייד, זייט־
לעך פלייש, האָט מען באַלד פאַרטאָג אָנגעבערענגט פון די שעכט־הייזער;
פון די אויוונס האָט מען אַריינדערלאַנגט פולע קוישן מיט ברויט, חלות,
זעמל, שטריצלען. אין דער לאַנגער קיך האָט מען נאָכאַנאַנד געקאָכט
ריזיקע סאַגאַנעס געקעכץ פאַר אָרעמע יידן, פאַרבייפאָרער, דערפרוירע־
נע, איינגעוויקלטע אין פעלצן, אין שינעלן, די פיס — אין קורצע מילי־
טערישע שטיוול, אין עסטרייכישע וויקלערס. אַלץ האָט אין יענעם נאָך־
פורים צוריקגעצויגן אהיים. געזונטע יידן, קאָניוכעס, האָבן דערווייל
איינגעהאַנדלט ביי די דייטשן פאַר האַלב־אומזיסט לאַסט־פערד. זיי האָבן
די פערד געבערענגט צופירן אַהער, אין טיפן אויבסט־סאָד, און זענען
אַריין אויסטרינקען צו מאַטעסן פון פאָרנט.

פרי אין אָוונט זענען אין דער הפקרדיקער שטאָט אָפּגעריגלט גע־
וואָרן טיר און טויער. אַ ווינט האָט געריסן און געהוילט הינטער די פענצ־
טער, צווישן די חורבות און נאַקעטעביימער אין טיפן, אויפגעבראָכענעם
אויבסט־סאָד. מ'האָט זיך אָנדערציילט מוראדיקע געשיכטעס, ווי אַזוי
באַוואָפנטע באַנדעס, מיט מאַסקעס אויף די פּנימער, באַפאַלן הייזער און
קיין לעבעדיקער נפש קומט אין דער נאַכט נישט צוהילף.

אין די הינטערשטע צימערן האָט זיך פאַרקליבן וועווע מיט זיין גע־
זינדל. דער לאַנגער וועווע האָט דאָ צוריק איינגעמאָסטעט זיין צערודערט
וואַרשטאַטל, אויספאַריכט די געשפאַנען פאַר יידישע באַלעגאָלעס, פאַר
אַ פויערל, וואָס האָט שוין צוריק גענומען פאַרבלאָנדזשען. ער האָט גע־
שוויצט, געזעסן, צוזאַמען מיטן אונטערגעוואַקסענעם ייִנגל, מיט שיען,
אַריבערגעוואָרפן די פיס אויפן ניי־בענקל און נאָכגעזונגען אסתרס ליד־
לעך פון „טאָסקאַ", פון רוסישן טעאַטער און די פון דער חברה, מיט די
העוויות פון די זמירות און פון זיסן חזנישן „יעלה תחנונינו" פון משמר־
בית־מדרשל, ווו דער טאַטע און די גאַנצע משפחה, זינט דורות, האָבן גע־
דאוונט. אסתר האָט זיך פאַרקליבן מיט אירע ביכלעך, מיט אירע פאַר־
הענגלעך און שפּיגעלעך אין אַ זייטיקן צימער. ס'האָט זיך אָפּט אַריינגע־
כאַפּט צו זיי דער אַלטער קאַוואַליער פיין, פון דער צוקערניע. ער האָט
זיך נאָך פאַר דער מלחמה געדרייט מיטן שטעקעלע אויפן „ניעווסקי פּראָס־

פּעקט". ער האָט געטראָגן אַ נייע בעקעשע און האָט געהאַט ראָזע, אויס־געגאָלטע פּיסקעס.

— אייער אסתרקע... — האָט ער גערעדט צום הויכן וועוועזן און גע־שאָטן זיך פון געלעכטער — למאַי זאָל איך לייקענען?... איז ווי־זשע מיינט איר, ר' וועוועז, מירן נאָך טרינקען בראָנפן?...

ער האָט עס נאָר אַזוי אַ זאָג געטון אין געלעכטער, אָבער געמיינט האָט ער עס אויפן רעכטן אמת.

אויף יענער זייט וועגטל האָט זיך דער טאָג ווידער אָנגעהויבן מיט דער באַנדע מיידן. מ'איז נאָך געלעגן אויף די צעשטעלטע טאַפּטשאַנעס און אַרומגעקריגט זיך פון די געלעגערס אַראָפּ. מ'האָט זיך געפּליקט איינער ביים אַנדערן די רויט־אָפּגעצויגענע פּערינעס, שיך זענען גע־פלויגן. ביז די שווערלעכע יידענע חנה איז אַריינגעפאַלן.

— שוין... — האָט זי פרום געקרעכצט — באַלד אין דער פרי שפּילט מען מיר שוין אויף „ס'טריאַטער"... אַ האַק, כ'זאָל אַזוי גוטס האָבן, קען מען דאָ אויפהענגען אין דער'לופטן...

איבער די שטובן האָבן זיך געדרייט פרעמדע לייט. מ'האָט באַדאַרפט אַכטונג געבן. דער בלויער ייד, לייזער, איז געזעסן הינטערן קאָנטאָרל.

— ממאָ... זענען זיי גאָרנישט ווערט, זאָגט איר, די „קערענקעס"?

— האָט ער מיט קורצזיכטיקע אויגן אָקוראַטנע באַקוקט די שיינע, פּאַר־ביקע פּאַפּירלעך — נאַדיר גאָר אַ ניי מלכות צום טיש...

— ר' לייזער — האָט זיך איינער, אין אַ קורץ־אונטערגעשניטענעם עסטרייכישן שינעל, אונטערגערוקט — אין „קרעפּאַסט", שמועסט מען, ליגן נאָך גאַנצע אוצרות — מאַשינעס, מעבלען, זעק מעל. בחצי־חינם קען מען עס אַלץ איינהאַנדלען. מען קען רייך ווערן...

דורך די הינטער־טירן, איבערן הפקרן אויבסט־סאָד, זענען זיי נאָכ־אַנאַנד געקומען צוגיין, די לייט. זיי האָבן אָנגערויכערט אַ פולע שטוב; אין אָפּגעפּליקטע שינעלן, אין בורקעס, אין פּעלצלעך, אין באַשליקן; איינער האָט דאָרט געקוקט מיט אַ רויט־פאַרלאָפן אויג פון אונטער אַ קאַזאַצקער פּאַפּאַכע. מ'האָט זיך געסודעט אין די ווינקעלעך. לייזער האָט געציילט די אַסיגנאַציעס, די מטבעות, גיך און פלינק, מיט אַ שמאָל, בלוי, ביינערדיק הענטל. די ציטערדיקע שפּיץ באָרד האָט זיך דערביי אָוועק־געשטעלט ביי אים אין דער קרום. איינער, אין אַ הויך, באַראַשקן היטל, אַ ריז, וואָס האָט גערעדט עפּעס אַ שווערן, געבראָכענעם יידיש, האָט באַקוקט אָקעגן טאָג־שיין רוסישע פינפאונצוואַנציקערס און האָט מיט־אַמאָל ארויסגעדונערט הייזעריק :

— אָט דאָ, „איזוויניטיע", איז אַ לעכעלע... „ניעט, גאָלובטשיק", נישט געטראָפן ס'אָרט...

ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן טונקלען, האָט לייזער באַפוילן די מיידן און ס'וויב אָפּצושליסן טיר און טויער, די געקאָוועטע הויז־טיר צום גאַ־

ניקל, מער קיינעם נישט אַריינלאָזן. ער האָט פאַרצויגן אַ דין, אַליין־אויסגעשטאָפּט פאַפּיראָסל, געדרייט עס צווישן די בלויע פינגער און זיך פאַרקייכט, נאָך איידער ער האָט רעכט פאַרצויגן.

— ס׳וועט געגוג זיין אויף היינט! — האָט ער אַרויסגעשטופּט די לעצטע יידן — אַ סוף אַן עק...

מיטן בלוי־אָנגעפּאַלענעם אָוונט האָט געשראָקן די חרובע, אויסגעליידיקטע שטאָט. די שווערע יידענע חנה איז געשטאַנען מיטן נאַפּט־לאָמפּ איבער אַלעמענס קעפּ. זי האָט געגישטערט מיט חשד אין אַלע ווינקעלעך, אין די פינצטערע נישעס פון קאָרידאָרל. אירע אַרויסגעזעצטע אויגן זענען געוואָרן נאָך גרעסער. „די אַלע... — האָט זי געמורמלט — דער גוטער יאָר ווייסט זיי”...

איינער אַליין איז ער פאַרבליבן, לייזער, פאַרקוקט אין דער בלויער שויב און געזען די פאַרשווינען פינטלען זיך איבערן שניי, אין טיפן, אויפגעבראָכענעם הויף, צווישן די נאַקעטעביימער פון אויבסט־סאָד. ער האָט געפּרעפּלט דעם וואָכעדיקן מעריב, געווישט מיט דער האַנט די שויב און געזיפצט אַקעגן דער לאַנגער נאַכט, וואָס רוקט זיך אָן. ער האָט זיך מיט־אַמאָל שאַרף איינגעהערט. הינטער די ווענט, ביים ייד דאָרט אין איינפאָר־הויז, האָט זיך נאָך געטומלט. אסתר ווערעס האָט געזונגען אַ רוסיש ליד און אַ חברה איז אַריין אין דער מיט מיט גערעדערייען. דאָס ווייב מיט די מיידלעך האָבן געריגלט די טירן, געפּרוווט די פּרעגטעס. די יידענע האָט זיך אומגעקערט, אַרויסגעשטעקט אַ צעפּלאָשעטן קאָפּ פון הינטערן לאָמפּ און זיך לאַנג איינגעקוקט אין אים, אַ געהויקערטן, ביים האַלב־אויפגעשפּאַרטן לאָדן.

— צו מיינע שונאימס קעפּ... — האָט זי זיך געכאַפּט — געמיינט, חלילה, כ׳ווייס...

און צום לעצטן מאָל איז זי געגאַנגען פון איין צימער אין אַנדערן נאָך אַמאָל פּרוּוון די לאָדנס, די פּרעגטעס. מ׳איז שוין געלעגן אין די בעטן. דורכן לאָדן־שפּאַלט האָט לייזער באַשיינפּערלעך געזען, ווי ס׳בלויט שוין אין דרויסן. ס׳איז, דוכט זיך, פרימאָרגן, באַלד וועלן די פרעמדע לייט אָנהויבן אָנצוקומען זיך. נאָר איידער ער שטעלט אַראָפּ אַ פוס, אָפּ־צוגיסן נעגל־וואַסער, קומען שוין אַלע צולויפן. די שאַרפע שיין פון טאַשן־לעמפּלעך בלאָנדזשעט אַרום די ווענט. פלינקע שאָטנס וואַקסן אויס. „וואָס טוט זיך דאָ?” — וויל ער אַ געשריי טון. נאָר ס׳שטרעקן זיך פון אַלע זייטן קאַלטע רעוואָלווערן. די שווערלעכע יידענע פּרוווט זיך אַראָפּ־לאָזן אויף דר׳ערד און קרעכצט אַרויס. מען זעט נישט קיין פּנימער. זיי היטן אַלעמען און לאָזן זיך נישט קיין ריר טון. „מירן שיסן!” — וואָרענען זיי פאַרשטיקט; און אַלצדינג געשעט אין דער זעלבער רגע. די פרעמדע שאָטנס זוכן, נישטערן, אַ בעט קרעכצט, אַ בענקל פאַלט אום. זי פּרוווט זיך פאָרט אַ ריס טון, די יידענע, און די מיידלעך לאָזן אַרויס אַ

פאַרשטיקטן יאָמער. די פינצטערע פנימער אָטעמען שווער איבער זיי. זיי גישטערן, זיי גיבן זיך איבער קליינע פּעקעלעך, וואָס פאַלן אין זייע־רע הענט מיט אַ טויבן קלונג. זי וואַלגערט זיך אויף דר׳ערד, די יידענע, און פּיס טאַנצן אַרום איר, צוזאמען מיט די ליכט־פּלעקן. זי קלאַמערט זיך איין אין זיי מיט די נעגל. אויף איר אָנגעשוואָלן פּנים פאַלט אַלעמאָל אַ ליכט־פּלעק. זי רייסט זיך מיטאַמאָל אויף מיט אַ באַפרייטן געוואַלד און לאָזט זיך נאָכלויפן איבער די פינצטערע צימערן, איבער די קאָרי־דאָרן. אָן אמפּעריי, אַ שווער פאַלן. מען הערט דערנאָך ווי די צוגעפרוי־רענע בלאָטקעס הינטערן פענצטער ברעכן זיך.

טאָקע אַזוי האָט מען זי נאָכדעם געפונען אין פאָדער־הויז — אַ קני־ענדיקע, מיט גרויסע, אַרויסגעזעצטע אויגן, איינגעקלאַמערט די נעגל אין דער פאָדלאָגע. מ׳האָט זי געפּרוּווט אַ הייב טון, אָבער זי איז שווער־לעך צוריקגעפאַלן.

באַגינען האָבן זיך די ווייבערישע געוויינען געדעמפּט אין פוסטן הלל פון גרויסן, קאַלטן זאַל. אַ צוג־ווינט האָט געצויגן. די ווייבער אין די פאַטשיילעס האָבן אָנגעפילט אַלע טירן.

— ס׳וועט אויסקומען צו נעמען טאַרבעס און גיין איבער די הייזער...

— האָט לייזער, בלייך ווי די וואַנט, געשטעקט הינטערן באַריערל.



אין אַזאַ בלויען פאַרנאַכט האָט איינמאָל סרוליק אַ קלאַפּ געטון אין הינטערשטן לאָדן, צום אויפגעבראָכענעם אויבסט־סאַד. ער איז געקומען אָנצולויפן פון „יענער זייט״, אָן אַפּגעשליסענער, אַ פאַרוואַקסענער און אַ ווינטיקער. קיינער האָט זיך שוין גאָר אויף אים נישט געריכט. ער איז געווען דעם אַלטנס אַ פאַרגעסן אייניקל, פּייגע־לאהס עלטסטער בנאָק, פון ערשטן מאַן, מיט וועלכן זי האָט זיך געגט און האָט דאָס יינגל גע־האַט אָנגעוואָרפן דעם טאַטן אין הויז, ווו צוואַנציק מיילער זענען גע־גאַנגען צום טיש. סרוליק איז געוואַקסן אין טומלדיקן הויז, ווו ס׳איז אייביק געשטאַנען אַ צוג־ווינט, פונקט אזוי ווי אהרן־לייב, פונקט אַזוי ווי די יתומה שיינדל. דאָרט איז ער פון קליינווייז אויף אויסגעריסן און פאַרשוואַרצט געוואָרן. יעדער האָט זיך געשאַפן מיט אים, יעדער האָט זיך געוואָרפן מיט אים. ער איז געווען קליין און דאַר, נאָר די בלויע אויגן האָבן געלויכטן מיט עפּעס אַ ווייט פייער. ער איז געווען כמעט אין איינע יאָרן מיט אהרן־לייבן, אפשר אַ צוויי־דריי יאָר יינגער.

אין יענער בהלה איז סרוליק גערופן געוואָרן מיטן ערשטן רעזערוו, איז מאָביליזירט געוואָרן ערגעץ אין טיף־ראַסיי און מער האָט מען פון אים נישט געהערט. ער איז געווען, קען מען זאָגן, דער איינציקער אין דער משפחה, וואָס מ׳האָט אים נישט אויסגעקויפט פון „פּאַניען״, מ׳האָט נישט אַזוי שטאַרק איינגעריסן פאַר אים. סיי ווי האָט ער נישט געהאָט פון אים קיין גרויס נחת, דער אַלטער; האָט אַלעמען אַקעגנגערעדט, האָט שטילערהייט געהאַט צו טון מיט די באַלמעלאָכעס און מיט די „אחדות״־לייט, איז טאָג און נאַכט פאַרנומען געווען מיט חשודיקע ביכלעך. מ׳האָט אַפילו געשמועסט, אַז ער לעבט בשתיקה מיט עפּעס אַ פּראָסטער מויד, אַ נייטערין, אָן חופה וקדושין. קיינער האָט איבער אים קיין טרער נישט פאַרגאָסן. די מאַמע זיינע אין ביאַליסטאָק האָט אים איינמאָל געהאַט אָנגעוואָרפן דער משפחה און — פאַרטיק.

דער בלויער פאַרנאַכט איז געווען לינד. ס׳איז געווען נאָך פורים. די אָפּגעגאַנגענע שויבן זענען פאַרלאָפן געווען מיט אַ נעפּל. ס׳האָט געררונען פון דאַך. אין אַלע צימערן זענען די סופיטן געווען דורכגענעצט. דער בין־השמשות האָט זיך געזעצט אין ווייכע, ראָזע אָפּשיינען. די פאַר־ענגלעך אין אסתרס צימער האָבן דורכגעזיפּט די שיין. אַ דינער שניי־שטויב האָט זיך נאָך פרעסטלדיק געוויכערט פון דאַך־אַראָפּ, געמאַכט ציטערן דאָס דאַרע ביימל פאַרן פענצטער און געשמיסן אין די אַלטע ווענט פון הויז.

אַ קליינער, אָן אויסגעמאַרעטער, אין צו־לאַנגן, אונטערגעשניטענעם שינעל, איז סרוליק אין צופאַלנדיקן אָוונט געקראָכן איבערן טיפן אויבסט־סאַד, אויסגעמיטן די הורבעס שניי, פאַרקערט פון ווינט. פאַרלאָקט האָט אים דאָס פאַסיקל ליכט פון די לאָדן־שפּאַלטן. ס׳האָט אים אַלץ דאָ אויס־געזען פרעמד, ביי און ווונדערלעך — דאָס פראָווינצער הויז, די ביימער, די גאַניקעס. ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט אין הינטערשטן לאָדן, איז וועווע אַרויס מיטן לאָמפּ אויפן גאַניק.

— סרוליקל... — האָט ער אים גלייך דערקענט און אויסגעזונגען — נאָר ווי דען!...

אַ צעשפּיליעטער, מיט אַ פאַרוואַקסן, פּיצל פּנים, איז סרוליק דער־נאָך געזעסן אין קאַלטן זאַל און געוואַרעמט זיך די פיס ביי דער רער פון אייוועלע. זיין בליק איז שטעקן געבליבן אין רויכיקן לעמפּל. ער האָט אַלץ געשמייכלט און גערעדט ווייניק. ס׳האָט זיך געטראָגן פון אים מיט ענג־געפּאַקטע „טיעפּלושקעס״, מיט קאַרבאָל־ריחות, מיט פאַרלייזיקטע סאָלדאַטן. אַזוי איז ער מיט אַ האַלב־אָפּן מויל, איינגעשלאָפן. ס׳איז געווען אַ געדיכט אַרומשטייעניש. פון אַלע טירן איז מען געקומען אָנצולויפן. אַפילו אסתר האָט זיך דאָרט אָפּגעריסן פון אירע ביכלעך, פון דער חברה. צום גאָרן־שטיבל, ווו דער אַלטער הלל איז געלעגן, האָט וועווע נאָכגע־טראָגן דעם לאָמפּ. ער איז דאָרט אויבן געלעגן פאַרפעדערט, דער אַל־

טער, מיט קאַליעדיקע אויגן. ער האָט זיך אויפגעזעצט שווערלעך, אָנגע־קוקט אים אַ רגע און האָט דעם גאַסט פּאָרט דערקענט.

— כ׳וועל שווערן — האָט ער געפּרעפּלט — סרוליקל ממזר...

— ווו זענען די אָפּיצירן, זיידע... די „נאַטשאַלסטוואָ״?... — האָט סרוליקס פאַרמאָרעט, פּיצל פּנים געלאַכט.

— עפּעס „באָלטשעוויקעס״, שמועסט מען... — האָט דער אַלטער געוויזן דאָס ציינלאָזע מויל — אוי, קינדער, קינדער! ס׳וועלן שוין מער, דוכט זיך, אויף דער וועלט אַזעלכע גאָלדענע צייטן נישט זיין... און דו זעסט מיר אויס ווי עפּעס אַן אָפּגעפּאָרענער אַקטיאָרשטשיק, סרוליקל... קיין ווייב האָסטו נאָך נישט? וועסט שוין מסתמא אַזוי אַוועקפּגרן אין טלית־קטן... האָסט שוין לאַנג געמעגט הערן שפּילן...

ביז צו דער לעצטער מינוט האָט זיך דער משפּחהדיקער, בייסיקער שטייגער־רעדן ביים אַלטן נישט אָפּגעטון.

— זיי מיינען דאָ — האָט דאָרט לייזער געהוסטלט הינטער אַלעמענס פּלייצעס — אַז „דאָרט״ איז שוין טאַקע „קאַטשקעס פריי״... ס׳האָט זיך געמאַכט אַ צייט, ווען מ׳קען אַריבערפירן אויף דער „אַנדערער זייט״ אַביסל סחורה און פאַרדינען אַ קערבל, לאָזן זיי נישט, די „ראָזבאָיני־קעס״...

אַזוי פּלוצים איז סרוליק אַריינגעפאַלן; און עפּעס איז ער אויף קיין אָרט נישט איינגעזעסן, האָט זיך געהאַלטן אין איין דרייען אַריין און אַרויס; עפּעס איז ער יאָ געווען אַ היגער און עפּעס נישט קיין היגער. ערשט דערנאָך האָט מען זיך דערוווסט. דעם אונטערגעשניטענעם שינעל האָט ער באַלד אַראָפּגעוואָרפן פון זיך, נאָר די סאָלדאַטסקע שטיוול מיטן ענג־געפּאַסטן פרענטש האָט ער נאָך לאַנג נישט אַראָפּגעלאָזן פון לייב.

אַציגנד האָבן זיך אַלע געכאַפּט, אַז ס׳איז גאָרנישט דער זעלבער סרו־ליק. ער איז געוואָרן געזעצט. די שיינע באַזילבערטקייט אין זיינע טיפע שלייפן האָט אים פּלוצים צוגעגעבן חשיבות און די בלויע אויגן — קינ־דערישע מילדקייט. ער האָט זיך געוויינלעך אומרואיק געדרייט אין קאָ־רידאָר, הינטער אסתרס טיר. דאָס ליכטיקע פענצטער פון איר צימער איז געלעגן אין פינצטערן אויבסט־סאָד און האָט געצייכנט די אוזאָרן פון פאָרהענגל. דאָרט זענען זיך צונויפגעקומען די יונגעלייט און די מייד־לעך. אסתר האָט פאַרבייגעשוועבט מיטן אונטערגעשוירענעם קעפּל, מיטן שאַלעכל. עס זענען דאָרט געווען באַלעבטע רייד, געלעכטערן. די „פריי־לינגס מיט די ביכלעך״ — האָט ער אַ טראַכט געטון, סרוליק.

און ער איז, אַביסל נישט־דרייסט, געקומען אָוונט־צייט אָנקלאַפּן אין דער טיר ביי אסתרן. אַחוץ דעם וולאָדאַוואָער רבס זון, פרעגער, איז דאָרט דער אייביקער סטודענט מישאַ געווען צעלייגט אויפן בעטל און האָט שוואַרץ געמאַכט דאָס צימער מיטן רויך פון זיינע פּאַפּיראָסלעך. מיטן וולאָדאַוואָער רבס זון און מיט אסתרן האָט זיך סרוליק גיך צונויפגערעדט.

זיי האָבן אים שוין דערנאָך אָפּגעוואָרט אין קאָרידאָר, פאַרשווונדן מיט אים אין טיפן אויבסט־סאַד. עפּעס האָבן זיי שוין געהאַט אַ גאַנצע געטועניש און גאַנצע פּלענער.

אין אַן אַנגעוויכערט דאַך־שטיבל פון בערלינערס מויערן, אין טיפן הויף, ווו סרוליק האָט זיך אינגיכן פאַרקליבן, האָט ער קודם איינגעאָרדנט אַ ליי־ביבליאָטעק פון יידישע און רוסישע ביכלעך. דאָרט, אין די זייטיקע צימערלעך, האָבן זיך געזאַמלט די אונטערגעוואַקסענע יונגעלייט און די מיידלעך. נעכט איז מען דאָרט אָפּגעלעגן. מ'איז געווען צונויפגעשטופּט אויפן דאַרן בעטל, געלאָזן זידן אַ גרויסן טשייניק ציקאָריע אויפן רויכערדיקן אייוועלע, דיסקוטירט וועגן די ביכלעך און וועגן „בייעמקער אין דער געשיכטע".

— נאַר וויסן, נאַר בילדונג! — האָט סרוליק האַרב געפּאָדערט — וויסן, האָט קאַרל מאַרקס געזאָגט, איז מאַפּט.

זיינע הונגעריקע, אויסגעשפּיצטע קינען האָבן געפּלאַמט, די בלוי־אויפגעלויכטענע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פונקען; ער האָט געניש־טערט אין די אויסגעפליקטע ביכלעך און בראָשורן מיט די פאַרגעלטע טאַוולען, דעם אָפּגעשטעקט אַ ביכל, יענעם אַ ביכל, איינגעטייטשט, אויפ־געקלערט. ער האָט אין יענע יאָרן, ווען ער האָט זיך נאָך געוואַלגערט ביים זיידן אין הויז, אָנגעהערט צו דער חברה „אחדות", צו די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־קרייזלעך, איז געווען אונטערן פאַרדאַכט ביי דער פּאָליציי און האָט אַפילו אַ לאַנגע צייט אויסבאַהאַלטן זיך אין די גרויסע שטעט אויף אַ פרעמדן נאָמען. ער איז געלעגן פאַרשטעקט אין די בוי־דעם־שטיבלעך אין דער וועבער־שטאָט ביאַליסטאָק, געדרייט זיך אויף די געדיכטע אַרבעטער־בערזעס. מלחמה־צייט איז ער ערגעץ אַוועק מיט דער אַרמיי. דערנאָך איז ער אַנטלאָפן פון די אָקאָפּעס און איז צוריקגע־שווומען מיט די מהנות בערדיקע סאָלדאַטן צו דער הויפּט־שטאָט.

מיטן אייביקן סטודענט מישאַ, אַ בחור מיט אַ טיפן, שפּיציקן שטערן, מיט געכוואַליעטע האָר, מיט איינגעקוועטשטע צוויקערס, איז דאָ אַלע־מאָל געקומען צו שאַרפע דיסקוסיעס. ער האָט געהאַלטן אין איין בייסן זיך די טיף־אַרומגעשניטענע נעגל. ער האָט געהאַלטן, אַז קודם־כל באַ־דאַרף אונדז צו אינטערעסירן דער גורל פון יידישן פאָלק. ער האָט זיך געריסן ביי אַ קנעפּל פון זיין ביזן האַלדז פאַרשפּיליעטן פרענטש, ווען אסתר האָט דאָ שטיל און פאַרבענקט געזונגען די אַלטע רוסישע ראָ־מאַנסן. זי האָט שיין געזונגען. זי האָט פאַרמאָגט אַ דין שטימעלע, ווי אַ גלעקעלע. דעמאָלט האָבן די הייסע דיסקוסיעס געהאַט אויפגעהערט. צו־זאַמענגעטראָפן זיך מיטן אייביקן סטודענט מישאַ, איז אָן אויפהער אוועק אַ גערעדעריי : פּושקין, לערמאָנטאָוו, נעקראַסאָוו, קאָלצאָוו... „פּאָל־טאַווע" און — „שטיל איז די אוקראַאינישע נאַכט"... אסתר האָט זיך גע־

האַלטן אין איין פֿאַריכטן דאָס שפּילקעלע אין איר גלאַנציקן, ווי פֿון פֿעך, אונטערגעשווירענעם קעפּל.

אין וועמען, אדרבה, איז זי דאָ פֿאַרליבט געווען, צווישן אַט דער חברה אָפּגעשליסענע און הונגעריקע אינטעליגענטן? צי אין דעם עלטערן בחור, דעם וולאָדאַווער רבס זון, מיט דער שיינער באַזילבערטקייט אין זיין לייבן־קאָפּ, צי אין דעם בלייכן סטודענט מישאַ? קריכנדיק אין אַ באַנדע איבער די אָוונטיקע גאַסן, איז איר אומגעריכט איינגעפאַלן אַ כאַפּ צו געבן עמיצן פֿון זיי אונטערן אָרעם און לאָזן אַלעמען ווייט הינטער זיך. מיטן סטודענט מישאַ איז זי אומגעריכט נענטער געוואָרן. ער איז געווען אַ שטילער, אַ פֿרעמדלעכער, אַ שווייגער. ער האָט פֿאַמעלעך גע־זופּט די געדיכטע ציקאָריע און ס'איז געווען עפּעס אַן אומרו אין די קלאַפּנדיקע אָדערלעך אונטער זיין שטערן. „ער איז אַוועק פֿון אַ רייכער היים"... — האָט מען זיך שטיל דערציילט וועגן אים. ער האָט וועגן די רו־סישע ביכלעך גערעדט גאָר אַנדערש, אומעטיקלעך. זיין אומרו איז פֿונ־דעסטוועגן געפֿאַלן אַביסעלע אומהיימלעך; רעדט כסדר ווי פֿון די ביכ־לעך אַרויס, ס'הייסט, אַז אויב זי, אסתר, וועט נישט ווערן זיינע, וועט ער זיך ס'לעבן נעמען... אַזוי האָט מען שטילערהייט נאָכדערציילט. און זי? ס'גייען אַוועק וואָכן און זי רעדט אַפֿילו קיין וואָרט נישט אויס צו אים; פּוצט זיך אויס און לויפֿט אַוועק מיט אַנדערע. זי קומט אַהיים שפּעט און געפֿינט אים אויף דער איינגעפֿאַלענער סאָפֿע, מיטן בליק איינגעפֿרעסן אין באַלקן. זי ליגט אויף דער סאָפֿע און לעבן איר, אויף אַ שטול, דער בחור. ער לייענט איר עפּעס פֿון אַ בוך. ס'איז האַלב־טונקל.

אויפֿגעריסן האָבן זיי זיך, ווען ס'האָבן זיך גענומען אַריינשיטן די פֿאַרברווינטע בחורים און מיידלעך; די קורץ־אונטערגעשווירענע מיידלעך, וועלכע זענען אַרומגעגאַנגען איבער די אָרעמע הייזער, איבער די אי־בערגעפּאַקטע בתי־מדרשים און צוזאַמענגענומען די קינדער אין די ליכ־טיק־אויסגעווייסטע לאָקאַלן אין בערלינערס מויערן. מ'האָט די קינדער אַרומגעוואַשן, מ'האָט זיי אָנגעטון אין די אויסגעוואַקסענע, אָבער ריינ־לעכע מלבושים, געגעבן זיי צו עסן, געזונגען מיט זיי אַ ליד וועגן אַ שוועלבעלע. סרוליק האָט נישט גערוט. ער איז גאַנצע טעג אַרומגעלאָפֿן צו באַזאָרגן די שול, אויסגעקריגט זיך מיט די שטאָט־טאַטעס, די קאָמי־טעט־מענטשן, מיט די כלי־קודש, וואָס האָבן געקרומט מיט דער נאָז אויף דער נישט־יידישער פּירעכץ מיט די קינדער.

אַז ס'איז געקומען אַ שבת נאָכן עסן, האָט מען זיך גענומען אַריינ־שיטן צו אסתרן אין צימערל. זי האָט אַלעמען פֿאַרבעטן אין גרויסן זאַל. מ'איז געזעסן אויף די בעטלעך, אויף די ביישטידלעך פֿון די הויכע פֿענצ־טער. אסתר האָט דערלאַנגט בלאַסע טיי. עמיץ האָט אָנגעשאָטן אַ פֿולן טיש מיט דיניע־קערלעך, זון־רויזן־קערלעך. פֿרעגער האָט געבלאָזן דעם רויך פֿון די פּאַפּיראָסלעך, וואָס ער האָט, פֿון געוווינהייט, געפּלעגט צו

פאַרשטעקן אין אַן אַרבל. ער האָט געזונגען מיט אַ פאַרדרייט יידיש־פּויליש לשון, וואָס האָט דאָ אַביסל מאָדנע געקלונגען:

דאָרט אין גרינעם וועלדאַלע
גאַיען צוואַי מאַידעלעך שפּאַצירן...

מ׳האָט געזונגען „אַז דו אַקערסט און דו זייסט״. דאָס הייסע געזאַנג האָט זיך געטראָגן דורך די פענצטער, ביז אין דרויסן איז צוגעפאַלן אַ ראָזער, שבתדיקער פאַרנאַכט.

אין לעבלעך־צוגעפּאַלענעם אָוונט האָט דאָס פינצטערע סקווערל, דער „דומסקי פּלאַשטשאַד״, אויפגעלעבט מיט זיין אייגן לעבן. די ווילד־פאַרוואַקסענע פלאַנטן — כמעט נישט אַרומגעצוימט, די אַלטע בענק — אַרומגעבראָכן. געזעמלעך דאָ און דאָרט, שפּאַצירנדיקע גרופּעס, פאַר־בענקט געזאַנג, הייסע דיסקוסיעס. לאַנג־האָריקע יונגעלייט אין סאָטינענע העמדלעך, מיידלעך אין קורץ־אונטערגעשניטענע פאָלקעס, מיט הויכע שיך.

נאָך אַרום דעם סקוועריל האָבן שוין געבלאַנדזשעט פרעמדע אויגן. די פּילסודסקי־לעגיאָנערן זענען אַריין אין שטאָט ווי אָקופּאַנטן. באַלד אויף צומאָרגנס האָבן זיי געלאָזן שמייסן אַ ייד פאַר עובר זיין עפּעס אַן אויפּ־געקלעפּטן באַפעל. דאָס פּוילישע לשון איז דאָ פרעמד געווען. דאָמינירט האָבן אין דער שטאָט די גרינע ציבעלע־טורעמלעך פון צערקוועס, די ביזאַנטינישע אַרכיטעקטור פון די איינציקע גאַנץ־געבליבענע מויערן מיט די האַלב־רונדע באַלקאָנען, מיט די טיפע, קילע איינפאַר־הייף, וווּ ס׳האָט אַמאָל געקאָכט אַ יידישער מסחר. איבער דער מיטעלער פּראָ־ווינץ־שטאָט זענען אויף די קיאָסקן געווען צעהאָנגען רוסישע אַפישן פון טעאַטער־טרופּעס, פון אַן אוקראַינישן כאָר און פון רוסישן שאַנסאָניער ווערטינסקי. איבערן סאַרוווער־טעאַטער, אין שמאָלן, שטילן געסעלע הינ־טער דער צערקווע, האָבן אַראָפּגעלויכטן צוויי גרויסע לעמפּ. ס׳איז דאָ געווען אַ פרישער אַנגעלויף פון אַ רוסישער אָפּגעפאָרענער אינטעליגענץ, געוועזענע צאַרישע מיליטערלייט און באַאַמטע. זיי האָבן אין די יאָרן געצויגן דורך דאַנען פון אַלע גרענעץ־שפּאַרעס; פּרימאַדאָנעס און טענ־צערינס, גרעפינס און גוואַרדיע־אָפיצירן. זיי האָבן פאַרפולט די קליינע, עלעגאַנטע האָטעלן אין דער באַן־גאַס. זיי האָבן זיך געקליבן ערגעץ ווייטער. זיי האָבן מערסטנס אָנגעפילט דעם קליינעם פּראָווינצער טעאַטער. אויף דער גאַלעריע זענען געזעסן די פאַרברוינטע יידישע יונגעלייט אין די סאָטינענע העמדלעך, די „באַרישניעס״. און נאָך איידער די־צאַר קאַנדעליאַבער האָט זיך פאַרלאָשן, האָט עס געטרוישט אַרום.

אסתּר איז געזעסן אין די מיטלסטע רייען, מישאַ — ביי איר זייט. זי האָט געוווסט, אַז די גאַנצע באַנדע איז אויף דער גאַלעריע. זי האָט זיך עטלעכע מאָל אומגעדרייט, אָבער זי האָט קיינעם נישט דערכאַפּט, אַזוי אָנגעפּאַקט איז דאָרט געווען. ס׳איז געווען אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט אויף

דער בינע — לבנה־נעכט, ערשטע פּלאַטערן, גלות־לידער. שטרענג־גע־פּודערטע דאַמען האָבן געווישט די אויגן...

אין דאַך־שטיבל פון בערלינערס מויערן, אויף אַ הויכן גאָרן אין טיפן הויף, האָט דער נאַקעטער לאָמפּ געברענט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין איבער די רוי־געהובלטע טישן און בענק. אַהער איז געקו־מען איינגעסטיקן זיך סרוליק, אָדער ישראל אידלסאָן, ווי מ'האָט אים שוין דאָ גערופן. איבער זיין שויבערדיקן קאָפּ האָר, אין זילבער־פּאַס־מעס, איז ארומגעשווומען דער ברייט־ראַנדיקער, אויסגעריבענער הוט; אין די גרויסע, בלויע אויגן — אַ פריילעכער, קינדערישער נייגער, דער מאָגערער קין — שאַרף אויסגעצאָלט, אין אַ לויזער קורטקע, וואָס איז אַוודאי נישט גענייט געוואָרן אויף זיין מאָס, האָט ער איצט אויסגעזען פיל יינגער און באַוועגלעכער, ווי פריער. דעם אָרעמען מאָלצייט, וואָס איז מייסטנס באַשטאַנען פון טרוקן ברויט מיט דאַרן, טריפהנעם וווּרשט, האָט ער איינגעשלונגען ביי זיך אין אָפּגעצוימטן אַלקערל פון פּאַפּירלעך־אַרויס, פאַרטרונקען אַ גלאָז קאַלט וואַסער, און האָט זיך אייביק געאיילט, איז געלאָפן טרעפּ־אַרויף און טרעפּ־אַראָפּ אין דעם הויז.

אויסער דעם געשיכטע־ און ליטעראַטור־לימוד און די שול־אַרבעט בכלל, האָט ער נאָך געטראָגן אויף זיינע דאַרע, מאָגערע פּלייצעס אַ וועלט מיט קלאָפּאָטן. די ביבליאָטעק מיט די אַלע פאַרשטויבטע שימות און די פאַרגעלטע בראָשורן און ביכלעך, וואָס זענען איבערגעגאַנגען אַזויפיל הענט, האָבן שוין מער נישט אָנגעפילט די אַלט־בחורישע צימערלעך. ווי נאָר די היימלאָזע יידן האָבן דאָ אָפּגעליידיקט אַ פליגל, האָט ער עס מיט דער גאַנצער חברה יונגוואַרג באַלד איבערגענומען, מ'האָט אויסגעווייסט, געמאַכט פּאָליצעס, אַריינגעשטעלט טישלעך, אויפגעהאָנגען אויף די ווענט די בילדער פון קאַרל מאַרקס, פון פּרצן. אַזוי איז דאָ אויפגעקומען אַ ביבליאָטעק, אַ ליכטיק־אויסגעווייסטע שול פאַר די היימלאָזע, אָפּגע־שליסענע קינדער, אַן אַרבעטער־קיך. די פאַרברוינטע, ענערגישע בחו־רים, אין די אויסגענייטע העמדלעך, די פאַרפלאָמטע מיידלעך אין די קורץ־אונטערגעשניטענע האָר, האָבן דאָ אָונט־צייט פאַרפולט אַלע שטאָקן, קאָרידאָרן און טרעפּ. פון הינטער טירן האָבן געהילכט אין כאָר די פאַרבענקטע יידישע און ווייטע, סטעפּישע רוסישע לידער. אַ רעדנער אין אַ סאַטינען העמדל, מיט אַ ביבלישער באָרד, מיט אַ קאָפּ פלאַמיקע שויבערן, וואָס איז פון ערגעץ אַראָפּגעקומען, האָט דאָרט געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טישל אַריין פאַרן פול־אָנגעפּראָפּטן זאַל:

— ... דעריבער זאָגן מיר... אַוועק מיט די שמוציקע הענט פון די אינטערווענטן, פון די קאָנטררעוואָלוציאָנערן... די, וואָס וואַגן פחדנותדיק אַריינצושטעקן אַ מעסער אין רוקן דאָס לאַנד פון אַרבעטער און פּוי־ערים...

שפּעטלעך האָט מען זיך אַרויסגעשאָטן צום אַרומגעבראָכענעם

סקווערל, אונטער אַן אויסגעשטערנטן הימל. ז׳י בענק, די פלאַנטן זענען פאַרפולט געווען מיט טונקעלע געזעמלעך. מ׳האָט נאָך אַלץ דיסקוטירט וועגן די „21 פונקטן פון קאָמאינטערן״, וועגן פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַ־ציאָנאַל, וועגן פרייע ליבע, וועגן וועלט־רעוואָלוציע, וואָס אַט־אַט ברעכט זי אויס, אַט־אַט קומט זי...

פונקט ווי אין יענע יאָרן, איז אויך דער „קרוזשאָק״ ביי דער אַלטער בונדאָווקע סימע פאַדווע יעדעס מאָל געדיכטער געוואָרן. אין טאַטנס גאַנץ־געבליבן הויז, קעגנאיבער בערלינערס „קאָמעניצעס״, איז געווען געראַמיק אין צימערן. די משפּחה האָט זיך באַצייטנס געהאַט אומגעקערט פון קרעמענטשוג, נאָך איידער די נייע „וולאַסט״ האָט אַלץ קאָנפיסקירט און צעטיילט. דאָס גרויסע באַקאַליי־געשעפט, צעלייגט פון פאַרנט, איז ווידער פול געווען מיט סחורה און מיט קונים פון די שטעטלעך פון ביידע זייטן בוג. די באַלעגאָלישע פורן האָבן געוואַרט פאַרן הויז. און דורך דער פאַרנטיקער גלאָז־טיר, אָדער דורך די הינטערשטע גאַניקעס צום הויף, איז מען געקומען טרינקען טיי און דיסקוטירן ביז פאַרטאָג אין אָנגערויכערטן סאַלאָן. ס׳איז געקומען ישראל אידלסאָן, ס׳איז געקומען פּרעגער, דער אייביקער סטודענט מישאַ, ס׳זענען געקומען די בחורים אין די סאַטינענע העמדלעך. מ׳איז דאָרט געזעסן אויפן טיש, אויף די סאָפ־קעס, אויפן בעטל. סימע, אין דער קורץ־אונטערגעשניטענער פאַלקע, האָט געררויכערט באַגלייך מיט אַלעמען די געשטאָפּטע סיגאַרעטלעך און האָט נישט געקענט מוחל זיין די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די גאַנצע מאַכט פאַר זיך...

— עט, קליינבירגער... — האָט סרוליק געקלאַפּט מיטן דאַרן פויסטל אין טיש אַריין מיט עפּעס אַ מין פרייליכער פאַרביסנקייט — די געשיכ־טע, מיין איך, לערנט אונדז עפּעס... יאָ, צי ניין? און איר — וואָס?

סימע פאַדווע האָט פאַרוואָרפן די קורץ־אונטערגעשניטענע, גרוי־ווערנדיקע האָר צום אויסגענייטן קישעלע אויף דער סאָפע, אָפּגע־קלאַפּט דעם אַש פון פּאַפּיראָסל אויף דער פאַדלאָגע און אין איר טרוקענער שטים איז בפירוש געווען היסטעריע :

— מיט ברוטאַלע מיטלען, חבר, מיט שלעכטס, קען מען קיין גוטס נישט ברענגען... נאָר די עוואָלוציע וועט אונדז פירן צום פרידלעכן סאָ־ציאַליזם... לאָזט די יידישע מאַסן לאַנגזאַם קומען צום באַוווסטזיין... לאָזט זיי צוערשט פּראָלעטאַריזירן זיך...

— ס׳וועט אָבער אויסקומען אַביסעלע צו־לאַנג צו וואַרטן — האָט ישראל האַרב געלאַכט — און נישט די היגע נייע מושלים אונדזערע וועלן לאָזן פירן די יידישע מאַסן צו די גרויסע פאַבריקן, אויף דער ערד. מיר האָבן שוין געזען... פון וואָס, מ׳שטיינסגעזאָגט, עסן מיר דען דאָ אַלע דאָס אָרעמע שטיקל ברויט? פון פויער, פון געוועלבל... דאָס, וואָס

אַמעריקאַנער קרובים שיקן אַריין... אַ שוסטער, אַ שניידער און — אַבי מען לעבט...

ער אַליין איז אַ שטיקל צייט אויך נאָכגעגאַנגען אַט דעם קליינעם, גרויען מאַן מיט די שאַרפע צוויקערס. אויך יענער איז אַרויסגעוואַקסן פון די זעלבע אָרעמע שניידערשע און שוסטערשע געסלעך און „צער־בעלי־חיים״־קרייזלעך. זיין קאָפּ איז באַדעקט געווען מיטן שניי פון די סיבירער ווייסע, אומעטיקע סטעפּעס, וווּ ער איז געווען פאַרשיקט. ס'האָט זיך אָבער אַלץ נאָך געטראָגן פון אים מיטן אימפּעט פון די ארבעטער־בירזשעס אין די גרויע פאַבריק־שטעט — די גאַרבאַרעס, די זאָקן־מאַכערינס, די פּאַפּי־ראָסן־מאַכערינס, די וועבער. נאָך יאָרן וואַלגערן זיך אין דער פרעמד, אונטער אַלערליי פאַלשע נעמען און פאַלשע פּאַפּירלעך, איז ער דאָ איינ־מאָל אַראָפּגעקומען. ער איז געווען לעבעדיקע לעגענדע. נאָכן רעפעראַט, איז ער איינגעשטאַנען ביי דער אַלטער בונדאַווקע סימע פּאַדווע. מ'איז דאָרט געזעסן ביז שפּעט אַרום סאַמאָוואַר, אין הייסע גערעדערייען. ער האָט פאַרמאָגט אַ לייכטן תביעת־עין, האָט אים באַלד דערקענט און אים געקלעפּלט איבער די מאָגערע פּלייצעס:

— סרוליק! — האָט ער אים פאָטערלעך געלייגט די האַנט אויפן אַקסל — כ'האָב געהערט, אַז ביסט גאָר אַרויס לתרבות־רעה... וואָס, האָסט שוין טאַקע גאַרנישט געלערנט פון דער געשיכטע?

סרוליק האָט נאָך טיף אין זיך געטראָגן דעם דרך־ארץ פאַרן קליינעם, גרויען מאַן. ער איז אָן שום ספק געווען אָן ערלעכער מענטש. אָבער ווי קומט — האָט ער זיך קיל געזאָגט — איינס צום אַנדערן? מיר וואָלואירן און דאָ — ווי א פארגליווערט וואָסערל איז מען שטיין געבליבן און מען קאָכט זיך נאָך אַלץ אין אייגענעם זומפּ...

ס'איז געווען אַן אָנגעלויף אין דעם רויענדיקן הויז פון כלערליי רעד־נערס מיט כלערליי שיטות. סרוליק האָט זיך אומרואיק געדרייט הינטער די טירן, הינטער פּלייצעס, קלוג, אויפגעשפּיצט צוגעהערט זיך. ארום די פּאַרקוועטשטע אויגן, ווי בלויע נאַכט־פלעמלעך, צווישן די קנייטשעלעך, איז געלעגן אַ שמייכל פון גוטמוטיקייט, פון שאַדנפרייד, פון קינדערישקייט און פון שאַרפן פאַרדאַכט. וואָס פאַרא מאָדנע וועלט־דערלייזערישע און יידן־דערלייזערישע טעאָריעס דאָרט זענען אַלץ נישט אויסגעלייגט געוואָרן! ער האָט זיך אַ רגע שאַרף צוגעהערט און אַ שפּאַר געטון זיך הינטער אלע־מענס פּלייצעס, צום טישל מיטן גלאָז וואַסער, הינטער וועלכן דער רעדנער, אַ שויבערדיקער יונגערמאַן, אין א העמדל, מיט א קרומלעך קליין־בערדל, האָט זיך געריסן, שאַרף און מיט אַ ניגון אריינגעטייטשט, געוואָרפן מיט ציטאַטן פון „זאַראַטוסטרא״ און פון די נביאים, פון „קאָמוניסטישן מאַני־פעסט״, פון הערצלס „יודענשטאַט״ און פון באָראָכאָווס טעזן וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

— מיטן פרומען ווונטש פון לשנה הבא בירושלים האָבן מיליאָנען

יידן אַוועקגעלאָזן זיך מעבר־לים, צו די... ווייטע אמעריקעס, נישט קיין ארץ ישראל, זוכן אַ שטיקל ברויט. און דאָס, אָן פראָגראַמען און טעאָריעס; און איר ווילט צוריקפירן א פאָלק אין אַ מדבר אריין, באשר זיינע ווייטע עלטער־זיידעס האָבן דאָרט אמאָל געוואַנדערט ווי נאָמאדן, אויפגעשלאָגן געצעלטן און איבערגעלאָזט א זכר — אַ שטיקל וואנט פון אַ טעמפל. די פעלקער, וואָס זענען אַ סך שפּעטער פון אונדז געקומען קיין אייראָפּע, האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן זייערע ווייטע סטעפּ־אורלענדער. זיי בייסן זיך איין מיט די ציין אינעם שטיקל ערד, וואָס זיי באַוווינען. דאָס איז די רעאַליטעט פון א פאָלק.

מ׳האָט אים נאָך דעמאָלט אָנגעקוקט אביסעלע מאָדנע. מ׳האָט אים נישט פארשטאַנען. מ׳האָט אים פאַרשריגן. ער האָט אויך אויף אַן אנדער מין שטייגער אריינגעטייטשט אין פּרצן, אין מענדעלען, אין שלום־עליכמען.

— טוביה דער מילכיקער און מנחם־מענדל זענען צוויי עקסטרעמען פון אונדזער יידישן זיין. צי וואָלט דען דער פּשוטער, געזונטער ייד טוביה, ווען מען טרייבט אים נישט אַראָפּ פון דער ערד, ווען מען לאָזט אים לעבן, נישט געווען אַ נוצלעכער עלעמענט אין דער געזעלשאַפט? און אַפילו דער צעפלויגענער ייד מנחם־מענדל, מיט זיין דערפינדערישקייט צו פאַרדינען אַ קערבל, מיט זיינע לופט־געשעפטן, אין וועלכע ער האָט אַריינגעלייגט אַ וועלט אומזיסט־געפּטרטע ענערגיע?...

פאַרן לערער ישראל האָבן זיי פונדעסטוועגן אַביסל דרך־ארץ געהאַט און מורא געהאַט, כאָטש ס׳איז זיך באמת נישט געווען פאַר וועמען צו שרעקן — אַ קליינער מענטש מיט מילדע, בלויע אויגן, ווי ביי אַ קינד. ער גייט און דער קראַוואַט איז אים ערגעץ פאַרפאַרן אינאַזייט, דער ווייכער הוט אַביסל פאַרדרייט, אַ פּאָר ביכלעך אין די קעשענעס. נאָר די קינדער, די בלייכע יידישע קינדער פון די אָרעמע הייף און פון טייך־געסל, האָבן אים ליב באַקומען. ס׳איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן, ווען ער האָט אויפגעמאַכט די טיר פון קלאָס. אין זיינע קינדעריש־בלויע אויגן האָט געפלאַמט עפּעס אַ פרעמד פייער. דאָס האָבן אים די אונטערגעוואַקסענע קינדער פון די עלטערע קלאַסן דעם ערשטן מאָל אָנגערופן — לערער ישראל. זיינע לעקציעס פון ליטעראַטור און געשיכטע זענען אַדורך ווי אין אַן אָנגענעמען שמועס. אַלץ האָט זיך ביי אים עפּעס אַזוי אומגעריכט אָנגעבונדן צו דער גרויערווירקלעכקייט, סיי „טוביה דער מילכיקער״, סיי „מנחם־מענדל״, וואָס זענען דורכגעאַרבעט געוואָרן אין די עלטערע קלאַסן; אָבער דער עיקר — די געשיכטע־לעקציעס. ס׳האָט זיך עפּעס באַקומען אַזוי, אַז פון דעם אַלעם האָט ער לסוף געוואָלט וויסן — ווהין, אייגנטלעך, גייען מיר.

מ׳האָט ממש געפילט, אַז ס׳טוט אים וויי, דעם קליינעם מענטש. די שול, די אָרעמע, ליכטיקע שול אין בערלינערס הייזער האָט זיי צוריקגע־

געבן אַ היים, די פֿאַרהונגערטע קינדער. מען האָט זיי אַרויסגענומען פֿון די קברים־היימען, פֿון די טוכלע קעלערן, פֿון די בוי־דעם־שטיבלעך, פֿון די איבערגעפּאַקטע בתי־מדרשים. פֿון וואַנען האָט זיך דערנומען אַזאַ אומגעריכטער שטראָם פֿון אָרעמע יידישע אינטעלי־גענטן, פּרייוויליק, מיט גרויסער ליבע צו גיין העלפֿן דאָס יידישע קינד, אויסהיילן עס פֿון די מכות און ווונדן, אָפּוואַשן עס פֿון שמוץ, אָנטון עס, לערנען עס, צוריק דערנענטערן עס צו דער ליכטיקער נאַטור? זיי זענען אַליין אויך געקומען פֿון דער אָרעמער יידישער געדיכטעניש; זיי זענען געגאַנגען אויף באַריקאַדן, זיי האָבן זייער לעבן אָפּגעפּינצטערט אין די תּפיסות. זיי זענען דאָ געווען איינקוואַרטירט אין די אָרעמע יידישע שטובן און האָבן האַלב־צוגעהונגערט. די געמיינזאַמע היים איז געווען די שול. די אויסגעווייסטע שול־צימערן זענען באַהאַנגען געווען מיט גרינס, די ליכטיקע פּנימער פֿון די קלאַסיקער פֿון דער יידישער ליטע־ראַטור האָבן אַראָפּגעקוקט פֿון די ווענט; מונטער און פֿריש, ווי אויסגע־וואַשן אין טוי, האָבן געהילכט די קעלעכלעך און דאָס שיינע ליד וועגן אַ שוועלבעלע.

# 6

איבערן דורכגערעדערטן טראַקט, פֿאַרביי די פֿאַרהעמערטע און אויס־געשטאָרבענע יידישע שטעטלעך קאָמעניץ, זשאַבינקע, מאַלאָריטע, קאָברין, ערגעץ אין דער טיפֿער זומפּיקער פּאָלעסיע, האָט זיך געשלעפּט אַן איינ־ציקע, פֿול־אָנגעלאָדעוועטע בויד מיט איבערגעדרייטע בענקלעך, שאַפֿקעס, טשייניקעס, אַ פּאָר לייכטער, אַ גאַנג מחזורים, פֿאַרבונדן אין אַ טישטוכל, אַ בייכיקן, פֿאַרסאַדזעטן סאַמאָוואַר און מיטן רויט־אָפּגעצויגענעם ביסל בעטגעוואַנט. די נישט־געשמירטע רעדער פֿון דער ברייטער דראַבינע־פֿור האָבן געסקריפּעט איבער דער אויסגעטריקנטער בלאָטע, איבער די גרוי־בער און הויכקייטן. די בויד האָט געאײַלט מיטן זון־זעצן־זיך באַצייטנס אָנצוקומען אין שטאָט אַריין, איבער די טרייסלענדיקע פֿאַראָם־בריקן. כאָטש ס׳האָט שוין, איידער וואָס־ווען, געהאַט אונטערגעיאָגט דער ערב ראש־השנה, איז נאָך געשטאַנען אַ שווערע, מיטזומערדיקע חמימה אונ־טערן טיף־בלויען, אויסגעשערפּהטן הימל. די אָרעמע, זאַמדיקע פֿעלדער צווישן די פֿאַרגאָסענע זומפּיקע טאָלן זענען געלעגן צעטראָטן און נאַקעט־אָפּגעשניטן.

באַלד הינטער דער בויד האָבן מיט ברייטע, פּויערישע שפּרייזן באַרוועס געשפּאַנט אין זאַמד צוויי פּעסטע, פאַרברוינטע בחורימלעך, די שטיוול פאַרוואָרפן אויף אַן אָפּגעריסענער ווערבע־צווייג איבער די אַקסלען. דער עלטערער, דוב, אַ יינגל פון אַ יאָר זיבעצן אוודאי, איז געוועזן אַ ברייטלעכער, אַ קלייענדיקער, מיט אַ ברוינעם לאָק פון אונטערן געשפּאָלטענעם דאַשיק. דער ייִנגערער, וואָלף — מיט אַ קאָפּ העכער, דין און שוואַרץ ווי אַ ציגיינער. דאָס בידנע פערדל האָט אָנגעטריבן דער פאַרוואַקסענער ייִד אהרן־לייב, דער לאַנגיאָריקער שמיד פון גרויסן, שטרויענעם גמינע־דאָרף פרילוקי. דער ייִד האָט פאַריסן דאָס שיטערע, פּעך־שוואַרצע בערדל, איז געווען פאַרהאַוועט און פאַרשוויצט, אַז די הייסע, אָפּבריענדיקע אויגן אונטערן נידעריקן שטערן זיינען אים שיעור נישט אַרויסגעשפּרונגען; ער האָט נאָכאַנאַנד אונטערגעשמיסן די שקאַפּע, זי זאָל נישט אָפּשטיין.

— וויאָ, פאַדלע! — האָט ער פון צייט צו צייט אַרויסגעוואָרפן אַ קאַרג וואָרט, געפּאָכעט מיט דער ווערבע־צווייג אין דער לופט און אַלעמאָל זייטיק געכאַפּט א קוק פון הינטן, צי די בחורימלעך שפּאַרן כאָטש אונטער אַן אַקסל, אונטערצושטופּן די בויד באַרג־אַרויף.

מיט די הויפּט־שליאַכן, וואָס זענען באַלייגט געווען מיט פוסגייער־מיליטער, אָבאָזן און אַרטילעריע, איז שוין אין יענעם סוף־זומער שווער געווען אַדורכצוקריגן זיך. ס'איז אַזוי אויך געווען אַ גרויס איינשטעלעניש צו לאָזן זיך אונטערוועגנס אין אַזעלכע אומרואיקע צייטן. זיי האָבן זיך דעריבער אַלץ פאַרנומען מיט זייטיקע זאַמד־וועגן, דורך די נידעריקע, זומפּיקע אָליעכע־וועלדלעך, ווייט פון אַ ישוב. ערשט אַרום מנחה־צייט איז די בויד געקומען אָנצוטרייסלען ביז צו די פאַראָם־בריקן איבערן גרינעם, שטראָמיקן טייכל, וואָס וואַרפט זיך, ערגעץ הינטער די וואַלן פון דער אלטער פעסטונג, אין בוג אַריין.

פון די סאַמע לעצטע אין דער משפחה איז אהרן־לייב, דער דאָרף־שמיד, צוזאַמען מיט זיין הויזגעזינד, מיטן צעטרייסלטן ביסל באַלעבאַטישקייט, ערב ראש־השנה, געקומען אַנצוציען אין שטאָט אַריין. לענגער פאַרבלייבן ווינען אין דעם העק איז פשוט געווען אַ סכנה אין יענעם הייסן זומער; ס'איז געווען דער זומער, ווען די צעיושעטע פּוילישע פּילסודסקי־לעגיאָנערן האָבן אַ שפּאַר געטון אַזש ביזן דניעפּער, הינטער קיעוו.

אין קילן פרילינג פון יענעם יאָר האָבן זיך די בושלען שפּעט, ערשט אַרום שבועות צייט, אומגעקערט צו די נעסטן איבער די מאָכיקע סטרעכעס פון נעם שטרויענעם דאָרף פרילוקי. זיי זענען געפלויגן אין אַ קרומער שורה, נידעריק איבער די שיטער־פאַרזייטע און שלעכט־אויפגעגאַנגענע אַקער־פעלדער, טונקענדיק די שפּיצן פליגל אין די פאַרגרינטע וואַסערלעך. אַלטע, פאַרוואַקסענע פּאַליעשוקעס האָבן פאַר די שוועלן געמאַכט

האַנט־דעכעלעך קעגן דער לוילעכער זון, וואָס איז געשטאַנען ערגעץ נידעריק, פאַרשלייערט אין וואָלקנדלעך, האָט מער געשטראָכן, ווי געוואָרעמט; זיי האָבן כמורנע געבלאָזן דעם מאַכאָרקע־רויך אין די קאָלטענעוואַטע בערד אַריין:

— שלעכטע סימנים! — האָבן זיי געקרעכצט, די אַלטע לייט — קיין גערעטעניש, זעט זיך, וועט מען שוין דאָס יאָר נישט האָבן... עך, טאַטעלעך...

פון דער מלחמה האָבן זיך די זין שפּעט אומגעקערט צו דער פאַרלאָזענער באַלעבאַטישקייט. ארומגעשליסענע, פאַרלייזיקטע, זענען זיי, ווי די וועלף אין לויער, געקומען אַנצולויפן דורך אַלע אָפּן־געלאָזענע גרענעצן. ווער ס׳איז צוריקגעקומען פון „פלען”, ווער פון „יענער זייט” און ווער ס׳האָט זיך שוין מער אינגאנצן נישט אומגעקערט, איבערגעלאָזן דאָס געביין אין די ברידער־קברים, ווייט פון די היימישע, ערגעץ אויף א פרעמדער ערד.

אין יענעם נאָך־פּסח האָט אהרן־לייב געקליבן זיך, אויף שטענדיק שוין, צוזאמען מיט דער אָרעמער באַלעבאַטישקייט, מיטן הויזגעזינד, צו פאַרלאָזן דעם פאַרוואָרפענעם העק פרילוקי, אינאַזייט פון די ראָזשינאָיער וועלדער, און אריבערצוקלייבן זיך אין שטאָט אריין. ס׳איז אים שוין גענוג געווען. ס׳איז אָבער אַלץ שווער געווען אַרויסצורירן זיך פון דאַנען. אַלעמאָל האָט זיך געמאַכט עפּעס אַנדערש. געגאַנגען איז דאָס אכצנטע יאָר זינט ווען ער האָט איבערגענומען ביים שווער, עליו־השלום, ביים אַלטן פרילוקער פאַכטער קאָפּל־מאיר, די קרומע קרעטשמע־שטוב אויפן זאַמדיקן טראַקט, וואָס פירט, דורך די געדיכטע ראָזשינאָיער וועלדער, צו דער קרייז־שטאָט סטעפּין און ווייטער אַרויף, ביז צום בוג. דאָס ווייב מינדע איז דאָ געבוירן געוואָרן און האָט זיך זעלטן־ווען געהאַט ארויסגערירט פון דעם העק; אויסער די פּאָר מאָל, ווען מ׳האָט זיך מיט די באַלייגטע פורן אַראָפּגעלאָזן פראַווען די פּראָסטע, אָרעמלעכע חתונה פון די דאָרפס־לייט אין שטאָט אַריין.

פונקט אַזוי ווי ס׳האָט אים, אהרן־לייבן, אַלע יאָרן געצויגן צו זיין צווישן יידן, אַזוי איז עס איר, דער דאָרפישער יידענע, שטאַרק נישט געווען צום הארצן דאָס איבערציען זיך אויף שטענדיק אין שטאָט אַריין. אַלע יאָרן האָט זי זיך אָבער געשראָקן דערפאַר; זי האָט זיך בלינד געשראָקן פאַר די אומבאקאנטע שטאָטישע פירעכצן, פאַר די נייע „פאָראָנדקעס”, ווי זי האָט זיך אַלץ געפלעגט אָנצוהערן. אין אירע גרויסע, בלויע אויגן, ווי די קאָרן־קוויטן, האָט זיך אַלעמאָל, ווען ס׳איז געקומען דערפון צו־רייד, באַצייטנס געהאַט באַזעצט אַ טעמפּע בענקשאַפט און אַ שרעק ממש. דאָ האָט זיך אָפּגעשלאָסן איר היימיש וועלטל. דאָ, אין די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך, איז זי געוואַקסן; אַהערצו איז ס׳ערשטע מאָל גע־

קומען זי אָנקוקן אהרן־לייב, ווען ער איז נאַר־וואָס געהאַט באַפרייט גע־וואָרן פון „פּאַניען", צוליב א געמאַכטן מיחוש אין אַן אויער. אַזוי האָט מען זיך שוין געפּירט מיט די זין און שטיף־זין אין הלל רימערס גרויסער משפּחה — אונטערגערוקט אַ פּאָר גילדן „באַטשאַלסטווע" און זיי האָבן שוין אויסגעפונען עפּעס א מיחוש. און כאָטש צווישן דער פולער שטוב קינדער פון דעם ערשטן און צווייטן ווייב ביי הלל דעם רימער, האָט אהרן־לייב יינגלוויַיז קיין האַניג אוודאי נישט געלעקט, אויסגעשטאַנען כלערליי געברענטע צרות, האָט אים דער אַלטער, ביים אויסקויפן פון גוייִשע הענט און ביים חתונה מאכן, באהאנדלט פּונקט ווי אַן אייגן קינד. אהרן־לייב איז שוין דעמאָלט געווען אַ שטאַלטנער יונג, מיט אַ פּאָר גילדערנע הענט צו דער מלאכה. ער האָט שוין מער קיינעמס טובות נישט באדארפט. גלייך אויפן ערשטן קוק, איז ער מינדען, מיט זיין זיכערן געשטעל, מיטן זייטיקן קוק פון אונטער די הייסע, אָפּבריענדיקע אויגן, אַריין אין האַרץ אַריין.

אונטערן געלעכצטן פּידאשיק פון דער קרעטשעמע־שטוב האָט אהרן־לייב באַלד נאָך דער חתונה איינגעריכט די קוזשניע. זיין פּנים, אויסגע־שאָטן מיט אַ שטעכיקן אויסוווקס, האָט זיך אינגיכן באַדעקט מיט געדיכטע האָר־קעמפּעס. פון אונטערן שטערן האָבן ביי אים טראַציק אַרויסגעגליט די אָפּבריענדיקע אויגן, מיט די רויטע פּעדעמלעך אין די ווייסלעכצן, ווי ביי אַ רוצח; ווי ער וואָלט אַליין אויך געווען אַרויסגעוואַקסן פון אַלטן פּאַכטער קאָפּל־מאירס פאַרצווייגטער משפּחה אַביסל פאַרגרעבטע, שווייגנ־דיקע, ערלעכע יידן, צעזייעט און איינגעוואָרצלט אין אַלע ארומיקע שטעט־לעך פון דעם קאַנט; אין זייערע אָדערן איז געדונען געזונט, הייס, פּויע־ריש בלוט. ביי די דאָרפס־לייט אָרום האָט אהרן־לייב גלייך אַרויסגערופן דרך־ארץ, כאָטש ער איז געווען א שוויגער און אַביסל שטומפּיק אויף דער צונג. פון צייט צו צייט איז אָבער צוגעשטאַנען צו אים די ביטערע עקשנות און זיינס האָט ער געמוזט אויספירן.

ס'האָבן, למשל, גאָרנישט געהאָלפן אירע בעטענישן, דער יידענעס, באַלד נאָכן טויט פונעם שווער, אַז אהרן־לייב זאָל אָוועקוואַרפן די קוזשניע און זען צוהעלפן פירן די קרעטשמע. „פון דאנען ביז אַהער" האָט ער זיך נישט געוואָלט מישן. ער טויג זיך נישט אויס, האָט ער געטענהט, צו די שיכורע פּויערימלעך. זיי, די פּויערימלעך, פלעגן, צוריקפאַרנדיק פון שטאָט, אָדער אין די זונטיקן, אָפּשטייגן ביי אים, אויסצוטרינקען א קוואַרטירעלע אָקעוויט. אָנהאַלטנדיק זיך דערנאָך אין די פאַרענטשעס פון גאַניק, פלעגן זיי שפּעט, אונטער אַן אויסגעשטערנטן הימל, אַרויסשיטן זיך פון דער שענק־שטוב, אונטערזינגען מיט פאַרשטיקטע גאָרגל־טענער, אַקוראַט ווי דאָס שווינדזיכטיקע דיאַקל פּראַכאַר ביי די זונטיק־תפילות אין גרינעם קלויסטערל. אהרן־לייב האָט אויך נישט געפלעגט אַרויסצוווייזן קיין אונ־

טערטעניקייט, ווי זיין שווער, דעם וואָנסיקן פריץ פון טירנע, גראף זשאר־קאָוו, האָט זיך נישט געגויגט פאר אים אין דער העלפט, ווען יענער האָט זיך אין זיין צוויי־רעדערדיק בריטשקעלע פאַרהאַלטן לעבן גאַניק.

זיי האָבן אונטערגעקרעכצט, די פויערימלעך, אז מיטן אלטן קאָפּל־מאירס אוועקשטארבן האָט זיך אינגאנצן אָפּגעטון דאָס מזל פון דער היי־מישער קרעטשמע. און כאָטש חיונה איז אין די ערשטע פאָר יאָר אזוי אויך געווען בריווח, האָט עס איר פונדעסטוועגן שטאַרק געאַרט, דער יידענע, וואָס די פויערימלעך ליידיקן מער נישט אויס אויפן טומבאַנק דאָס פּאַרפּעטסטע ביסל גליינגעלט, פּאַרוויקלט אין אַ שפּיץ העמד; וואָס אין די האַרבסט־נעכט קאָפּטשעט נישט דער בייכיקער לאָמפּ אין דער גרויסער, ליידיקער קרעטשמע־שטוב און ס׳הערט זיך נישט דער איינגעשפּאַרטער געפּלאַפּל פון די בגילופנדיקע דאָרפס־לייט. די געוווינטשאַפט צו זען דעם טאַטן באַוועגן זיך, דעם דאַשיק פונעם היטל מיט דער הויכער דענקע ווייט איבערן שטערן, הינטער דער טומבאנק, איז איר כסדר נאָכגעגאַנגען.

— ביי־בי — האָט זי געקלאָגט — וואָלט דער ברודער שמיל־יוסף נישט אויסגעגאַנגען ווי א ליכט צו זיבעצן יאָר אין מאָזלען... אַ זשעברע וואָלט ער אים געווען אונטערגעהאַקט, דער טאַטע, און די קרעטשמע וואָלט געבילבן קרעטשמע... אַזאַ יונג א ריז...

דערפאַר איז מען געקומען צו אהרן־לייבן אונטערן פידאַשיק שמידן אַ יונג פערדל, פאַריכטן די ספּריכעס פון אן אויסגעבראָכענער ראָד, אונ־טערקאָווען אַן אָקס פון א וואָגן. זיי האָבן מיטגעברענגט אַ צענדליק אייער, אַמאָל אַ מעסטל קאָרן, אָדער אַ זעקל גערשטן. פּרנסה, נישט צו פאַרזינדיקן, איז אַלע יאָרן געווען בריווח. מפלנדיק מיטן ערשטלינג, צוליב אַן אומגליקלעכן שטורך ביים מעלקן אַ יונג, חוצפּהדיק קיעלע, האָט אים, אהרן־לייבן, ס׳ווייב מיט אַ קארג יאָר שפּעטער געברענגט אויף דער וועלט אַט דעם רויטלעכן יונג, דובן, אין אַ יאָר צוויי־דריטהאַלבן אַרום וואַלפּן און צולעצט — דעם פעסטן, בלאָנדן זאַלקען, וואָס איז שוין איצט געגאַנגען אין אַכטן יאָר און האָט נאָך רעכט קיין בלעטל עברי נישט געקענט צעקייען.

מלחמה־צייט זענען די יינגלעך אונטערגעוואַקסן פריי און ווילד. זיי האָבן, פּונקט אַזוי ווי די פּאַליעסער פויערים, הינטער דער סאַמע נאָז פון די דייטשע פעלד־זשאַנדאַרמען, בגנבה געפּירט אַ ביסל קאַרטאָפל אין די שטעטלעך אַרום, אַמאָל אַ געשחטענעם באַראַן, געטריקנטע שוואָמען, און צוריקגעברענגט האָבן זיי נאָפט, זאַלץ און שוועבעלעך. ערגעץ נאָנט, היב־טער די וועלדער אַרום פּינסק, זענען די דייטשן אין משך פון עטלעכע יאָר געלעגן פאַרשאַנצט אין די פאַרגאָסענע אָקאָפּעס. אַמאָל האָבן די דייטשן, אונטער דער באַשולדיקונג אין שפּיאָנאַזש, אויפגעהאָנגען א ייד, אָדער אַ פּויערל אויף אַ סאָסנע און האָבן אַלעמען פון ארום צונויפגעטריבן, מען

זאָל צוקוקן די עקזעקוציע. די פאַרמאַרעטע רוסישע געפאַנגענע האָבן זיי פאַרשאָטן אין די זומפּן, איבער וועלכע מ׳האָט געוואָרפן אַלטע, הונדערט־יאָריקעביימער אין דער קווער, צוצופירן די שווערע אַרטילעריע אין די בלאָטיקע מקומות.

מילא, פון עלטערן, פון דובן, האָט ער זיך שוין צוביסלעך געהאַט מיאש געווען, אהרן־לייב; כאָטש דער יינגערער, וואָלף, איז אויך, דוכט זיך, געגאַנגען אין זיינע דרכים. ס׳האָט זיי עפּעס געטראָגן, די אונטערגע־וואַקסענע יינגלעך. זיי האָבן דאָ מער נישט געקענט איינזיצן. דוב האָט אַלע פּאָר טעג זיך אויפגעכאַפּט און איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך. וואָס האָט עס אים אַזוי געטראָגן ? עפּעס ביכלעך האָבן זיי אָנגעבערענגט. מינדע האָט צוערשט אַפילו געמיינט, אַז נישט אַנדערש, נאָר עפּעס אַ שיקסע... כ׳וויס... דאָס האַרץ איז איר אַנטפאַלן ביים בלויזן גערדאַנק... אַביסל האָבן פונדעסטוועגן די יינגלעך צוגעהאָלפן אין דער באַלעבאַטישקייט, ארום הויז, אין קאַרטאָפל־פעלד, אין דער קוזשניע; אָבער ס׳איז אלצאיינס קיין תכלית נישט געווען. אין די פּאָר מלחמה־יאָרן האָבן זיי געטון אַ וואַקס אונטער. מאָדנע רייד האָט ער גע־נומען לאָזן פאַלן אין שטוב, דער עלטערער, דוב :

— ס׳טראָגט מיך פון דאנען... די וועלט איז אָפן... און דאָ שטיקן מיר זיך...

אהרן־לייבן איז שווער געווען עפּעס צו דערכאַפּן פונעם יינגלס מאָד־נע רייד. ער האָט אים אָנגעקוקט מיט די הייסע, אָפּבריענדיקע אויגן פון אונטערן שטערן, פרעמד, מיט פאַרדאַכט. צי האָבן עס אים די אלע ביכלעך אַזוי פארדרייט דעם קאָפּ ? פאַרקערט, צי וואָלט אים דען אליין נישט ליב געווען, ווי אַלע דאָ, נאָכצוגיין די אָקסן, אויפשניידן די ערד פרילינג־צייט, אָקערן, זייען, דרעשן און אריינפירן די גערעטעניש אונטערן פּידאָ־שיק ? נאָר דאָס אַלץ איז עפּעס נישט פאר קיין ייד. עס האָט זיך אים עפּעס געדוכט אַז שטענדיק וועט הענגען איבער זיין הויז א געפאַר, די קינדער וועלן דאָ אויפוואַקסן ווילד און פרעמד און וועלן נאָך טאָקע אפשר חתונה האָבן מיט שיקסעס. ווער קען וויסן ? ניין, דאָס אַלץ איז נישט פאַרן יידישן שטייגער. אָבער געצויגן האָט עס אים ווי ס׳חיות צו דער אויפגעגאַנגענער תבואה, ווען זי שטייט אין סאַמע בליען. שפּעט אין זומער אַריין, ווען די זאַנג איז געוואָרן אַ העכערע, א פולערע, איז ער אַרומגע־גאַנגען לעבן דעם שכן כוועדאַר, אַרויסגעצויגן אַ קעפל, געוויגן עס אין דער האַנט, געקייט צווישן די ציינער אַ קערנדל און שווער געלאָזן פאַלן:

— ס׳איז גאָטס גאָב, שכן... ס׳איז די ערלעכע גאָב דעם מענטשן פאַר זיין מי...

— אַזוי יאַקאָש באַקומט זיך... — האָט דאָס פויערל, אַ צופרידענער, קענטיק, אויסגעצוונגען מיט אַ באַסל, געבלאָזן דעם מאַכאַרקע־רויך אין

דער געדיכטער, קאָלטענעוואַטער באָרד אַריין — דיינע רייד, שכן, לייגן זיך אויפן שכל...אַ יאַק זשע...

די צייטן נאָך דער מלחמה זענען געווען שווערע, גאָר שווערע. די פֿאַרפּרוירענע ערד האָט שפּעט אויפגעטייעט, נאָך די מוראדיקע פרעסט און ווינטער. דער פֿאַרשלאָפענער פויער איז אַראָפּגעקראָכן פֿון פּיעקעליק צו דער סאָכע, צום אַקער און צום וועגעלע אויף די אונטערגעבראָכענע אַקסן. מ׳האָט אַלצדינג באַדאַרפט צוריק אויספאַרריכטן. זענען זיי געקומען צו אהרן־לייבן אונטערן פּידאַשיק. קיין מזומנעם גראָשן האָט מען, אמת, ביי זיי טאַקע נישט אָנגעקוקט. פון די פאַזוכעס האָבן זיי אַלץ אַרויסגעטרייסלט „קערענקעס״, „קאַרבאָוואַנצעס״, אַלט ניקאָלאַיעווער געלט, אויף וועלכן קיינער האָט זיך מער נישט געוואָלט אומקוקן. אויסהאלטן פאַר די יינגלעך אַ מלמד איז ער פּשוט נישט בכוח געווען, אהרן־לייב. וויפל ער האָט אַליין דעם יינגסטן, זאַלקען, נישט אַריינגעהאַקט אין קאָפּ אַריין דאָס פאַרגרייזטע בלעטל דאַווענען, איז עס געווען ווי אין דער וואַנט אַריין. נאָך אַ פּאָר יאָר און עס יאָגט אונטער דעם יינגלס בר־מצווה. מען ווערט פאַרגרעבט פון ווינען שטענדיק צווישן גויים. געווען איז ער בלאָנד, זאַלקע, מילך־ווייס, ווי די מאַמע, אָבער די אויגן זענען ביי אים אהרן־לייבס — אָפּבריענדיקע, מיט אַ קאָליר פון געדיכטן, אָפּגעשטאַנענעם ביר. דאָס פאַריסענע נעזל האָט גלייך אויסגעגעבן די געירשנטע עקשנות פונעם טאַטן. דעם קליינעם יינג האָט עס גאָר געצויגן צו דער אַלטער ווינט־מיל. אָנהענגענדיק זיך איינמאָל אין אויסגעבראָכענעם פליגל, ווען ס׳האָט געבלאָזן אַ לינדער ווינט פון די זומפּן, איז דאָס יינגל ארונטערגעפאלן, אויפגעשפּאָלטן זיך אַ שטיק באַק און אויסגעלענקט זיך דעם עלנבויגן. פאַרנאַכט האָט זיך די באַנדע אָפּגעשליסענע קינדער אַראָפּגעלאָזן פון בערגל צו דער קרעטשמע מיט אַ ליאַרעם; און ווען אהרן־לייב איז אָנגעלאָפן פון הינטערן פּידאַשיק, איז דער קליינער געהונקען אים אַנטקעגן, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

— כ׳וועל דיר, ממזרוק, ממיתן! — האָט אים אהרן־לייב געוואָלט אַ נעם טון ביים אַקסל. דער קליינער האָט זיך אָבער אַ ריס געטון פון טאַטן.

— אוי, וועסט מיר די האַנט...

אויפן גאַניק האָט זיי שוין מינדע אָפּגעוואַרט מיטן לאָמפּ איבער די קעפּ, ווייל ס׳האָט שוין גענומען טונקלען. דער קליינער האָט פאַרביסן געשוויגן און אביסל פאַרשולדיקט געשמייכלט.

— דאָס ווייַנט אַפילו נישט... — האָט מינדע, פאַרענדיק זיך אַרום קליינעם מיט נאַסע טיכער, געוואָרטשעט — דער ביטערער עקשן... דאָס טאַטעלע פון אויג...

אין דער נידעריקער קרעטשמע־שטוב איז דער לאָמפּ אַרונטערגעהאַנגען אויף אַ קרומען דראָט פון באַלקן. מ׳האָט אים שוין איצט זעלטן ווען אָנגעצונדן. דער קאָפּטשענדיקער לאָמפּ האָט נישט ווייניק קוואַרטי־

רעלעך נאַפּט אויסגעזויגן. אָוונט־צו זענען אַלע טירן און אַלע שפּאַרעס פאַריגלט געוואָרן. די צייטן זענען געווען אומרואיקע. אָפּגעשליסענע באַנדעס האָבן געלויערט אויף יידן, תבואה־הענדלער, פאַרבייפאָרער, אונטערוועגנס. די קרעטשמע־שטוב איז געשטאַנען ווייט אַרויסגערוקט פון דאָרף, צו די פּאָליאַנעס, אינמיטן הפקרן טראַקט. אַפילו די טיר, וואָס האָט געפירט צו דער פאָרנטיקער שטוב, האָט מען אויף ביינאַכט צוגעשפּאַרט מיט פלעקער און דרענגער. די שטוביקע האָבן זיך גע־פּאָרכטן אַריינצוגיין אין דער טונקעלער שטוב, גרויס ווי אַ פעלד. עס האָט דאָרט נאָך אַלץ געשמעקט מיט פאַרבאַקענע זויערע ריחות פון „סאַמאַ־גאָן” און ביר־פעסער, ווי אין אַ קעלער. די עלטערע ייִנגלעך זענען, ווי געוויינלעך, אין שטוב נישט געווען.

אין היִנטערשטן חדר, ווו עס שטייען די מאַסיווע, דעמבענע בעטן, ווו עס שטייט דער גרויסער, רוי־געהובלטער טיש, איז אהרן־לייב גע־זעסן אין זיין וואַטענעם שפּענצער אַ צעכראסטעטער, און האָט געגעסן וועטשערע פון אַן ערדענער שיסל, וואָס מינדע האָט פאַר אים אַוועק־געשטעלט. אין די נאָך־שבועותדיקע שטשאַוו־באָרשטן האָט ער ליב גע־האַט צו פאַרבראָקן אַ סך דאַרע שטיקער ברויט און, איינגעצנדיק זיך די טערקישע מייזן־וואָנסן, דזשאַמדזשען מיט גרויס הנאה. אָפּשפּי־ליענדיק זיך מיט איין האַנט דעם איינגעצויגענעם פּאַסיק און מיט דער אַנדערער — אַראָפּציענדיק איינגעבויגענערהייט א שטיוול, האָט ער אָפּ־געפּרעפּלט דעם קריאת־שמע און מיט אַ פאַרלאָפן אויג, אַ רויטס, גע־בלאָנדזשעט אין טונקלסטן ווינקל, ווו ס'זענען געשטאַנען די אויפגעראָ־יעטע בעטן.

— נו־אָ... — האָט ער אויף שטום־לשון, נישט אויסצורעדן, געוועקט דעם קליינעם יונג. מינדע, וואָס איז געלעגן אונטער דער שווערער אי־בערבעט, האָט שוין פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט; — דער קליינער יונג איז אַוועקגעפאַלן שלאָפן אין טאַטנס בעט און האָט, ווי אַלעמאָל, ווידער פאַרגעסן אָפּצולייענען קריאת־שמע; כאָטש אהרן־לייב האָט אים יעדן טאָג געהאַקט דערפאַר מיטן הויזן־פּאַסיק.

איידער אהרן־לייב האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין, האָט ער נאָכ־אַמאָל געפּרוווט צו די פאַרריגלטע טירן, איינגעהאָרכט זיך מיט די טויב־לעכע אויערן צו די פאַרהעמערטע לאָדנס, געפּרוווט די דרענגלעך צו דער פאָרנטיקער קרעטשמע־שטוב. ער איז אַרומגעקראָכן אין די הוילע גאַט־קעס, אַ געהאָרבטער, ווי אַ לויערנדיקע חיה. דערנאָך האָט ער מיט איין בלאָז פאַרלאָשן דאָס נאַפּט־לעמפל און האָט מיד אָנגעטאַפּט דאָס בעט אין דער פינצטער.

נישט די מידיקייט פון אָפּהאָרעווען פון שאַריען ביז טונקל אונטערן פידאַשיק האָט עס אַראָפּגעזונקען זיינע אַקסלען און זיינע האָריקע הענט

מיט די אָנגעדראָלענע אָדערן. אַ סך דאגות פּאַראַמאָל האָבן אים די לעצטע צייט געמאַטערט און האָבן אים אין די נעכט קיין רו נישט געגעבן. די עלטערע יינגלעך... די מוראדיקע געשיכטעס וועגן איבערפאַלן, וואָס מ'האָט זיך אַלץ אָנגעהערט. ס'איז איבעריק געוואָרן דער טאָג צו ווינען דאָ, אין דעם פאַרוואָרפענעם העק. ס'איז אַ מורא געווען ביינאַכט אַרויס־צורירן זיך. מ'האָט זיך אַלץ אָנדערציילט, אַז באַנדעס דרייען זיך אַרום אין די וועלדער, באַפאַלן יידן, וואַלד־סוחרים און תבואה־הענדלער. ס'איז קיין וואונדער נישט געווען אויך. דאָס אָנגעצונדענע בלוט ביי די סאָל־דאַטן, וואָס האָבן זיך פיר יאָר נאָכאַנאַנד געשאָכטן איינער דעם אנדערן, איז שווער געווען אָפּצוקילן זיך. ס'איז שווער געווען אַריינצופירן זיי אין די קאָליעס פון ציווילן לעבן. ס'איז שווער געווען צוריק אויפצו־שטעלן די הפקר־געבליבענע באַלעבאַטישקייט; פיל האָבן שוין מער ווי די צעבראָכענע קאַריטע נישט אָנגעטראָפן, דאָס אַלטווארג — אויסגע־שטאָרבן, די קרומע סטעזשקע צו דער כאַלופּע — פאַרוואַקסן מיט ווילד־גראָז. האָט עס זיי צוריקגעטריבן אין די וועלדער אַריין; די וועלדער, וואָס האָבן שוין איצט געהערט צו פרעמדע פּוילישע פּאַנעס...

איז שוין אפשר גלייכער, וואָס ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט — האָט אהרן־לייב טויב באַטראַכט אין די נעכט — דער פּעטער הלל, וועלכער פלעגט אים אַלעמאָל באַפוילן אַריינצוקומען אויף אַ שבת אין שטאָט אַריין, וויל זייער ער זאָל קומען צוציען מיט זיין הויזגעזינד אין דער אָפּגעלאָזענער „קאָמעניצע" אַריין. אי ער, אי דאָס הויז — האָט ער אים באַפוילן — נויטיקן זיך זייער שטאַרק אין אים. אַז מען וויל, איז עס אפשר אַ באַשערטע זאַך אויך.

אָבער איבערציען זיך מיט האַק־און־פּאַק אין שטאָט אַריין האָט אהרן־לייב, נאָך לאַנגע קלערענישן, אָפּגעמאַכט, אַז ניין — ער וועט נישט קע־נען פריער, ווי ערשט נאָך די יום־טובים, מערטשעם. וועגן דעם טאָקע האָט ער שוין עטלעכע מאָל געהאַט באַפוילן אין שטאָט אריין, צום איידל־אויסגעבלייכטן ייד, דעם חלוש. דער זקן האָט די לעצטע פאָר יאָר געליטן פון אַ שטאַרקער אַסטמע. געשלאָפן איז ער אַצינד אויפן גאָרן־שטיבל, איז מער געלעגן אין בעט, ווי אַרומגעגאַנגען. פון שיינדלען האָט ער נישט געהאט קיין איבעריקע נחתן, ניין. ער האָט נישט געקענט פאַר־טראָגן אירע חניפהדיקע ריידעלעך — „זיידע, אפשר דאָס און אפשר יענץ"; דאָס נאָכקריכן אים מיטן וואַרעמען גלעזל מילך. ער האָט ניש־קשה, פארשטאַנען איבער וואָס זי ציטערט אַזוי. אויך שיינדל איז, ווייזט אויס, נישט איבעריק צופרידן געווען, וואָס אהרן־לייב קלייבט זיך אַרי־בערצוקומען ווינען אין שטאָט אַריין. מילא, פון דער אָנגעלאָפענער משפחה האָט זי נאָך געהאָפט פטור צו ווערן.

אָבער אלצאיינס האָט זיך אהרן־לייב פריער ווי ערשט נאָך די יום־טובים נישט געקענט ברענגען צוציען. וואָרים אָט איז די יידענע שוין

געוועז אין די הויכע חדשים, האָט זיך אַ ליאַדע טאָג געריכט אין קימ־
פעט אַריין. און פונעם פאַרוואָרפענעם עק פרילוקי ביזן כרך אויפן בוג
איז א קימאַ־לן פון שטאַרקע זיבעציק מייל מיט אַקס, אויב נישט מער.
גיי טרייסל זיך מיט אַ מעוברתער יידענע, מיטן ביסל שטוב־כלים און
מיטן מעלקנדיקן בהמהלע איבערן „באַטשנעם" טראַקט אפשר אַ טאָג מיט
אַ נאַכט. אויף די עלטערע יינגלעך ווידער האָט ער זיך אויך נישט גע־
קענט שטאַרק פאַרלאָזן. זיי האָבן אים מער נישט געהאָרכט, פאַרטון גע־
ווען מיט עפּעס עסקים און נאָכאַנאַנד אַרומגעלאָפן איבער די אַרומיקע
שטעטלעך. זיי זענען אויך שטאַרק נישט צופרידן געווען, האָבן זיך
פשוט געשעמט, וואָס די מאַמע גרייט זיך איצט אויפסנייַ, נאָך אַזויפיל
יאָרן, אין קימפּעט אַריין. ס'איז, אויסער אַלעמען, געווען אַן איינשטעלע־
ניש. פאַרקויפן ווידער דאָס מעלקנדיקע בהמהלע מיטן ביסל תבואה צו
די דאָרפס־יידן, די אויפקויפערס, פאַר אַ שיבוש, איז אים אויך געווען אַ
ריס אין האַרצן. אין שטאָט איז אַ היימיש ביסל מילך פאַרט אַ האַלבע
הוצאה אין שטוב און אין אַ געזינדל, מיט אַ פּיצל קינד, קיין עין־הרע,
זעט זיך עס אוודאי שטאַרק אָן. מיטן ביסל פּאַשע גיט מען זיך שוין ווי־
נישט־איז אַן עצה.

און דאָ האָט זיך אויך אַקוראַט געמאַכט, אַז דער אַכט־יאָריקער בחור־
רעץ, זאַלקע, געזונט ווי אַ נוס, לייגט זיך אַוועק אין היץ און שרפעט,
ווי אַ העליש פייער. אויף זיבן־אַכט מייל אַרום האָט מען אַפילו קיין
פעלדשער אויף קיין רפואה נישט געקענט געפינען. אַביסל באַרואיקט
האָבן די כמאַרע דאָרפישע ווייבער, וואָס האָבן זיך צווישן טאָג און
נאַכט אַרומגעשטעלט די שלאָף־באַנק.

— טייערינקע — האָבן זיי אַלץ געגאַדערט ווי אַ סטאַיע גענדז איבער
דער צערויטלטער און פול־אַנגעגאָסענער מינדען — דער „דאָכטור" וועט
נאָר הייסן מאַכן קאַנעס און האַדיע... אַמער וועט ער זיך איבערליגן
אַ טאָג־דריי און ס'וועט איבערגיין...

דאָס איבערציען זיך אין שטאָט אַריין האָט אָבער אין יענעם הייסן
זומער אונטערגעאיילט אַזוי אומגעריכט און אַזוי פּלוצים, אַז אהרן־לייב
האָט שוין נישט באַוויזן מער, ווי אויפצוזעצן אויפן דראַבינע־פורל די
מעוברתע יידענע מיטן קראַנקן יינגל, קוים איינגעבעטן זיך ביי די על־
טערע בחורימלעך זיי זאָלן כאָטש צוהעלפן, האָט איבערגעלאָזן כמעט
די גאַנצע באַלעבאַטישקייט אויף הפקר און האָט פאַרטאָג־צו, קוים מיטן
לעבן, אַוועקגעטריבן די שקאַפע איבערן טראַקט.

די פוילישע לעגיאָנערן האָבן אין יענעם זומער באַקומען אַזאַ מעכ־
טיקן שטויס פון דער באַרוועסער רויטער ארמיי הינטער קיעוו, אַז זיי
זענען ווי אונטערגעשאָסענע צוריקגעפּלויגן אין גרויס פּאַניק. נאָך
האַלבער נאַכט, ווען די אַרומיקע ראַזשינאָיער וועלדער האָבן אויפגע־
פלאַמט אין שרפות, האָבן זיך ווי א ווינט אַנגעטראָגן צום דאָרף פינף

פּוילישע אולאַנער אויף ווילד־צעפּאַרעטע אָגערס; זיי האָבן דורכגאַלאָ־פּירט די אויסגעשטאָרבענע גאַס און אָנבינדנדיק די דערשוויצטע פערד אין אַ נידעריק שטאַכעטן־פּלויטל, האָבן זיי מיט שפּיזיקע לאַמטערלעך דורכגעניששטערט דעם פאַרשלאָפענעם כוטאָר. פון ערגעץ האָבן זיך שוין געטראָגן געוואַלדן, שיסערייען. פאַר אַהרון־לייבס גאַניק, אויפן קרייץ־וועג, האָבן זיי דורכגאַלאָפּירט ווי נאָר ס׳האָט געגומען בלויען אויף טאָג. הינטערן פּידאַשיק איז שוין דאָס דראַבינע־פורל געשטאַנען אַן איינגע־שפּאַנטס, גרייט אין וועג אריין. זאַלקע, פאַרוויקלט אין אַ בארג בעטגע־וואַנד, האָט נאָך אַלץ געשרפּעט אין היץ און מינדע, אַ שווערע, אַ פרייכנ־דיקע; האָט זיך אַלץ געעקשנט און נישט געוואָלט קריכן אין פורל אריין.

— אַ שטומע צונג, נעבעך... — האָט זי געקלאָגט איבערן בהמהלע, וואָס אהרן־לייב האָט נישט געוואָלט מיטשלעפּן מיט זיך — דאָס פּייער וועט זי אַרומכאַפּן... בינד זי אָן אין דער דראַבינע, זאָג איך... אַהרן־לייב... עקשן ביטערער...

אין גרויען ליכט פון טאָג־אויפברוך איז אהרן־לייב, אַ צעכראַסטע־טער, אַן אָפּגעגאָסענער אין אנגסטן, שטיינגעבליבן אויפן גאַניק, לאנג זיך געשובט, געקראַצט זיך אין אויסגעפּליקטן נאַקן. ער האָט זיך דאָס־מאָל געלאָזן איבעררעדן פון דער יידענע, כאָטש ער האָט נישט געזען ווי אַזוי ער וועט דאָס בהמהלע דערפירן ביז אין שטאָט אַריין; מיט איין דריי האָט ער צוריק אַראָפּגעריסן דאָס שלעסל פון שטעלעכל און, אונטער־שטויסנדיק זי פון הינטן, אַרויסגעפירט דאָס גרוי־געפּלעקטע בהמהלע מיט די קורצע, שטעכיקע הערנער. דאָס פאַרחידושטע, יונגע בהמהלע איז שטיינגעבליבן אויף די דראָטיקע, ציטערדיקע קניען און געשלונגען די קילע פרימאָרגן־לופט, אָנגעזאפּט מיט פאַרטראָגענע פעך־ריחות. ס׳האָט שווער אומגעדרייט דעם קאָפּ צום וועלדער־רינג, וואָס האָט געפלאַקערט, און האָט זיך ראַפּטום א זעץ אַראָפּ געטון צו דר׳ערד. אין אירע געלבע ווייסלעכצן האָט אויפגעטוקט דער ווייטער פלאַם פון די וועלדער און מיט אַ בענקענדיקן מרוטש האָט זי אויסגעצויגן איר פלאַכן שאַרבן צו די פאָדערשט־אַרויסגערוקטע קניען, פאַרגראָבן זיך מיט די קאָפּיטעס אין זאַמד.

— האָב איר אַכציק שוואַרץ יאָר!... — איז אהרן־לייב שטיינגעבליבן אַן אומבאהאָלפענער, אַז די הייסע אויגן פון אונטערן שטערן זענען אים אים שיעור נישט אַרויסגעשפרונגען — וואָס איר פאַלט איין, דער יידענע... בהמה, מירן דאָ נאָך אַלע אומקומען... ריר זיך...

די ווערבע־צווייג האָט מיט אַ שאַרפן פייף דורכגעשניטן די לופט; און מער האָט ער זיך שוין צו זיי נישט אומגעקוקט — נישט צום אַוועק־געפּאַלענעם בהמהלע, נישט צו די יינגלעך, נישט צו מינדען. ער האָט

ראַפּטום, פון הינטן אַרום, דער יידענע אַריבערגעוואָרפן די דראַבינע, האָט נאָך אַמאָל אַ שאַרפן שמיץ געגעבן די שקאַפּע איבער די פיס און האָט זיך, צוזאַמען מיטן וועגעלע, אַראָפּגעשאָטן צום טראַקט.

נידעריק איבערן כוטאָר האָבן זיך געטראָגן רויכיקע וואָלקנס. איבער די שטאַרקע זיבעציק מייל מיטן „באָטשנעם” טראַקט, ביז צו דער שטאָט, האָט ער פיל מאָל אויסגעמיטן די אָפּגעמאַטערטע „אָבאָזן”; זיי האָבן אין וואָלקנס רויך, צוזאַמען מיטן פאַרטאָג, אָנגעיאָגט אים אין רוקן אַריין. געהאַלטן האָט ער זיך אָבער אינאַזייט, פאַרקירעוועט איבער די משופּעדיקע אָפּריסן און אין די טאָלן פון יונגע, שיטערע אָליעכע־וועלדלעך. ער האָט די הינטער־וועגן גוט געקענט. פון צווישן די קוסטן האָט ער אַראָפּגעקוקט אין א דעכעלע און געזען, ווי זיי ציען אין אַ גרויער, געבויגענער ליניע איבערן טראַקט, טויב קלימפּערנדיק מיט די נאָכהענגענדיקע קעסעלעך. פון צייט צו צייט האָט דאָרט עפּעס שאַרף אויפגעלויכטן אין דער קראַנקער, פאַרויכיקטער זון — אַן אָפּגעריבענע מעטאַלענע זאַך, אָדער אַ שטיקל גלאָז.

אויף די פעלדער פון זומפּיקן פלאַכלאַנד האָט זיך געגאָלדיקט דער שיטער־אויפגעגאַנגענער קאָרן, דער גערשטן און די גריקע, וואָס מ'האָט זיי נישט באַוויזן אַראָפּצונעמען, האַלב־אומגעלייגטע פון די פערדישע קאָפּיטעס. דערנאָך, אָנשווימענדיק צוריק איבערן טראַקט, האָבן די פורלעך אויפגעהויבן אַ שטויב ביז אין הימל אַריין, קריכנדיק פּאָרויס אין איינטאָניקן געקלימפּער. פון הינטער די פאַרווישטע וועלדער, זיי אין רוקן, האָט אַלץ אָפּטער אָפּגעהילכט אַ נאָכאַנאַנדיקע שיסעריי.

צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צייט האָט זאַלקע אויפגעריסן די הייסע, פאַרגלייזטע אויגן. דער קליינער האָט דערפילט, אַז עפּעס אומגעוויינלעכס קומט דאָ פאָר אַרום אים. אין נעפּל פון די פאַרחידושט־אויפגעריסענע אויגן, האָט זיך אים אויף שטענדיק איינגעקריצט די לאַנגע ריי פורלעך, אין אויפגעהויבענעם שטויב, וואָס האָט פאַרשטעלט די זון, ווי אַ טומאַן. דער געקלימפּער האָט, ווי אַן איינגעשפּאַרטע פליג, לאַנג געבויערט זיין פאַרטויבט געהער. ער האָט געפילט איבער זיך, ווי אין חלום, דער מאַמעס פרייכנדיקן אָטעם, דעם טאַטנס פאַרטייעטן שאָטן און ער האָט זיך אַלץ געפרעגט — ווו זענען זיי ערגעץ, דוב און וועלפקע, ווייל ער האָט זיי נישט געזען נאָכשפּאַנען פון הינטן מיט די באָרוועסע פיס אין זאַמד. און מער האָט דער קליינער שוין דערנאָך נישט געדענקט, ווי אַזוי זיי האָבן זיך געבריגנט צוטרייסלען ביז צו די פּאַראָם־בריקן איבערן איילנדיקן טייכל, אין דעם געדיכט־אָנגעלאָפענעם הויז אַריין.



אין זעלבן פֿאַרנאַכט האָבן זיך אַלע מאַרק־טירן פּלוצים געטון אַ פֿאַר־קלאַפּ. מיט דער אָפּגעשאָבענער װערבע־צװײַג האָט אהרן־לײב געזעצט אין נידעריקן טויערל. ס'האָט היפּש געדויערט ביז מילאַן, דער אַמאָליקער הויז־װעכטער, װאָס איז פֿון ערגעץ קאַפּויער געקומען, האָט, צלמענדיק זיך, פֿאַװאָליע אויפֿגעשפּאַרט און באַלד צוריק אַ פֿאַרקלאַפּ געטון, אונ־טערשמײַסנדיק אַלײן די שקאַפּע ביז צום גאַניק. מינדע איז שװער גע־קראָכן פֿון פֿורל אַרויס. אַהרן־לײב און די ײנגלעך האָבן איר אונטערגע־האָלפֿן אַראָפּשטעלן אַ פֿוס אויף דר'ערד. זי איז שטײנגעבליבן מיט אויס־געלופּעטע, גרויסע, בלױע אויגן אויף דער שװעל פֿון ליידיקן זאַל מיט די פֿאַרהאַקטע לאָדנס, װו מ'האָט אַרײַנגעטראָגן דאָס ביסל אָפּגעראַטעװעטע באַלעבאַטישקייט, און האָט זיך נאָך אַלץ עפּעס געפֿאָרכטן.

— אהרן־לײב! — האָט זי גערופֿן — קום נאָר... ס'איז דאָ טונקל... כ'זע נישט װו אַ טריט צו שטעלן...

דער הויכער, אויסגעקילטער שטאָטישער זאַל מיט די פֿאַרקלאַפּטע לאָדנס, האָט געשמעקט מיט טוכלעקייט, מיט נישט־באַװוינטקייט. אומ־היימלעך־װײַס, װי תּכריכים, האָט אין אָפּשײַן פֿון פֿאַרנאַכט געגלאַנצט, בײַ די פֿאַרהאַקטע לאָדנס, דער קאַכלנער אויװן. אין אַ װינקל, אויף א פּאַק בעטגעװאַנד, האָט מען אַװעקגעלייגט זאַלקען. דאָס קראַנקע ײנגל האָט נאָך אַלץ געשרפֿעט אין היץ, געפּלאַפּלט אומפֿארשטענדלעכע רייד, עט־לעכע מאָל אַרויסגעװײנט, געבעטן, דוכט זיך, אַ טרונק; און מינדע, אַ שװערע, אַ פֿרײַכנדיקע, איז געשטאַנען איבערן קינד, װי אַ צעפּלאָשעטע הון, אַן אומבאַהאָלפֿענע, און האָט זיך פּלוצים אַלײן אויך צעװײנט. זי האָט געװײנט טויב, מיט אַ שלוקערץ, װי זי װאָלט אײַנגעריסן פֿאַר אַ גוסס אין אָרון־קודש. דערהערנדיק עס, איז אהרן־לײב האַסטיק א לויף געטון פֿון גאָרן־שטיבל, װו ער איז אַרויף אָפּגעבן שלום דעם פֿעטער. אָבער פֿאַר אים איז אויסגעװאַקסן שײַנדל, אינגאַנצן צעפּלאַמט.

— האָט רחמנות! — איז זי אַרײַנגעפֿאַלן — איר װעט אונדז נאָך אַלעמען אומברענגען... איר הערט נישט, װאָס אין מאַרק טוט זיך? די געװאַלדן... זײ ראַבירן די קראָמען, פֿאַרן אָפּטרעטן... די פּױלישע...

זי האָט זיך קוים אײַנגעבעטן בײַ דער דאָרפֿישער טראָגעדיקער ײדע־נע און בײַ אהרן־לײבן, דעם פֿינצטערן שװייגער, מען זאָל כאָטש דאָס קראַנקע ײנגל זען אַריבערטראָגן צו איר דאָרט, אין אַ ציכטיק בעטל.

אין זעלבן פֿאַרנאַכט האָט זיך נאָך אויך פּלוצים אַראָפּגעיאָװעט דער ײנגלש־לאַנגער און ײנגלש־דאַרער פּױלישער מאַיאָר. ער האָט די לעצטע פֿאָר װאָכן געהאַט פֿאַרנומען אַ צימער אין פֿאָרנטיקן פֿליגל, בײַ שײַנד־

לען. געקומען איז ער אַן אָפּגעפּליקטער, מיט אַ פֿאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ און האָט לאַנג געקלאַפּט אין פּאַראַדנעם איינגאַנג. געעפֿנט האָט אים מאַטעסעס האָרבאַטע טעכטערל. זי האָט די ערשטע, דורך דער אָפּגעטרעטענער שוועל, באַמערקט זיינע צעדרייטע שיך אין די הויכע כאַלעוועס און האָט די ערשטע אַ געשריי געטון צום איבערגעשראָקענעם עולם:

— כ׳זאָל אַזוי גוטס האָבן, ווי ס׳איז ער... דער זעלבער שלימזל...

דעם געהויקערטן מאַיאָר האָבן אַלע אָנגעקוקט מיט שמייכלענדיקע נעזער, ווען ער האָט זיך אַ וואַקל געטון אויף דער שוועל. אין די צימערן האָבן דעם גאַנצן זומערדיקן נאָכמיטאָג געזשומעט פֿליגן צווישן די ליכטיקע לאָדן־שפּאַלטן. זי האָט אומהיימלעך געשוויגן, שיינדל, ווען מ׳האָט ביי איר געהאַט איינקוואַרטירט דעם פּוילישן מאַיאָר. אַ יונגער, אַ וואָנסיקער, האָט געלאָזן אָנגעבונדן אַ הייס־בלוטיק פֿערד אין טעלעפֿאָן־סלופּ פֿון פֿאָרנט און האָט, ווי ביי זיך אין שטוב, געפֿירט נאָך זיך איבער די צימערן דעם געהויקערטן מאַיאָר. די איבערגעשראָקענע באַלעבאָסטע האָט זיך געוויקלט אין אַ שאַל; זי האָט אַפֿילו עפּעס דערכאַפּט, ווי דער ייִנגערער האָט זיך דאָרט אַ וויצל געטון:

— און אַפֿילו אַ פֿריילין...

פֿון הינטער ווענט האָט זי געהערט, ווי עס סקריפּעט דאָס בעט, ווי ס׳פֿאַלט אים עפּעס פֿון דער האַנט אַרויס. פֿאַרבייגייענדיק די צימערן, האָט ער זיך געגריסט מיט אַ קאָמישן נויג. ער איז פֿאַרשוווּנדן אויף אַ פּאָר טעג און ווידער זיך באַוויזן. ער האָט געוויינלעך געקלאַפּט נאָך האַלבער נאַכט און שיינדל אַליין, אַ שויבערדיקע, איז אים אַראָפּ עפֿענען. אין אַלע פֿליגלען פֿון הויז איז געווען אַ פֿאַרשטיקטער גערודער. אויפֿן טיש האָט זי אומישנע געלאָזן ברענען אַ לאָמפּ און אַליין האָט זי נאָכגעטראָגן אַ נאַכט־קאַניצל. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין אַנטשולדיקן, אין איין נויגן זיך. שיינדל האָט דערנאָך לאַנג געשלאָסן די ריגל־שלעסער. אַ גאַנצע נאכט האָט זי נישט צוגעמאַכט קיין אויג. ס׳האָט זיך איר כסדר געדוכט, אַז זי הערט טריט, שטילע טריט; אַן אויער הערט זיך איין דורכן שליסל־לאָך; אַ הייס ווינטעלע איז איר געלאָפֿן איבערן רוקן.

אין דעם פֿאַרנאכט אָבער איז דער מאַיאָר צום ערשטן מאָל שטיינגעבליבן אין דער מיט צימער מיט אויסגעשרויפֿטע אויגן; ער האָט זיך ווייטער נישט געריִרט, האָט געבלאָנדזשעט מיט דער האַנט און האָט גאָרנישט געפֿונען אַרום זיך. ווי די ווענט וואָלטן זיך ווייט אָפּגערוקט פֿון אים. ער האָט זיך דערמאָנט איר זייטיקן בליק, וואָס פֿלעגט אים אַלעמאָל דורכשטעכן די פּלייצע. עפּעס האָט זי זיך געשראָקן, די באַלעבאָסטע, און האָט ביינאַכט לאַנג געשלאָסן די טירן. ער האָט זיך פּלוצים אָנגעשלאָגן אין אַ טיש, גערופֿן זי, ביז ער איז אַריינגעפֿאַלן אין דער סאָפֿע און איז אַזוי אַנדרימלט געוואָרן. ערגעץ האָבן זיך טויבע קלעפּ געקלאָפּט הינטער די

ווענט. ער האָט אויפגעמאַכט אַ פּאָר פאַרשלאָפענע, וואַסערדיקע אויגן; דאָס ציטערדיקע ליכט אין דער קוים־אָפענער טיר האָט אים צוריק אַ הייב געטון. ער האָט אַרייַנגעקוקט און דערזען ווי אויף דער וואַנט שאָטנט זיך אָפּ דער גרויסער שטיי־לאָמפּ, אַ העלער פלעק פון אַ שפּיגל. אַביסל ווייַטער האָט ער פּלוצים דערבליקט דער באַלעבאָסטעס איבערגעבויגענעם קאָפּ, וואָס האָט אומגעריכט אַ ציטער געטון. זי איז געווען אײנע אליין, אַן איבערגעשראָקענע. אויפן טיש האָט אַ שטיקל ליכט געצאַנקט אין אַ זילבערנעם לייַכטער.

זי איז געשטאַנען ביי דער אָפענער טיר, גרייט צו אַנטלויפן; דער אונטערשטער קין ביים מאַיאָר האָט גענומען אונטערציטערן און זיין יאַ־רע, געבויגענע פיגור האָט זיך גענומען שאַרן אויף צוריק.

— ניין... — האָט ער געשטאַמלט — די „פּאַני" דאַרף נישט מורא האָבן...

אַזעלכע רייד האָט זי שוין גאָר אינגאַנצן נישט פאַרשטאַנען; אימגע־קערט זיך אין פאַרנאַכט, אַן אָפּגעפליקטער, מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ, וואַלגערט זיך אַוועק אויף דער סאָפע און — זיינע רייד. זי האָט זיך פאַריכט אַ האָרנאָדל און אַרויפגעקוקט צו אים :

— אָבער דער „פּאַן מאַיאָר" איז דאָך היינט אַזוי... מאָדנע...

און ס'האָט איר אַפילו אַרומגענומען אַן אומבאַשטימטער רחמנות. די פאַרשטיקטע קלעפּ זענען געקומען, דוכט זיך, פון זייער נאָענט. ביידע האָבן זיי אַ רגע געבלאָנדזשעט איבערן האַלב־פינצטערן צימער און נישט געקענט געפינען קיין טיר. ס'איז זיי ביידן באַפאַלן אַ בלינדע שרעק. זיי האָבן זיך מיטאַמאָל ביידע דערפילט אין זעלבן ווינקל פון דער אייַנגעפּאַ־לענער סאָפע, דערשפּירט איינער ביים אַנדערן די ציטערדיקע עלנבויגנס און זענען אַזוי לאַנג זיצן־געבליבן.

ס'איז געווען באַלד אויף צומאָרגנס, ווען די ערשטע אָפּטיילן פון דער רויטער אַרמיי זענען אַרייַנגעריטן אין שטאָט אַריין. מיט די בלאָטיקע וועגן און איבער די שלעכט־ברוקירטע שאָסייען האָבן, אין דער סוף־זור־מערדיקער תמימה, געהאַלטן אין איין ציען, אייַנגעהילט אין וואָלקנס שטויב, די אָפּגעמאַטערטע „אָבאָזן" צום פראָנט, וואָס האָט זיך גיך פאַר־אויסגערוקט. אין דער פעסטונג ביים בוג האָבן זיך נאָך די פּוילישע פאַר־האַלטן אַ טאָג־צוויי, איבערגעשאָסן זיך פון די אויפגעריסענע פאָרטן־לע־כער, אַראָפּגעלאָזן עטלעכע באָמבעס איבער די חרוב־געוואָרענע מאַרק־קראָמען, וווּ ס'האָט זיך געזאַמלט אַ סך מיליטער, און זענען דערנאָך, אין גרויס פּאַניק, פאַריאָגט געוואָרן ביז האַרט צו די מויערן פון וואַרשע.

די עטלעכע בעקערס אין שטאָט האָבן פאַרשפּאַרט די הינטער־טירן און האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן נישט קיין לעק מעל. זיי האָבן דאָס ברויט ערגעצווו פאַרשטעקט, באַגראָבן, און הינטן אַרומעט, דורך זיכערע פּראָ־טעקציעס, פאַרקויפט אַ פונטיקל ברויט צו אויפגעשרויפטע פרייזן.

די לאַדנס אינעם הויז האָט מען אויפגעשפּאַרט ערשט צומאָרגנס, שפּעט אין טאָג אַריין. מילאַן, דער הויז־וועכטער, איז געשטאַנען אין דער לאַנגער קיך און דערציילט פאַר דער דינסט טויבעלע:

— אַרום זעקס פאַרטאָג, טייבעליאַ, האָב איך זיי געזען אַריינרייטן מיטן אַנטאָפאָליער טראַקט... זענען נישט מיט קיין הערנער... ווילע יינגלעך, אַרומגעשליסענע... און צו מיר: ווו, פרעגן זיי, איז דאָ ערגעץ אַ בעקעריי? אויפן מארק זענען זיי צעלייגט מיט אַלע זייערע שיס־מאַשינעס...

ער האָט געדרייט אין זיין האַנט דאָס בלויע היטל מיט דער הויכער דענקע, געבלאָזן דערויף און זיין ברוינלעכע, פילסענע באָרד איז, זונטיק־דיק־פונאַנדערגעקעמט, געוועז צעלייגט אויפן אויסגענייטן העמדל.

— כ׳האָב זיי אָפּגעפירט אויפן מאַרק... געוויזן זיי און האָדיע...

— און די קראָמען?... זיי רייסן נישט די קראָמען? — איז שיינדל אָנ־געלאָפן — זי האָט געהערט, זאָגט זי, אַז זיי ראַבעווען נישט, נאָר זיי נע־מען מיט גוטן...

דאָס קאַשטאַן־געדטל הינטער די בלינדע ווענט פון דער צערקווע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א מיטינג־פּלאַץ און די אויסגעליידיקטע זאַלן פון הינטערשטן פליגל צום אויבסט־סאָד — אין אַ צייטווייליקן שטאַב. אין ליכטיקן, אַנגערויכערטן זאַל איז געזעסן אַ מיטליאָריקער מענטש מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ און א דינער אָדלער־נאָז, צווישן ברייט־צעקעמטע וואָנסן, ווי ס׳טרעפט ביי באַרג־מענטשן. ס׳איז געווען אַ סך פריילעכקייט אין די קליינע פינטעלעך פון זיינע ביר־אויגן און געדעדט האָט ער מיט אַ הילכיקער ברוסט־שטימע. אַ גאַנצן טאָג האָט די טיר צום גאַניק נישט גערוט. ס׳האָבן זיך דאָ אַלעמאָל אָפּגעשטעלט פאַרבלאָטיקטע אויטאָס, רייטער האָבן, דורכפליענדיק דעם סאָד אונטער די נידעריקע צווייגן, אַראָפּגעבויגן צו דער גריווע, אַנגעבונדן די צעהיצטע פערדלעך אין דער פאַרענטשע. דער גאַניק איז געווען אַרומגענומען מיט אַ נעץ פון טעלע־פאָן־דראָטן. אינעווייניק האָט געקלאַפּט אַן אַפּאַראַט און ביז שפּעט ביי־נאַכט האָט זיך געבערענט אַ נאַפט־לאָמפּ הינטער אַן אַבאַזשור פון אָנגע־פעטשט פּאַפּיר.

דער אויבסט־סאָד איז שוין איצט געשטאַנען אַן אויפגעבראָכענער צו די אַרומיקע גאַסן און צום פּלעצל הינטער דער גרינער צערקווע. דורכ־שניידנדיק טיפע רעדער־קאָליעס איבער די פאַרוואָקסענע סטעזשקעס, זענען געקומען אָנצופאָרן פאַרבלאָטיקטע לאַסט־אויטאָס, צעשאָטענע פור־לעד און צוויי־רעדערדיקע קיביטקעס פון דער אַרטילעריע. אַרום דער פּראָוויזאָרישער טריבונע, הינטער די בלינדע ווענט פון דער צערקווע, איז געווען אַ געשטופּ פון באָרוועסע, אַרומגעפליקטע רויט־אַרמייער — באַיאָרטע, פאַרוואָקסענע און נאָך גאָר יונגע, מיט אַ שוואַרצן און גאָל־דיקן לאָק אין די אויגן. די „אָבאָזן״, וואָס האָבן אָנגעצויגן מיטן שאָסיי, האָבן עטלעכע מעת־לעת גערוט אין אויבסט־סאָד, אונטער די אָפּגע־

טרייסלטעביימער. בײנאַכט זענען דאָרט פונאַנדערגעלייגט געוואָרן שיי־טערס פון דאַרע צווייגן, מ׳האָט אַרומגעריסן די גרינע, טערפּקע, נאַכנישט־אויסגעשטאַנענע ווינטער־עפּל, די בית־עלמין־באַרעלעך און גערויכערט געטריקנטע קאַרשן־בלעטלעך אין צייטונג־פּאַפּיר.

אין די ערשטע פּאָר טעג איז דער אַלטער נישט אַראָפּ פון גאָרן־שטיבל. ער האָט אומגעשפּרייזט פון טיר צום פענצטער און אַלץ געוואָלט טופּס זיין, וואָס דאָ טוט זיך עס עפּעס אָפּ אויף דער וועלט. אפנים טאַקע — עיקבתא דמשיחא... געהערט האָט ער אַלץ, ווי אונטן, אין אויפגעבראָכע־נעם סאָד, רייסן זיך אָפּ רויע קולות, עס סקריפּען די נישט־געשמירטע אַקסן פון די צוויי־רעדערדיקע קיביטקעס. דעם זקן זענען מיטאַמאָל באַ־פאַלן מאָדנע שרעקן. ער האָט נאָך טיפער פאַרצויגן דאָס פאָרהענגל אי־בערן שייבל, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט אין סאָד אַריין, און האָט געלאָזן אָפּקילן זיך דאָס גלעזל טיי, וואָס שיינדעלע האָט אים אַרויפגעבראַנגט.

טיף איבערן סאָד זענען געווען פונאַנדערגעלייגט די פרעמדע, אָפּגע־שליסענע סאָלדאַטן. די קליינע, אָפּגעמאָרעטע פערדלעך זייערע האָבן זשעדנע אַרומגעצופּט די קוסטעס. ביינאַכט, ביים רויטלעכן שיין פון די האַלב־אויסגעלאָשענע שייטערס, האָט זיך געהערט זייער הירזשעריי, אַ פרעמד און ווייט הירזשעריי, און דאָס האָט דעם אַלטן קיין אויג נישט געלאָזן צוטון. איינמאָל אין דריי מעת־לעת איז דער זקן שווער אַרונטער־געקראָכן די שטיג צו די הויף־קלאָזעטן. אין פאָדער־הויז און פאַרן גאַניק האָט זיך געראָיעט מיט פרעמדע, פאַרוואַקסענע פנימער, אונטער צע־שפּאָלטענע דאַשיקעס, אָנגערוקטע פּאַפּאַכעס; דערבליקנדיק אויף זיין ווייסט די זילבערנע קייט, האָט עמיצער פון זיי אַ פרעג געטון ביי אים:

— היי, אַלטער, ווי שפּעט איז אויף דיין גילדערנעם?...

דער אַלטער האָט ציטערדיק אַרויסגעצויגן דעם זייגער מיט די טאָפּל־דעקלעך פון זיין וועסטל־טאַש און נישט אויפהויבנדיק די אויגן פון אונ־טער די געדיכטע ברעמען, געענטפערט מיט אַ שוואַך, חלושדיק קול, גע־לאָזן זיך גיין פון גאַניק מיט אַן אונטערגעאיילטן טראָט. שיינדל איז נישט אָפּגעטרעטן פון הינטערן אַלטנס טיר, איז אים כסדר געקומען דער־מאָנען ער זאָל כאָטש אויסטרינקען דאָס גלעזל טיי.

— אהרן־לייב איז אונטן? — האָט ער געקוקט אַראָפּ צו דר׳ערד און נישט געענטפערט צו דער זאַך — שיק מיר, זיי מוחל, אַרויף אהרן־לייבן.

דער דאָרפס־ייִד איז געווען אָפּן און פּראָסט. מיט אים האָט מען גע־קענט רעדן אָן באַהעלטערלעך. ער האָט גלייך אין די ערשטע פּאָר טעג גענומען אויסמייסטרעווען אין די אויפגעבראָכענע שטעלער, הינטער די פּידאַשקעס, טיף אין הויף, אַ קוזשניע און די אַרומגעשליסענע סאָלדאַטן זענען געקומען צו אים אונטערשמידן די צעקאַליעטשעטע און שטאַרק־אָפּגעמאָרעטע פערד.

— ווייס איך... — האָט אהרן־לייב טויב אַריינגערעדט אין זיין מעובר־

תער יידענע — אונטערקאָווען אַ פערד באַדאַרף מען... אַ שלאָס אויף אַ טיר באַדאַרף מען... קלאָג נישט, מירן נאָך, מערטשעס, צוריק איינהאַנדלען אַ יאַלעווע בהמהלע. דאָ זענען מיר כאָטש צווישן יידן...

אהרן־לייב איז דאָרט צווישן טאָג און נאַכט לאַנג אָפּגעזעסן ביים אַלטן אין פאַרהאַנגענעם גאָרן־שטיבל; ער איז געזעסן אויף אַ שפּיץ שטול, טויב צוגעהאָרכט זיך צום זקנס רייד און מיט די גרויסע, פאַרבלאַטיקטע שטיוואַליעס קוים אָנגערירט די ריינטשינקע פּאָדלאָגע־ברעטער. ס׳איז אַלץ שווער געווען אַרויסצוקריגן ביי אים אַ וואָרט, ביים אומהיימלעכן שווייגער.

— נישט אַנדערש טאַקע, נאָר — עיקבתא דמשיחא — האָבן ביים אַלטן, וואָס האָט, קענטיק, אין די לעצטע יאָרן אָנגעהויבן שטאַרק פרום צו ווערן, געציטערט די קניען. ער האָט לאַנג אַריינגעקוקט אין דער טונקל מיט זיינע קליינע, רויטע אויגן, האָט קוים דערלאַנגט מיט די ציטערדיקע פינגער אָנצוטון די בריל אויף דער שפּיץ נאָז — צי איז טאַקע אמת, אהרן־לייב — האָט ער אַלץ געוואָלט וויסן — אַז „זיי" מאַכן דאָרט חרוב אַלע הייליקייטן? יידישע און, להבדיל, גויאישקע אויך?... איז דאָך שוין טאַקע גאָר עק וועלט, אויב אַזוי...

— וואָס וויים איך, פעטער, אַ פּראָסטער ייד? — האָט זיך אהרן־לייב שווער און טויב אָפּגעריסן — זיי זענען נעכטן צו מיר געקומען כ׳זאָל זיי אונטערקאָווען אַ פּאָר „בולאָנע" מיט פּאַרוואָקסענע „סטאָפּעס". נישקשה פון אַ פּאָר סוסים... האַרמאַטן האָבן זיי געשלעפּט; אָפּגעמאָרעטע, אַז ס׳איז אַ רחמנות געווען צו קוקן... און זיי צו מיר כסדר: „בירגער, טאָ־וואַרישטש"... קיין „זשיד", פונדעסטוועגן, ווי ביי „פּאַניען", הערט מען נישט פון זייער מויל... און באַצאָלט האָבן זיי דווקא אויך, מיט זייער געלט באַצאָלט. וואָס וויים איך, פעטער, אַ פּראָסטער ייד?...

# 8

אויפן דריטן, אָדער אויפן פערטן פאַרנאַכט האָט זיך דער יינגסטער פון אהרן־לייבס בנים, זאַלקע, וואָס האָט זינט עטלעכע טעג געשרפּהט אין היץ, אויפגעכאַפּט אין גרויסן, פוסטן זאַל, אויסגעריבן זיך די אויגן און האָט אין דער ערשטער מינוט נישט געוווּסט אויף וועלכער וועלט ער איז. די היץ איז אָפּגעטראָטן, אין קאָפּ — מאָדנע אויסגעקלאָרט: איבער אים איז נישטאָ מער דער היימישער באַלקן, ער זעט נישט דורך די נידע־ריקע קוואַדראַטנע שייבלעך די סטאַיעס בושלען טראָגן זיך נידעריק איבער

די פאַרגרינטע וואַסערלעך הינטער דער ווינט־מיל, ווי זיי ציען אין אַ לאַנגער שנור. פאַרן פענצטער — אַלטע אַקאַציעס און גאָלדענע זון־שיין. איבער דער גאַס איז אַ טויבער געלאַף. מוזיק שפּילט ערגעץ אין דער טיף גאַס, עפּעס אַ ניי, אויפמונטערנדיק ליד; אַ געזשום פון אָפּגעריסענע שטימען. ווו איז ער דאָ? ער האָט געדופן פון ערגעץ דער מאַמען, אָבער זי איז נישט געקומען. האָט ער זיך אויפגעריסן פון קויטיקן באַרג בעטגעוואַנט. דער ליכטיקער, פריילעכער דרויסן האָט אים אַ צי געטון. די פיס האָבן ווידער געפאָלגט און אין קאָפּ, וואָס איז פריער שווער אַראָפּגעזונקען אין קישן אַריין און ס׳האָט דאָרט עפּעס געזשומעט, איז געווען לופטיק און גרינג. ערשט איצט האָט ער זיך נעפלדיק דערמאָנט די באַנדע ווייבער, וואָס האָבן זיך צווישן טאָג און נאַכט אַרומגעשטעלט די שלאָפּבאַנק, די קלימפּערנדיקע פורלעך, אין אויפגעהויבענעם שטויב, דער מאַמעס פרייכנדיקן אָטעם, דעם טאַטנס פאַרטייעטער שאָטן, און ווי דוב מיט וועלפקען שפּאַנען מיט אין הייסן שטויב; ווי ער וואָלט אָבער די גאַנצע צייט געוואָלט אויפרייסן די אויגן און נישט געקענט. ער האָט געכאַפּט אויף זיך די אויסגעוואַקסענע הויזלעך און איז אַרויס. דורכן גאַניק צום אויפגעבראָכענעם אויבסט־סאָד, פאַרלייגט מיט די אויסגעשפּאַנטע „אָבאָזן״, איז דאָס ייִנגל אַריינגעפאַלן אינדערמיט פון אַן אויסטערלישן, פאַרביקן המון. אַרום סעדל, אונטער די אַלטע קאַשטאַנען, איז מען געשטאַנען קאָפּ־אויף־קאָפּ. ס׳איז גערנישט ענלעך געווען צום געשטופּ אַרום די הויכע טרעפּלעך פאַרן גרינעם קלויסטערל אין אַ זונטיק, ווען דער דאָרפישער עולם ציט דורכן טאָלעכל און די גלעקער באַסעווען נאָכאַנאַנד.

פאַרוואַקסענע סאָלדאַטן; ס׳יאָגן אָן איבער דער גאַס צוויי קליינע אויטאָמאָבילן, באַשפּריצט מיט בלאָטע. פון פאָדערשטן זיץ שטייגט אויס איינער אַ לאַנגער, מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ, אין גאַליפע־הויזן, מיט אַן אָדלער־פּראָפיל. ביים אַנדערן, מיטן אַן מגעגאָלטן שאַרבן, שאָקלט זיך נאָך אַ ליידיקער אַרבל. זיי מישן זיך אויס צווישן עולם, שפּאַרן זיך צו דער אויפגעשטעלטער טריבונע. באַלד נאָך זיי שטופּט זיך אַ ייִנג סאָלדאַטל אין געלע, פאַרשפּריצטע שטיוול פון אַ קאַוואַלעריסט, אין אַ כאַקי־העמדל, מיט אַ געפּלאַצטן דאַשיק איבער די אויגן. ער לאַכט מיט שמאַלינקע אויגן־שפּעלטלעך, נאָנט צעשטעלט איןביידע זייטן פון די בולטע קינען. די ביקס מיטן הויך־אָנגעשטאָכענעם באַיאָנעט הענגט לויז איבער זיין אַקסל. אין גרינס, אין אַ ים רויטע פענער, איז די טריבונע פול באַזעצט מיט קעפּ. די מעשענע אינסטרומענטן גלאַנצן יום־טובדיק אין דער זון. דאָס ליד איז אויך אַ יום־טובדי׳קס. צווישן די פענער, גרינס און דעם ים קעפּ, הייבט זיך אַרויס דער מיטן באַנדאַזשירטן קאָפּ. אויפן פאַרברוינטן פּנים מיט דער אָדלער־נאָז איז אַ נישט־געגאָלטער אויסשיט און גרויסע, ברוינע, הונגעריקע אויגן. איבער דער מאַסע קעפּ, גרויע היטלען און קאָפּטיכלעך, בלייבט אַ לאַנגע ווײַלע אומבאַוועגלעך־אויפגעריסן זיין מויל מיט

די ווייסע, געזונטע ציינער. דאָס קלינגענדיק־מעטאַלענע אין זיין שטים איז עפּעס ווייט פון אָט דעם מאָגערן מענטש אין דער רובאַשקע, ענג פאַרשפּיליעט אַרום זיין האַלדז. אַ הייסער געמורמל און אַ פאַרגאַפּטקייט ביי אַלעמען אויף די פּנימער.

דאָס ייִנגל איז צוריקגעלאָפן אין סאָד אַריין און איז שוין דאָרט אָפּגעלעגן, ביז ס'האָט גענומען טונקלען. צווישן די ביימער זענען די סאָלדאַטן געווען פונאַנדערגעוואָרפן הינטער די צוויי־רעדערדיקע קיביטקעס. זיי האָבן אַרומגעפליקט די נישט־אויסגעשטאַנענע ווינטער־באַרעלעך און געוואָרפן זיי אין אַ קעסעלע, וואָס איז געהאַנגען איבער אַ קליינעם שייטער. מיטן אָוונט־צופאַלן, האָבן די קליינע שייטערס באַלויכטן זייערע קנאָכיקע פּנימער. עמעץ האָט דאָרט אַרויסגעזונגען פון דער מיט מיט אַ ברוסטיקער שטים און אַלע אַרום האָבן אונטערגעכאַפּט אין כאָר. דאָס געזאַנג איז געוואָרן שטילער, פאַרבענקטער, ביז די געפליסטערן הינטער די ווענט פונעם הויז האָבן זיך איינגעשטילט.

דער הויף־וועכטער מילאַן האָט זיך נישט אַרויסגערירט פון דער לאַנגער, פינצטערער קיך, איז געזעסן אין אַ ווינקעלע און אונטערגעדרעמלט. עפּעס אַ מין גליקלעכע שעמעוודיקייט איז צוגעפאַלן צום דאָזיקן קליינעם, שטילן מענטש. ער האָט אַלץ אויסגעמיטן די אַלע, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום גאַניק. די דינסט טויבעלע, וואָס האָט אויסגעוואַשן פאַרן אַלטן אַ העמד און געהאָלפן שיינדלען אין קיך, האָט אים פון צייט צו צייט געוועקט ער זאָל אַריינברענגען פון ברונעם אַן עמער וואַסער. מילאַן האָט זיך אויפגעהויבן און געלאָזן זיך גיין, אַן איינגעהויקערטער, אומקוקנדיק זיך אַלעמאָל הינטערוויילעכטס. מיט אַ שטילן פלאַטער האָט ער אַלץ פאַרבייגעאיילט די טיר אין פאָדערהויז, הינטער וועלכער ס'האָט געקלאַפּט דער שטאַב, ווו ס'האָבן זיך געדרייט די באָרוועסע, באַנדאַזשירטע רויט־אַרמייער.

פאַרנאַכט, נאָך אַ הייסן טאָג, האָט מיסאַלן אָנגעטראָפן די צוויי שיינע, ראַסאָווע פערד ביים בלאָטקעלע, אָנגעבונדן אין אַ דיקן שטאַם פון די ניס־ביימער. די ברוינע פערד האָבן אומרואיק געקאָפּעט מיט די פיס אין דער ווייכער ערד, פון זייערע מיילער איז גערונען אַ גרינלעכע סליונע, אַריינציִענדיק זשעדנע מיט די נאָזלעכער די פרישע קילקייט, וואָס האָט געצויגן פון טיפן ברונעם, אַ טריט דערלעבן. אונטן, ביי דער אויפגעהאַקטער ברעט, האָט זיך געפּאָרעט מיט אַ געקניפּטער לייץ אַ בלאָנדגעלאָקטער קאַוואַלעריסט, אין אַ דורכגעשוויצט כאַקי־העמדל. דאָס קעסעלע מיטן אָנגעשעפּטן וואַסער האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעריסן ביי אים און איז מיט אַ פליוך צוריקגעפאַלן אין טיפן ברונעם אַריין. דער יונג איז געלעגן אַריבערגעוואָרפן מיטן אויסגעלאַטעטן הינטן איבער דער אויפגעריסענער ברעט, אומבאַהאָלפן געדרייט מיט דער צונג, דערכאַפּנדיק שיעור נישט מיטן אייזנדל אויפן עק לייץ דאָס אָפּגעריסענע קעסעלע,

וואָס איז זיך אַרומגעשווומען אין פינצטערן ברונעם. דערהערנדיק שטילע טריט הינטער זיך, האָט ער זיך אויפגעריסן און אומגעדרייט דעם קאָפּ.

— גוט וואָס ביסט אַקוראַט אונטערגעקומען, אַלטער — האָט זיך דער געלאָקטער אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער ריזיקער גרויס און אַ שמייכל האָט אויפגעריסן ביי אים אַ מויל מיט ווייסע, געזונטע ציינער — זע, ווי ביי מיינע אָדלערלעך רינט די סליונע... און דאָ האָט עס דער טייוול אַליין די איבערגעמאָליעטע לייץ אַ ריס געטון... כ'בין געבליבן, ווי מען זאָגט, מיטן שטריקל אין דער האַנט... זע ווי דאָס קעסעלע הויי־דעט זיך אויפן וואַסער.

— באַדאַרפט ווייניקער אָנשעפּן, אייער ווילגעבוירנהייט... — האָט מילאַן זיך אַרויסגעכאַפּט — אָט זעט זיך גלייך, אַז די לייץ איז אַן איבערגעמאָליעטע... דערלויבט — האָט ער זיך ראַש אַ קער געטון — כ'וועל שוין אָנפּאָיען די פערד...

— ווו האָסטו עס ערגעץ אויסגעגראָבן דעם „ווילגעבוירנהייט”? — האָט דער קאַוואַלעריסט געלאַכט מיט אַ וואַרעם מויל — דיר איז אוודאי נישט באַקאַנט אַוועלכענע מיר זענען... עך, דו...

ער האָט מיטן עלנבויגן אַרויפגערוקט די „בודיאָנאָווקע” איבערן דערשוויצטן שטערן, אַרויסבאַקומען פון ערגעץ טוטין, פאַרדרייט, דער־לאַנגענדיק דעם אַלטן דאָס טאָרבעלע.

— אַ דאַנק. איך רויכער נישט — האָט מילאַן געקוקט אויף אים דורך די אויגן־שפּעלטלעך מיט מער צוטרוי און אָנווייזנדיק אויף די צוויי אָפּגעמאָרעטע בולאַנע — ווילע פערדלעך ביי דיר, נאָר שטאַרק אָפּגעמאָרעטע... אַ לאַנגן וועג אַוודאי זיי אַ טרייב געטון...

— קיין צייט נישט געווען אַ ביסל גראָז אַפילו צו לאָזן זיי קייען, די אָדלערלעך... ווי אַ ווינט איז מען געריטן...

— און ביי מיר אין כוטאָר, געדענקט זיך, זענען זיי געווען, די הויפישע פערדלעך, אָפּגעפּאַשעטע, אַ פעל ווי אַ סאַמעט... אַ פערד איז אַ פאַרשטאַנדיקע חיה און האָט ליב, אַז מען היט זי אָפּ...

— ס'איז גוט געזאָגט. און מיר, אַלטער, האָבן איצט מלחמה. נישטאָ קיין צייט אַ מענטש אַפילו צו לאָזן אויסרוען.

אָנגעפּאָיעט די פערד, האָט זיי מילאַן צערטלעך געגלעט איבער די פייכטע, וואַרעמע בייכער, איבער די גריוועס און האָט זיך דערנאָך אָנגע־בויגן צו דער איבערגעמאָליעטער לייץ. ער האָט ציטערנדיק אָפּגעבונדן פון הויזן־שטריקל דאָס מעסערל מיטן ביינערנעם קלינגל, איינגעשניטן די לייץ און צוגעבונדן אַ היפּשע שטיק פון זיין שטריקל.

— אָט אַזוי, אַז ס'וועט אויסקומען נאָכאַמאָל, וועט זיך שוין מער נישט איינרייסן. און דאָס קעסעלע וועל איך באַלד אַרויסציען. פאַראַן אַ באַרסוק.

ער איז פלינק, ווי אַ יינגל, מיט גיכע טריטעלעך, צוריקגעלאָפן איבער דער סטעזשקע פון סאָד און איז באַלד דערנאָך צוריקגעקומען מיטן לאַנגן דראַנג. ער האָט לייכט, מיט אַ געניטער פּינקטלעכקייט, באַלד אַרויסגעצויגן דאָס קעסעלע. דער בלאָנדער האָט אים גאָרנישט געוווסט ווי אָפּצודאַנקען. זיינע העל־בלויע אויגן זענען פול געווען מיט פאַרנאַכטיקער זון און זיינע ווייסע, געזונטע רייס־ציינער — מיט געלעכטער.

דאָס מעסערל מיטן ביינערנעם הענטל האָט ער אַ נעם געטון פון אַלטנס האַנט, לאַנג און מיט חידוש איינגעקוקט זיך אין דעם און עס איז אים עפּעס אַ שאָד געווען אַראָפּצונעמען עס פון דער האַרטער דלאָניע.

— אַ וווּיל קלינגל ביי דיר. אַזוינס קומט צונוץ — מען דאַרף אַמאָל איבערשניידן אַ האַרטס, צי כ׳ווייס וואָס, און דאָ גיי, רייס מיט די ציינער...

— נעם עס דיר, בחורעץ. אָט, כ׳שענק עס דיר אַוועק פון גאַנצן האַרצן.

דער בלאָנדער, געלאָקטער קאַוואַלעריסט האָט זיך אַ רגע געקווענקלט. ער האָט נישט געוווסט, וואָס ער זאָל טון — צי זאָל ער טאַקע אַריינלייגן צו זיך אין קעשענע דאָס שיינינקע מעסערל מיטן ביינערנעם הענטל?

— נו, אַ דאַנק — האָט ער אים צולעצט וואַרעם אַרומגענומען — אַ דאַנק, אַלטער. ס׳וועט זיין ביי מיר, ווי מען זאָגט, אַ פיינער אָנדענק, אויב ס׳וועט נאָר נישט אויסקומען צו לייגן ערגעץ דעם קאָפּ פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער קויל...

פון דעמאָלט אָן האָט זיך דער אַלטער מער נישט געפאָרכטן פאַר די סאָלדאַטן אין די דורכגעשוויצטע כאַקי־העמדלעך, פאַר די, וואָס דרייען זיך דורכן טאָג אַרום גאַניקל און אין פאָדערהויז, וואַכן אַ גאַנצע נאַכט אַרום טויער. ער האָט זיך איינגעקוקט אין פאַרבאַנדאַזשירטן מענטש, וועלכער איז טיילמאָל שטיינגעבליבן אויף דער שוועל פון אָנגערויכערטן זאַל. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג מיט עפּעס אים צו דינען.

אָבער אין גאַנצן הויז האָט מען זיך, ווי פריער, עפּעס געשראָקן פאַרן אָנגערויכערטן זאַל, פול מיט די באַוואָפנטע לייט. ס׳האָט געשראָקן די רויטע, דורכגעוואַשענע פלאַכטע, וואָס ווייעט איבערן גאַניקל, דאָס קלאַפּן פון אָפּאַראַט הינטער די טירן, די ביקסן און די קליינע קוילן־וואַרפערס, אָנגעלענט אין די ווענט פון פאָדערהויז. מען האָט זיך אַלץ געשאַרט אין אַ זייט, נישט באַמערקט צו ווערן. שיינדעלע האָט די גאַנצע צייט כמעט נישט אַרויסגעלאָזן אויף דער ליכטיקער שיין, איבער דער שוועל אַריבער, אירע צוויי אויסגעציטערטע קינדער — אַ בלייך,

שלאַנק מיידעלע מיט אַ צעפּל, פון אַ יאָר אַכט, און דאָס איבערגעוואַק־סענע יינגל מיט אַ נישט־געזונטער ראַזיקייט אין די באַקן. זי האָט די קינדער אַ גאַנצן זומערדיקן טאָג געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין די גרויסע צימערן מיט די האַלב־צוגעלענטע לאָדנס. דער מאַן אירער איצל, האָט זיך אַרומגעדרייט אַ בלייכער, אָפּגעלעגן אויפן סאָפּקעלע אין עס־צימער, טויב געהוסט, געשפּיגן אין אַ טיכעלע אַריין, געזוכט אין אַ פאַרשמאָלצן ביכעלע צווישן אַלטע חשבונות. ביים לאַנגן וועווען איז מען געגאַנגען אַריין און אַרויס. דאָס פאַרהענגל ביי זיין טאַכטער, ביי אסתרן אין צימער, האָט זיך געוויגט. עפּעס זיצונגען פון יונגוואַרג זענען דאָרט פאָרגעקומען. לעזקע מיט דער באַנדע מיידן זענען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פונעם הויז. זיי האָבן זיך באַצייטנס געהאַט אַרויסגעקליבן, אַזוי שטיל און אומגעריכט, אַז קיינער האָט עס אַפילו נישט באַמערקט.

אויפן גאָרן־שטיבל איז דער אַלטער הלל איינגעגאַנגען פון טאָג צו טאָג. ער האָט מער נישט געקענט פאַרדייען די פּאָסנע קאַרטאָפל־עסנס. ער האָט עס געלאָזן אָפּגעקילט ווערן אויפן טיש, כמעט נישט אַ שמעק געטון דערצו. ער איז געזעסן אין דער טיפער וויגשטול, איינ־געדעקט מיט פּאַלטנס און קאָלדרעס, אָדער ער איז געלעגן אין בעט, אונטער דער שווערער, ווינטערדיקער איבערבעט.

— ס'איז קאַלט... — האָט דער זקן געשווידערט — די ביינער פרירן...

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט מען אים מער נישט געזען אַראָפּגיין אויפן הויף. די פיס זענען אים שווער געוואָרן און זענען שוין מער נישט אַריין אַפילו אין די לויזע שטעק־שיך. שיינדל איז נישט אָפּגע־טרעטן פון הינטער דער טיר.

— נו ? — האָט זי אַרייגעשושקעט אין דער דינסט טויבעלע — ער האָט מיך נישט גערופן ?

— קרעכצט און קען די אויגן נישט אויפמאַכן... צופיל שיין, קרעכצט ער, צופיל רעש. מ'זאָל דאָס פענצטער בעסער פאַרהענגען... אהרון־לייבן פאַרלאַנגט ער, נאָר אים...

אהרן־לייב איז ווידער אָפּגעזעסן ביים אַלטן אַ לאַנגע ווײַלע אין פאַרהאַנגענעם גאָרן־שטיבל. עס האָבן זיך דאָרט פאַרקליבן איינגעשטאַ־נענע, פאַרדומפּענע ריחות. אָבער דער אַלטער האָט קיין פענצטער אַלץ נישט געלאָזן אויפשפּאַרן, האָט נישט געקענט פאַרנעמען די רויע קולות פון סאָד; ער האָט זיך מיט די לעצטע כוחות געווערט קעגן די רויען־דיקע זלידנע פליגן, געווערט זיך קעגן שיינדלען, וואָס האָט זיך איינ־געבעטן צו לאָזן כאָטש אויפמאַכן אַ שפּאַרע. ער האָט זי אָבער געטריבן פון זיך :

— מוחל דיינע טובות... — האָט ער זי געטריבן — שטיי נישט אי־

בער מיר. די ירושה האָסטו שוין ביים לעבן אָפּגענומען... וואָס ווילסטו נאָך ?...

זי איז אַרויס מיט רויטע פלעקן אונטער די אויגן און פון הינטער דער טיר איז זי פונדעסטוועגן נישט אָפּגעטרעטן, איינגעהאָרכט זיך ווי דער אַלטער רעדט דאָרט עפּעס טויב צו אהרן־לייבן. אַ נאַפּט־קאַניצל האָט געררויכערט אויף דער וואַנט, אַלע אָנגעשטעלטע מעבלען אין שטיבל האָבן זיך שפּיציק געשאָטנט אויפן סופיט. דעם לעצטן מאָל האָט ער נאָך געבעטן אהרן־לייבן, ער זאָל אים העלפן אויפזעצן זיך.

— די כוחות דינען נישט מער, גייען אויס... עך, נישט מיט קיין רואיק געמיט גיי איך אַוועק פון דער וועלט...

אין זקנס פאַרשפּיצטע און מאָדנע־פאַרגרעסערטע שוואַרצאַפּלען, אונטער די טיפע, זילבערדיקע אויגן־נעסטן, האָט אהרון־לייב צום ערשטן מאָל דערבליקט אַ פּייערל פון פאַרדאַכט, אַפילו צו אים אַליין אויך. זיינע בלייכע ליפּן האָבן זיך נאָך באַוועגט, ווען ער איז שוין צוריק־געפאַלן אויפן באַרג אונטערגעלענטע קישנס. אהרון־לייב, דער פינצטע־רער שווייגער, האָט דערפילט, אַז ער דאַרף עפּעס זאָגן, כאָטש טרייסטן אים.

— אייך שאַדט דאָס רעדן, פעטער — האָט ער קוים געפונען עפּעס צו זאָגן — איר רעגט זיך אומזיסט אויף...

ער האָט אים נאָך גוט אַרומגעדעקט, איז צו, אויפגעשפּאַרט דאָס לופטשיקל און איז אַרונטער די שטיגן.

אויסגעגאַנגען איז דער אַלטער אין לויטערן פאַרטאָג, ווען הינטערן פענצטער, וואָס עמיץ האָט ברייט אויפגעריסן אין סאָד אַריין, האָבן פייגעלעך געטשוויטשערט. אהרון־לייב האָט אַ גאַנצע נאַכט געוואַכט ביי זיין בעט. ווענוע און לעזקע האָבן זיך געדרייט אַריין און אַרויס. ער האָט זיך שוועהר אויפגעריסן, איבערגעדעקט דעם מת, אָנגעצונדן צוקאָפּנס צוויי קליינע ליכטלעך און האָט זיך אומגעדרייט צום נידעריקן טירל, ווו ס'איז געווען אַ פינצטערער אַנגעלויף:

— ס'איז איצט נישט קיין צייט צו קלאָגן, ווייבער... מען דאַרף אַריבערגיין צו חברה־קדישא און זען צו ברענגען דעם מת אין זיין אייבי־קער רו אַריין...



עפּעס אין א מין פייערלעכער בהלה זענען דורכגעלאָפן די זעקס
הייסע וואָכן אונטער דער מאַכט פון דער באַרוועסער רויטער אַרמיי. אין די
הינטערשטע צימערן פון שטאַב איז מיט איין מאָל אַנטשוויגן געוואָרן דער
גערויש פון די אַפּאַראַטן. איבערן אויסגעליידיקטן סאָד — טיף־איינגע־
שניטענע רעדער־קאָליעס. פאַרנאַכט איז פאַרן טויערל דער הויף־וועכטער
מילאַן לאַנג אזוי שטיינגעבליבן, די הענט פארלייגט אויף הינטן און צו־
געהאַרכט זיך טויב צו דער ווייטער קלימפּערייַ ערגעץ אויפן שאָסיי.
דערנאָך האָבן שוין איבער די אויפגעריסענע בריקן צוריק א שפּאַר־
געטון די פּוילישע אולאַנער־רייטערס, געשטיצט דורך בולאַק באַלאַכאַ־
וויטשעס ווייסע היידאַמאַקישע באַנדעס, געשטיצט פון פראַנצויזישן גע־
נעראַל וועיגאַן. דער פראָנט איז, ערגעץ הינטער וואַרשע, געוועןדורכגע־
ריסן; און די אומבאַשיצטע שטעטלעך פון ביידע זייטן בוג זענען ווידער
געבליבן הפקר, אויפן וועלפישן באַראָט. די אויפגעשטאָכענע באַיאָנעטן
ביי די פּוילישע לעגיאָנערן, צעזעצט אויף די פּורלעך איבערן שאָסיי,
האָבן זיך רויט געשפּיגלט אין דער שקיעה. אַ קליינע גרופּע רייטער, באלד
הינטער זיי, האָט אָנגעבונדן די צעפּאַרעטע פערד אין א גאַניק. די פור־
לעך זענען אויסגעשפּאַנט. געוואָרן לעבן סאָבאָר־סעדל. אַ פעלד־קיך
האָט געררויכערט, א האַרמאָשקע האָט געריפּעט „מאַרישקאַ, מאָיאַ מאַ־
רישקאַ”. אויף די גאַניקעס האָבן פאַרנאַכט־צייט די דאָרפישע מיידלעך,
אין קאָפּ־טיכער, אַרויסגעקוויטשעט; ווי אַרום אַ פאַרשפּאַרטער צויג, האָבן
די זעלנער נאָכאַנאַנד געטשאַטעוועט ארום די גאַניקעס.
מינדעס שוואַך קול האָט שוין צו זאַלקען נישט דערגרייכט, ווען
ס'יינגל האָט אַ לויף געטון דורך דער לאַנגער קיך, איבער די טרעפּלעך. די
ווייבערישע געוויינען, וואָס האָבן באַגלייט דעם אלטנס לוויה, זענען שוין
געווען אַוועקגעשווומען אַראָפּ־גאַס. נאָכן שווערן, הייסן טאָג, האָט זיך
מינדע מיטאַמאָל דערפילט שוואַך. זי האָט זיך נאָר געפּאָרכטן, אַז די ווייען
זאָלן איר נישט אַ נעם טון ראַפּטום. אַפילו דוב מיט וואָלפן זענען ערגעץ
פאַרפאַלן געוואָרן. ווו האָט עס זיי ערגעץ אַרומגעטראָגן, די יינגלעך?
זאַלקען ווידער האָט עס פאַרלאָקט צום פאַרנאַכטיקן, קופּער־רויטן
סאָד. ס'האָט זיך אים אַלץ אויסגעוויזן, אַז דאָ באלד ערגעץ איז די דאָר־
פישע גאָס, די אַלטע ווינט־מיל אויפן בערגל. אויפן גאַניק איז שטיינ־
געבליבן שיינדלס טעכטערל, א בלייכינקע, מיט צוויי מייזן־צעפּלעך. ווי א
פאַרפאָלגט חיהלע, האָט זי אַרויסגעשטעקט דאָס שפּיץ נעזל דורך דער
האלב־אָפענער טיר. הערנדיק זאַלקעס האָסטיקע טריט, איז איר הערצל
אָפּגעשטאָרבן. אַ ווײַלע זענען ביידע קינדער געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָ־

זענע אויגן. די ווייצענע צעפּלעך ביים מיידעלע האָבן זאַלקען דערמאָנט די קינדער פון דאָרף.

— שרעק זיך נישט, קום... — האָט זיך דאָס ייִנגל מיט איין פּאָר אַ גליטש געטון מיט דער פּאַרענטשעס פון גאַניק — די מאַמע דיינע איז אַוועק און מיין טאַטע אויך... באַגלייטן דעם זיידן... אויף יענער וועלט...

און ער האָט פּלוצים געלאַכט מיטן טאַטנס הייסע, אָפּבריענדיקע אויגן פון אונטערן בלאָנדן לאָק.

— וווּ איז די יענע וועלט? — האָט דאָס מיידעלע געפרעגט מאָדנע פאַרחידושט. און ס'איז איר מיטאַמאָל זייער געפעלן געוואָרן זיין ברייט און אָפן געלעכטער, זיין ברוין, קאַנטיק פּנים, פול אויסגעשיט מיט קליי־ענדלעך. זיי זענען געגאַנגען ביינאַנד, אַנגענומען פאַר די הענט, איבערן פאַרגאַכטיקן סאָד. ס'האָט זיך געזעצט, אין רויטן שיין, דער אויפגעהוי־בענער שטויב נאָך די אַוועקגעפאָרנע קיביטקעס. דורכן פאַרשטייפטן פּויסטל פונעם מיידעלע האָט זיך זאַלקען איבערגעגעבן אַ מאָדנע וואַרעמ־קייט. דאָס מיידעלע האָט זיך שוין מער נישט געשראָקן. ס'איז זיי אומע־טיק געוועז, די קינדער, אינעם אַלטן הויז, צווישן די גרויסע, פאַרזאָרגטע מענטשן.

די נאַכט איז פּלוצים אַראָפּגעפאַלן. א הייסער ווינט האָט זיך אויפ־געהויבן און האָט פאַרלאָשן די אָנגעגליטע טורעמלעך פון סאַבאָר, אָבער דער נידעריקער הימל־ראַנד האָט נאָך אַלץ געפלאַקערט. ערשט דערנאָך האָט זיך דאָס ייִנגל דערמאָנט, אַז ער האָט געלאָזן דער מאַמען איינע אַליין, אַז זי האָט אים, דוכט זיך, גערופן, די מאמע. נאָכן אַוועקטרייסלען זיך פון שיטערן געזעמל איבער די שפּיציקע שטיינער מיט דער טאָפּאָלן־גאָס, האָט זיך מינדע שווערלעך אַראָפּגעזעצט אויף אַ טרעפּל. זי האָט גע־פרייכט. איר פּנים, אונטערן דאַרפּישן קאָפּ־טיכל, איז געווען אויפגעלאָפן. אַ שאַרפער ווייטיק האָט איר מיטאַמאָל אַרומגענומען ארום בויך, אין די זייטן, ווי א פייערדיקע רייף. זי האָט זיך קוים צוריק אויפגעשטעלט, אָנ־געהאַלטן זיך ביי די ווענט, ביי די פּאַרענטשעס און זיך צוריק דער־שלעפּט ביז צום פּוסטן זאַל מיט די פאַרהאַקטע לאָדנס. זי האָט זיך אַראָפּגע־לאָזן אין אויפגעראַיעטן בעטגעוואַנד, אין שטילן, קראַנקן יאָמערן. די ווייען האָבן איר טאָקע אַ נעם געטון ראַפּטום. זי האָט געביסן די אָנגע־דראָלענע הענט און מיט אַן איבערגעקערטער, שטומפּיקער צונג גערופן נאָך אהרן־לייבן. אָבער קיינער האָט איר קראַנק יאָמערן נישט דערהערט. אַלץ אַרום האָט זיך אויסגעלאָשן. הינטערן פענצטער האָט זיך אויפגע־הויבן א ווינט און שאַרפע וואַסער־בייטשן האָבן גענומען שמייסן אין די פאַרהעמערטע לאָדן.

אומגעקערט פון דער לוויה האָט מען זיך אין הויז אַריין, ווען ס'איז שוין רעכט פינצטער געווען. דער רעגן האָט געשמיסן אין דער קרום. דער אַרומגעפליקטער אויבסט־סאָד הינטערן הויז האָט אומהיימלעך גערוישט.

אהרן־לייב האָט שווער אַ טרעט געטון אויפן פינצטערן גאניק פון אויס־געלאָשענעם הויז. ער האָט זיך געריבן די שטיוואַליעס פון דער אָנגע־טראָגענער בלאָטע, ווען די דינסט טויבעלע האָט אַ לויף געגעבן צו אים און איז באַלד צוריק אַנטלאָפן.

— גיכער... מינדע... — האָט זי געשריגן נישט מיט איר קול — מען דאַרף כאַטש אַ שטיקל ליכט אָנצינדן...

— וואָס, מינדע?!... — האָט אהרן־לייב, לויפנדיק נאָך טויבעלען, גע־ריבן שווערבעלעך, מיטברענגענדיק מיט זיך דעם לאָמפּ. ער האָט שוין מער גאָרנישט געהערט דעם גערודער, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן הינטער אים אין הויז.

זאַלקע איז געקומען אָנצולויפן, ווען די שווערע רעגן־טראָפּנס האָבן אַ קלונג געטון אין הייסן זאַמד, ווען פון דער אָנגעפּאַלענער פינצטערניש האָט אַ גרינער בליץ דורכגעקרייצט דעם הימל. דאָס הויז אין טיפן סאָד איז געשטאַנען אויסגעלאָשן, נאָר אויפן גאַניק, האָט ער דערזען, ברענט אַ לאָמפּ און עס ראַיען זיך שאָטנס. אין דער קיך האָט טויבעלע, ביים שיין פון אַ קאַניצל, שוין געוואַרעמט גרויסע טעפּ מיט וואַסער, אָנגע־האַקט טרוקענע ברעטלעך און אונטערגעלייגט אונטער דער פּליטע.

— זאָל זי נישט מאַכן קיין יעלות, ס׳ווייבל... — האָט זי מיטן ציינלאָזן מויל אריינגערעדט אין אהרן־לייבן, וועלכער איז, בלייך ווי די וואַנט, געשטאַנען און געביסן זיך די מייזן־וואָנסן — כ׳האָב שוין, הערט איר, מענטשן, נישט איינס אָפּגענומען אויף מיינע אייגענע הענט... און זי איז, קענטיק, נישט פון די שווערע האָבערינס. נישט פון די שטאָטישע ווייבלעך... ס׳וועט אַלץ, מערטשעם, אַדורך בשלום... מיט גאָטס הילף...

זי האָט געהאַט קורצע, קרעמפּע הענט מיט אויפגעלאָפענע אָדערן און קלעצלדיקע פינגער. זי האָט זיך מיטן פאַרשאַרצטן עלנבויגן אַלע־מאָל אַ פאַריכט געגעבן דעם האָר־טשעפּיק און אַ פיר געטון איבער דער פאַרקאַטערטער נאָז.

דאָס קינד האָט טויבעלע אָפּגענומען ערשט פאַרטאָג. ס׳איז געווען אַ היפּש מיידעלע, אינגאַנצן אַ שוואַרצס, אָבער מיט מינדעס בלויע, ליכטי־קע אויגן. זאַלקע, וואָס איז געשלאָפן ביי דער טיר אין זאַל, האָט אַ גאַנצע נאַכט געפילט איבער זיך דעם טאַטנס פאַרטייעטן שאָטן, די אומרואיקע טריט פוןביידע עלטערע ברידער איבער דער שטוב. אהרן־לייבן האָט אַלץ געמאַטערט מינדעס הייס און שטיל יאָמערן. ער האָט זיך א גאַנצע נאַכט געדרייט ארויף און אראָפּ. ס׳איז נאָך אַלץ געווען א פולע שטוב מיט ווייבער.

— מען דאַרף האָבן גרויס רחמים... — האָבן די ווייבער געשנייצט די נעז אין די אונטערקליידלעך — מישטיינסגעזאָגט...

מינדע איז געלעגן פאַרבייז, צווישן דעם בארג בעטגעוואַנד, בלייך ווי

דאָס קישן. ס׳איז אַפּילו נישט געווען ווו צו לויפן ערגעץ נאָך אַ דאָקטער אין דער גרויסער בהלה, אין די שיסערייען. פונעם פּאַק בעטגעוואַנד האָט געפּישטעט דאָס קליינע, רויטע נפשל מיטן שוואַרצן קאָפּ | קוטשערן. די ווייבער זענען געווען ארומגעשטעלט. אהרן־לייב האָט געשטעקט אונ־טערן אושאַק פון דער טיר, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, מיט זיינע הייסע, אָפּבריענדיקע אויגן. ס׳איז געווען א מאָדנער נעפּל פאַר זיין בליק. ס׳איז שוין מער נישט געווען קיין מינדע.

מ׳האָט זי אַראָפּגעהויבן אויף דר׳ערד, אָנגעצונדן צוקאָפּנס צוויי קליי־נע ליכטלעך אין אויסגעהוילטע קאַרטאָפל. אין דער נאָך־סוכותדיקער בלאָטע איז צוגעפאָרן צום גאַניק די זעלבע שווארצע עגלה מיט די צוויי אָפּגעריבענע פּסוקים פוןביידע זייטן טירל. דאָס אויסגעדייווערטע פערדל האָט געגלאָצט מיט איין פארלאָפן אויג צו די עטלעכע יידן, וואָס האָבן געהאָלפן אויפשפּארן ביידע העלפט טויער. איינער פון זיי, מיט רויט־פּאַרפרוירענע בעקלעך, ווי צוגעלעגענע ווינטער עפּעלעך, מיט קליינע, טרערנדיקע אויגן, האָט געקלאפּט מיטן שפּיציקן שטאָק, געקלונגען אין א פּושקע און געשריען הייזעריק : „צדקה תציל ממות״. דער אַנדערער האָט נאָכגעטראָגן אן אויסגעלאָשענע לאַמטער און מיטגערופן די יידן צו די הפקרדיק־אויפגעריסענע טירן.

די קליינע, צעשאָטענע לוויה האָט זיך געהוידעט אַראָפּ־גאַס, אויסגע־מישט זיך מיט די פורלעך. אַזוי האָט מען צום לעצטן מאָל אוועקגעפירט צום אלטן בית־עלמין דער דאָרפישער יידענע. זי האָט זיך אָבער די גאַנ־צע צייט געשראָקן פאַר דער שטאָט מיט אַ בלינדער, אומבאַוווסטער מורא. זי איז אָפּגעגאנגען אין בלוט אונטער דער אלטער טויבעלעס הענט. אהרן־לייב האָט שווייגנדיק און אויסגעלאָשן געפירט דעם קליינעם זאַל־קען ביי אַ הענטל; ביידע עלטערע יינגלעך זענען שטום, איינגעהויקערט, פארוויקלט אין זייערע אויסגעוואקסענע פאלטנס, נאָכגעגאַנגען דאָס פּינצ־טערע געזעמל.

אין איינע אַכט טעג האָט זיך איין אומגליק נאָכן אַנדערן אַראָפּגעלאָזן איבערן אַלטן הויז. סרוליק, וואָס האָט דאָ ערגעץ אַרומגעהאַוועט אין שטאָט מיט די באָרוועסע קאָמיסאַרן, איז פאַרשווונדן געוואָרן אינאיינעם מיט זיי. מ׳האָט אַפּילו דערציילט, אַז מען זאָל זיי האָבן הינטער פּינסק צע־שאָסן צוזאמען מיט נאָך אַ סך יידישע יונגעלייט ביי דער קלויסטער־וואַנט. אסתר וועוועס, צוזאמען מיטן יונגוואַרג מיט די פלאַמיקע טשופּרינעס, פון דער „סלאָבאָדקע״, האָבן ווידער פּוילישע זשאַנדאַרן באלד דעם ערשטן שבת־צונאַכטס אַרעסטירט, געשמידט אין קייטעלעך און אָפּ־געפירט זיי צום ווייסן תפיסה־בנין.

צום לעצטן מאָל האָט דאָס שלאַנקע, אומרואיקע בחורל וואָלף געזען אסתרן אַרונטערגיין די טרעפּלעך פון פאָרנטיקן גאַניקל. אירע קורץ־אונטערגעשניטענע האָר האָט א ווינטל צעווייעט איבער איר ווייסן, בולטן

שטערן. מיט אַ פּלאַטערדיקער האַנט האָט זי זיי אַ פאַרשאַר געגעבן און איז נישט געאײַלט אַוועק מיטן טראָטואַר הינטער די טאָפּאָלן. זי האָט געהאַט, געדענקט זיך, ווײַסע, קלײנע הענט און קינדערישס איז געווען אין איר פאַרהויבענער ליפּ. נישט ווײסנדיק ווי אַזוי און נאָכוואָס, איז איר דאָס יינגל דעמאָלט נאָכגעגאַנגען. ביז זי איז פאַרשווונדן אין נידעריקן אײַנגאַנג פון בערלינערס הײזער. מ׳האָט זיי דערנאָך געזען אַראָפּפירן פון דאָרט. מען האָט דערציילט אויף די שוועלן, אַז „זיי זיצן פעסט״. אָבער אין דעם אַלטן הויז האָט מען קײן הויכע פאַרע נישט געלאָזן פאַלן. דער לאַנגער וועווע איז אַלץ געזעסן, די פיס פאַרוואָרפן אויפן ניי־בענקל, און געצויגן די אָנגעסמאָלעטע דראַטוועס. דאָס קלײנע מאַמעלע האָט זיך גע־פּאָרעט ביים פאַרסאַדזעטן קיכל.

און אויך דובן, דעם עלטערן, האָבן נאָכאַנאַנד געוואָרגן מאָדנע בענקשאַפטן. ער האָט שוין געוווסט, איז געווען כמעט ווי זיכער, אַז ער וועט ביים טאַטן אין הויז לאַנג מער נישט פאַרבלייבן. ס׳האָט געבלאָזן אַן אומעטיקער ווינט פון אָסיען. דער אויפגעבראָכענער אויבסט־סאָד איז געלעגן צעטרעטן. דער פריער אָקטאָבער האָט באַגינען אַוועקגעלייגט אַ ווײַסע ראָסע אויף די נידעריקע דעכער. פון בעקערס קוימען איז אויפגע־גאַנגען אַ געדיכטער רויך פון סאָסנאָווע האָלץ. אין דער לופט האָט זיך געפילט אַ זויערקייט פון פאַרקנעטן ברויט, אַז דער גומען האָט גענומען וואַסערן. ס׳איז נישט געווען אין שטוב מיט וואָס צו שטילן דעם הונגער. די נידעריקע זון האָט קאַרג געוואַרעמט. געזונטע ריחות פון בלעטער־פוילונג און אַ ווייניקער ריח פון עפּל האָט זיך געטראָגן צו די אָנגע־שפּיצטע נאָז־לעכער.

די קלוגע שיינדעלע האָט באַלד נאָכן אַלטנס טויט, דורך אַלערליי פּאַפּירלעך און געריכט־אַקטן, גענומען זיך אַרויסצוּוואַרפן די אַלע אָנגע־לאָפענע קרובים און האַלבע קרובים פונעם אַלטן ירושה־הויז. מ׳האָט גע־שמועסט וועגן עפּעס אַן אָפּגעפונענער צוואה פון שימעלע באָדקער, גע־שריבן מיט זיין דראָבנעם, ציטערדיקן העברעאישן כתב, און אַז דאָרט זאָל כלומרשט האָבן געשטאַנען שווארץ אײף ווייס, אַז אלצדינג קערט צו איר; ס׳זאָל דאָרט אויך האָבן געווען צוגעשריבן, אַז שימעלע באָדקער, וואָס האָט זיך אָנגעקערט אהרן־לייבן משפּחה פון די באָדקער פּראָסטלע־כע יידן, זאָגט אָפּ די דירה פאַר אהרן־לייב שמיד ביזן סוף פון זיינע טעג, ווייל ער וועט איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר זאָגן נאָך אים קדיש. אהרן־לייב האָט געשפּיגן אין קורצן בערדל אַריין, וואָס האָט זיך פאַר דער צייט היפּש גענומען זילבערן. ניין, אין דאָרף אַריין האָט ער מער נישט קיין פאַרלאַנג געהאַט אומצוקערן זיך. מסתמא איז שוין אַלץ אַזוי באַ־שערט געווען.

ער האָט טויב געשוויגן, דער פאַרטראָגענער ייד. וואָס האָט ער דען

געהאַט צו זאָגן די ייִנגלעך? ווי ער וואָלט זיך געפילט פאַרשעמט און פאַרשולדיקט פאַר די אונטערוואַקסנדיקע קינדער. ער האָט זיך אַליין קיין עצה נישט געקענט געבן מיטן פּיצל קינד. ס׳איז געווען אַן אָרעם, בלייך מיידעלע, וואָס האָט געזויגן ביי אַן אַם אין ערשטן יאָר נאָך מינדעס טויט. ער האָט אַפילו גערעכנט אריינצונעמען עפּעס אַ ייִדענע אין שטוב אַריין, נישט טויבעלען, זי איז שוין געווען אַ זקנה און האָט געהאַלטן אין איין אונטערציטערן מיטן קרומען טויבן־קעפּל. אָבער די אונטערגעוואַקסענע ייִנגלעך האָבן פאַרכמורעט געשוויגן, זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין איין וואָרט אַפילו.

ס׳איז געווען אַזויפיל באַדאַכטער צער אין טאַטנס געשטאַלט, וואָס איז געוואָרן ווייכער, בויגיקער, איבערגעצויגן מיטן פאַרגעלטן טולופּ, ווען ער איז אין בלענדיקן שבתדיקן פאַרנאַכט צוריקגעקומען פון בית־מדרש אָפּרוען זיך אין אַלקערל. ער האָט נישט געטראָגן, ווי די גאַנצע וואָך, זיינע פאַרבלאָטיקטע, דאָרפישע שטיוול, נאָר איז ווייך געטרעטן אין האַלבע שיך, אין ווייסע זאָקן. דער פאַרטראָגענער ייִד האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שוועל, געקוקט אין דער האַרבסטיקער פוסטקייט צום ברעג. דאָרט, אויף אַ גאָרן־שטיבל, איז אמאָל געשטאַנען זיין וויג. ער האָט דעם אייגענעם טאַטן זיינעם כמעט ווי נישט געדענקט. דאָס אונטערגעוואַקסענע ייִנגל איז אים שטיל נאָכגעגאַנגען. דאָס אַלטע, זיסע, אומעטיקע ניגונדל, האָט זיך אים געדוכט, וואָיעט אויס דער ווינט אין די טאָפּאָלן־צווייגן. דער צוגעפאַלענער אָוונט איז פול געווען מיט שטילע, פאַרשטיקטע געזאַנגען. זיי האָבן זיך געטראָגן פון דער קלויז, פון די יונגע חלוצים און פון ארומגעבראָכענעם סקווערל — די פאַרבאָטענע לידער. און דוב האָט דאָ אַלץ ערגעץ אַרומגעבלאָנדזשעט אין אַ וועלט פון רעיונות. וווּהין זאָל ער גיין? צו וועמען?

דאָס ייִנגל איז אַרומגעגאַנגען שטום, דעם קאָפּ טיף פאַרגראָבן אין די אַקסלען, מיטן אויפגעשטעלטן קעלנערל פון זיין דאָרפיש, אויסגעריבן כאַלאַטל. ער האָט אַפילו איינמאָל באַטראַכט צו נעמען און אומצוקערן זיך אַהין דאָרט, צו די היימישע שטעטלעך, צו די קרעפטיקע יונגעלייט, צו די געזונטע, פול־ברוסטיקע מיידלעך פון קאַנט אַרום סטעפּין. דאָרט, האָט זיך אים אויסגעוויזן, איז אַלץ געווען קלאָר און פשוט. נאָך אַלעמען — האָט ער זיך געזאָגט — וואָס איז געווען דאָס לויפן אין שטאָט אַריין? מענטשן לעבן דאָרט פונדעסטוועגן אויך; לעבן שווער, אָבער זענען פאָרט ערגעצוו צוגעבונדן. אַלעמען טראָגט עס זיי אָבער דאָרט, פון די שטעטלעך, דאָס יונגוואַרג. זיי עסן, דוכט זיך, פון די קאַרגע גערעטענישן פון דער זעלבער אָרעמער ערד און האַנדלען אונטער צוביסלעך. אָט דאָ איז עס — דאָס געווּעלבל... צי איז עס דען אַן ערלעכע חיונה, פרעגט זיך? פאַרוואָס קענען מיר נישט זיין אַנדערש? אָבער צי

איז דען דעם נישט־ייד בעסער? — צו דעם געדאנק איז ער נאָך נישט געהאט דערגאנגען.

מסתמא איז דאָרט אוודאי אויך געווען עפּעס א מיידל. ווי דען! דאָרט האָט מען געאַרבעט ביי די קלעצער אין וואַלד, ביים פאַרלאָדעווען זיי, אָדער אויף דער אָפּגעלעגענער באַן־ליניע.

אין בערלינערס מויערן, אין די הויכע, אויסגעווייסטע צימערן, האָט זיך אָוונט־צייט געקאָכט. אהין האָט עס אים בלינדעהייט פאַרפירט. עס זענען דאָרט יעדן טאָג געקומען אָנצולויפן פון „יענער זייט" שוואַרץ־שויבערדיקע, פאַרפלאַמטע יונגעלייט אין אויסגעבייטע העמדלעך. זיי זענען דאָ פאַרבליבן ארומדרייען זיך אַ פּאָר טעג און זענען ווייטער ערגעץ געלאָפן. דוב האָט זיך פון דער זייט צוגעהערט צו די הייסע גערעדערייען, צו די לאַנגע, פאַרפלאָנטערטע דיסקוסיעס און עפּעס אַלץ נאָך נישט פארשטאַנען. ער האָט נאָר געוווסט, אַז ס'איז דאָ אַלץ ארום אַן אומבאַגרייפבארע, ווייטע, פרעמדע וועלט פאַר אים. ער וועט פון איר אַוועקגיין. דאָ איז נישט אונדזער אָרט, פונקט ווי דאָס דאַרף פריי־לוקי. זיי זעען עס נישט. זיי וועלן עס אפשר אמאָל איינזען. מיר וועלן איבערשמידן די שווערדן אויף אַקעראייזנס און אַליין אויפשניידן אונדזער באָדן. ער האָט ערגעץ אויסגענישטערט אין הויז אלטע משכילישע ספרימלעך; אַריינגעקוקט אין זיי, געבראָכן זיך דעם קאָפּ, אַלץ געזוכט טופס צו זיין; זיי האָבן זיך נאָך אַוודאי געהאט פאַרוואַלגערט פון דעם ווייטן פעטער, דעם מאָדנעם סאָרט ייד שימעלע באָדקער, וועלכער איז אַוועקגעשטאָרבן ערגעץ אין דער פרעמד און שיינדעלע האָט זיך איצט אַרומגעטראָגן מיט זיין צוואה.

# 10

בעתן אַרויסטרייבן פון דער ברענענדיקער היים, האָט פינקע סטעל־מאַך אין געאייל געהאט איינגעהאנדלט אַ ווייסע קליאַטשע מיט לאַנגע, דינע פיס, מיט אַ שווארץ פלעקעלע צווישן די אויגן. אויפן צעשיטן פורל האָט ער אַרויפגעזעצט זיין קליינע משפחה און געלאָזן זיך אַנטלויפן. היינ־טער קאָברין האָט זיי אַנטקעגן אַנגעיאָגט אַ הערטל קאָזאַקן; און איינער פון זיי, דער עלטסטער, ווי נאָר ער האָט דערזען דאָס ווייסע פערד, איז עס אים גלייך געפעלן געוואָרן און ער האָט אויפן אָרט געהייסן עס אויסשפאנען. איז פינקעס קליין ווייבל אראָפּ אמפערן זיך מיט זיי. אַ

וואַרט פאַר אַ וואַרט, ביז די קאָזאַקן האָבן, אַרומרינגלענדיק דאָס פורל, דורכגעשטאָכן זי פון די פערד אַראָפּ מיט די פּיקעס און אַוועקגעפירט מיט זיך די ווייסע קליאַטשע. דאָס אויסגעשפּאַנטע פורל מיטן מת האָט פינקע געלאָזן ערגעץ אויף די וועגן; און אליין, מיטן פּיצל קינד אויפן אָרעם, האָט ער זיך נאָכדעם קוים דערשלעפּט ביז האָמעל.

דאָס מיידעלע, דינה, איז אונטערגעוואַקסן אַן אומרואיקע, אַ בלייכע, מיט גרויסע איבערגעשראָקענע אויגן. אין דעם ווינטער מיטן זומער, ווען מ׳האָט געמיטינגט אונטערן פרייען הימל, איז די קליינע נאָכגעלאָפן אי־בער די צעטראָטענע פלעצער פון שטאָט די בערדיקע סאָלדאַטן און מאַטראָסן.ביים פענצטער, אין אָנגעפּאַקטן עשאַלאָן, ווען מ׳האָט זיך אומגעקערט צו דער חרובער היים, האָט זי געוויינט, געוואָלט צוריק אהינצו. דערנאָך האָט זי אַלע לידער אויסגעזונגען מיט אַ דין, קוויטשיק שטימעלע אין די ליכטיקע צימערן, צווישן נאָך אַ סך ארומגעגאָלטע קעפּלעך, אין אַ קינדער־היים, דאָ אין שטאָט. צו פרישטיק האָט מען גע־געבן קאַקאַאָ מיט ווייסע בולקע. די קינדער האָבן דערציילט, אַז זי שרייט ביינאַכט פון שלאָף, אַז זי זינגט און זיי האָבן געלאַכט. דעם גאַנצן טאָג, פאַרקערט, איז זי אַרומגעגאַנגען שטיל, געשאַרט זיך אין די ווינ־קעלעך.

אין רינג בערלינערס מויערן האָט דינקע, כמעט פאַר אַלעמען אין די אויגן, אַ הייב געטון זיך מיט צוויי און מיט דריי קעפּ העכער. איר פּנימל איז פולער געוואָרן, די איבערגעשראָקענע אויגן — אָנגעגאָסן מיט אַ גלאַנץ, און שעמעוודיק האָט זיך געווינטלט דאָס בלוזקעלע איבער דער קוים־אָנגעצייכנטער ברוסט. אַפילו נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן דעם פערטן שול־יאָר, איז זי אַוועק צו אַ שניידערן אויף דער לער.

— דרייער־זלאָטעס ווילסטו? — האָט דער קליינער טאַטע געשריגן — כ׳קען באַשטיין ס׳זאָל גענוג זיין די לערע. קיין „יאָקטערקע" וועסטו שוין סיי־ווי נישט זיין. כ׳בין אלט און שוואַך...

די ערשטע עטלעכע ווינטערן זענען אויסגעפאַלן ביטערע און שווע־רע. די ענגעניש אין דעם הויז איז כסדר גרעסער געוואָרן. די עשאַלאָ־נען האָבן אויסגעטרייסלט אויפן וואָקזאַל די פאַרלייזיקטע און אויסגע־מאָרעטע יידישע געזינדלעך. פון די אָנגעפּאָרענע האָבן זיך געטראָגן קיצלדיקע ריחות פון יאַדאָפאָרם און פון אויסגעפּאַרעטע קעסלען. זייערע לייבער זענען באַדעקט געווען מיט בלאָטערן, וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט געדיכט און געאייטערט. איבערהויפּט האָבן זיי זיך געקלעפּט צו די קינ־דער — געשוואָלענע, מיט אויפגעלאָפענע בייכלעך, מיט אויסגעקרומטע פיס פון דער ענגלישער קרענק, מיט גרויסע וואַסער־קעפּ.

פינקע איז געלעגן פאַרשטעקט אין דער קויקע, געגראַבלט צווישן די פאַרשטויבטע שימות, צוגעטראָגן זיי נאָנט צו די אויגן. ער האָט זיך

געפּאַרעט מיט די טעפּ אויף דער אַלגעמיינער קיך. אין דער שיטערער פּארע, האָט דער ייד געקוקט דורך די געפּלאַצטע ברילן־גלעזלעך מיט אַ ווייטן בליק, געקוקט אויף דינקען מיט גרויס צער. ער האָט אַ שמעק געטון צום טעלער און קוים פאַרזוכט. ביינאַכט האָט ער זיך געדרייט צווישן די ווייבער און נישט געהאַט וועמ ס׳זאָל אים אָפּקאָכן א לעפל געקעכץ. ער איז זיצן געבליבן לעבן קליינעם ווייבעלע פון יענער זייט ווענטל, מיט פאַרגלייזטע אויגן, צוגעקוקט זיך, ווי זי זופּט דאָס ביסל שיטערס, און האָט אונטערגעהוסטלט. איבער זיי האָט געקאָפּטשעט דער נאַפט־לאָמפּ. אין דער טונקל האָט זיך דער רויך פון זיין מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסל אויסגעמישט מיטן דער פּארע פון איר טעפּל.

— ס׳איז נאָך פאַרבליבן אַביסל שיטערס... — האָט אים דאָס ווייבל אונטערגעטראָגן אַ שיסעלע — נעמט, ר׳ פּיניע.. זאָל אייך ווויל באַקומען...

און אין קורצן האָבן זיי שוין געוווינט אַלע אינאיינעם; ס׳הייסט דינה, דאָס מיידל דעם ווייבלס, דער הויקער, און ס׳פּיצל, מיטן שוואַרץ־געקרייזלטן קעפּל, וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט איין ווינטער שפּעטער. דאָס ווענטל וואָס האָט פריער אָפּגעטיילטביידע שטיבלעך, האָט מען צענומען און ס׳איז טאַקע געוואָרן אַביסל גרוימער.

דאָס אָפּגעצוימטע שטיבל איז פול געווען מיט דער פּאַרע פון די געוועשן, וואָס דאָס ווייבל האָט אָנגעברענגט פון די באַלעבאַטישע הייזער אין שטאָט. דאָס מיידל, דער הויקער, איז געזעסן איבער דער מאַשין, ביים פענצטער. אויף דר׳ערד האָט זיך ארומגעוואַלגערט דאָס קליינע, געפּויזעט ארום אַלע ווענט און בעטן; און דינה האָט שוין דעמאָלט אליין פאַרדינט אויף איר אויסקומעניש.

פּינקע איז ארויסגעפאָרן צו דער באַן אויף א „יאַזדע״ מיטן פערד, וואָס ער האָט געהאַט איינגעהאַנדלט ביים דייטש. פאַרדינט האָט ער „וואָס גאָט האָט צוגעשיקט״. געלעבט האָט מען אַלע צוזאַמען, יעדער האָט געגעבן צושטייער אין שטוב אַריין. נאָר דינהן איז פרעמד געווען די היים. זי האָט שטיל געשאַרכעט מיטן טירל, איז אוועק פרי און אהיימ־געקומען, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן. ס׳איז איר א רחמנות געווען אויפן קליינעם טאַטן, וואָס ער הוסט אָפּ גאַנצענע נעכט און פאַרטאָג טרייסלען זיך זיינע גלידער אויף דער קאַלטער פּאָדלאָגע. די הענט ציטערן ביי אים אונטער. ער וואַלגערט זיך אַרום אויפן מאַרק און קוקט אויס אַ זשעדנע פאַרדינסטל. פאַרנאַכט, ווען די געוועלב־טירן קלאַפּן זיך צו, וועקט מען אים:

— שלאָפט נישט אין די זאַכן, ר׳ פּיניע... ס׳איז שפּעט...

ער פאַרפאָרט צו די שטאַלן אין הויף און קריכט דערנאָך איבער דער

שטיג. ביים שיין פון טשאַדענדיקן לעמפּל, ציילט ער דעם קאַרגן פאַר־דינסט פון טאָג.

— אַז די ניכפּה זאָל עס אַוועקלייגן! — שעלט ער — גיב צו קייען דער שטומער פגירה, צאָל „פּאָדאַטקעס" און גיב נאָך צושטייער אין שטוב אַריין אויפן פּרעס...

ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך די וועסטן, די אונטערלייבלעך. דאָס קליי־נע, מיטן שוואַרצן שויבערל, ליגט פאַרשטעקט הינטער זיינע פּליי־צעס. ס'האָט אים אויסגעוואַרעמט דאָס בעט. פאַרזיכטיק האָט ער עס אָנ־גענומען, פאַרדעקט די פּלייצקעס. ער איז בייז. ער הוסט אָפּ גאַנצע נעכט. און אין בלויען פאַרטאָג וואַרפט ער זיך אַריין אין די וועסטן, אין פּעלץ, אין די שטיוואַליעס. אין אָוונט פאַלט ער אַוועק אויף דער קויקע, קוקט לאַנג אין דער טונקל אַריין, ווי אַ סאָווע; ער טאַפּט אָן דעם טיש, די בענקלעך, מורמלט עפּעס, דערמאָנט זיך אין ליידיקן טעלער און קרעכצט.

— נישטאָ נאָך אַביסעלע שיטערס, סאָסיעז... דאָס האַרץ צו דער־כייקען ? ...

— דער טאָפּ איז אויסגעקראַצט ביזן דנאָ!... — הערט זיך דער שטיף־טאָכטערס פאַרזויערט קול פון הינטערן ווענטל.

זי איז אָנגעשטויסן אויף דער גאַנצער וועלט, וואַרטשעט. אַלעמאָל פאַרנאַכט, סטראָיעט זי זיך אויס אַוועקצוגיין, אָבער זי גייט נישט אין ערגעץ. זי איז בייז, שעלט אַלעמען מיט טויטע קללות. דינהן הונגערט זי פּשוט אויס; אַמאָל לאָזט זי איר איבער אַביסל שיטערס אויפן דנאָ און אַמאָל — דאָס אויך נישט.

— גיי צו דיינע יינגען מיט די מיידן! — שרייט זי — ליגסט דאָרט אָפּ גאַנצע נעכט, לאָזן זיי דיר געבן צו פרעסן אויך...

זי האָט נאָכאַנאַנד געאיילט, דינקע, „צו די יינגען מיט די מיידן". זיי האָבן נישט געקענט רוען, דאָס יונגוואַרג, זינט ווען די באַלעבאָסטעס פאַר־נעם הויז האָבן צום לעצטן מאָל אַראָפּגעבראַנגט די קאָמיסיע.

אין די דריי פראָנטאָווע פענצטער, וואָס קוקן בלינד צום דרויסן מיט די טיף־אַראָפּגעלאָזענע גאַרדינען, האָבן זיי געוווינט, די ווירטינס פון בערלינערס הייזער — צוויי אַלטע פריילנס, מיט פאַרשנירעוועטע פּיסק־לעך, וואָס רעדן נאָר רוסיש. זיי האָבן זיך מיט קיינעם אין הויף נישט געהברט. אין איין שיינעם פרימאָרגן האָבן זיך זיך פּלוצים אַראָפּגעיאָוועט אַהער. די עלטערע — אַ נישט־דערפאַרענע יוריסטין און די יינגערע האָט די מעדיצין אַוועקגעוואָרפן אין דער מיט. זי איז איינמאָל צוריקגעקומען פון פּראָסעקטאָריום, אַ טויט־בלייכע, האָט געהאַלטן אין איין שפּייען. „מיין גאָט — האָט זי געפּישטשעט — די זעלבע, וואָס לייענען פּאָעזיע... און בכלל"... אפשר אַ יאָר צייט האָט זי קיין פליישׁ צום מויל נישט גע־נומען. טאַקע דעמאָלט האָבן פון מאָסקווע אָנגעהויבן צו קומען די בריוו

זעלטענער; זייער טרויעריקע בריוו האָט ער געשריבן, דער פּאָטער. די „וויסטע שפּיל" מיט די באַלשעוויקעס, וואָס האָבן אַלע פּאַרמעגנס קאָנ־פיסקירט, האָט זיך אַזוי שנעל נישט געענדיקט, און די בריוו זענען איינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן. מ'האָט אליין באַדאַרפט פאַרנעמען זיך מיטן טאַטנס הייזער, וואָס זענען געבליבן אויף הפקר. מיט דער הילף פון אַדוואָקאַטן און קאָמאַרניקעס, האָבן זיי קוים אָפּגעליידיקט עטלעכע פּראָנטאָווע צי־מערן. זיי זענעןביידע פאַרביי דעם הויף, האָבן גענומען קלעטערן איבער דער אייזערנער שטיג און זענען באַלד אַראָפּ.

און פון דעמאָלט אָן האָבן אָנגעהויבן צו קומען די קאָמיסיעס. דער הויף איז ארויס אָנקוקן די פרעמדע לייט, וואָס האָבן געמאָסטן דעם אויס־געפּרעסענעם פונדאַמענט, באַטראַכט די בלינדע, געשפּאָלטענע וואַנט, די שטיג, וואָס שטעקט אין דער מיט דורכפאָר, און זענען אַוועק. מ'האָט דערציילט אַז מען גייט רעמאָנטירן די מויערן און אַז מען מעג זיך שוין נעמען קלייבן.

עס זענען פאַרפאָרן שווערע וועגענער אין הויף אַריין. מ'האָט אַוועק־געטריבן דאָס קליינוואַרג און גענומען זיך אָפּלייגן ס'געהילץ ביי די איינ־געבראָכענע שטאָלן. אינדערפרי איז צום לעצטן מאָל אַראָפּגעקומען די קאָמיסיע. פינקע האָט זיך פאַרהאַלטן ביים אויסגעשפּאַנטן וואָגן. אין שפּעטן פרימאָרגן האָט ער זיך געקליבן אַרויסצופאָרן אין מאַרק אַריין. ער האָט געגלאָצט דורך די געפּלאַצטע ברילן־גלעזלעך און אויסגעשפּיגן.

בערלינערס הויף וועקט זיך זייער פרי. די אויסגעבלייכטע ייִנגלעך גייען אַוועק מיטן טראָטואַרל צו די מייסטערס אויף דער לער. די מייד־לעך איילן צו די בייטערקעס. דער וואַסער־פירער יאַנקל טרייסלט זיך צום טייך־אַראָפּ אויפן גרינעם פעסל. לייבע דראָזשקאַזש פאַרפאָרט באַ־גינען נאָך אַ נאַכט־„יאַזדע", צו די שטעלער. ער שעפּט אָן קיבלעס וואַ־סער און גיסט אויף די פאַרבלאָטיקטע רעסאָרן. אַלע שטאָקן און פליגלען זענען אין דעם פרימאָרגן שוין געשטאַנען אויף די פיס.

— ר' פיניע — האָט זיך יאַנקל וואַסער־פירער אָפּגערופן — וואָרט צו אַ ווייליִנקע... ס'וועט דאָ אַזוי גלאַטיק נישט אָפּגיין... איך טענה אַ גאַנצע וואָך, אַז מ'באַדאַרף איבעררעדן מיטן עולם און זיי — שלאָפן... מען וועט זיך עס אַזוי לאָזן וואַרפן פון די דירות? וואָסי? כ'בין נעכטן אַזוי געשטאַנען און איינגעהערט זיך צו זייער רעדן... דיין מיידעלע האָט אויך נישקשה פון אַ פּיסקל... זיי זענען, אויף מיין וואָרט, גערעכט, דאָס ייִנגוואַרג — איינער איז קיינער...

די פּלייצעס האָבן זיך ביי זיי געהויקערט. אַלע פענצטער זענען גע־שטאַנען אויפגעריסן. דער הויף איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. צוויי געהילפן זענען נאָכגעגאַנגען דעם קאָמאַרניק איבער דער שטיג. גלייך הינטער דינהן האָט זיך פינקע מיטגעשפּאַרט.

— לאָזט נאָר מיר צו! — האָט יאַנקל געמאַכט קולות.

נאָר ביידע, מיט די בלעכלעך אין די לאַצן, האָבן אים אַ שטופּ געטון פון די ערשטע טרעפּלעך. העגט און פיס האָבן זיך אַ וואַלגער געטון אין דער לופטן. דער קאַמאַרניק האָט אויבן געקלאַפּט אין אַ טיר. דריי מאָ־ליציאַנטן האָבן זיך גענומען אַרויפשטופּן. זיי האָבן געפּאַכעט איבער קעפּ מיט די גומענע שטעקנס. פיר פּאָר הענט האָבן געריסן דאָס שוואַכע טירל. די דינע ברעטלעך האָבן זיך געבראָכן און די לויזע קליאַמקע איז פאַר־בליבן ביי זיי אין די הענט. אין אויפגעבראָכענעם טירל, צווישן פּלייצעס, האָט דאָס קליינע, שוואַרצע ווייבעלע געשטעקט אַ שויבערדיקע, מיט אַן אויפגעריסן מויל.

— מענטשן! — האָט זי געליאַרעמט — ראַטעוועט!

און דעמאָלט זיך פינקע אַ ריס געטון. די ברילן־גלעזלעך זענען אים פאַרפאָרן אויפן שפּיץ נאָז און זיינע קליינע, רויטע אויגן האָבן געטרערט. ער איז געווען אינגאַנצן צעכראַסטעט, ווען מ׳האָט אים אָפּגעשטויסן צו דער וואַנט. אין פרימאָרגנדיק־אויפגעראַיעטן שטיבל האָט דאָס קליינע, מיטן שוואַרצן שויבערל, אויפגעהויבן אַ געוואַלט און אַוועקגעשאַרט זיך צווישן אַלע בעטן צו דער מאַמען, וואָס האָט זיך געקלאַמערט ביי די פיסלעך פון אַ טישל.

— אַפריייניקן! — האָט דער קאַמאַרניק באַפוילן.

אָבער ווי נאָר דער אָונט איז צוגעפאַלן, איז אין הויף אַריין אַראָפּ־געקומען די פריילעכע חברה.

— נו, אונטערגעהויבן! — האָט וואָלף געקאָמאַנדעוועט. ער אַליין האָט אויבן אראָפּגעדרייט דאָס שלעסל מיטן טריפּוואַקס פון דער טיר און אין שיין פון אַ קאָפּטשענדיקן לאָמפּ, האָט מען צוריק גענומען אַרויפ־טראָגן דאָס אָרעמע ביסל מעבלוואַרג. פינקע האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזן אויף אַ קעסטל. דינה האָט געקלאַפּט די איבערבעטן, צערודערט די שע־ניקעס און פאַרטיק געמאַכט די געלעגערס.

— גיי לייג זיך, טאַטע! — האָט זי אים געוועקט פון קעסטל.

ער האָט זי פאַרכמורעט אָנגעקוקט און זיך שווערלעך אויפגעריסן. דוכט זיך אַן אָפּגעפרעמדטע און — דער פייכטער גלאַנץ אין דער טאָכ־טערס אויגן האָט אים ווייך געמאַכט דאָס האַרץ. אַז קיין אַנדערע רייד, אויסער געבייזערן, געפינט ער קיינמאָל נישט פאַרן מיידל...

אַרום פורים־צייט איז אין בערלינערס הייזער געפּראַוועט געוואָרן די אָרעמע חתונה פונעם האַרבאַטן מיידל דעם ווייבעלעס. ס׳האָט זיך אין הויז אָפּגעפונען אַן עלנטער בחור מיט אַ שאַרפן, פאַרוואַקסענעם קין, אַ מענסקע שניידער פון פאַך. ער איז אַזוי עטלעכע מאָל אַרויפגעקומען אַהער, צוגעזעצט זיך לעבן דער מאַשין, ווו דאָס מיידל איז געווען אי־בערגעבויגן, און האָט עפּעס אַלץ נישט געהאַט קיין האַרץ אָפּצוזאָגן,

ווען די אַלטע האָט אים אָנגעהויבן אונטערצוטראָגן אַ טעלער שיטערס. ער האָט אונטערגעקרעכצט, אַז מ׳איז עלנט אויף דער וועלט, אַז ס׳בענקט זיך נאָך אַ וואַרעמער היים. דאָס מיידל איז זיצן־געבליבן מיט אָנגעבלענדטע אויגן, אָן איין וואָרט צו געפינען. אויף דער צונג איז איר אַפּילו יאָ געלעגן עפּעס אַ וואַרעם וואָרט, נאָר זי האָט עס פּשוט קיין כוח נישט געהאט אַרויסצורעדן. די אַלטע איז אויסגעוואַקסן הינטער זיי.

— סאָסיע־לעבן — האָט זי געוועקט דער טאָכטער — ס׳וועט שוין, אויף מיין וואָרט, גענוג זיין אויף הייַנט... גיי אַביסל אַראָפּ שפּאַצירן... גייט, גייט, ייִנגוואַרג זיצט אין אָוונט נישט אין דער היים...

— האָרעווע אויף זיי! — איז פּינקע שפּעטלעך אַרייַנגעפאַלן פון גאַס, אַן אָפּגעצוואָגענער פון שנייען און רעגנס — טאָמער איז קאַרג, האָט זי נאָך איינגענאַדיעט אן אומזיסטן פרעסער אין שטוב אַריין...

— גזלן! — האָט ס׳ווייבעלע געקריצט מיט די ציין — זע נאָר ווי ליב ס׳האָט זיך... כ׳האָב אין דר׳ערד דיר מיטן „באַסטרוק״, מיט דיין „פאַניענקעלע״ אינאיינעם... קומט אַרויף אַן איידעלער יונגערמאַן, קרענקט עס אים...

אַז ס׳האָט זיך פונדעסטוועגן אָנגערוקט די חתונה, האָט פּינקע איינגעריסן אַ וועלט, אַז די כלה זאָל נישט פאַרשעמט בלייבן. ער האָט געברענגט אין שטוב אַריין וויפל נאָר דער טאָג האָרעוואַניע האָט אים צוגעשיקט און האָט זיך נאָך פאַרבאָרגט, פאַרשולדיקט מיט אַ היפּשע עטלעכע זלאָטעס.

— נאַ — האָט ער אין אָוונט אויסגעציילט אויפן טיש ס׳ביסל קלייַנגעלט — ס׳איז מיין קינד, אַזוי גוט ווי דיינס. ביי דינהן, מערטשעם, וועט מען זיך אָפּדינען אין נחת...

נאָך אַ וואָך האָרעוואַניע, האָט ער זיך דעם גאנצן שבתדיקן טאָג אויסגערוט אויף דער קויקע. אָבער שבת־צונאַכטס, ווען מ׳האָט זיך גענומען פאָרען, האָט ער זיך אויפגעהויבן, כאָטש דאָס הוסטל האָט געשטיקט. דאָס ווייסע העמד אָנעם קאָלנער איז געווען פאַרשפּילעט מיט אַ ספּינקע, דאָס בערדל — אונטערגעקעמט. אונטער די געפלאַצטע גלעזלעך — אַ קראַנקער שימער. פון די ארומגעבראָכענע פאַרענטשעס ביז צו די טירן איז קאָרידאָר איז געווען פארפּראָפּט מיט עולם.

צווישן די צערוקטע טישן און בענק האָט מען געטאַנצט. פונעם זינגקעסטל אויף דער קאָמאָדע האָט זיך הייזעריק געריסן עפּעס אַ וואַלס. ביי וואָלפן איז די ווייסע בלוזע געווען פאַרשפּיליעט אויף אַ קנעפּעלע ענג ביים האַלדז. די כלה האָט זיך אַרויסגעריסן פון די ווייבערישע אָרעמס און האָט זיך איינגעקלאַמערט אין וואָלפס הויכן, פעסטן אַקסל.

— מענטשן! — האָט זי ליאַרעמדיק איבערגעשריגן דעם וואַלס — דאָס האָט ער מיך אָפּגעראַטעוועט די מאַשין פון די גזלנישע הענט אַרויס...

דער כלהס לאַנג, ווייס, טיולן קלייד האָט זיך צעבלאָזן און אויף איר פאַרפודערטן פויגל־פּנים האָבן זיך געהאַט אָנגעזעצט גרויסע שווייס־טראָפּנס. זי איז געווען שיכור פון גליק. אירע פעטע האָר זענען פאַרשאָטן געווען מיט קאָנפעטי און אירע צעוויגטע צעפּלעך זענען אין אַ ראָד גע־שווומען איבער אַקסלען און פּנימער. אַריינגעפּלאָנטערט אין דער מיט האָט זיך דאָס קליינע מאַמעלע אויך.

וואָלף האָט פאַרלעגן געשמייכלט און האָט געזוכט צווישן די שווינד־לענדיקע פּנימער דינהן. זי איז אונטערגעוואָקסן אַ שמאָלע, מיט שמייכ־לענדיקע גריבעלעך אין די באַקן. אירע קרייזלדיקע האָר זענען געווען פאַר־נומען מיט אַ שפּילקעלע. דער וואָלס האָט זיך אָפּגעהאַקט אין דער מיט; מ׳איז צוריקגעפאַלן צו די בענק. צווישן פלייצעס און עלנבויגנס האָט זיך פינקע געשפּאַרט אין דער מיט אַריין:

— דערלאַנגט נאָך עפּעס אַ פּריילעכס!

— ניין, טאַטע — האָט זיך דינה אַרויסגעשטעלט — איצט גייט דרשה־געשאַנק...

מ׳האָט צוזאמענגערוקט די טישן. איבער קעפּ האָט מען צודערלאַנגט בלייכן טיי. די פּאַרע האָט זיך געהויבן איבער די צעשפּיליעטע ברוסטן, איבער קרעטאָנענע בלוזקעלעך, פאַרטשעפּעט מיט בראָשקעס, איבער קראָכמאַליעטע קעלנער, וואָס האָבן איינגעשטייפּט די נישט־געווינטע העלדזער פון די באַלעגאָלע־יונגען. דינה האָט דערווייל אַרומגעזוכט דעם היימישן עולם ביים טיש. זי האָט נאָך אין פאָדערהויז דערהערט ווי זיי פּאַרציען די רוסישע ניגונימלעך — די זעלנערישע, די רויט־ארמייאישע. אַלע האָבן אָבער געפילט, אַז ס׳גרייט זיך דאָ עפּעס. דינהן איז אָנגעלאָפן אַ בלוי אָדערל אויפן האַלדז. זי האָט נאָר געוואָלט זאָגן דעם גאַנצן עולם, אַז אָנשטאָט דרשה־געשאַנק, ווי ס׳פירט זיך, וועט מען דאָ אויסקויפן אַ גלעזל בראָנפן און איינער וועט איבערשטייגן דעם אַנדערן. דאָס געלט וועט גיין אויף אריינשיקן פּעקלעך פאַר די אַרעסטירטע אין תפיסה אַריין.

— סאָסיעו! — האָט פינקע אַריבערגעשריען צו דער צעפּלאָמטער כלה — באָרג מיר אויס אַ זלאָטעו! באַלד מערטשעם מאָנטיק, נאָך דער ערשטער „יאַזדע", קריגסטו ביי מיר גלייך אָפּ...

ער איז שטאַרק גערירט געווען פונעם אויפטו:

— ווי לאַנג ערשט — האָט ער געזאָגט — אַז מ׳האָט אָוועקגעפירט פון דאנען נחל דעם גאָלן. אַ האַלבע נאַכט האָבן „זיי" געזעצט ביי מיר אין טיר... געוווסט, נישקשה, נאָך וועמען מען קומט... האָט ביי זיין טאַטן אין דער היים קיין געגנדזלעך און קיין פּופּיקעס אויך נישט געגעסן... נאָר דאָרט, אין געפענקעניש...

נאָך דער שמחה אין הויז, איז ווידער אריינגעקומען די וואָך. דאָס שטיבל איז פאַרשווומען געווען אין דער אייביקער פּאַרע פון די געוועשן.

— די שקאַפע — האָט פינקע געהוסט — פּאַכעט שוין מיט די זייטן ווי אַ בלאָז־זאַק... מ'דאַרף איר כאָטש זען אונטערשיטן אַ ביסל אָבריק... אַ שטומע צונג...

מיט די זייטן פּאַכעט ער אַליין אויך אונטער. דאָס הוסטל שטיקט, אָבער קיינער הערט אים דאָרט נישט. ס'וועט סוף כל סוף אַריינפאַלן אַהער פון אונטערשטן פליגל פעסע די באַנקע־שטעלערין, אַרויפּהאַקן אים אַ פּלייצע באַנקעס, אויסרייבן אים מיט טערפּענטין־מאַשטש און באַגינען, אַן איבערגעשוויצטער, וועלן זיך זיינע האַריקע גלידער אויפ־סניי טרייסלען איבער דער קאַלטער פּאַדלאָגע. אין דער פּאַרע, וואָס שטייט דאָ אייביק, איז שווער צו וויסן פון וואַנען דעם מאַמעלעס קולות דער־נעמען זיך :

— ס'טע געזען?... טאָ האָב כאָטש טענות צו דיין „פּאַניענקעלע"... ליגסט איר אַ סך אין זינען... וואָדען?...

קיינער האָט קיינמאָל נישט געדענקט, ווען זי איז אַהיימגעקומען, דינה, ווען זי איז אַוועק — אַזוי שטיל האָט זי דאָ געשאַרכט מיט די טירן. מ'האָט זי געקענט געפינען אין אונטערשטן פליגל, צווישן די פּאָ־רויכערטע קיכן, צווישן די שול־קינדער אין די ליכטיק־אויסגעווייסטע לאָקאַלן, אָדער אָוונט־צייט, אויף די אָנגעפּראָפּטע שטיגן אינעם הויז. דאָרט האָט זיך געקליבן דאָס יינגוואַרג, וואָס איז נאַרוואָס אַוועק אויף דער לער. פאַרנאַכט האָבן זיך איבערן סקווערל געוויי‌עט זייערע טונ־קעלע טיכלעך; אָדער שבת בייטאָג — אין פאַרשנייטן פּאַרק, ביים פּאַר־פּרוירענעם וואַסערל. דאָרט געפינט מען צווישן זיי וואָלפן. ער רייסט אַלץ אומרואיק קליינע שטיקלעך פּאַפּיר און זיינע רייד שיטן זיך אָפּגע־האַקט. ער געדענקט גאַנצע סטאַטיסטיק־טאַבעלן פון אויסנווייניק. ער פירט זיי נאָך זיך איבער די שינעס פון דער קליין־באַן, כאָטש דאָס קרו־מע רעגנדל וואַשט זיי און ווייקט זיי אַדורך. נאָר דינה לאָזט זיי אַלעמען איבער און לויפט אַהיים. דעם טאַטנס קרעכצן זענען נישט געווען אויף קיין קאַטאָוועס. די באַנקעס, וואָס פעסע האָט אים אַרויפגעהאַקט, האָבן אויך נישט געהאָלפן. ער ליגט אין היץ, אַ פאַרטראָגענער. דאָס שטיף־מאַמעלע געוואַלדעוועט שוין מער נישט אַזוי.

— ווי' און ווינד איז מיר — קרעכצט זי — ער דערקענט שוין, נעבעך, קיין מענטש נישט...

און אינמיטן ווינטערדיקן שבת האָט מען פינקען אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל אריין. געווען דאָרט אַ גאַנצע געטועניש, איידער מ'האָט אים אַריינגענומען. דינה האָט געמאַכט קולות :

— מען זאָל אייך ווייזן געלט — האָט זי געשריגן — וואָלט איר שוין ברייט אויפגעמאַכט אלע טירן... אַ מענטש גייט אויס און זיי — געלט, קוויטלעך...

פון הינטער די טירן זענען זיי אַוועק מיט געשוואָלענע אויגן און הייזעריקע. דאָס פאַרוויקלטע מאַמעלע האָט זיך נאָכגעשלעפּט איבערן שניי און האָט איר נישט געקענט דעריאָגן, דינהן.

אויף דער שקאַפע איז אויך אַ גוטער רחמנות. זי קלאַפט מיט די איינגעפאַלענע זייטן אין פאַרוויייעטן טירל; דאָס טירל וויגט זיך אין ווינט אויף די אויסגעריסענע זאַוויעסעס. אַ שטומע צונג, שטייט זי שוין דעם אַנדערן מעת־לעת אומגעגעסן. נישטאָ ווער ס'זאָל זיך אומקוקן אַפילו. אין פינצטערן פאַרטאָג רודערט זיך דאָרט קיינער נישט — נישט קיין רויט לאַמטערל און נישט קיין צאַפּלדיקער שאָטן אויף דער בלויז אויסגעטרעטענער סטעזשקע. אויפן אויסגעשפּאַנטן וואָגן, הינטערן פּיראַשיק, איז אָנגעפאַלן אַ קלאָר, געזיפּט שניייעלע דורך די דאַך־שפּאַלטן. ווינטערדיקע וואָראָבייען שטעמפּלען אָפּ קליינע שריטעלעך. זיי פּיקן אין פערדישן קויט. פאָסנע רויכן צעשווימען זיך איבערן פאַרוויייעטן הויף — מען קאָכט די מאָגערע געקעכצן אין אַלע פליגלען פון בערליינערס הייזער. דער עולם אַרבעט נישט. דורך די צעפלאַצטע שויבן, פאַרשטאָפּט מיט קישנס און קאָלדרעס, קוקן קינדערישע קעפּלעך. אַרום די פאַרויכערטע פליטקעס קלויבן זיך די פאַרבאַבלטע ווייבער.

די אונטערגעוואַקסענע יינגלעך האָבן זיך אַוונט־צייט פאַרשטעקט אין אַ ווינקל, לאַנג אַרומגעשמועסט און שפּעט ביינאַכט אָנגעטראָגן אַ פולע שטוב מיט ברעטער און שפּענער. די ווייבער האָבן זיך אַזש געקניפּן די באַקן, אַז זיי האָבן עס דערזען:

— אַז די מיידן וועלן זיך דערוויסן, וועט זיך טון חושך...

אין איינגעבראָכענעם שטעלעכל איז די שקאַפע שוין מיד געוואָרן צו רייבן מיט די הויטיקע ריפּן אין טירל. זי הירזשעט אָפּגעשוואַכט. קיינער געדענקט נישט אין איר. דער איינציקער, וואָס געדענקט אין איר, אַ פאַרטראָגענער אין היץ, איז פינקע. אין די לאַנגע, לאַנגע נעכט קוקט זי אויף אים פון דער טונקל מיט אַזעלכע קאַרע, בעטנדיקע אויגן, ווען הינטער די ווענט פון דער פּאַלאַטע, אין ווייטע קאָרידאָרן, כאַפּט זיך אויף אַ פאַרשטיקטער גערודער. אין קאַרגן שיין, טראָגט מען פון דאָרט אַראָפּ די נאָרוואָס אויסגעגאַנגענע אין מתים־שטיבל. דער ווייטער גערודער שטילט זיך איין, נאָר אים דוכט זיך אַלץ צו פאַרנעמען אַ ווייטע הירזשעריי; דאָס הירזשעט אַזוי די שקאַפע אין איינגעבראָכענעם שטעלעכל. זי פאָכעט מיט די איינגעפאַלענע זייטן, זי פאַררייסט די חנוודיקע מאָרדע מיטן ווייסן פלעקעלע, די געלע ציין בלייבן אָפּגעדעקט און זי פאַרגלייזט די קאַרע אויגן; זי אָטעמט, זי אָטעמט און פאַרוואַרפט מיטאַמאָל די פאַרהילצערטע פיס צום טירל. דאָס טירל בלייבט הענגען אין דער קרום, אויף איין זאַוויאַסע, אין דער בלענדיקער ליכטיקייט פון פריש־אָנגעפאַלענעם שניי... — — —

באַגינען איז דינה געקומען צולויפן אין הויף אַריין. מיטן צעוויי־עטן טיכל איבערן קאָפּ, האָט זי זיך געהויבן איבער דער אייזערנער טרעפּ, און א דין געוויין האָט זיך איר נאָכגעצויגן איבערן גאַנצן וועג. פאַר די איינגעבראָכענע שטעלער האָט מען שוין דורכן טירל, וואָס איז געשטאַנען אָן אויפגעריסנס, געשלעפּט די אָוועקגעפאַלענע שקאַפּע אין הויף אַריין. ביי אַלעמען האָט געזעצט אַ פּאַרע פון די מיילער. יאַנקל דער וואַסער־פירער האָט אַ פּאטש געטון אין די הילכיקע דלאָניעס און אויסגעלאָזן צו אַלעמענס קעפּ:

— ביסט אַ מבין? אוואַ... צוויי אומגליקן אין איין טאָג... שיין זיך דערמאָנט, צו אַלדי כאָליערעס... אַלע האָבן, דוכט זיך, געזען און עמי־צער זאָל זיך עס מאַכן וויסנדיק... מענטשן? הינט, נישט קיין מענטשן...

# 11

ווי דער ווייטער פערדן־גאַלאָפּ אין קלינגענדיקן סטעפּ הייבט אויף אַ שטויביק רויכל און דעמפּט ביסלעכווייז אויס אין דער ווייט, אַזוי איז צערונען, אָפּגעשטאָרבן דער פריילעכער גערודער פון דער כאַליאַסט־רע אין דעם הפקרן הויז. אַלעמען האָט זי אָבער ביסלעכווייז אַרויסגע־פּטרט, די כיטרע שיינדעלע. אהרן־לייבן מיטן פאַריתומטן הויזגעזינד האָט זי צולעצט געהאַט פאַרשטופּט ערגעץ אויבן, אין די עטלעכע קרומע גאָרן־שטיבלעך. נאָך אַלעמען, איז עס דעם דערשלאָגענעם, שווייגנדיקן ייד דאָרט נישט געגאַנגען אַזוי שטאַרק אין גאַנצן לעבן. מינדעס אומגע־ריכטער טויט אין קימפּעט האָט אים שוין אינגאנצן דערשלאָגן. ער איז פּלוצים געוואָרן פרומלעכער, גענומען שבת נאָכן שלאָף נישטערן אין פּעטערס ספרים־שענקל, כאָטש קיין גרויסער יודע־ספר איז ער נישט גע־ווען. די ספרים, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואָלגערט, האָט ער אַרויפגענומען צו זיך, ווייל ער האָט געוווסט, אַז שיינדל וועט זיי פאַרוואַרפן אין קע־לער אַריין; האָט ער זיי מיט דרך־ארץ אָפּגעשטויבט און אַוועקגעשטעלט ביי זיך אין גאָרן־שטיבל. אויך דעם גילדערנעם זייגער מיט די טאָפּל־דעקלעך האָט אים דער אַלטער הלל געלאָזן בירושה.

דער ייד האָט זיך גענומען פלייסיק, ווי צום פאַרגעסן, פונאַנדער־בויען די קוזשניע אין טיפן הויף, אַרומגעזען דאָס אַלטע הויז, אַריינגע־קלאַפּט אַ טשוואָק, ווו מ'האָט באַדאַרפט. צו פרילינג־צו, ווען די שפּער־לען זענען צוריקגעקומען אונטערן הויכן, שטאָטישן דאַך, האָט ער זיך לאַנג, פאַרמוחט און אומרואיק געדרייט אין הויף, עפּעס געבישטערט, באַ־

טראַכט; געגומען זיך פונאַנדערגראָבן אַ פּאָר בייטן הינטער די פענצטער, פאַרזעצט אַביסל קאַרטאָפל, מערן, ציבלקעלעך, רעטעכלעך און אַפילו בלומען. ס׳האָט דעם ייד עפּעס, מיט די ערשטע פרילינג־ווינטלעך, מיטאַמאָל גענומען נאָגן און ציען אַ מאָדנע בענקעניש. ער האָט אין שטאָט ווייניק אָרט געהאַט צו צעפירן זיך די הענט.

דער איינציקער, וואָס האָט זיך אָבער אַרויסגעדרייט פון זייערע הענט און איז אויף אַ שטיקל צייט ווידער קאַפּויער־געקומען, איז געווען — סרוליק. אַוודאי אַ יאָר צוויי־דריי ווי מ׳האָט נישט געהערט פון אים, פאַרפאַלן, ווי אין וואַסער אַריין; און פּונקט ווי אין יענעם לינדן נאָך־פורים, האָט ער איינמאָל ביינאַכט ווידער אַ קלאַפּ געטון אין לאָדן. דאָס הויז איז געשטאַנען פאַרהעמערט און אויסגעלאָשן. ס׳איז געווען אַ ווינטיקע און רעגנדיקע נאַכט. אַהרן־לייב האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן לופטשיקל פון גאָרן־שטיבל און איז, אין איינע אונטערוועש, אראָפּ אויפשפּאַרן די רידלען פון פאָדערהויז. דער פאַרוואַקסענער ייד האָט זיך דורך דער טיר־שפּאַרע אַ רגע שאַרף איינגעקוקט אין אים און, אָן איין וואָרט, אַריינגענומען אים דורך דער לאַנגער, קאַלטער קיך, געפירט אים אין דער פינצטער צום גאָרן־שטיבל, אויסגעבעט אים אויף דר׳ערד און מיט איין בלאָז צוריק פאַרלאָשן דאָס קאַניצל.

— דאָ וועט זיי אפשר נישט איינפאלן צו קומען זוכן... — האָט סרוליק נאָך באַוויזן אַ שושקע צו טון אהרן־לייבן אין אויער אַריין.

הינטער זייער רוקן, אין טירל, האָבן אין דער פינצטער געשטעקט די האַלב־נאַקעטע, צעשויבערטע יינגלעך. אויף יענער זייט פון פאַרשטאָפּטן דאַך־פענצטערל האָט דער שלאַקס־רעגן אַ גאַנצע נאַכט געריסן און געוואָיעט צווישן די קאַרשן־ביימלעך, אַז ס׳איז א רחמנות געווען אַ הונט אַרויסצולאָזן.

אַפילו דאָס עלטערע יינגל, דוב, האָט זיך שפּעט אין אָוונט געפלעגט אַריינצוכאַפּן צו אים אין קעמערל. ס׳איז געווען אַ סך פאַרבאָרגענער חידוש אינעם יינגלס גרויען בליק, אויסהערנדיק סרוליקס מאָדנע רייד. אויף די איינגעפאַלענע באַקן סרוליקס איז געלעגן אַזוי ווי אַ רויטלעכער זשאַווער, דאָס מויל — איינגעפאלן, אין די בלויע אויגן — אַ פרעמדער גלי. אָבער דער משפחהדיקער חשודיקער בליק איז אים נאָנט געוואָרן. דאָס יינגל האָט געוואָלט וויסן דעם תכלית פון דעם אַלעם און יענער, ווי ער וואָלט אים נאָך געהאַלטן אין איין אויסלאַכן:

— מ׳וואָלט געזאָגט, בחור, אַז קערסט זיך גאָרנישט אָן מיטן זיידן הללס כאַליאַסטרע — האָט ער געלאַכט, ווי קיינמאָל גאָרנישט — דאָס געוועזענע, מאָל דיר, וועט שוין מער קיינמאָל נישט אומקערן זיך... מיר גייען — אין דער געשיכטע אַריין...

און ס׳איז עפּעס מאָדנע קלאָר און באַנג געוואָרן פון זיינע רייד. ער האָט נאָך פריער אַ סך געהערט וועגן סרוליקן — וועגן די „אחדות״־לייט,

די „צער בעלי חיים", וועגן די לאָדקעס אויפן טייך אין די פּרייטיק־צו־נאַכטסן, ווו עס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן געהיימע פאַרזאַמלונגען; אַז ביים זיידן אויפן בוידעם האָט ער געהאַט פאַרשטעקט עפּעס ביכלעך און בלעטלעך און אַז מ'האָט אים שוין דעמאָלט ארומגעזוכט, נאָר ער האָט זיך באַצייטנס געהאַט אָפּגעטראָגן. דערנאָך איז ער אַנטלאָפן פון די אָקאָפּעס און ארומגעוואלגערט זיך ערגעץ אין די גרויסע, אויפגערודערטע שטעט.

און דאָס יינגל האָט אַלץ געבלאָנדזשעט; די אַלטע ביכלעך פון די חובבי־ציון, די ווייטע שמועות, מיט וועלכע ס'האָט זיך געקאָכט אויף די פאַרזאַמלונגען אין בערלינערס הייזער, וועגן אייגענעם לאַנד פּאַלעס־טינע, וואָס דער ענגלישער לאָרד באַלפור גייט אַוועקגעבן פאַר יידנס וועגן, האָבן אים אַלץ נישט געלאָזן רוען, האָבן גערעגט און געצונדן די פאַנטאַזיע. וואָס האָט ער דען דאָ צו פאַרלירן און צו פאַרטיידיקן ? מילא, זאָלן זיך די גויים אַליין שלאָגן צווישן זיך... מיר דאַרפן זיך אין זייערע עסקים נישט אַריינמישן.

— אָבער נאָר דאָ גייען מיר דערווייל אויף זיכערער ערד — האָט אים סרוליק צוערשט געדולדיק אויסגעהערט — רעד זיך נישט איין, אַז ס'איז דאָ ווו צו אַנטלויפן. מיינסט טאַקע אויף אַן אמת, אַז מיר, יידן, זענען פון אַן אַנדער טייג געקנעטן ? נאַרישקייטן. נעם און באַטראַכט — מיר זענען דאָס, וואָס די געשיכטע האָט פון אונדז געמאַכט און... פאַר־קריפּלט — ער האָט געלאַכט האַרב און געשפּיגן פון צווישן די שיטערע ציין — פרעג אַביסל דעם טאַטן דיינעם... דאָס הויז פון הלל רימער, ווו עטלעכע און צוואַנציק מיילער זענען געגאַנגען צום טיש... ס'אי גוט... אָט דאָ, בראַטאָקל, ליגט טאַקע דער הונט באַגראָבן...

ס'האָט נאָך צוביסלעך אַלץ אַרויסגעלאָכט פון אים דער הפקרער סאָלדאַט, וואָס האָט זיך מער נישט געוואָלט שלאָגן פאַר פרעמדע אינטע־רעסן. אין זיינע בלויע, קינדערשע אויגן איז אָבער פאַרבליבן דעם אַלטנס פאַרשנדיקער בליק און ווי אַן אַלטער משפחה־זילבער וואָלט געקלונגען אין זיינע רייד. דאָס איז אים נאָך פאַרבליבן פון די אומלעגאלע יאָרן, פון וואַלגערן זיך אין די פרעמדע, גרויסע שטעט — די פאַרטייעטקייט פון אַ שאָטן, צו דערשפּירן דעם דינעם שטאָך אין רוקן פון אַ מינדעסטן פרעמדן בליק; ס'איז מיט דער צייט געוואָרן אַ מין צווייטע נאַטור ביי אים ; דער אַנגעלאָפענער שווייס האָט געשטאָכן אין חוט־השדרה, אין די טיפע שטערן־ווינקלען.

— נאָר דו... צי האָבן דען אַלע, אין גרונט, ווייניקער פון אונדז גע־ליטן ? צי זענען מיר דען אַליין בכוח צו באַפרייען זיך ? באַפרייען זיך פון די אייגענע וועלף... אָ, כ'האָב אויך אַמאָל אַזוי געמיינט...

סרוליק איז דאָסמאָל געווען אין אַן אויסגעריבענעם סטודענטישן שינעל, מיט צוויי אַראָפּהענגענדיקע וואָנסן אונטער אַ קרומען דאַשיק,

אַז קיינער וואָלט אים גאָרנישט דערקענט אויך. קיין סך האָט מען ביי אים סיי־ווי נישט געקענט דערגיין. ער האָט זיך איינגיכן אַוועקגעשטעלט צוזאַמען מיט אַהרן־לייבן אין דער קוזשניע, אַראָפּגערוקט דעם דאַשיק איבער די אויגן, געקלאַפּט, געמייסטרעוועט, געפאָכעט מיטן בלאָזאַק און צו אַלץ, צו וואָס ער האָט זיך צוגערירט, האָט עס געברענט אונטער זיינע פלינקע פינגער. ער האָט זיך פונדעסטוועגן אַלץ באַמיט איינצורעדן אהרן־לייבן, אַז מער וועט זיך אים שוין נישט פאַרשמעקן די פרעמד. וועגן קוזין זייערן, וועגן וועוועס בנאָקל פייוול, האָט ער אַלץ גערעדט מיט באַדויערן:

— אַכציק קלאָג איז צו אים... — אַזוי האָט ער דערציילט — קום, זאָג איך, וואַרף אַוועק די שיקסע... וואַרף אַוועק יעקאַטערינאָסלאַוו... און ער — ניין און ניין, כאָטש צעהאַק אים...

אָבער וויפל סרוליק האָט נישט אריינגערעדט אין אהרן־לייבן, האָט אים יענער אַלץ אָפּגעמאָסטן פון דער זייט, עפּעס יאָ געגלויבט און נישט געגלויבט. פון דער זייט האָט ער אַפילו געהערט אַ „סלוך", אַז ער האָט פון ערגעץ אויסגעגראָבן פאַפּירלעך, געשטראָכן, געמעקט אַן אלטן פאַספאָרט, צוגעשריבן אַ פאָר יאָר, צוגעפּאסט אַן אַנדער פאָטאָגראַפיע מיט שטעמפּלען און אַז פון יענעם סרוליקל, וועלכן זיי האָבן דאָ אַרומגעזוכט, איז שוין לאַנג קיין זכר נישטאָ. אָבער געשראָקן האָט ער זיך נישט, אהרון־לייב; ס'איז נישט געווען אין זיין טבע צו שרעקן זיך, וויבאַלד דער מענטש איז אים טיף אַריין אין האַרץ אַריין, כאָטש ער האָט דאָרט קיין סך נישט פאַרשטאַנען. אין פייער אַריין איז ער גרייט געווען פאַר אים צו גיין. ער האָט אָבער גוט געוווסט, אַז ביי סרוליקן גייט נישט אַלץ צו אַזוי גלאַטיק. ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין ווערטער עס אים צו זאָגן, אָבער ביי אים האָבן נאָך אַלץ געלעבט די וואַרעמע דערמאַנונגען פון אַמאָל, ווען זיי האָבן זיך ביידע ייִנגלווייז אַרומגעוואַלגערט אין הפקרן הויז ביים אַלטן, ווו אַלע האָבן זיך געשאפּן מיט זיי און זיי האָבן געהאַט אויסגעריסענע יאָר, ביז זיי האָבן נישט אַליין געקענט פאַרדינען אויף זייער אויסקומעניש. אהרן־לייב האָט דעריבער אַלץ געמרוקעט אין שיטערן בערדל אַריין און פארנאַכט־צייט אונטערגעאיילט אים מיט האלבע ווערטער, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אויסצורעדן פון מיטן שמונה־עשרה:

— נו־אָ... די ייִדענע האָט שוין דאָרט אַוודאי אָנגעגרייט די וועטשערע אויפן טיש... ריר זיך...

אַ שטיקל צייט האָט זיך אָבער סרוליק מער נישט אַרויפגעוויזן אין בערלינערס הייזער אַריין, נישט אין דער שול אַריין. ס'איז געווען פאַרטייעטקייט אין זיין יעדן קער. ווי נאָר ער האָט אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דעם אויסגעריבענעם סטודענטישן שינעל, איז גלייך ווי ער וואָלט אַריינגעקראָכן אין אַ נייער הויט אַריין. ער איז נישט געווען ווי די איינ־

טעליגענטן, מיט די ווייסע, דורכזיכטיק־איידעלע הענט, מיט די פּענסנע און מיטן שוואַרצן שנירעלע אונטערן אויער. ער איז געווען דער מענטש פון אַרבעט, פון טאַט, כאָטש ס׳איז געווען אַן אייביקע צעטראָגנקייט אין זיינע באַוועגונגען. אַלץ, וואָס די אויגן האָבן געזען, האָבן די הענט געקענט. אַזוי איז ער לאַנגזאַם, ביסלעכווייז צוריק געוואָרן דער נערוו פון דער אָרעמער יידישער שול, פון דער יוגנט. ווען מ׳האָט באַדאַרפט, האָט ער אַליין אָפּגעמאָלט אַ פּאָרטרעט פון קאַרל מאַרקס, צי פון פּרצן, צו באַצירן די ווענט פון זאַל, האָט געמאַכט דעקאָראַציעס צו דער פאָרשטעלונג, צונויפגעקלאַפּט ברעטער אויף פּאָליצעס פאַר דער ביבליאָטעק. קיינעם האָט אהרן־לייב נישט צוגעלאָזט צו זיינע געצייגן, אָבער סרוליקן האָט ער געלאָזן טון וואָס ער וויל אין דער קוזשניע ביי אים. אויף אים האָט ער, בורטשענדיק אין בערדל אַריין, קוים אַ שמייכל געטון פון אונטערן שטערן מיט זיינע אָפּבריענדיקע אויגן, געזאָגט:

— ער האָט אַ געלענק צו אַלץ... סרוליקל ממזר...

ער האָט זיך אַפילו פאַרגונען דרך־ארץ צו האָבן פאַר אים, דער ייד. ער האָט אים דאָרט אַנומלטן געהערט רעדן וועגן פּרצן אין גרויסן זאַל פון בערלינערס מויערן; גאַר אומגעריכט האָט ער איינמאָל פאַרבלאָנדזשעט אַהין, אויס נייגעריקייט אוודאי. ס׳איז, דוכט זיך, געווען דער זעלבער סרוליק, וואָס איז געשטאַנען הינטער אַ טישל, מיט אַ גראַפינקע וואַסער, מיט אַ גלאָז, דאָס העמדל צעשפיליעט אויף איין קנעפּעלע ביים האַלדז, און גערעדט פאַרן פאַרפלאַמטן עולם יינגוואַרג. עפּעס האָט ער נישט אינגאַנצן דערכאַפּט פון זיינע רייד. ער האָט זיך נאָכדעם אומישנע אַליין אַוועקגעזעצט איבערן ביכל פון פּרצן ביים צוועלעווער לאָמפּ און האָט פון די שורות, וואָס האָבן אביסל געשווינדלט פאַרן בליק, געוואָלט אַליין טופס זיין די טיפע חכמה, וואָס סרוליק האָט דאָרט אַלץ אויסגעפונען. די מעשה מיט „באַנציע שוויייג״ איז דעם יידן שווערלעך געקראָכן אין קאָפּ אַריין.

— אוואַ! — האָט ער זיך געכאַפּט — ער איז, נאָך אַלעמען, טאַקע אפשר גערעכט, סרוליק... ס׳איז דער שוויי׳גנדיקער מענטש פון „נאַראָד״ און ער האָט דאָרט טאַקע עפּעס אַ זאָג געטון — באַנציע שריי, נישט שווייג...

„ממזר״ האָט ער שוין פון דעמאָלט אָן נישט געוואָגט אים אָנצורופן אפילו אין דער מחשבה. כ׳ווייס, אפשר פאַסט טאַקע נישט... נאָך אַלעמען, האָט ער שוין באַלד געקענט זיין אין זיינע יאָרן, האָבן עטלעכע קינדערלעך, ווי ער, נאָר ער האָט זיין גאַנץ לעבן צעפּטרט גאָר אויף אַנדערע זאַכן. איז עס אפשר טאַקע אויך אַ דרך... און דער שטערן ביים פאַרהאָרעוועטן ייד האָט זיך ביז שפּעט געקנייטשט, ביז ער איז אַוועקגעפאַלן איבערן אויפגעמאַכטן ביכל מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ.

סרוליק איז געווען אוודאי מיט אַ יאָר צוויי־דריי יינגער פון אהרן־

לייבן, נישט מער, אָבער דער אייביק־פאַרטועונער מענטש האָט נאָך, זעט אויס, גאָרנישט אָנגעהויבן צו קלערן וועגן פירן אַ שטאַט, איינשאַפן זיך אַמאָל אַ שטיקל היים, גלייך ווי אַלע מענטשן. ער האָט זיך, עפּעס גאָר־נישט לויט זיין עלטער, אינגיכן אויסגעסטראָיעט אין קורצע שטיוועלעך, אין גאַליפע־הויזן, אין אַ סאָטינענער רובאַשקע און האָט זיך, ווי דע־מאָלט, איידער די באָרוועסע רויטע אַרמיי איז געקומען אַהער, פאַרנאַכט־צייט אַרויסגעשאָטן מיט דער חברה פון בערלינערס הייזער אויפן אַרומ־געבראָכענעם סקווערל. דער ענג־געפּאסטער פרענטש האָט פּינקטלעך אַרומגענומען זיין שמאָלע טאַליע. דאָס פּנים איז ביי אים געווען אַ פאַר־ברוינטס, אַ קאַנטיקס. אַפילו די מיידלעך איז ער געפעלן געוואָרן מיט זיין קורצן, אָבער גלייכן געשטעל, מיט זיין אומגעריכטער פריילעכקייט, וואָס ער האָט אָנגעברענגט, אָבער געהאַלטן האָט ער זיך אַביסל פון דער וייטן; און כאָטש דער אויסגעדינטער סאָלדאט איז געלעגן אין זיין יעדן קער, איז געווען אַזיווּי שעמעוודיקייט און זיינע רייד און אין זיין פאַר־זיכטיקן באַוועגן זיך.

עפּעס אַנדערש איז געווען דינה, דינקע. דאָס מיידל האָט זיך פאַר דער צייט געהאט איינגעשאפן א שטיקל ניי־מאַשין און האָט געוווינט פאַר־זיך, אין אַ דאַך־שטיבל, צוזאמען מיט נאָך א מיידל, שבע. נאָך דער אַרבעט איז ער געוויינלעך אָפּגעזעסן ביי די מיידלעך, די וועש־נייטע־רינס. פאַרנאַכט האָט זיך דער הויף, ווו אַלע שטאָקן זענען נאָך אַלץ פול באַזעצט געווען מיט די אָנגעפּאָרענע היימלאָזע, אביסל איינגעשטילט. אַ גאַנצן טאָג האָבן די שול־קינדער געטומלט, פון הינטער אַלע צעוויי־עטע פאָרהענגלעך האָבן געשטעפּט ניי־מאַשינען, ס'האָבן געקלאַפּט שוס־טערישע העמערלעך, ס'האָבן געהילכט היימישע לידער און ווייטע, סטעפּישע. צוויי מיידלשע שטימען, אַ דינטשינקע און אַ פעסטערע, האָבן זיך געריסן אין הויף אַריין:

פּאָליאַקי אַ־אָטסטופּאַלי,

טאָוואַרישטשי — ווּפּעריאָד.

דאָס געזאַנג האָט זיך דער עיקר געטראָגן פון הינטער די פאָרהענג־לעך, ווו ס'האָבן געוווינט די צוויי מיידלעך, די נייטערינס. זיי האָבן גע־טראָגן הויכע שיך צום פאַרשנורעווען, אויף דיקלעכע פּיס. דאָס שמאָלע, איידעלע פּנים ביי דינהן איז פאַרלאָפן געווען מיט אַ פלאַם, די שיטערע גזשיווּקע האָט פאַרדעקט איר נידעריקן שטערן. זי איז געווען אַ גוטע, אַ פּשוטע, אַן אָפּנהאַרציקע. זי האָט ליב געהאַט אויף די בריקלעך פון פאָרנט אַ כאַפּ צו טון עמיצנס אַ קינד פון דער ברוסט אַוועק, וויגן עס, אַרומשפּילן זיך דערמיט.

— מאַמע פאַרדאָסטע — האָט זי זיך אונטערגעבייזערט — אין שמאַ־

טעס וויקלט זי ס'קינד... איר וועט אַרויפקומען צו מיר, וועל איך עס „אויפקלאפן" אַ קליידעלע...

די אנדערע, שבע, האָט געהאַט שפּיציקע אַקסלען, אַ מענעריש־פּאַרשוירן קעפּל. איר מאָגערער האַלדז האָט אַרויסגעקוקט פון סאַטינענעם העמדל. פאַרכמאַרעטקייט האָט אַרויסגעקוקט פון אירע העל־גרויע אויגן. אָוונט־צייט איז דאָס צימערל ביי זיי געווען צוגערוימט, די מאַשין — פאַרהאָנגען, דאָס פענצטער — לופטיק־צעעפנט. מ'האָט געטרונקען טיי, צוגעביסן מיט ווייס־געבייטלט ברויט. דער קופּערנער טשייניק האָט פריילעך געזידט אויף דער אָפּגעווייסטער פּליטקע און דינקע, אַ צערויטלטע, אַ פּולע, האָט נאָכאַנאַנד צוגעגאָסן אין די געפינגערטע גלעזער. זי איז נישט אָפּגעשטאַנען פון סרוליקן, וואָס איז געווען דער אמתער טיי־טרינקער; ער האָט געטרונקען אַ סך, בלויז כמעט אַ שמעק טוענדיק צום ברעקל צוקער. די עקעלעך פון ענג־געפּאַסטן קאָלנער מיטן ווייס־אונטערגעזוימטן פּאַסיקל — צעשפּיליעט, פאַרוואָרפן די פיס אין שטוב אַריין, איז ער דאָ געזעסן און אונטערגעפייפט די לידלעך. דינקעס געלעכטער איז געווען וואַרעם און ברוסטיק. נאָר שבע האָט פאַרטראַכט געזופּט דעם טיי און האַלטנדיק אין איין האַנט דאָס גלאָז, איז דאָס קליינע ראָזע פינגערל אירס געווען פאַרהויבן. אַלע האָבן געזופּט הויך, נאָר זי האָט בלויז צוגערירט די ליפּן צום ראַנד, אַ שלונג געטון, ווי אַ פייגעלע.

אַראָפּ פון דאָרט איז ער שפּעטלעך, סרוליק. דורך די הינטערשטע, אויפגעבראָכענע פּלויטן האָט ער זיך אַראָפּבאַקומען צום ברעג און איז פאַרפאַלן געוואָרן ביי די טאַרטאַק־שאָפּעס, אויף יענער זייט פּאַרק. אַמאָל האָט אים דינה באַגלייט, נאָר געוויינלעך פּלעגט זי אים אומגערן אָפּוואַרטן ביים טויער. אומגעקערט צו אהרן־לייבן אין גאָרן־שטיבל האָט ער זיך פאַר האַלבע נאַכט, שאָרכנדיק שטיל מיט דער הויז־טיר. קיינער איז נישט אַזוי נייגעריק געווען צו זיינע טואונגען ווי ס'ייִנגערע ייִנגל, וואָלף. ער האָט נאָכגעפאָלגט דורכן ווענטל ווי ער האָט געלאָזן אָנטריפן אַ שטיקל ליכט אויף אַ שטול, ביי זיין געלעגער. שטיל, האָט ער געהערט, שורשען די איבערגעמישטע בלעטלעך פון אַ בוך. אן אַנדערשמאָל האָט ער געהערט הינטערן גאַניק אָפּגעריסענע רייד. ער האָט אפילו דערקענט דינהס שטים.

צו די מיידלעך, די נייטערינס, איז ער שוין עטלעכע מאָל געהאַט אַרויפגעקומען, וואָלף. ס'איז געווען איינמאָל, ווען סרוליק איז שפּעטלעך שטייענגעבליבן אין דער טיר, טרעפנדיק אים בלעטערן דאָס ביכל פון דינעם פּליס־פּאַפּיר, וואָס איז דאָ ערגעץ געווען פאַרשטעקט. וואָלפס פאַרשולדיקטער בליק האָט זיך אומגעריכט אָנגעטראָפן מיטן וואַרעמען שמייכל סרוליקס.

— האָסט ליב צו לייענען? — האָט ער אים געפרעגט — גוט, כ'וועל דיר ברענגען אַ ביכל...

און פון דעמאָלט אָן האָט ער אים עטלעכע מאָל געשיקט מיט פּאר־קנייטשטע צעטעלעך צו דינהן, אָנזאָגנדיק אים קורץ :

— איר אין דער האַנט אריין... דו הערסט?

מער פון אַלעמען אָבער אין הויז האָט זיך דאָס עלטערע יינגל, דוב, קיין אָרט נישט געקענט געפינען. ער איז אלעמאָל פארנאכט אַן אומעטי־קער אראָפּ פון די שטיגן. נישט שוין זשע, האָט ער זיך געפרעגט, איז קיין אויסוועג טאַקע נישטאָ? ס'האָט אים מיטאמאָל צוריקגעצויגן צו די יונ־געלייט און מיידלעך פון יענע פאַרלוירענע שטעטלעך. אויך זענען אים די שטאָטישע מיידלעך מיט די קורץ־אונטערגעשוירענע האָר אין ווינט ווייט און פרעמד געווען. ס'איז געווען אַ גערדיכט־אָנגעלאָפּענער עולם פון די אָנגעפּאָרענע אויף די אָוונטן, רעפעראטן, דיסקוסיעס און פארזאמלונגען אין בערלינערס הייזער, אויף די ווילדע פּלאַנטן פון סקווערל פאַרנאַכט־צייט. זיי האָבן זיך דאָרט ארומגעטראָגן מיט ביכלעך און חלומות, וואָס זענען שענער געווען ווי די גרויע, ביטערע וואָר ביים טאַטן אין אויס־געליידיקטן גאָרן־שטיבל. מ'האָט זיך געגרייט דאָ ערגעץ ארויסצופאָרן אין אַ דאָרף אריין, אויף אַ באַן־סטאַציע, אָפּלאָדן געהילץ, אויף ערד, „פּראָדוקטיוויזירן זיך", „פאַרהאַרטעווען זיך", „אַראָפּוואַרפן דעם גלות־הויקער פון די אַקסלען", „צוריקצוקערן זיך אויף דער ערד פון די אבות". פון די ביכלעך האָט ער קיין באַשייד צו זיין אומרו אַלץ נישט געפונען. זיי האָבן אים טיילמאָל אויף אַ מינוט באגייסטערט, אָנגעצונדן, וואלגערנדיק זיך אויפן בעטל, מיט די פינגער אין דער פלאַמיקער טשופּרינע, און באלד האָט זיך אלץ צוריק פארלאָשן. ס'האָט אַרויסגעטריבן פון דער פּוסטער היים די ביטערע, האַרבע וואָר. וווהין לויפט מען? ווו טוט מען זיך אַהין ? צי איז דען אַזוי אַ תכלית צו שטיין מיטן טאַטן אין דער קוזשניע ?

ער האָט זיך אַוודאי דעמאָלט נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, דוב, אויף ווי ווייט דער אומרו זיינער האָט זיך איבערגעגעבן זיינע ברידער ביים טאַטן אין אומעטיקן גאָרן־שטיבל ; איבערהויפּט דעם יינגערן, וועלפּ־קען. דאָס יינגל האָט געשוויגן. ער האָט מער פון אַלעמען גלייך דערפילט, אַז דוב וועט סוף כל סוף אַוועק, פאַרשווינדן. אַ סך ווערן זיי פאַרשווינדן איבער נאַכט, ווי אין וואַסער אַריין. ער האָט באַמערקט דעם שאָטן זיי־נעם באַוועגן זיך אין די באַגינענס אונטערן נידעריקן סופיט. ער האָט אָבער געוווסט, אַז דוב באַהאַלט עפּעס אויס פאַרן טאַטן און פאר אים. טיילמאָל איז עס געווען אַ יינגלשע נייגעריקייט צו די יונגעלייט און מייד־לעך, מיט וועלכע ער האָט עפּעס הייס געשמועסט אויף די געדיכט־אָנ־געשטעלטע טרעפּ אין בערלינערס הייזער. וועגן וואָס האָבן זיי דאָרט אַזוי הייס געשמועסט? טיילמאָל האָט ער אים געזען פאַרן גאַניקל פון

דער אלטער בונדאָווקע סימע פּאַדווע, צווישן די אינטעליגענטן מיטן די ביכלעך אונטערן אָרעם, צווישן די אָנגעלאָפּענע שוואַרצע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך דאָ אַ שטיקל צייט ארומגעדרייט און זענען דערנאָך פאַרשווונדן.

די אַקאַציעס און די טאָפּאָלן, ווילד־פונאנדערגעוואַקסענע, האָבן אָפּגעשאָטן פון זיך דאָס האַרבסט־גאָלד. באַגינען איז געשטאַנען אַ נעפּל איבערן טייך אין דער נידער; ס׳האָט געשמעקט מיט שאַרפּע אַראָמאַטן פון ווינטעל־עפּל. און מער האָט שוין וואָלף נישט געזען דובן בלאָנדזש־פאַרטראָגן הינטער די ביימער אויפן טראָטואַרל. דער טאַטע האָט שוין אויך מער גאָרנישט גערעדט, זינט ווען דוב האָט זיך איינמאָל אָפּגעזעגנט און איז אַוועק ערגעץ אויף אַרבעט. אין יענעם באַך־סוכות איז ער אָבער צום לעצטן מאָל אַהיימגעקומען, אַרומגעדרייט זיך אַ פּאָר וואָכן אונטער די דינע רעגנדלעך, געדרייט זיך אריין און אַרויס אין גאָרן־שטיבל, צוזאַמענקליבן דאָרט אַ פּאָר צעאָדערטע העמדער, אַ פּאָר ביכלעך און האָט זיך איינמאָל אָוונט־צייט קורץ צעזעגנט. דער אלטער האָט שוין דאָסמאָל מער נישט געקענט שווייגן, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז ס׳איז אפשר רעכט אַזוי; די שטוב איז געווען ליידיק. ס׳האָט געבלאָזן אַן אומעטיקער ווינט פון אָסיען. די סעדער הינטערן הויז זענען געשטאַנען נאַקעטע, אין נעפּלען און אין דינע רעגנס.

— דוב — האָט דער אלטער גערעדט פון דער ליידיקער שיסל אַרויס — אַמער וואָלסטו זיך געסטאַטקעוועט... איכל פאַלן... כ׳קען נישט מער, ווי דער אָקס אין דער סאָכע, ציען דעם יאָך...

וואָלף מיטן קלענערן, מיט זאַלקען, האָבן אים אין יענעם רעגנדיקן אָוונט געהאָלפן אַוועקטראָגן דאָס הילצערנע קעסטל צו דער באַן. ס׳איז דאָרט געווען אַ קליין, צונויפגעדרענגט געזעמל, אין פּעלצלעך, אין „פּרדיאָווקעס", אין טיפע היטלען איבער די אויגן, אין אַ ווינקל פון ביינאַכטיקן, פּוסטלעכן, שלעכט־באַלויכטענעם וואָקזאַל. מ׳האָט געוואַרט דער צוג זאָל דאָ אָנפּאָרן ערגעץ פון די בלאָטיקע פּאָליעסער מקומות.

— זאָלסט כאָטש אָנשרייבן אַ קאַרטל... — האָט אים וואָלף געבעטן; און כאָטש אין האַלדז האָט אים עפּעס געשטיקט, האָט דוב זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע קרעפטן און פאַרלוירן דעם גרויען בליק זיינעם אין דער טונקל, צווישן פּיס און פּעקלעך אויפן געדיכט־אָנגעטראָטענעם, בלאָטיקן פּעראָן.

דוב האָט פאַרטראָגן עפּעס אַ מורמל געטון, אַרומגענומען ביידע ייִנגערע ברידער און האָט זיך באַלד נאָך אַלעמען געשטופּט אין וואַגאָן אַריין, מורא האָבנדיק נאָך אמאָל אומצודרייען דעם קאָפּ, טרייבנדיק פון זיך אַלע סענטימענטן.

אַזוי איז אויך דוב אין אַ פינצטערער, טינט־שוואַרצער, טיפער, בלאָ־

טיקער נאַכט פֿאַרשווונדן פֿון אומעטיקן גאָרן־שטיבל, פֿון טאַטנס אויסגע־לייִדיקטן הויז הינטער די דורכגעווייקטע אויבסט־סעדער אין דער טאָפּאָלן־גאַס.

# 12

צו פֿרילינג־צו האָבן זיך די חורבות גיך געגומען פֿאַרבויען. אַרויף־גאַס זענען אויסגעוואַקסן גרויע, נישט־געטונקעוועטע, איינשטאָקיקע גע־ביידעס מיט בלינד־פֿאַרקלאַפּטע גאָרן־שטיבלעך. פּראָווינצער באַלעגאַלעס זענען אין די כמאַריקע טעג פֿאַרפֿאָרן צו די מאַרק־בודן און שפּעט זיך צוריקגעטרייסלט מיטן נעפּלדיקן שאָסיי, צו די פֿאַרשטעקטע, בלאָטיקע שטעטלעך פֿון ביידע זייטן בוג. דער ברעג, די הינטערשטאָט, איז פֿאַר־בליבן ווי געווען — אַ הילצערנע, מיט פֿאַרויכערטע קוזשניעס, מיט הענ־געגדיקע גאַניקלעך אויף סלופּעס. דערנאָך האָט מען שוין מער נישט צוגע־בויט; ווילדע פּלאַנצן און ווערבע־ביימלעך, אַנגעטראָגענע פֿון ווינט, האָבן געשפּראָצט פֿון אויפֿגעריסענע לעכער און מיסטן.

אין יענעם נאָך־פּסח, נאָכדעם ווי שיינדל האָט אַלעמען אַרויסגעפּטרט פֿון הפקרן הויז, האָט וועווע אַ שפּיי געטון אין קורצן בערדל אַריין און צוריקגעקערט זיך צום היימישן ברעג, צום טאַטנס חרוב־געוואָרן מייערל, וואָס ער האָט אַבי־ווי אויסגעפּאַריכט. פֿון אסתרן, פֿון די זין, וואָס זענען ערגעץ שטעקן־געבליבן אין דער פֿרעמד, זענען געקומען זעלטענע, ווייטע גרוסן. דאָס אַלטוואַרג האָט אונטערגעקרעכצט און אליין פֿאַרנומען זיך מיט דער באַלעבאַטישקייט. די הינטערשטע צימערלעך זענען געווען צו־געקליבן און ריין. די שייבלעך — פֿאַרצויגן, אָנגעשטעלט מיט וואַזאָנעס, די פּאָדלאָגעס — דורכגעשווענקט; אויף דער קאָמאָד האָט היימיש געקלאַפּט אַ בלעכערנער וועק־זייגער. אין די מאַרק־טעג איז די פֿאָרנטיקע, נידעריקע ווארשטאַט־שטוב פֿול געווען מיט פּויערימלעך, וואָס זענען געקומען אויספּאַריכטן די אַלטע, געלאַטעטע געשפּאַנען. זיי האָבן געוויקלט גראָבע מאַכאָרקע־טרייבלעך, געדרייט זיך מיט דער נידעריקער טיר, לאַנג אַרומ־געדונגען זיך, ביז זיי האָבן צוגעקלאַפּט. ווי אַמאָל, ביים טאַטן, זענען די פּויערים און די באַבעס ביזן פֿריען אָוונט, ווען מ׳האָט אָנגעצונדן דעם בייכיקן נאַפֿט־לאָמפּ, געווען פֿונאַנדערגעזעצט אַרום די נידעריקע ווענט.

נאָכדעם ווי מינדע איז אים אָפּגעשטאָרבן, נאָכדעם ווי ס׳עלטערע יינגל, דוב, איז אַוועק ערגעץ אין דער פֿרעמד, האָט אהרן־לייב איינמאָל אַ נעם געטון וואָלפֿן ביי אַ האַנט און איז אַריבערגעקומען צו וועווען.

— נעם, כ׳בעט דיך, צו ביי מיר דאָס יינגל — איז דער ייִד שטיינ־געבליבן אויף דער שוועל — וואָס וועט ער דען ביי מיר דערלעבן? שאַ־נעווע אים נישט... לאָז ער זיך כאָטש אויסלערנען אַ מלאכה...

ביידע געעלטערטע ייִדן, די שטיף־ברידער, האָבן נאָך אַביסל געאָכצעט אין די קורצע בערדלעך אַריין און — ס׳האָט געהייסן, אַז וועווע האָט איינ־געשטימט. סיי־ווי האָט ער מער נישט געהאַט וועגן ס׳זאָל אים צוהעלפן „פון דאַנען ביז אַהער". די זין זענען זיך צעלאָפן אין אַלדי שוואַרץ יאָר, אסתר וואַלגערט זיך אין די תפיסות, אין דער פרעמד.

פון דעמאָלט אָן איז שוין וואָלף פאַרבליבן דאָרט, כמעט ווי אַן אייגן קינד, האָט געגעסן צוזאַמען מיט זיי ביים פּראָסטן, אָרעמעלכן טיש דעם פּאָסנעם קרופּניק. אין אָוונט איז ער ערגעץ אַרומגעלאָפן און האָט זעלטן־ווען אַפילו צייט געהאַט אַריבערצוכאַפּן זיך צום טאַטן אין גאָרן־שטיבל, צו גיין זען דאָס קליינע, בלייכע שוועסטערל מיט די שווארצע קרויזן, און זאַלקען, דעם ייִנגערן.

ביז שפּעטלעך, איידער מען צינדט אָן דעם בייכיקן נאַפּט־לאָמפּ, פּאָ־רעט זיך וועווע אַרום די אַלטע געשפּאַנען און וואָלף העלפט אים צו. ער איז אויסגעוואַקסן, ס׳יינגל — שלאַנק, וווקסיק, אַביסל ענלעך צו סרוליקן, ווען ער האָט אין יענעם בלויען פאַרטאָג אַ קלאַפּ־געטון אין לאָדן. די קור־טשערן פאַלן אים איבער די אויגן, רייטנדיק אויפן ניי־בענקל און ווען ער צעוואָרפט די הענט מיט די שפּאַגאַטן. הינטער אים פּאָרעט זיך וועווע מיטן בייכיקן נאַפּט־לאָמפּ אויפן קרומען דראָט. ער שטייט אויפן צעשאָקלטן וואָרשטאַט, רייבט שוועבעלעך און אַלעמאָל רייסט זיך אָפּער אַ שטיק שאָטן פון הינטער זיינע הענט. אויך די שטיקער שאָטן דערמאָנען דעם יינגל, איבער עפּעס, אין סרוליקן, ווען ער האָט זיך דאָרט באַוועגט אין די טיפע נעכט אין גאָרן־שטיבל ביי זיי. ער איז בייז, דער אַלטער, שעלט — די קנויט וויל נישט ברענען און כמעט אַלע אויפדערנאַכט צעברעכט ער אויפסניי אַ לאָמפּן־גלעזל.

אַ בלויער פאַרנאַכט ציטערט איבערן ברעג. די זון לעשט זיך אויף די שפּיצן קוימענדלעך. וועווע שפּאַנט איבערן געסל, צווישן מנחה־מעריב, צום משמר־בית־מדרש און וואָלף לאָזט זיך מיט צוויי ליידיקע עמערס אַרונטער צום טייך. זיין שאָטן לייגט זיך אין דער קרום איבערן אַראָפּשיט. אַרויף־גאַס צינדט זיך אָן אַ שורה לאַמטערן. אין אַזאַ פאַרנאַכט זעט מען געוויינ־לעך דורכן געסל שפּאַנען דעם געלן, שווינדזיכטיקן צענזאָר. ער הוידעט זיך אויף די געפּאַסטע שטיוועלעך, אין דער אַלט־פּוילישער בעקעשע, וועל־כע ער טראָגט סיי זומער, סיי ווינטער. ער קוקט פון אונטערן לעדערנעם דאַשיק און פאָכעט מיטן אָפּגעשאָבענעם שטעקעלע; און ווי ער שפּרייזט אַזוי, קוקט מען אים פון אַלע שייבלעך נאָך מיט פאָרכט, כאָטש ער האַלט זיך אין טיפן שאָטן פון די הייזער.

אָט די לעבלעכע נעכט שרעקן אים, וועוועך, מיט אַן אומבאַוווסטער מורא. אַזעלכע נעכט דערמאָנען אים נישט קיין גוטס. ער פאַרשפאַרט אויפן גאַניק די טיר הינטער זיך מיט אַ קרעצכל. אויפן טיש זענען שטיינגעבליבן די ליידיקע טעלער און פליגן ראַיען אַרום. ער הוסטלט אונטער.

— די באַנקע — מרוקעט ער אונטער צום אלקערל — איז אויפגע־קאָכט, דאָבע ?...

— אַ מבין — וואָרטשעט די אַלטע — ווי ס'לאָזט קיין אויג נישט צו־טון!

— קינדער אויפגעהאָדעוועט... — ברומט ער — קדישים און טעכטער... וווּ איז ער שוין ווידער ערגעץ, וועלפקע? נאָך ע ר פעלט מיר אַ צולאָג צו די צרות...

ער הערט ווי ס'רוישט פריילעך די באַנקע, אויפן אָפּגעקאַלכטן ווענטל, זעט ער, ציטערן ליכטיקע פלעקן. די אַלטע גיסט אָן דאָס געבלימלטע טעפּע־לע „ביזן אויג". זיינע אויגן ־שפּעלטלעך פאַרציען זיך מיט אַ רויכל און דאָס שיטערע בערדל זינקט אַראָפּ צום טיש.

און וואָלף שפּאַנט דערווייל מיטן ברעג. ס'פלאַמען אַלע שויבן אינעם רינג בערלינערס מויערן. דינה האָט אים באַפוילן אַרויפצוקומען. ער גייט און אַ דינער פלאטער גייט מיט אים מיט. ס'טרעפט, אַז אַנקלאַפּנדיק אָוונט־צייט ביי די מיידלעך, מאַכט מען נישט באַלד אויף; דערנאָך שטעקט דינה ארויס דעם קאָפּ, גיט עפּעס אַ מורמל, א וווּנק. ער פלאָנטערט זיך דאָ ער־געץ אין אַ קאָרידאָר און גיט דריי קלעפּלעך אין א נידעריקער טיר. אי־בערן ליכטיקן טישל טרעפט ער שוין דינהס אָנגעבויגענעם קאָפּ, דעם וואַרעמען גלאַנץ פון אונטער אירע איידעלע וויעס.

— סרוליק האָט דיר געשיקט ? — פרעגט זי אין שטילן שמייכל.

— יאָ.

מיטן פאַרוואָרפענעם זשאַקעטל שווימט זי אָן פון פינצטערן ווינקל און ס'שורשען דאָרט ביי איר פּאַפּירלעך.

— שרייב — זאָגט זי — ס'איז פאַר די זעלנער...

ער הויקערט זיך איבער אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר. דער פעטער טוש גאָלדיקט זיך און פון אונטער דער פען שפּרינגען אַפּער גלייכע, שטרענג־געמאָסטענע שורות. אַז ס'איז געענדיקט, לייגט ער עס פאַרזיכיטק אַרויף אויפן געלבלעכן וואַקס־פּאַפּיר, פירט דערויף מיט אַ טיכעלע און ציט אַראָפּ דאָס פּאַפּיר. די שורות ליגן איבערגעדרייטע. די צוגעשניטענע בלעטלעך פליען דערנאָך גיך פון אונטער דער האַנט. ס'איז שפּעטלעך. ערגעץ סקריפּעט אין הויז אַ טירל, אַ קינד וויינט אַרויס. וואָלף רייסט זיך אויף און ביידע פאַלן זיי צוריק אויפן שטול, פאַרמאַטערטע. זיין קאָפּ גיט אַ פאַל אויף איר אַקסל. דאָס לעמפּל האַלט ביים אויסגיין. אין דער פינצטער זוכט ער אומגעריכט אויף אירע ליפּן און מיט פאַרמאַכ־טע אויגן טאַפּן זיי דערנאָך ביידע אָן דאָס נידעריקע טירל.

— גיי — פליסטערט זי — מען וועט שוין דאָרטן וואַרטן...

איבערן וואַסער, אויף יענער זייט שליוז, טוט אַ ציטער אַ שטערן. די פֿאַרטראָגענע רויכן פֿון פּלאַנט שווימען אָן איבער די קרוינען פֿון די טאָפּאָלן און וואַלפֿן דוכט זיך אַ רגע, אַז אַ סטאַיע ווייסע טויבן האָבן זיך אַ הייב געטון צום הימל. ער איז אָנגעקומען מיט דער רעלסן־שנור פֿון הינטערן פֿאַרק. ביז 11 איז נאָך פֿאַרבליבן צו וואַרטן אַריבער דריי מינוט. ער זאָל נאָר זיין פּינקטלעך, דער זעלנער. אויפֿן וואַסער, הערט ער, טוט אַ פּאַל אַ שפּיי. צווישן אויסגעהוילטע דלאָניעס בליצט אויף אַ שוועבעלע לעבן אַ פֿאַרשטעקטן פּאַפּיראָס און ס׳ווערט אויף אַ רגע באַלויכטן אַ קנאָכיק פּנים. יאָ, ס׳איז ער. ביי וואַלפֿן קלעפּט זיך נאָך אַלץ טרוקן די צונג אין מויל. ער בייגט זיך אַראָפּ און ציט פֿון טיפֿן גראָז אַרויס דאָס פּעקעלע, שטופּט עס אים אין דער האַנט אַריין.

— פֿאַרשטעק עס — מורמלט ער — גוט פֿאַרשטעק עס.

ער דריקט זיין פֿעסטע האַנט און לאָזט זיך פֿאַרזיכטיק צוריקשווימען אין שטאָט אַריין. אַרום פֿאַרלאָזענעם ברעג שוויגן אַלע דאַמף־מילן און טאַרטאַקן. הינט וועקן זיך אין פֿאַרשטיקטן וואָיען. דאָ באַלד, הינטער דער צעבליטער קאַשטאַנען־וואַנט, ביי דער צערקווע, לאָזן זיך אַראָפּ די אָפּגעווייסטע ווענט פֿון דער תּפֿיסה. אין די זונטיקן פֿאַרפֿאַרן אויפֿן פּלעצל פּויערישע פֿורן. די אַלטע לייט בלאָנדזשען מיטן פֿאַרשוווּמענעם בליק ערגעץ הויך, אין די פֿאַרקראַטעוועטע פֿענצטערלעך, און לאָזן זיך מיט אָפּגעדעקטע קעפּ צו די הויכע שטיגן פֿון דער צערקווע. זיי קוקן אַרויף צו די קראַטן און קרעכצן אונטער; אויף דעם יונגוואַרג קרעכצן זיי אונטער. ס׳קומט אַ מאַמע אין אַ שוואַרצער דערע. זי וואַרט לאַנג און געדולדיק אַרום די שטרענג־באַוואַכטע טויערן מיט אַ קליין פּעקעלע ביי די פֿיס. עס וואַרטן דאָ נאָך מיט פּעקלעך די מאַמעס, שוועסטער און קרובים. מען פֿרעגט זיך נאָך איינער ביים אַנדערן:

— פֿאַר וועמען, מומינקע, ברענגט איר עס ?

— נו, פֿאַר וואַסילן, דעם יינגערן... דעם עלטערן האָט מען אויף אַ בוים געפֿונען, אַ געהאָנגענעם... אַ טאָג־דריי, ווי מ׳האָט אים אַרומגעזוכט און — אָט הענגט ער זיך אויף אַ יאָדלע, בלוי, ווי אַ מילך, מיט אַן איינגעשניטן שטריק אין לייב...

— און דער פֿאַרוואָס זיצט ?

— אָט, פֿאַר פּאָליטיקע מסתמא... כ׳ווייס? געגנבעט האָט ער נישט... דאָס איז אַלץ דער פּאָפּ יעווסיי... ער און דער סאָלטיס יערעמי... זיי האָבן אויף אים אָנגעוויזן: „אָט דעם, זייט מוחל, נעמט, ער איז אַ „באָלטשעוויק״... ביים „סודיאַ״ געוועזן, ביי אַלע „פּראָשעניע״־שרייבערס... ער האָט זיי אַריינגעזאָגט, מיין וואַסקע, צו די שאַראַוואַרקעס (צוואַנגסארבעטן) נישט געהייסן גיין, דעם עקזעקוטאָר זיך קעגנגעשטעלט...

און וואָלף שאַרט זיך דאָ פאַרביי הינטער די קאַשטאַנען. אין דער וועקסענער לבנה־שיין טיילן זיך שאַרף אַרויס די העלע תפיסה־מויערן. אַ דינער געדויש בויערט זיך אין דער טיף גאַס. פון די אַרומיקע גערט־לעך ווייען אָן שיכורע אַראָמאַטן פון „נאַכט־קראַסאַוויצעס". פריער, אָדער שפּעטער, טראַכט ער, אויך אים וועט מען מסתמא אין איינעם אַ באַגינען ברענגען צופירן אַהער, ווי די אַלע, וואָס זיצן שוין דאָ פון לאַנג.

דורך די הינטער־הויפן, קומט ער צום גאַניק שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. ס'איז אָנגענעם צו שפּאַנען אין לעבלעבן חושך און פילן אויף זיך די לאַסט פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, דעם וואַרעמען בליק פון דינהן. פאָרזיכטיק שפּאַרט ער אָפּ די טיר; און ווידער קומט אים אויפן זינען סרוליק, ווען ער איז שפּעט אַהיימגעקומען צום טאַטן אין גאָרן־שטיבל און ס'האָט נאָך לאַנג געצאַנקט אַ ליכטל ביי זיין געלעגער, ס'האָט זיך געהערט דער ווייכער שורש פון איבערגעמישטע בלעטלעך.

אונטערן נידעריקן באַלקן איז דעמפּיק. אין האַלבן דרעמל, הערט ער אַ מורמלעריי פון הינטערן ווענטל. אַ פאַרשלאָפן אויג רייסט זיך אויף אין דער פינצטער. אַקוראַט אין אַזאַ נאַכט, געדענקט זיך, איז מען איינמאָל געקומען נאָך סרוליקן. ער איינער האָט געוווסט ווו ער באַ־האַלט זיך אויס.

אַזעלכע ווייטע שרעקן הענגען אין די דעמפּיקע נעכט אונטערן באַלקן.

זאַלקע ווידער, דער ייִנגסטער, האָט אין די ערשטע עטלעכע זומערן און אַ האַלבן ווינטער געשלעפּט זיך אינדערפרי מיטן אויסגעפליקטן חומש צו אַ מלמד, אַ פאַרפעדערטער ייִד מיט קאַליעדיקע אויגן; דערנאָך — אין דער העברעאישער שול אַריין. נישט דער פאַרפעדערטער ייִד האָט זיך דאָרט אַמאָל אומגעקוקט אויף אים, נישט דער שטייפער העברעאישער לערער האָט אים אַמאָל אַ גלעט געטון איבערן קעפּל. דאָס העברעאישע איז אים פרעמד געווען, דאָס פּוילישע האָט ער איינגאַנצן נישט פאַר־שטאַנען. אים האָבן מאָדנע פאַרלאָקט די ליכטיק־אויסגעווייסטע צימערן פון דער ייִדישער פאָלקס־שול אין בערלינערס מויערן. די פענצטער זענען דאָרט אַלעמאָל געשטאַנען ברייט־צעעפנט און ס'האָט געהילכט אַ ליד וועגן אַ שוועלבעלע.

יענער לאַנגער, ביטערער ווינטער איז פאַרבליבן ערגעץ ווייט אין לעבן פונעם ייִנגל. מיט קינדערישן שוידער האָט ער זיך דערמאָנט, ווי ער האָט נישט געקענט די פּוילישע לעקציע, ווי ער האָט שלעכט דעק־לינירט דעם האַרבן העברעאישן דקדוק. ס'זענען געשטאַנען פוילע ווע־טערן. פאַרנאַכט איז ער אַריינגעפאַלן אין ליידיקן גאָרן־שטיבל, אַן אויסגעפרוירענער, א הונגעריקער. אין די שטיוועלעך האָט געקווי־

טשעט דאָס וואַסער. ס׳איז געשטאַנען אַ רויך פון דער פּליטקע. אין קיך, ווו די פרעמדע יידענע האָט זיך געפּאָרעט אַרום די טעפּ, איז דאָס קלייִנע שוועסטערל געזעסן אויף דר׳ערד און געוויינט. ס׳איז געווען פינצטערלעך. ער האָט צוגעשטעלט אַ בענקל, זיך ׳אַרויפגעדראַפּעט אויפן הויכן פענצטער־ברעט און צוגעקלעפּט די נאָז צו דער שויב. איבערן בלאָטיקן, דורכגערעדערטן אויבסט־סאָד איז געפאַלן אַ נאַסער שניי אין דער קרום. מיטן אָוונט־צופאַלן איז ער געוואָרן בלוילעך. און אין זיך אַריין האָט זיך אים אַלץ דערשטיקט געזונגען דאָס פאַרבענקטע ניגונדל פון שבתדיקן שלוש־סעודות אין גרינעם בית־מדרש, ווו דער טאַטע האָט אים געפלעגט מיטצונעמען. די נאקעטע קאַרשן־ביימלעך זענען אין געדיכט־פאַלנדיקן שניי ווי אַוועקגעשווומען אין דער וווּנדערלעכער בלויקייט אַריין. ס׳האָט געשראָקן די לאַנגע ווינטער־נאַכט, וואָס וועט זיך באַלד אויסלאָזן, דער גרויער מאָרגן, וואָס וועט אַ שיין טון אין שייבל, ער וועט ווידער דאַרפן שלעפּן זיך מיט די פּאָר צעקנייטשטע העפטן אין דער קאַלטער, פרעמדער שול אַריין. ער האָט מיטאַמאָל געהאַט אַ פאַרלאַנג אַזוי אַנטשלאָפן צו ווערן, לאַנג, לאַנג שלאָפן און קיינער זאָל אים נישט אויפוועקן.

אין דעם לאַנגן ווינטער איז דאָס ייִנגל קראַנק געוואָרן. אַ באָרוועסער, אַ האַלב־נאַקעטער, האָט ער זיך אומגעוואַלגערט אין נידעריקן גאָרן־שטיבל. ער האָט געפּרוווט נאָכשרייבן פון אַ ייִדיש ביכל אַ ליד, אַ מעשהלע. ער האָט די פּשוטע, פאַרשטענדלעכע ווערטער איינגעזויגן אין זיך. דער טאַטע האָט שוין גאָרנישט מער גערעדט. סוף מערץ האָט ווידעראַמאָל אויפגעשיינט די זון; די יום־טובדיקע טעג האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן; אַ יונגער, נייער, אומבאַוווסטער צאַפּל האָט זיך אויפגעוועקט ביים בלייכן ייִנגל. ס׳איז געווען דער שענסטער פרילינג. אַ גרויסע בענקשאַפט, אומבאַוווסט פאַרוואָס, האָט געצאַפּלט אין די שפּעטע, בלויע פאַרנאַכטן. אַ קליין פרעסטל האָט אין אָפּגעדעקטן אויבסט־סאָד פאַרצויגן די בלאָטקעס. הינטער דער נאַקעטערביימער־וואַנט האָט געגליט אַ רויט, פייערדיק פּאַסיקל אויפן וויַיטן הימל.

ווי די צונג ביים ייִנגל וואָלט זיך אויפגעקניפּט, אַזוי האָט ער זיך דערפילט, ווען דער עלטערער ברודער וואָלף האָט אים איינמאָל, נאָך דעם שווערן ווינטער, ווען ער איז קראַנק געווען, ווי נאָר ס׳האָט אַ שיין געטון די מילדע ערב־פּסח־זון, אָנגענומען אים ביי אַ הענטל און האָט אים אַוועקגעפירט אין דער ייִדישער שול אַריין. ס׳איז געווען אַזאַ ליבע הייטערקייט צו שפּאַנען ביי דער זייט פון עלטערן ברודער. מ׳האָט אים דאָרט אַוועקגעזעצט אין אַ ליכטיקן קלאַס, צווישן ייִנגלעך מיט אַרומגעגאָלטע קעפּ, צווישן מיידלעך מיט שלייפן אין די האָר; היימיש האָבן געקלונגען די פּשוטע ייִדישע רייד.

אַזוי האָט וואָלף ס׳ייִנגערע ברודערל אומגעריכט אַריינגעפירט אין אַ

ווונדערלעכן היכל; ער האָט זיך דערפילט זיכער ביי דער זייט פון וואָלפן. ס'האָט אים אויך עפּעס געטראָגן, ס'ייִנגל פון זיבעצן־אַכצן יאָר. ער איז דעם גאנצן טאָג פלייסיק פאַרטון געווען ביי ווערן אין וואַרשטאַטל און אין די אָוונטן איז ער ערגעץ אָפּגעלעגן אין פאַרויכערטן פאַריין, אויף די אָפּענע, ארומגעבראָכענע בולוואַרן. פון שווארצן, סאַטינענעם העמדל האָט זיך אויסגעטיילט זיין שלאַנקע, גוט־אַנטוויקלטע ברוסט, זיין דינער, יינגלשער האַלדז און ס'האָט מיט עפּעס אַ פייערלעכקייט אָפּגעשלאָגן אויף זיין בלייך, איידל פּנים. אויף דער אויבערשטער ליפּ האָט זיך געשאָטנט דער יינגלשער אויסוווקס. ס'איז אָן שום ספק געווען דעם טאַטנס אָנבליק פון זיין ווייטער יוגנט.

זיי האָבן קיין מאַמען נישט געהאַט מער. אַ יידענע האָט זיך ארומגעדרייט אין גאָרן־שטיבל, פאַרנומען זיך מיט דער באַלעבאַטישקייט, געקאָכט וועטשערע, אויסגעוואַשן אַ העמד פאַרן אַלטן, פאַר די יינגלעך און געהאָדעוועט דאָס קליינע, שווארצע מיידעלע, דאָס אָרעמע יתומהלע נאָך דער מאַמען. אהרן־לייב איז אָוונט־צייט, אָן אָפּגעהאָרעוועטער, שווער ווי אַ שטיין, אַוועקגעפאַלן אויף דער טאַבורעטקע, די אָפּבריענדיקע אויגן אונטערן שטערן אַריינגעטון אין דער שיסל, וואָס די יידענע האָט אוועקגעשטעלט פאַר אים. ער האָט שטום אייסגעליידיקט די שיסל, אָפּגערוקט זי פון זיך און איז אזוי לאַנג זיצן־געבליבן, ווי פאַרטון אין אַנדערע עולמות. אַ קרעכץ האָט זיך פון צייט צו צייט אַרויסגעריסן פון זיין שטאַרקער, פאַרוואַקסענער ברוסט. די אָדערדיקע הענט, וואָס זענען אַ גאַנץ לעבן אומגעגאַנגען מיט מעטאַלן און מיט אַלערליי שווערע אַרבעטן, זענען מיד געלעגן אויף זיינע אויסגעפּליקטע קני. ס'האָט געדעמפּט פון דעם פאַרוואַקסענעם ייד מיט פּראַצע. אַפילו אין דעם איינציקן שבתדיקן רוטאָג האָט ער נישט געהאַט וווּ אַהינצוטון זיינע הענט, האָט קוים זיך דערוואַרט אויפן ערשטן שטערן, אַראָפּצוגיין אין דער קוזשניע אַריין.

וואָלף איז אים אָבער מיט דער צייט ענלעך געוואָרן, דעם טאַטן, נאָר אויף אַ גאָר אַנדערן שטייגער. ער האָט געפּרוווט צו פאַרשטיין אַלדאָס אַרומיקע אויף עפּעס אַ נייעם אופן. אַפילו זאַלקע האָט עס נעפּלדיק דערפילט. זיין קליין, ווייך הענטל איז געלעגן אין ברודערס ברייטער דלאָניע, ווען ער האָט אים אין פאַרנאַכט מיטגערופן. דעם וועג האָט ער שוין געווּסט — צו די הילצערנע הייזלעך אויפן ברעג, צו סרוליקן.

— קום, זאַלקע! — האָט ער אים איינמאָל מיטגערופן.

צווישן טאָג און נאַכט האָט דאָרט וואָלף שטיל אָנגעקלאַפּט ביים קליינעם, פאַרטראָגענעם מענטש. אַ מעלאָדישע שטים האָט געענטפערט „אַריין". אַ ציכטיק־פאַרגלעט בעט, אַ בענקל, אַ טישל אונטערן באַלקן אין ענגן צימער. אַרום די ווענט — עטאַזשערקעס מיט ביכער. היינטערן דינעם ווענטל האָט גערוישט אַ היימיש הויז פון אַ פּשוטן ייד, אַ סטעלמאַך. מ'איז דאָרט אָוונט־צייט געזעסן ביי אָפּענע פענצטער אין גערטל

אַריין. אויפן טיש האָט געפּאַרעט אַ סאַמאָוואַר. דער טיי האָט זיך פייערלעך גערויטלט אין די היימיש־געפינגערטע גלעזער. מ׳האָט זיי באַדאַרפט צו קענען, אָט די פּראָסטע באַלמעלאָכעס, די מולאַרעס, די סטאָלאַרעס, די דאַך־דעקערס, די סטעלמאַכעס, וואָס האָבן מיט די אייגענע הענט אויפגעשטעלט דעם בנין פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין און האָבן אין דער פרייער צייט, מיט יראת־הכבוד, אַוועקגעזעצט זיך לערנען אַ בלעטל פּרק.

— טר׳ינקט! — האָט דער באַלעבאָס היימיש צוגערוקט דאָס גלאָז דעם לערער ישראל און ער האָט געקוקט מיט אָנגעבלענדטע אויגן פון איבערן ביכל. דער ייד מיט די גרויע, שיטערע האָר אַרום שאַרבן, האָט געזופּט דעם ברייענדיקן טיי מיט גרויסע שלוקן, האַלטנדיק פעסט די גלאָז צווישן זיינע אָדערדיקע הענט — עפּעס אַן אנדער עולם איז אויפגעשטאַנען... זיי ווייסן וואָס זיי ווילן, ס׳יונגוואַרג, אַ געזונט אין זיי... אוי, ווייסן זיי! אָט, כיי־ביי וואָלטן זיי שוין דאָרט אַמאָל אַ שפּאַר געטון און פּטור...

— מיר זענען, מיין ליבער ייד, נאָך אַלץ ערגעץ אין מיטן וועג... — האָט סרוליק געקלעפּלט מיטן נאָגל אין גלאָז און גערעדט אומעטיקלעך — אָט דאָ, אַרום אייערע שטעטלעך, האָט זיך עס אָפּגעשפּילט... אָ, ווען זיי טוען דעמאָלט נישט אַ טרייב צוריק...

ס׳איז באַנג געווען פון זיינע שטילע רייד. אַ ווייטער אומעט האָט אַרויסגעקלונגען פון זיי, אַן אומעט ווי פאַרן אָפּגעזעגענען זיך; און ער איז טאַקע אינגיכן פאַרשוואונדן, אויף שטענדיק שוין פאַרשוואונדן. ער איז אַוועק אַזוי פּלוצים, ווי ער האָט אין יענער ווינטשיקער נאַכט איינמאָל אַ קלאַפּ געטון אין לאָדן. עטלעכע וואָכן האָט ער זיך פריער אויסבאהאלטן אין א פאַרלאָזענעם פליגל פון בערלינערס הייזער. נאַכט־ביי־נאַכט האָבן די זשאַנדאַרמען געקלאַפּט ביי אהרן־לייבן אין גאָרן־שטיבל, איבערגעקערט די גאַנצע שטוב, אויפגעריסן די פּאָדלאָגעס, געזידלט זיך גראָב, גערדראָט; שטייענדיק פאַרן גאַניק, האָבן זיי נאָך אַרויפגעשריגן צו אַהרון־לייבן:

— האָסט אָנגעפּלאָדיעט אַ דור מיט באָלשעוויקעס... מיר וועלן זיך נאָך טרעפן, אַלטער...

דאָס שטיבל, וווּ סרוליק האָט זיך אויפגעהאַלטן, איז געווען אומבאַווינט. אַ פאַרוואַקסענער, מיט נערוועזע, צוקנדיקע אַקסלען, האָט ער זיך דורך די לאַנגע, פאַרלוירענע זומער־טעג געוואַלגערט אויפן צעפּאָרענעם טאַפּטשאַן. ער האָט אומגעשפּרייזט צווישן די אָפּגעשיילטע ווענט, איז געזעסן ביי טיף־אַראָפּגעלאָזענע פאָרהענגלעך איבער פּאַפּירן און בלעטלעך. געשריבן האָט ער גיך, איינגעצנדיק דאָס כעמישע בליישטיפטל אין מויל, נידעריק אָנגעבויגן דעם שטערן מיט די ציטערדיקע אָדערלעך. זיינע שמאָלער־געוואָרענע אויגן־שפּעלטלעך האָבן שוין לאַנג נישט געהאַט אָנגעזען דאָס העלע טאָג־ליכט, וואָס האָט מיט־זומערדיק געבלענדט איבער די דעכער הינטערן פאַרצויגענעם פאָרהענגל.

די טיר איז געווען אַ קרומע, אַ סקריפּענדיקע און נאָך עטלעכע שיטערע קלעפּלעך, האָט ער פּאָרזיכטיק אויפגעשפּאַרט. צווישן טאָג און נאַכט האָט ער אַריינגעלאָזט צו זיך וואָלפן. וועגן דער היים האָט ער גאָרנישט מער איבערגעפרעגט. ער האָט דאָס ייִנגל שטום אָנגעוויזן אַראָפּצולאָזן זיך אויפן טאַפּטשאַן. עטלעכע מאָל איז ער אַרויפגעקומען צו אים — אויף דינקעס אַ שטומען באַפעל. פאַרגעדענקט האָט זיך זיין הייזעריקלעכע שטים, אַ וואַרעמע און אַ פאַרטרויִלעכע. ער האָט אים איבערגעגעבן פאַרקנייטשטע צעטעלעך, געדיכט־באַשריבענע, אַזעלכע, וואָס באַקומען זיך אַרויס אויף דער פריי פון די תפיסות. ער האָט זיך אַליין געפּאָרעט ארום ייִנגלס קעשענעס, געשטאַנען איבער אים אַ ווײַלע, ביז ער האָט געפונען אַ גוט, זיכער אָרט צו פאַרשטעקן עס. די האָר ביי אים זענען פאַר צייט שיטערער געוואָרן. אַ האַנט מיט פינגער האָט ער דאָרט געהאַט שטעקן. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעריסן, לאַנג אַרומגענישטערט אין דער טונקל.

— נאָך איין נאַכט מוז איך איבערוואַרטן ביי אייך אין גאָרן־שטיבל... גיי זאָג עס דעם טאַטן... זאָג אים, אַז סרוליק האָט באַפוילן ער זאָל נישט מורא האָבן. פאַרשטייסט?... דורך די אָפענע הויפן, איבערן סאָד, איז לייכטער אָפּצוטראָגן זיך...

שפּעט אין דער אויסגעלאָשענער מיטן־נאַכט האָט דער פאַרוואַקסענער ייִד ווידער געפירט סרוליקן איבער דער טרעפּ. דער עיקר פאַר שיינדלען האָט ער זיך געפּאָרכטן. קיין ברעם האָט ביי אים קיין ציטער נישט געטון. אַרויפצו, אין קעמערל, מיטן פאַרשטאָפּטן דאַך־שייבל, האָט ער אים אַריינדערלאַנגט אַ שטרוי־זאַק, אַ ראַזאָוון לאַבן ברויט, א קענדל וואַסער, ווי אַן אַרעסטאַנט. ער האָט עס אַלץ אָפּגעטון שווייגנדיק, באַדאַכט און איז אויף די שפּיצן פינגער אַרויס.

ס׳איז געווען צום סאַמע לעצטן מאָל, איידער ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן, סרוליק, אויף שטענדיק פאַרשוואונדן. זיין האַרב געלעכטער איז וואָלפן לאַנג נאָכגעגאַנגען. „מיך ווועסטו שוין דאָ מער נישט טרעפן — האָט ער נאָך אַ זאָג געטון צום ייִנגל — אָבער דו — האַלט זיך, וועלפּקע... אפשר וועלן מיר זיך נאָך באַגעגענען, מ׳קען גאָרנישט וויסן״. דאָס ייִנגל איז געשטאַנען אויפן גאַניק און האָט צום לעצטן מאָל געזען אויסרינען אין דער טיפער פינצטערניש פון האַרבסטיקן אָזיבסט־סאָד זיין שאָטן. אויפן שאָסיי זענען געפאַלן שווערע רעדער מיט אַ קלינגערייי.

# 13

אין די נייע באַראַקן אויף דער „קיעווער סלאָבאָדקע“ האָט מען זיך איבערגעצויגן צו פרילינג־צו פון זעלבן יאָר. יעדן טאָג האָבן זיך מיטן שאָסיי אַוועקגעטרייסלט פול־געפּאַקטע וועגן צו די הילצערנע גע־ביידעס אַרום דער באַן־בריק.

אַרום די הייזער איז געשטאַנען אַ גערודער. טיר און פענצטער האָבן זיך מיטן פאַרטאָג אויפגעריסן. דער הויף איז יעדן טאָג אויפגע־שטאַנען מיט געזאַנג, געטומל און געשריי. די נייע שוועלן זענען גיך פאַרבלאָטיקט געוואָרן, די טירלעך פון די אָפּטריטן זענען הענגען־געב־ליבן אין דער קרום. דורך די גאָרן־פענצטער און פון די הויז־טירן האָבן די ווייבער געגאָסן די פּאָמעשאַפּן אין דער מיט הויף אַריין, אין די אָפענע וואַפנע־גריבער. די שטאַכעטן צו דער גאַס האָט מען פאַר־האָנגען מיט וויק־שאַפּן, זאַלץ־קערבלעך, איבערגעשווענקטע געוועשן און פאַרגעלטע ווינדעלעך. די ווענט זענען פאַרקאָפּטשעט געוואָרן פון די רערן, פון וועלכע ס׳האָט נאָכאַנאַנד געשפּאַרט אַ רויך. דורך די אויפ־געבראָכענע שטאַכעטן האָבן זיך אַראָפּגעיאַוועט צו די מיסטן היימלאָזע הינט און קעץ מיט פאַרפראָשעטע אויגן. די אונטערגעוואַקסענע חברה, אַן אָפּגעפליקטע, מיט די דאַשיקעס אין די אויגן, האָט געצילט אין זיי מיט שפּיציקע שטיינער און אויסבערעכנדיק ערגעצוו אַ שויב, האָט די קריגעריי פון די ווייבער אָנגעהאַלטן ביז שטאָק אין דער נאַכט אַריין.

די מיידלעך, די נייטערקעס, דינהן מיט שבעו, האָט מען הינטער די אויגן גערופן „די מאַזעפּעס“. ערשט דערנאָך האָט מען צוביסלעך אָנ־געהויבן דרך־ארץ צו האָבן פאַר זיי. געשען איז עס דעמאָלט, ווען זיי האָבן זיך אומגעריכט אָנגעהויבן איינשטעלן פאַר די אָרעמע שכנים ביי דער מאַדאַם גאָטליב, וועלכע איז אַלע דריי חדשים אַראָפּגעקומען אויפמאָנען דירה־געלט פאַרן קוואַרטל. די ערשטע צייטן האָט דער עולם געצאָלט מער־וויניק פּינקטלעך. דערנאָך האָט זיך עס אָנגעהויבן צו פאַרציען. פון די גראָשנדיקע פּרנסות איז, דורך די דריי חדשים, וואָס זענען גיך איבערגעלאָפן, שווער געווען אַרויסצולייגן אַ קיילעכדיקע סומע. נו, האָט זי אָנגעהויבן צו סטראַשען, די מאַדאַם גאָטליב. ס׳איז איר אַפילו נישט זייער אָנגעשטאַנען, פון איר געוועזענער גבירישקייט, צו ווערן אַן אינקאַסענטין אין די קאָמיטעט־הייזער; זי, וואָס האָט קיינ־מאָל קיין יידיש וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען, האָט דאָ געמוזט רעדן יידיש און זיין גאָר אַן אָפּטער גאַסט צווישן אָט דעם „פּעבל“.

— מער קום איך נישט! — האָט זי געסטראַשעט — מעטשיק אַליין

וועט שוין קומען; ער איז פון קאָמיטעט און זאָל ער זיך „פּאַזעווען"...
— זי האָט געקנייטשט דאָס ראָזע טיכעלע אין אירע פולכנע פינגער, אָנגעגאָסן זיך מיט אַ בראַנדיקער רויטקייט — אוי, מיינע ניערוון...

פאַרקלאַפּנדיק דאָס טירל פון יענער זייט, האָבן איר די ווייבער גע־נומען נאָכשפּעטן :

— פּשש... די דאַמע מיטן הוט...

— צוויי עפּעלעך אין די זייטן און איין בלימל — „באַטשנע"...

דער נאָמען מעטשיק איז פונדעסטוועגן פאַרבליבן אַ שרעק־וואָרט אין די הייזער. דאָס איז ער געווען דער דירעקטאָר פון די קאָמיטעט־באַראַקן. מיט אים האָט מען זיך נישט געשפּילט — ביי אים האָט מען געמוזט צאָלן. איז מען מיט די ענינים פון דירה־געלט כסדר געקומען צולויפן צו די בייטערקעס. זיי האָבן געגעבן עצות, האָבן אָנגעשריבן און ווו מ׳האָט באַדאַרפט — אַרויס מיט לשון. געווויינט האָבן זיי אין פאַרנטיקן פליגל. פון הינטער דער וואַנט האָט מען אַלעמאָל געהערט די גראַטשקעס ביי זיי. מ׳האָט דאָרט גערעדט, געזונגען, געאַמפּערט זיך אין דיסקוסיעס, געלאַכט. די קנאַפּ־„גראַמאָטנע" באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן ווען געהאַט אַ טובה פון די מיידלעך, האָבן פון צייט צו צייט גע־פונען פאַר נויטיק אַרויפצוקומען און אויסשמועסן זיך אַביסל וועגן תוך־זאַכן.

פון אונטן איז אָפט אַריינגעפאַלן צו זיי דער יאַדישליווער שוס־טער מאיר קאָראָסטע — אַ לאַנגער, מיט שאַרפע, בייניקע קינען. אַ לשון האָט ער געהאַט זייער אַ גלאַטיקן; ס׳האָט זיך געשאָטן פון אים מיט גלייכווערטלעך און מעשיות. אָנגעקלאַפּט צווישן טאָג און נאַכט, האָט ער זיך האַלב אַריינגעבויגן און איבערגעפרעגט צום דריטן, אָדער צום פערטן מאָל :

— „מאַזשנאַ" ?

— „מאָזשנאַ, מאָזשנאַ !"... נאָר די טיר פאַרמאַכט ! — האָבן זיי דאָרט געענטפערט אין דער מיט פון אַ לאַכעריי.

געקומען איז ער נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן צע־רודערטן וואַרשטאַטל, אָדער ווען ס׳איז גלאַט נישט געווען וואָס צו פאַרלאַטען. אַרומגעשאָלטן זיך אַביסל מיטן ווייב, אָנגעשלאָגן די קליינע חברה, האָט ער מיט כעס אַ פאַרקלאַפּ געטון די טיר און איז אַרויפגע־גאַנגען צו די מיידלעך. „איידעלע באַרישניעס" — האָט ער זיי געריםט הינטער די אויגן. די מעשיות ווי אַזוי מ׳האָט געדינט „פּאַניע גנב" איז ער קיינמאָל נישט מיד געוואָרן צו דערציילן:

— כאַליערע... זאָג איך צו אים : „היי, וואַניאַ, גיי און כאַפּ עס אונ־טער, דאָס קורטשאַקל ! נאָכוואָס דאַרפסטו צילן פון דער ווייטנס?"... נאָר יענער — ענטפערט נישט, שיסט אויס און לייגט אַוועק אויפן אָרט דאָס מיידעלע... אַ רחמנות, זאָג איך. וואָס האָסטו געטון ?... כאַליערע...

אָבער אין אָוונט האָט מען געוויינלעך אָנגעטראָפן ביי די מיידלעך אַ פאַרמאַכטע טיר. די ראָזע פאָרהענגלעך צו דער גאַס האָבן זיך נישט געווייעט. אין אַ שפּעטער שעה האָט מען דאָ הינטער דער טיר געקענט טרעפן וואָלפן. דריי קורצע קלעפּלעך און — מ׳האָט אויפגעמאַכט. ביי אים האָט זיך די קאַלטע רואיקייט אויסגעלייגט אין די קנייטשן אַרום מויל, אין די אָנגעצויגענע קינען און אין אָפּבריענדיקן בליק אונ־טערן שויבערל. אין פאַרהאַנגענעם צימער האָט ער שוין אָנגעטראָפן אַ פרעמדן — אַ מענטש פון ראַיאָן; ס׳האָט געקאָנט זיין אַן אומשולדיק בחורל, אַ מיידל, אָנגעטון זייער פשוט. דורכגעשמועסט זיך ביז שפּעט, האָט ער זיך שטיל אַרויסגעשאַרט.

ווען האָבן זיי זיך דען געוואָרפן אין די אויגן ? וועמען איז איינ־געפאַלן נאָכצוקוקן די מיידלעך אין זייערע פירעכצן ? — ווען ס׳טרעפט נישט איין מאָל און נאָך אַמאָל : פלוצים, אינמיטן אַ ביינאַכט, כאַפּט זיך אויף אַ שטילער גערודער ; מען קלאַפּט אין די טירן און ס׳לייכטן זיך בלענדיקע לאַמטערלעך. די מיידלעך זוכט מען. געטראָפן האָט מען צו נאָך הינטער־טירן פון הויף און אויך — צו די פאַרזונקענע הייזקעס און ערד־שטיבלעך, צעוואָרפן אַרום אָפּגעלעגענעם פלאַנט. נאָך די שטרענגע רעוויזיעס, וואָס דויערן ביז אינדערפרי, פירט מען אין אויס־געלאָשענעם פאַרטאָג אַוועק מיטן שאָסיי אַ קליינע, צוזאַמענגעשלאָסע־נע פאַרטיע. פון הינטן היפּערן נאָך פינף־זעקס ציווילע — אויפן בליק גאַנץ לייטישע און זייער פאַרדעכטיקע פאַרשוינען.

פאַר די לעצטע פאַר יאָר זענען די ביינאַכטיקע באַזוכן פון דער פּאָליציי געוואָרן דאָ אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך. אַראָפּגעקומען זענען זיי אַלעמאָל פאַרן 1־טן מאַי און פאַרן 7־טן נאָוועמבער. אינדערפרי, ביים אויפשפּאַרן די לאָדן, איז מען באַלד געוווּיר געוואָרן :

— מ׳האָט זיי שוין ווידער אַוועקגעשלעפּט אויף „יום־טוב״... כ׳זאָל נאָך טאָקע אַזוי דערלעבן צו זען גוטס פאַר מיינע אויגן — באַגינאָן, אַזויווי דער זעקסער באַן האָט נאָר אַ פייף געטון, זע איך — מען פירט זיי...

דער עלטערער עולם פון דער „סלאָבאָדקע״ האָט נאָך לאַנג פאַר דער מלחמה געאַרבעט אַרום באַן־פלאַנט, אויסגעלאָדן די לאַסט־וואַגאָ־נען, געהיטן דורך די נעכט די סחורה־מאַגאַזינען, געהייצט די לאָקאָמאָ־טיוו־קעסלען; אַן עולם אַ פשוטער, אַ צוגעלאָזענער, האָט קיינמאָל נישט פאַרמאָגט מער ווי די קרומע הייזקע מיט די צען פאַרהילצערטע פינ־גער. די מערסטע האָבן נאָך אַפילו געדענקט, ווען מ׳האָט דאָ, אויף דער „סלאָבאָדקע״, צום ערשטן מאָל דורכגעלייגט אַן אייזנבאַן־ליניע, ווי אַזוי אַרום די רויע וואָקזאַל־געביידעס איז אויסגעוואַקסן אַ פולסירנדיק לעבן : טראַקטירן, „טשיינעס״, היימישע אכסניהס — אויסצוטרינקען אַ גלעזל וואַרעמס, איבערצונעכטיקן. ס׳האָט זיך דעמאָלט אַפילו אָפּגעפּו־

נעבן אַן אויסטערלישער רוס, אַ פּאַרשוין — אַ ריז, מיט אַ ברוינער, פּיל־סענער באָרד, מיטן נאָמען טימאָפעי פּאַיאַרקאָוו. ער האָט זיך איינמאָל געהאַט אַראָפּגעיאָוועט אין די היגע מקומות און אינגיכן אויפגעמאַכט דאָ אַ מין קאַבאַרעט, מיט ביליאַרדן, סעפּאַראַטקעס, מוזיקאַנטן און שאַנ־סאָנעטקעס. געווען איז ער, זעט אויס, אַ מענטש מיט אַ ביסל פאַנטאַזיע אויך — איבער די געשניצטע גאַניקעס האָט ער געלאָזט אויפמאָלן אַ שילד מיט דער אויפשריפט: „די לאָטאָס פון קאַאיראָ"...

די שטאָט, מיט דער מיליטערישער פעסטונג, מיט די בונטע יאַר־מערק, מיט די גרויסע יידישע „פּאָדריאַטשיקעס", איז פון אַלעמאָל גע־ווען אַ קאָכיקער האַנדלס־צענטער; אַצינד אָבער איז זי אויך אויסגע־וואַקסן צו אַ וויכטיקן אייזנבאַן־קנופּ. דער קאַבאַרעט פון דעם אויס־טערלישן רוס איז דעריבער אינגיכן געוואָרן דאָס וויכטיקסטע טרעף־אָרט פון רוסישע און יידישע סוחרים, די „פּערווע גילדע", וואָס פלעגן אָנפאָרן אַהער פון די ווייטע שטעט און ביי אויפגעקאָרקעוועטע פלע־שער,ביים סענטימענטאַלן געזאַנג פון די שאַנסאָנעטקעס, ביים אומע־טיקן גרימפּלען פון די ציגיינער־גיטאַרעס, פלעגן פאַרהאַנדלט ווערן ריזיקע קניות.

אין די האַלב־טונקעלע, קילע האַלעס פון קאַבאַרעט, אַרום די טיש־לעך, האָט עס אַלעמאָל געווימלט מיט די יידישע מעקלערס פון שטאָט. זיי האָבן געצויגן פּרובקעס פון בוזעם, געגאָדערט אַ רוסיש מיט אַ יידישן אַקצענט און האָבן אָפּגעוואָרט אַ „פּעטן העכט", אַ רוסישן „קו־פּעץ", אין קאָרידאָר, הינטער די נומערירטע טירן פון די סעפּאַראַטקעס.

אין די זייטיקע „טשיינעס", אין די טראַקטירן, האָט זיך געזאַמלט דער פּראָסטער עולם — אויסלאָדערס, קאָנדוקטאָרן, סתם טונקעלע פּאַרשוינען און די יידישע באַלעגאָלעס, וואָס האָבן זיך געבּרענגט אַנ־צוטרייסלען פון שטאָט אויף די הויך־אָנגעלאָדעוועטע פלאַטפאָרמעס. אין רעגנדיקע האַרבסט־נעכט, ווען דער ווינט האָט געלאָשן די פאַנאַרן אויפן פלאַנט, זענען די פאַרמעליקטע אויסלאָדערס, די קעסל־הייצער און דער גאַנצער איבעריקער עולם יאָדער־קנאַקער, זיצן־געבליבן אין די נידעריקע, פאַרויכערטע טראַקטירן, געגאָסן אין זיך דעם שאַרפן, ביי־טערלעכן בראָנפן, געשפּילט אין קאָרטן, אין וועדפּל און איבערגעוווּנקען זיך מכוח די שיינינקע שאַנסאָנעטקעס ביי פּאַיאַרקאָוון אין דער „לאָ־טאָס פון קאַאיראָ":

— העה־העה... שפּילפוייגעלעך...

— וואָראָבייטשיקלעך, געבאָדענע...

כמעט איבער נאַכט זענען דאָ אויסגעוואַקסן הייזער מיט גאַניקעס, מיט שטאָקן, מיט אָפענע געוועלב־טירן צום שאָסיי־אַרויס. די פּאָר־ און גיי־בריק, וואָס איז פאַרוואָרפן געוואָרן איבערן פלאַנט, איז ביינאַכט באַשטעלט געווען מיט גאַז־לאָמטערן. אַן אַלטיטשקער באַן־וועכטער האָט

יעדן אויפדערנאַכט זיי אָנגעצונדן. פון דער שטאָט האָט מען, איבער־הויפּט ס׳יונגוואַרג, געזומען ציען אַהער אויף שפּאַציר, אויף שיילן יאַ־דערן און טרינקען סאָדע־וואַסער מיט סאָק.

איז אָבער באַשערט געווען, אַז אַלץ זאָל מיט איין מאָל צערונען ווערן; און געשען איז עס אַזוי: מיט שיינע עטלעכע יאָר פאַר דער מל־חמה איז לכבוד דעם באַזוך פון רוסישן קייזער אויסגעבויט געוואָרן אַ נייער וואָקזאַל; האָט זיך זיין מאַיעסטעט נאָכדעם געזאָלט אויסדריקן: „אַ גאַנץ פיינע באַד״... דערויף האָט זיך באַלד צומאָרגנס דער באַן־נאַטשאַל־ניק אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. מ׳האָט גלייך באַשטימט אַן אַנדערן אויף זיין אָרט, אָבער אינגיכן איז אויסגעבויט געוואָרן אַן אַנדער וואָק־זאַל, היפּש אָפּגערוקט פון דער „סלאָבאָדקע״.

פאַרבליבן איז דאָ אַן אָפּגעלעגענער פּלאַנט, ווו ס׳וועקסלען זיך לאָקאָמאָטיוון, ווו אויסגעלאָשענע לאַסט־צוגן צעוואַיען זיך ביינאַכט און איין מאָל אין מעת־לעת, אַרום זעקס פאַרטאָג, פאָרט דאָ אַן פון די בלאָ־טיקע פּאָליעסער מקומות אַ פּאַסאַזשיר־צוג מיט אָנגעצונדענע שויבן. ער גיט דריי קורצע פייפן, פאַרשמירט דעם האָריזאָנט מיט רויך און שטעלט זיך דאָ אַפילו נישט אָפּ. די מלחמה האָט דאָ איבערגעלאָזן אויפגעבראָ־כענע פּלויטן, פאַרסמאַליעטע ווענט און גראָבנס, ווו ס׳קלויבט זיך פרי־לינג־צייט, נאָך די שנייען און רעגנס, אַ גרינלעך, שטייענדיק וואַסער. ס׳איז דאָ אויסגעוואַקסן אַ נייער פּערטל — בלינדע געסלעך איןביידע זייטן פון אָנשיט, ערד־שטיבלעך, צוזאַמענגעקלאַפּטע פון פאַרברענטע זאַליוזן, צעבראָכענע וואַגאָניעטקעס, הילצערנע באַראַקן, איבערגעמאַכט פון אַלטע וואַגאָנען, מיט רונדיקע דעכלעך, ווי צירקאָווע לאַסט־וועגן, וואָס שלעפּן זיך פון שטאָט צו שטאָט; אַן עולם מערסטנס, וואָס איז צוריקגעקומען פון די פראָנטן, פון געפאַנגענשאַפט — שוואַרץ־אַרבע־טער, טאָג־לוינער. זיי האָבן געהאָלפן בויען הייזער אין שטאָט, געאַר־בעט אין די טאַרטאַקן, גאַרבאַרייען, אין די שעכט־הייזער, צעוואָרפן אויף די ליידיקע שטחים אַרום טייך.

## 14

די בידעריקע ווענט פון דער גאַרבאַריי שווענקען זיך אין גרינעם זומפּ. נאָך אַ ווינטער פון טיפע שנייען און בייסיקע פרעסט, צעגיסן זיך צו פרילינג־צו די זומפּן ביז צו די קרומע פענצטערלעך. אַזיווי ס׳הייבט נאָר אָן צו לאָזן דער טייך, פון די הויכע גערטנער נעמען זיך אַדורכ־שניידן זילבערדיקע ריטשקעס, בלייבט ברוד גאַרבער שטיין אויפן גאַניק

און קייט אַ שפּיץ פון געלן בערדל. די קלעצער־דאַמבע אויפן הויכן אַנשיט זעצט זיך. ער האָט אַלץ מורא, אַז די קאַדיעס זאָלן נישט פאַרשווענקט ווערן, ווי ס׳האָט שוין געטראָפן צוריק מיט אַ יאָר פיר.ביידע „מענטשן” זיינע, טראָכים און קאָסטיאַ, לייבלעכע ברידער, האָבן דערמאָלט אויסגעצויגן די פעל אין דער זון און געמוזט האָט מען זיי פונדעסטוועגן וואַרפן אין די זומפן, פאַר די כמאַרעס קראָען, וואָס ראָיען זיך אויף די בלאָטיקע אינזעלעך. טראָכים האָט אויך דאָס יאָר געעצהט צו פאַרפעסטיקן דעם ערד־וואַל. זינט ווען אָבער ער האָט זיך אָנגעהויבן אַריינצולאָזן אין שיכרות, איז געוואָרן פון אים אויס־מענטש. דאָ פאַרגעסט ער צו זאַלצן די פעל און ס׳קריכן אָן ווערים; דאָ פירט ער אָפּ די פאַרטיקע פעל אין שטאָט אַריין און בלייבט ליגן אין די שענקען. דעם זונטיקדיקן טאָג וואַלגערט ער זיך דאָרט ערגעץ אַרום און קומט נאָכדעם צעקריכן דורך די פינצטערע גערטנער, מיט אַ זשומענדיק ניגונדל צווישן די ציינער.

קאָסטיאַ דעי־פאַר איז אַ מענטש אַ באַדאַכטער. טרינקט נישט. ער דרייט מאַכאָרקע־טרייבלעך און פאַרויכערט זיך די שפּיצן וואָנסן. געפינענדיק אינדערפרי דעם ברודער אַ שיכורן, שלעפּט ער אים צו דער שאָפע, ביז צום פיעקעליק.

— עך, ברודערל — שפייט ער אויס — לאַנג וועסטו שוין נישט אָנציען... הוסט און כראַקעט פון זיך מיט שטיקער לונג...

דאָ נישט לאַנג האָט קאָסטיאַ געברענגט צופירן מיט זיך פון פלאַנטאָט דעם פעדיען — אַ בלוי־אויגיק בחורל, אַביסל אַ פאַרשלאָפענער.

— אַ לייבלעכער פלימעניק, ברוך — האָט ער זיך געקלאַפּט מיט א פויסט אין האַרץ אַריין — דרייט זיך אַרום, דער האָלעדריגע, טשעפּעט מיט די מוידן און פרעסט אָפּ דיביינער ביי דער מאַמען, אַן אָרעמע אלמנה. קום־זשע, זאָג איך, ליבינקער, אפשר וועט זיך ביי ברוכן לעבן די קאַדיעס אָפּגעפינען פאַר דיר אַ וועלכע נישט איז אַרבעט. טראָכים, זאָג איך, שטייט שוין אָפּ, ווי אַ העכט... וועט אינגיכן אויסציען מיט די קאָפּיטעס...

די מאַמע פעדיעס איז עטלעכע נעכט דורך דער וואָך געשלאָפן אין פרעמדע, אָנגעהייצטע קיכן, ביי די באַליעס וועש. מיט פאַרשרומפּענע פינגער פלעגט זי, אהיימקומענדיק, לאַנג און גיריק נאָכציילן די עטלעכע מטבעות, שעלטנדיק מיטן ציינלאָזן מויל:

— אַ פּאָהיבעל אויף זיי... דריי מיט אַ האַלבס, פיר... ניין, ס׳פעלט טאַקע...

דאָס ייִנגל האָט זי איבערגעלאָזן אין דער קאַלטער הייזקע, אַ באָרוועסן, אַ נאַקעטן, אָן עסן. ער האָט אָנגעטון דער מאַמעס אַ פאָר אויסגעקרומטע שיך, אַ פלושענע ווינטער־קאָפּטע און איז מיט דער חברה פון דער „סלאָבאָדקע” אַוועק אויף די אָפּגעברענטע פלעצער אויסגראָבן שטי־

קער שינעס, שטאַבעס, טשוהונענע טעפּ און פאַרן זשאַווערדיקן ביסל אייזנוואַרג האָבן זיי אין די פאַרפּאַטשקעטע קלייטלעך אויפן מאַרק באַקומען אַ פּאָר גראָשן. אין די נעכט, ווען זי פלעגט זיך אומקערן, די אַלטע, האָט זי געקרעכצט, אַז דער קריזש ברעכט. זי האָט אים געטריבן פון שטוב ער זאָל אַהיימברענגען אַ פאַרדינסטל. אין די פאַרטאָגן האָט דאָס יינגל נאָכגעקוקט דער מאַמעס שאָטן, ווי זי איילט צו די געוועשן. ער האָט זיך אויפגעריסן, אומגעבלאָנקעט זיך איבער די פוסטע סקווערן, געזוכט אַרבעט.

און זינט ווען קאָסטיאַ האָט אים געבערענגט צופירן, קריכט ער מיט די באָרוועסע פיס אין די קאַדיעס, צעהענגט די נאַסע פעל אויף די דרענגלעך און אין דער פרייער צייט זיצט ער אויפן אָנשיט און פאַרייסט דעם קאָפּ צו די טאַרטאַק־קוימענס. לעבן אים — די קודלאַטע צויג, צו וועלכער אַלע לאָזן דאָ אויס זייער ביטער האַרץ. זי איז אַלט, די צויג, מיט פאַראָפּעטע אויגן. אַז מען רופט דאָ פון ערגעץ פעדיען, שפּיצט זי אָן די אויערן־לאַפּן. קיינעם שמעקט זי נישט אַזוי נאָך די פיס־טריט, ווי אים. פאַרנאַכט לויפט זי אַרום צווישן די שאָפּעס מיט אַ פאַרשטיקט וואַיעלע אין דער קעל, זוכט אַרום פעדיען און געפינט אים נישט. ער ווערט פאַרפאַלן און — נישטאָ אים. און ס'קומט אויס טיילמאָל, אַז גראַד דעמאָלט באַדאַרף מען אָפּפירן מיטן וועגעלע אַ פאַרטיע פעל אין שטאָט אַריין.

— מיט ביכלעך עפּעס פאַרנעמט ער זיך... — האָט קאָסטיאַ, שטיינבלייבנדיק פארן ליכטיקן גאַניק, גערעדט צו דער נידעריקער יידענע ברוכס. דאָס פורל האָט געוואַרט דערלעבן.

— זיי זענען געפערלעך, די... שטילע... — האָט זי, אומדרייענדיק זיך, פאַרהאַקט הינטער זיך די ליכטיקע שויבן־טיר.

— טו אַליין אַ טרייב די שקאַפּע — איז טראָכים אונטערגעקומען — וואַרט, און דער שיינער געהילף דיינער ווו איז? אַהאַ... — איז ער זיך פאַרגאַנגען — אַ מחיהדיק נעכטל... וועסנע... מיידעלעך...

די דורכגערעדערטע גערטנער פינצטערן זיך צו אָנהייב אָוונט. די שקאַפּע טרעפט בלינדערהייט אין דער איינגעשניטענער רעדער־קאָליע. זיסלעכע ריחות פאַרגייען אין דער אַקאַציע־אַליי. קאָסטיאַ קוקט אַראָפּ צו דער קופּע פינצטערע הייזקעס; און אָט דערזעט ער ווי פאַרן וועכטערהייזל פון טאַרטאַק זיצט ער זיך, פעדקע. ער און נאָך איינער — אַ יידיש בחורל, זעט אויס. דערנאָך בייגן זיי זיך אַראָפּ און ווערן פאַרפאַלן צווישן די קוסטעס, הינטערן הויז. אַ טירל סקריפּעט און פאַרקלאַפּט זיך. ביז אונטער דער בריק ציט זיך דער וועג שטאָק־פינצטער; און ס'טראַכט זיך נישט־ווילנדיק וועגן אָט דעם פעדקען. אַ שטיל בחורל, אַ ווויל בחורל, נאָר די געבנג זיינע הייבט ער נישט אָן צו פאַרשטיין. אַנומלטן האָט ער זיך מיט אים אַפילו גאַנץ פיין אַדורכגערעדט, כאָטש נישט אַלעמאָל וועס־

טו ביי אים אַרויסקריגן אַ וואָרט; דו זאָגסט אים עפּעס און ער — פּירט אַלץ אויס פאָלגעוודיק, פּינקטלעך, אָן רייד. מיט אַ נאַכט פריער איז ער שטיל געהאַט צוריקגעקומען, צוגעשפּאַרט די שווערע פּרענטעס און איז אַרויפגעקראָכן אויפן פּיעקעליק. טראַכים איז, אויסטרינקענדיק עטלעכע קוואַרטירעלעך, אַוועקגעפאַלן ווי געהרגעט און זיינע גאָרגל־שנאָרכערייען האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט אַ פאַרשטיקט האַלדז־קוויטשעלע. אַרומגעשאָלטן האָט ער זיך פריער אויך גענוג, געקלאָגט, אַז שוין, אינגיכן וועט ער סיי־ווי אַוועקשטאַרבן, אַז די כוחות לאָזן זיך אויס; און אַז טרינקען טרינקט ער נאָר דערפאַר, ווייל ס׳איז אומעטיק, צום טויט אומעטיק...

— דו, פעדיאַ — האָט אים קאָסטיאַ זייטיק אַ פאָרש־געטון — ביסט, דוכט זיך מיר, גאָר קיין לייט נישט... האָסט אָפּגעפּרעסן די ביינער ביי דער מאַמען, אַרומגעטריבן זיך מיט די מוידן... פאַר אַ מענטש האָב איך דיר געמאַכט, און דו — אויף זייטיקע וועגן קריכסטו. דאָס האַרץ זאָגט מיר עפּעס גאָר קיין גוטס נישט...

— ווי־זשע, קאָסטיאַ, כ׳זאָג נישט — ביסט מיר אַ פריינט, אַ האַר־ציקער. אָך, האָט זי געשלוכצט איבער מיר, די מאַמע, געזעצט אין מיר מיט די דאַרע פויסטן און געשלוכצט... און היינט, אַז מען זעט זיך, איז רק זי וואַרפט זיך קושן; און אַז איך ברענג עפּעס געלט, איז זי גאָר שטאַרק צופרידן, איז אַפילו מכבד און בעט וואָס אָפּטער קומען. און איך, ווי זאָל איך זאָגן, בין פאַר דער געזעלשאַפט אויך... אַ מענטש לעבט נישט נאָר פאַר זיך! אָט, טאַקע דערפאַר, ווייל ס׳זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס לעבן נאָר אויפן חשבון פון אָרעמען פאָלק...

— נו־זשע !... — האָט קאָסטיאַ צוריקגעצויגן זיין לידעלע — אַ בייער כריסטאָס געבוירן געוואָרן? און ווי וועט זיין, אַז מ׳וועט דיר, טייבעלע, אַריינזעצן אויף אַן אָנדערטהאַלבן־צווייִ יערלעך... דער מאַמעס זונטיק־דיקע כבודימלעך וועלן דיר שמעקן דורך דער צענטער וואַנט... אָבער צוריקגערעדט, זענען דיינע רייד איידעלע און לייגן זיך אַ פשוטן מענטש אויפן שכל...

די זאַלציקע פאַרדומפּנקייט האָט זיך געלייגט אויפן גומען, געוואָרגן. איבערן פאַפּע־דאַך האָט אָנגעקלאַפּט אַ געדיכטער רעגן. זיי זענען צוגע־פאַלן צום באַרג פאַרוויקלטע קאָלדרעס ; און ביים קודלאַטן הונט, פאַרנורעט צווישן זיי, האָבן זיך געהויבן די הויטיקע ריפּן, אין געדיכטן אָטעמען.

דעם זונטיקדיקן טאָג שווייגן אַלע פאַבריקס־הייף אויפן הויכן ברעג. אין פאַרוואָלגערטן הויף פון טאַרטאַק טענצלט דאָס בלינדע פערד אַ גאַנצן טאָג אַרום אַ געפּענטעטס אויפן שיטערן גרעזל, הינטער די שאָ־פּעס. דער לאַנגער וויקענטי האָט עס באַלד אינדערפרי אַרויסגעפירט און אַליין מייסטרעוועט ער אַ צעסטראָיעטע מאַנדאָלינע אויף דער איינגע־זונקענער באַנק, פאַרן קאַנטאָרל. ביי מילאַנען, וואָס אויך אים האָט

די קלוגע שיינדעלע פֿאַרטריבן פֿונעם אַלטן הויז אין דער טאָפּאָלן־גאַס און ער האָט זיך אָנגעדונגען פֿאַר אַ וועכטער אין טאַרטאַק, וועט שפּע־טער אין אויסגעקאָלכטן שטיבל זיין פֿריילעך און לעבעדיק. אַ גאַנצן נאָכמיטאָג וועלן האַלטן אין איין קומען געסט. וויקענטי וועט אויסזשומען אַלערליי פּאָלקעס און וואַלסן, צום טאַקט פֿון די פֿונאַנדערגעשפּיליעטע קרעמפּע זעלנער און לוסטיקע, קאָליריק־אויסגעסטראַיעטע מיידלעך, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ אַהער פֿון שטאָט. פּעדקע, אָט דער שטילינקער, וועט דורכאויס וועלן אַרונטערשלעפּן דאָס אָנגעצונדענע לעמפּעלע, די איקאָנע מיטן אויסגעפּאַשעטן קליינס, און דאָס ווייסע, אויסגענייטע האַנטעכל; און מילאַן וועט זיך ביי אים בעטן:

— לאָז, פּעדיאַ! טשעפּע נישט. דעם מיידעלעס נשמה קומט זיך דאָרט טובלען... לאָכן זיי... כ׳ליג אַזוי ביינאַכט און ס׳דוכט זיך — זי קריכט, זי קריכט... אוי, ווי זי האָט זיך „געקאָכעט” אין דעם, ריינע האַנטעכלעך געוואַשן און האָט קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן צוצוגיסן אַביסעלע בוימל...

ס׳איז געווען אַ בלייך, אָרעם מיידעלע פֿון אַ יאָר זיבעצן. מ׳האָט עס איינמאָל אין אַ רוי־געהובלט קעסטל אַוועקגעטראָגן צום צווינטער, ווייט הינטער דער „סלאָבאָדקע”.

ער איז געגאַנגען מיט אַ שטילן, פֿאַרזיכטיקן טראָט איבער דער ערד, מילאַן, אַ שווייגער. אַ יאָר זיבן־אַכט פֿאַר דער מלחמה האָט מען אים איינמאָל איבערגעפֿירט פֿון די באַן־וואַרשטאַטן און צוגעטיילט אים אַלס געהילף דעם אַלטן ליניע־וועכטער, וואָס האָט דאָ איינער אַליין געוווינט אויפֿן פּלאַנט. די דאָזיקע ליניע האָט מען מיט אַ קורצער צייט צוריק געהאַט פֿאַרלייגט אַרום די דאַמף־מילן און טאַרטאַקן, וואָס האָבן זיך דאָ גענומען פֿונאַנדערוואַקסן. מילאַן האָט אים פֿאַרביטן. שווייגנדיקערהייט, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפֿן אין פֿעלץ, אין די טיפֿע וואָליקעס און איז אין די פֿינצ־טערע, גליטשיקע פֿאַרטאָגן אַרויס אָפּוואַרטן די צוגן ביים בריקל. ער האָט נאָכגעקוקט די פֿאַרשווינדנדיקע רויכן און דערנאָך פּאַמעלעך זיך געלאָזן גיין צום הייזל.

זונטיק נאָכן האַלבן טאָג, ווען קיין צוגן זענען געווייגלעך נישט פֿאַר־ביי, אַז ער אַוועק אין שטאָט, צום פּעטער, דעם הויז־וועכטער, אין אָפּ־געשלאָסענעם רינג הילצערנע שטיבער. דאָרט זענען זיך צונויפֿגעקומען אַלע דינסטן און אַלע יינגען. מילאַן איז געזעסן אין קאַרשן־סעדל, פֿאַר די נידעריקע, צעעפֿנטע פֿענצטער. מ׳האָט דאָרט געזונגען ביז טיף אין דער נאַכט אַריין. אין בלויען אָוונט איז ער דאָרט זיצן־געבליבן מיט פֿאַר־גלייזטע אויגן איבערן פֿולן אָרעם פֿון דוניאַשען, די דאָרפֿישע מויד, וואָס האָט געדינט ביי די רייכע יידן, ביי די שאַצס. ער איז געזעסן זייער פֿאַר־זיכטיק אָנגעשפּאַרט אין איר הייסן בוזים, ווי ער וואָלט געווען פֿון גלאָז, דעם בוזים אירער.

— היינטיקע מיידעלעך... — האָט ער דאָרט סתם אַזוי געפּלאַפּלט — און ווייבלעך גלוסט זיך זיי דען צו זיין? הוליען אַזוי אויך אַרום...

און דוניאַשע האָט אַזוי הילכיק געלאַכט, אַז ס'איז אים געוואָרן פּריקרע: צי דאָס לאַכט זי נישט אַזוי אַמאָל פון אים? שפּעטער, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון גליווער, האָט ער שוין דוניאַשען מער נישט געפונען לעבן זיך. צווישן די צעבליטע קאַרשן־ביימער, אין טיפן גאָרטן, האָט ער געהערט אירע דונערדיקע געלעכטערן ביי עמיצן אויף דער שויס. מיט אונטערגעבראָכענע קניען איז ער אַריין צום פעטער אין אויס־געקאַלכטן שטיבל.

— הער צו, פעטער — האָט ער געקוקט אַראָפּ צו דר'ערד און אומ־גליקלעך אַרויסגעפּישטשעט — אַזוי און אַזוי... כ'האָב באַשלאָסן אַ ווייב זיך נעמען...

דער פעטער האָט אויסגעלאָזן צו אים אַלע זיינע בייזע חלומות, אָפּ־געפּירט אים אַ שטיק וועגס אַהיים און האָט אים אָפּגעשטעקט אַ בינטל פאַרהילצערטע פינגער:

— גיי, מילאַן — האָט ער אים געזאָגט — און קום איבעראַכטאָג זונ־טיק, וועסטו זיך אַהיימנעמען דער מויד גלייך צו זיך אין בעט אַריין.

די מויד האָט זיך אַביסל געקווענקלט, אָבער פונדעסטוועגן איז זי געגאַנגען. אַ גאַנצע וואָך כמעט, ביזן אַנדערן זונטיק, האָט מען דערנאָך ביים פעטער אין אויסגעקאַלכטן שטיבל געהוליעט. אינדערפרי האָט אַ גאַנצע כאַליאַסטרע אָפּגעפירט מילאַנען צום הייזל אויפן פּלאַנט.

צומאָרגנס, אין אַ וואָכעדיקן מאָנטיק, האָט דוניאַשע, נאָכן האַלבן טאָג, אַהינגעבברענגט איר גאַנץ פאַרמעגן: אַ קליין קיישל מיט זאַכן און אין דער אַנדערער האַנט — אַ פּאָר אויסגעגלאַנצטע שיך מיט לאַנגע כאַ־ליעוועס, מיט אַ סך לעכלעך צום פאַרשנורעווען.

מיט אַ קאַרג יאָר שפּעטער האָט אין נידעריקן שטיבל אונטערן באַלקן אַרויסגעפּישטשעט אַ ביי־געבוירנס. ס'האָט זיך פאַרקייכט און געוואָרפן מיט די פיסלעך, ווען די מאַמע איז ערגעץ ארויס אויף אַ מינוט. מילאַן האָט זיך עטלעכע מאָל דורך דער נאַכט געוועקט, אָפּצוואַרטן די צוגן. אויפן פענצטער האָט ער געלאָזן ברענען אַ לאָמפּ. דאָס מאַכאָרקע־טרייבל אויף א ווינקל ליפּ האָט זיך ביי אים געררויכערט. אין דער טונקל האָט ער זיך איינגעקוקט, ווי דאָס קליינע וועקט זיך ביי דער ברוסט פון דער מאַ־מען. די מאַמע שלאָפט מיט אַ שווערן, געדיכטן שלאָף, אירע ליפּן קרומען זיך אויס, זי מורמלט עפּעס פאַרשטיקט אין דער קישן אַריין, פאַרדעקנ־דיק שיר נישט דאָס קינד מיט איר אָטעם. זי רעדט צו אים זעלטן אויס אַ וואָרט און פּלאַפּלט אַלץ ארום מיט די פאַרבייגייער. אַמאָל וואַרט איר גאָר אָפּ אין פאַרנאַכט ביים ברונעם אַ יינג מיט אַ העלער טשופרינע. אַז

זי קומט דערנאָך אונטער צו דער שוועל, האַלט זי זיך אין איין פאַר־ענטפערן :

— אַ באַקאַנטער... נאָך פון דאָרף...

אין די זונטיקן ווערט זי גאָר ערגעץ פאַרפאַלן. ס׳קינד רייסט זיך און ער קען עס נישט איינשטילן. עס זוכט די ברוסט ביי אים און ער טוליעט עס :

— נו, שאַ, קינדעלע... אַ מאַמינקע ביי דיר...

ער וואַרט זי אָפּ אויף דער שוועל, אַ שווייגנדיקער, און גייט איר נאָך אין דער טונקל. דאָס מאַכאָרקע־טרייבל רויכערט ביי אים אויף אַ ווינקל ליפּ. ער גייט אַרויס אַפּוואַרטן די צוגן ביים בריקל און אַז ער קומט אַריין, סקריפּעט דאָס פּאָדלאָגע־ברעט. ער נעמט אַוועק דעם לאָמפּ פון שייבל און שטעלט אים אַנידער אויפן טיש. זי וועקט זיך פלוצים איבער. ער שטייט איבער איר :

— דאָס קליינע זויגט און דו צעפּירסט אין שלאָף מיט די הענט, שיר נישט צו דערשטיקן עס... ס׳חלומט זיך דיר, וואָס ?...

זי רייסט זיך אויף, אַ צעשויבערטע :

— אוי, מאַמעלעך מיינע... ווער, דו ביסט עס, מילאַן ?

אין יענעם לעצטן זונטיק איז דוניאַשע אינגאַנצן נישט אַהיימגעקו־מען. ס׳מיידעלע האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געריסן פון אַנגעבונדענעם קויש אונטערן באַלקן און מילאַן האָט עס נישט געקענט איינשטילן. ער האָט עס פאַרוויקלט, איז אַרויס דערמיט פאַר דער שוועל און אַראָפּגעלאָזן זיך אויפן אָפּגעפוילטן בענקל. דער אָוונט איז צוגעפאַלן אַ וואַרעמער. אַ בלעטל אויף אַ בוים האָט קיין שאָרך נישט געטון.

— נו, שאַ, קינדעלע — האָט ער עס געטוליעט — איבערגעלאָזן און נישטאָ ווער ס׳זאָל דיך אָנהאָדעווען... ביי מיר איז אויך אַמאָל געווען אַ מאַמע... אָ, שוין זייער לאַנג. זי לעבט נישט מער.

דאָס קינד האָט אַרויפגעקוקט צו אים מיט די פאַרטרערטע אויגעלעך. ס׳האָט שטיל געאָטעמט. ער האָט עס אַריינגעשטופּט אַ האַרטן פינגער אין מיילעכל און ס׳איז, זויגנדיק אַזוי, איינגעשלאָפן.

אינדערפרי איז די מאַמעטשקע צוריקגעקומען — אַ שויבערדיקע, מיט בלויע רינגען אונטער די אויגן. זי האָט איילִיק גענומען איינפּאַקן זיך איר קוישל, וואָס זי האָט אַהערגעבראַכט מיט איבער אַ יאָר צוריק. שטייענדיק ביי דער שוועל, האָט זי נאָך אים אַ רוף געגעבן :

— מילאַן ! — האָט זי אים גערופן — מיר, ווי זאָל איך עס דיר זאָגן... ס׳איז מיר אומעטיק ביי דיר... און ס׳קליינע וועסטו אַליין באַוויזן אָנצוהאָדעווען. כ׳קען זיך נישט מיטשלעפּן דערמיט — דאָס פאַרשטייס־טו דאָך אַליין... נו, און אַז ס׳וועט שלעכט זיין ביי אים, וועל איך נאָך אפשר צוריקקומען...

לאַנג האָט ער זי נאָכגעקוקט, ביי דער שוועל שטייענדיק, ווי זי איז, שלעפנדיק איר אָרעמען באַגאַזש, אַוועק מיטן פּלאַנט. ער האָט זי אַזוי לאַנג נאָכגעקוקט, ביז דאָס מאַכאָרקע־טרייבל אויפן ווינקל ליפּ איז אויסגעגאַנגען.

# 15

מלחמה־צייט האָט זיך מילאַן ערגעץ אומגעוואַלגערט, האָט זיך צוריק־געקערט מיטן קינד אויף דער האַנט צום אַלטן הויז אין דער טאָפּאָלן־גאַס, ווו ער האָט אין די לעצטע יאָרן געדינט ביי שימעלע באָדקער. דערנאָך, ווען שיינדל האָט אַלעמען פאַרטריבן, האָט ער זיך אומגעקערט צום פּלאַנט, צום וועכטער־הייזל אויפן טאַרטאַק. דאָס מיידעלע איז ביי אים געוועזן אַ שוואַכינקע, ווי אַ בלייך געוויקס הינטער אַ שאָטנדיקער מויער. זי איז אונטערגעוואַקסן אַ דינע, אַן איידעלע, ווי אַ ווערבע־ביימל. אונ־טער איר ווייסער, דורכזיכטיקער הויט אויפן האַלדז האָבן געציטערט וויכע, בלויע אָדערלעך. זי איז שפּעט רייף געוואָרן און די רונדיקע ליניעס האָבן זיך קוים געצייכנט פון אונטער די היימיש־גענייטע סיטצע־נע קליידלעך. אירע העלע האָר — דורכזיכטיק, קרענקלעך, ווי ביי אַ ליאַלקע; אַ גרוי־אויגיק מיידעלע מיט מייזן־צעפּלעך און אַ רויט, פאַר־קאַטערט נעזל. פון אַ ליאַדע ווינטעלע האָט זי זיך צוגעקילט, איז געלעגן אין בעט מיט היץ. פון דער פאָלקס־שול האָט מען זי אַהיימגעשיקט. מיט פאַרמאַכטע אויגן־לעדלעך איז זי געזעסן פאַרן הייזל און זיך געוואַ־רעמט אין דער לוילעכער האַרבסטיקער זון.

מילאַן האָט שווייגנדיק צוגעקוקט, ווי דאָס מיידל גייט אויס פאַר זיינע אויגן. דורך די נעכט איז זי שלעכט געשלאָפן. אַנטקעגן קליינעם שפּיגעלע אויף דער וואַנט האָט געציטערט אַ פלעק. דער פלעק האָט זיך אויסגעקלאָרט, אָנגענומען אַלערליי פאָרמען און אין היץ האָט אויפגעע־טויכט פאַר איר וואָלפס בלאַס און לענגלעך פּנים, דער נידעריקער שטערן אונטערן שויבערל און די אָפּבריענדיקע אויגן. ער איז דאָ נישט איינמאָל געזעסן ביי מילאַנען אין אויסגעקלאָכטן שטיבל, ארומגעפּלאַפּלט און אומרואיק אָפּגעוואָרט וויקענטין און פעדיען.

— קום צו נענטער! — האָט זי אים גערופן — קום!

ס׳האָט קיינער נישט געהערט אירע הייסע רייד; דער טאַטע איז אַוועק, וואָלף איז אַוועק. אויפן טאַרטאַק־פּלאַץ, אין טאָלעכל, האָט זיך עפּעס גערודערט. נאָר איינמאָל איז ער אַליין געקומען, וואָלף, אַ צעוויג־

טיקטער, צווישן טאָג און נאַכט. אַ הפקרע וויוגע האָט געהוליעט הינ־טערן פאַרווייעטן שייבל. ער האָט זיך אראָפּגעזעצט אויף דר׳ערד, צו־פוסנס. אַ ליכטיקייט האָט זיך אָנגעגאָסן אין אירע גרויע אויגן, זי האָט אויסגעצויגן צוויי לאַנגע, בלייכע הענט צו אים. איר אָטעם איז געווען קורץ און הייס.

ער איז דערנאָך צוריקגעגאַנגען דורך דער פאַרלאָשענער הינטער־שטאָט און דאָס בלייכע מאַדאָנע־פּנים פון מיידל איז געווען פאַר זיין בליק. „זי וועט שטאַרבן — האָט ער זייער באַנג געטראַכט — זי וועט אַוודאי אינגיכן שטאַרבן״. און אויפן פרילינג, ווי נאָר די פייגעלעך האָבן געגומען זינגען אויפן דאַך, האָט מען זי אין א רוי־געהובלט קעסטל איינ־מאָל געהאַט אַוועקגעטראָגן אויפן צווינטער.

זונטיק קומט מען זיך צונויף ביי מילאַנען אין אויסגעקאַלכטן שטיבל. מען ציט פון אַלע אָפּגעלעגענע ווינקלען. די קוואַדראַטנע שייבלעך זענען צעעפנט. ס׳שווימען דורך זיי וואָלקנס מאַכאָרקע־רויך. קיין פייער צינדט מען נישט אָן. די נאַכט איז אַ העלע. וויקענטי זיצט אויפן אָפּגעפוילטן בענקל פון פאָרנט. ער גרייט זיך אַ זשומע צו טון די לידלעך. נאָר אים באַפאַלט אַן אומרו. ער קען נישט מער און וועקט לעבן זיך פעדיען, וואָס איז מיטן ערשטן שטערן געקומען צעשפּאַנען דורכן פלאַנט.

— ס׳איז צייט. זיי וועלן וואַרטן.

און אויף מאָרגן, ווען דער דרויסן איז נאָך בלוי, צערעדלען זיך הינטער נעפּלדיקע שייבלעך די סירענעס; זיי צעוואָיען זיך אומהיימ־לעך. איבערן טיפן פלאַץ כאַפּן זיך אויף רויע קולות. דורכן גאַנצן זומער שלאָפט דאָ וויקנעטי אויף די אָפענע היי־בוידעמער, כדי באַלד מיטן ערשטן פייף שוין צו שטיין אויף די פיס. פאַרביי דער זשאַווערדיקער הייב־מאַשין ראָלן אַוועק די וואַגאָניעטקעס מיט ברעטער צו די לאַסט־וואַגאָנען אויפן פלאַנט. אין דער מאַשין־האַליע, וווּ וויקענטי איז אַ היי־צער, ציטערן די אויסגעזעצטע שויבן, פון די קעסלען יאָגט אַ דעמפּיקע היץ. זאַלבעדריט שיטן זיי פון דעם באַרג זעגעכץ אין אויוון־פּיסק, ווו עס טליעט צוערשט אַ קליין אומשולדיק פלעמל; ערשט דערנאָך גיט עס אַ זעץ אַרויס.

דער יונגערער באַלעבאָס קומט צופאָרן אין אַ בריטשקעלע. דער אויפזעער פירט אים צו דער מאַשינען־האַליע. ער קוקט זיך צו פאַראינ־טערעסירט, ווי איבער די שינעס פירט מען צו אַרומגעטעסעטע ביימער צו די קרייץ־זעגן. זיי גייען נאָכדעם צוריק איבער דער סטעזשקע, צו די אַרומגעוואַשענע קאַנטאָר־שטיבער.

— ס׳ווערט שוואַך — זאָגט דער באַלעבאָס — דער מאַרק איז פאַר־קאָנקורירט... שוין געזען די סך־הכלען פאַרן לעצטן חודש... דאָס איז אַלץ די דומפּינג־פּאָליטיק פון די סאָוויעטן...

איבערן נאַקעטן, זוניקן פּלאַנט, ווו ס׳האָט זיך געוועקסלט אַ פּאַרוי־כערטער לאָקאָמאָטיוו, זענען די פּאַריסענע קוימענס מיט איין מאָל שטיל געוואָרן. אין די אויערן, וואָס זענען געווינט געוועזן צום אָפּגעהאַקטן, סאָפּענדיקן גערויש, האָט גלייך אַ קלונג געטון די אומהיימלעכע שטיל־קייט. פון די בידעריקע הייזקעס, פון די ערד־שטיבלעך, פון די וואַגאָ־נען־הייזער, האָט זיך קינד־און־קייט אַרויסגעשאָטן פאַר די שוועלן. זיי האָבן געמאַכט האַנט־דעכעלעך און אַריבערגעקוקט צו די שטעכל־פּלויטן באַרג־אַרונטער.

— ס׳זענען דאָרט אַוודאי קאַליע געוואָרן די שרייפלעך און — פּטור...

— איז דער געליימטער איוואַשקע, אַ חסר־דעה, אַ פאַרפאַלענער שיכור, געקומען אָנצוהיפּערן — גאָטס גערעכטער צאָרן וועט זיך נאָך אויף זיי אַראָפּלאָזן... אַ ווינט וועט זיי פאַרווייען, אַ פייער וועט זיי אָפּמעקן...

ביי יעדן אומגליק אויף דער „סלאָבאָדקע״ איז ער אָבער גלייך גע־קומען אָנצוהיפּערן און, ווי אַ שוואַרצע וואָראָנע, האָט ער אויסגעקראַקעט דאָס בייז. אַלע האָבן אים נאָכגעקוקט, ווען ער האָט זיך אָוועקגעקוליעט איבערן פּלאַנט, אַ געליימטער, ווי אַ סטראַשידלע. גלייך צו מילאַנס וועכטער־הייזל איז ער אָנגעקראָכן. נאָר ביים גאָרטן־טירל האָט ער זיך פאַרהאַלטן, ווייל אָנגעלאָפן איז אים אַנטקעגן דער געלער הונט.

— העה.. — האָט ער אויסגעזונגען — איז שוין, הייסט עס, מילאַן אויף אַהין...

באַלד דערנאָך האָט זיך מילאַן אַליין באַוויזן פאַרן טירל.

— אַ וויסטער טייוול האָט אים באַדאַרפט אָנטראָגן צו די מאַשינעס — האָט ער געשטאַמלט — בלוטיקט און בלוטיקט... אַ ווייטיק צוצוקוקן... וואָלט מען כאָטש פריער אַ באַריערל געוועזן אַוועקגעשטעלט.

— און צום פּאָטערל גראַסים נאָך אַ ווידוי איז מען געלאָפן?

— דו, איוואַשקע, טראָג זיך אינגאַנצן מיטן פּאָטערל גראַסים — האָט זיך מילאַן אָפּגעריסן און דער געלער הונט האָט זיך אַ שטעל געטון אויף אַלע פיר, אָבער דער וואָי איז געבליבן שטעקן אין דער קעל. צום גאָרטן־טירל האָבן געשטראָמט די ווייבער און דאָס קליינוואַרג האָט זיך אָנגעהאָנגען אין די בידעריקע שטאַכעטן. מיט דער אַקאַציע־אַליי איז אין אויפגעהויבענעם שטויב אָנגעפאָרן א קליינער אויטאָ. ס׳זענען אויסגע־שטיגן עטלעכע פּאָליציאַנטן און האָבן מיט די ביקסן־קאָלבעס גלייך גע־נומען פונאַנדערטרייבן דעם אָנגעוואַקסענעם עולם.

ס׳ווייב מיט די דריי נאַקעטע קינדער זענען באַלד דערנאָך אויך גע־קומען אָנצולויפן. דאָס קאַנטאָרל האָט זיך געטון אַ פאַרקלאַפּ. פּאָליציי האָט געהיטן. דער מת איז שוין געלעגן אין דער שאָפע, אַן איבערגע־דעקטער. מער האָט מען נישט געוווּסט.

דער אָוונט אויף דער „סלאָבאָדקע״ איז צוגעפאַלן פריער ווי גע־ווינלעך. אַן אומהיימלעך פּייפל האָט געבויערט די שטילקייט, ווען וואָלף

האָט אנגעקלאַפּט אין דער טיר ביי די מיידלעך. די פענצטער זענען גע־ווען פאַרהאַנגען און דאָס, געוויינלעך צוגעקליבענע, צימערל האָט אויס־געקוקט צעראַיעט, ווי נאָך אַ נאַכט־רעוויזיע. פון איבער די שופלאַדן האָט זיך ארויסגעהויבן שבע׳ס צעפּלאָשעטער קאָפּ. אין דער אונטערגע־הייצטער פּליטע האָט פריילעך געקנאַקט דאָס פייער. וואָלף האָט, אַביסל דערשראָקן, געפרעגט :

— דינה... ווו איז דינה?

— זי איז נישטאָ, זעסטו דאָך. זי האָט דיך געהייסן אויפזוכן פעדיען. זי וועט דיר אָפּוואַרטן הינטער די הויפן.

פּאָרזיכטיק איז ער אַראָפּ און מיט די זייטן־וועגן אַראָפּגעלאָזן זיך צום פאַרגרינטן וואַסער אין פינצטערן פּאַרק. דאָרט האָט ער זיך נאָך מיט אַ נאַכט פריער אָפּגערעדט מיט פעדיען.

ווען פעדיע האָט זיך געלאָזן אַוועקגיין מיטן שטעגל איבער די צע־גראָבענע גערטנער, האָט אים נאָך טראָכים צוגעוואָרפן פון צווישן די ציין :

— ווי דעם וואָלף אין וואַלד אַריין, ציט עס אים...

פאַר אים האָט זיך קוים אָנגערוקט דער פאַרנאַכט. צו זיין אויער זענען נישט דערגאַנגען די ווייכע אָוונט־קלאַנגען, די פאַרשטיקטע גע־לעכטערן אויף די פאַרהוילענע שטעגעלעך. פאַר די אויגן האָט ער גע־האַט די מאַשין־האַליע, די קרייץ־זעגן, וואָס שלינגען מיט אַ בויערנדיקן קרעכץ די אָפּגעשיילטע שטאַמען, די ברעטער, וואָס שמעקן מיט פרישע פעך־ריחות. און צווישן זיי — אַ מענטש, וואָס פלאַטערט, פלאַטערט און פאַלט אָפּ, באַשפּריצנדיק רויט דאָס ווייס־אויפגעשניטענע האָלץ־לייב, פון וועלכן ס׳רינען נאָך די בוים־זאַפטן און ס׳פאַרען נאָך די פאַרגייענ־דיקע וואַלד־אַראָמאַטן.

אַנלייגנדיק וועג, האָט זיך פעדיע דורכן ברעג אַראָפּבאַקומען צום פאַרגרינטן וואַסער.

— טראָג זיך אָפּ... — האָט זיך וואָלפס שויבערל אַרויסגעהויבן פון הינטער אַ קוסט — אין צערקווע־געסל... הינטער די אַקאַציעס...

זיי האָבן, יעדער באַזונדער, אויסגעמיטן דאָס ווייסע, פאַרקראַטע־וועטע הויז, אין שיין פון די אַרומגעשטעלטע לאַמטערן. ס׳איז געווען נאָנט צו האַלבער נאַכט. דורך די בריקלעך זענען זיי אַרויסגעקומען צו דער גאַרבאַריי. די אויסגעלאָשענע הינטערשטאָט איז געלעגן פאַרזונקען אין שלאָף. פעדיע האָט זיך אַביסל געזוימט און איז אָנגעשוווּמען פון הינ־טער די ווענט מיט אַ קעסעלע קלייסטער. ס׳איז אים נאָכגעקראָכן די קודלאַטע צויג, שמעקנדיק שטום אין זיינע פיס־טריט...

און אינדערפרי האָט מען אַלע ווענט און פלויטן פון דער „סלאָבאָד־קע״ געפונען באַקלעפּט מיט שוואַרץ־באַרעמלטע בלעטלעך. ס׳איז געווען

געמאָלדן וועגן טויט פון טאַרטאַק־אַרבעטער. ס׳איז אויך דערציילט גע־וואָרן וועגן דער שטילער קבורה, וואָס די פּאָליציי האָט אדורכגעפירט אין דער זעלבער נאַכט; און דאָרט, ווו ס׳קומען צופאָרן די לאַסט־צוגן, האָט פון העכסטן עלעקטרישן סלופּ אַראָפּגעפּלאַטערט אַ רויטע טוך, גע־וויקלט אין טרויער.

די ווייבער און די קינדער פון דער „סלאָבאָדקע" האָבן ערנסט און שטום באַטראַכט דעם פּלאַץ, די שטעכל־פּלויטן. די פאַרהאָרעוועטע מאַנס־לייט האָבן זיך פאַרהאַלטן אַ ווײַלע, פאַריסן דעם קאָפּ צו דער פּלאַ־טערנדיקער פאָן, געוויקלט אין שוואַרצן, פאָרכטיק געצויגן די היטלען פון די געזונקענע קעפּ. אַנדערע האָבן זיך אַפילו איבערגעצלמט.

ערשט פאַרנאַכט האָט זיך פעדיע אומגעקערט צו דער „סלאָבאָדקע". ער האָט אויסגעמיטן דאָס געסל, ווו די מאַמע וווינט, האָט זיך פאַרנור־מען מיט די צעגראָבענע גערטנער, צו די שאָפּעס. מיט די פינצטערנדי־קע פעלדער איז אים אַנטקעגן געקומען אָנצולויפן די צויג. זי האָט אים באַלעקט די הענט און זייער אַ באַקלאָגלעך וואָיעלע האָט זיך ביי איר ארויסגעריסן פון דער קעל.

ביי די שטאַכטן איז ער אַ ווײַלע שטיינגעבליבן און האָט זיך אַ גאַנ־צע מינוט נישט גערירט פון אָרט. אין שפּעטן פאַרנאַכט זענען ביידע טירן פון דער שאָפּע געשטאַנען אויפגעריסן, גאָרנישט ווי געווײַנלעך. קאָסטיאַ, אין זיינע לאַנגער סערמינגע, און נאָך איינער, אַ נידעריקער, אַ קרעמפּער, האָבן אויף די אַקסלען געטראָגן טראָכימען. דער קאָפּ זיי־נער איז געפאַלן אַהינטער און אַ בלייכע, אָדערדיקע האַנט איז אַראָפּ־געהאָנגען צו דר׳ערד. זיינע וואָנסן זענען נאָך אַלץ געווען שטייף אָנגע־שפּיצט. דאָס פורל האָט געוואַרט דערלעבן — אַ נאַקעט פורל מיט אויסגע־בראָכענע דראַבינעס.

— אויס טראָכים... — האָט אים קאָסטיאַ באגעגנט — דאָס פלעשל האָט אים אַוועקגעלייגט און — אַן העק...

ס׳איז אין אויסגעלאָשענעם פאַרנאַכט באַנג געווען מיטצוגיין מיט דער אויסגעטרעטענער סטעזשקע נאָכן פורל. די „סלאָבאָדקע" איז גע־לעגן אַ פינצטערע, מיט איינציקע פייערלעך, רויטע און טוקנדיקע.

— צלם זיך כאָטש איבער... — האָט דאָס קרעמפּע מענטשל גערעדט צו קאָסטיאַן — אָט ביסטו שוין גאָר פון גלייכן וועג אַראָפּ, ווי אַ ליאַדע פון די היינטיקע...

דאָס האָט דער קרוב האַווריל גערעדט צו אים. ער איז געווען אַ מענטש אַ בר־דעת, אַ פורמאַן אַרום דער באַן־בריק, און האָט אויך נישט פיינט געהאַט איבערצונעצן דעם גומען מיט אַ קוואַרטירעלע. ער איז מיט קליינע, קרעמפּע טריטלעך נאָכגעגאַנגען דאָס צעשיטע פורל מיטן איבערגעדעקטן מת אונטער דער סערמינגע און האָט אים נישט געקענט

פּאַרשטיין, דעם ביטערן שווייגער, קאָסטיאַן: צוגעוווּנטשן האָט ער זיך אַלעמאָל אַזויווי נישט־ווילנדיק און די צונג האָט זיך ביי אים קיינמאָל נישט אויפגעבונדן נאָכן אויסטרינקען, ווי ביי זיי אַלעמען.

דאָס פורל האָט זיך אַראָפּגעשאָטן צו די פּלויטן פון טאַרטאַק. אַן אָפּ־געהאַקט געוויש האָט זיך געטראָגן פון טיפן פּלאַץ. פאַר די לעצטע וואָכן האָט מען דאָרט געאַרבעט אין דריי שיכטן. דאָס מוטנע רויכל איבער די פאַריסענע קוימענס האָט געזעצט האַסטיקער. ביז שפּעט אין דער נאַכט איז דער פּלאַץ געשטאַנען אַן אויפגעלויכטענער. דאָ האָט זיך דער לאַנ־גער קאָסטיאַ מער נישט געקענט איינהאַלטן:

— קלאַפּן, די גאַטאַרס, ווי קיינמאָל גאַרנישט... אַ מענטש האָט גע־לעבט, האָט זיך איינמאָל אריינגעדרייט צווישן די שנייד־מאַשינעס און — אויס... טראַכים, זאָג איך, איז אויך אַזוי אַוועקגעקוילעט געוואָרן... געלעבט, געלעבט, געגאָסן אין זיך פון אומעט און איז אַוועקגעפאַלן. ווע־מען איז ער נויטיק געווען?...

און איז אַנטשוויגן געוואָרן. פעדיע איז שטום נאָכגעגאַנגען ביי די הינטערשטע רעדער. „אָט פירט מען אים איצט אַוועק — האָט ער גע־טראַכט אומעטיק — שפּעטער וועט אַ ווינט דעם פאַרבראָכענעם צלם אויסרייסן און פאַרטראָגן ווייט פונעם אָנגעשיטן בערגל".

אָנגעקומען פאַר דער צערקווע, איז שוין געווען גוט טונקל. לאַנג זענען זיי וואַרטן־געבליבן מיט אָפּגעדעקטע קעפּ ביים טויער מיט די גרינע לאַמטערלעך. קאָסטיאַ איז אַוועק דורכן הינטערשטן איינגאַנג צו די הילצערנע שטיבער פון פּאָפּ. זיין לאַנגע סערמינגע האָט זיך צעבלאָזן, ווען ער איז באַלד דערנאָך צוריקגעקומען.

— אויסצאָלן, הייסט עס, זאָל מען אים — האָט ער בייז אָנגע־ברומט אין די וואָנסן אַריין — שוין, אויפן אָרט...

— אָט וועל איך צו זיי אַריינגיין — האָט זיך דער קרוב האַווריליע אָפּגערופן — אוך, אין זייער...

און ער איז אַוועק מיט אַ טענצלדיקן גאַנג. מען האָט געהערט ווי ער טרעט דאָרט איבער די טרעפּלעך צום גאַניק. ער האָט זיי אַוודאי גוט אויסגעזידלט, ווייל באַלד דערנאָך האָט מען געהערט אַ קלונג פון שליס־לען; איז צוריקגעקומען און, געבנדיק אַ קליין שמיצל דער שקאַפּע, איז ער פאַרפאָרן אין אויפגעמאַכטן טויערל. אויפמאַכנדיק ברייט די האַלבע טיר, האָט אַ קלויסטער־שמש, אין אַ ווייסער בלוזע איבער די הויזן, אונ־טערגעאיילט.

צוריקגעפאָרן איז מען פאַמעלעך. אַלע דריי זענען זיי אויפגעזעסן אויפן פורל, אַראָפּהענגענדיק די פיס איבער דער דראַבינע. אַ שטעכיקער ווינט האָט געטריבן לענגאויס דעם שאָסיי, באַזייט מיטן האַלב־רינג לאַמ־טערנס. מ'האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן קרוב האַווריליעס הייזקע, פאַר־

לענט הינטער זיך די נידעריקע טיר און איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי זיך איינגעבויגן ביים אושאַק. מ'האָט זיך צעזעצט אַרום אַ נאַקעטן טיש, און האַווריליע האָט ערגעץ אַריינגעשריגן אין דער טונקל אַריין:

— היי, אַלטע, נישטאָ שוין טראָכימען... דערלאַנג עפּעס אַרויף צום טיש!...

מ'האָט שווייגנדיק אויסגעטרונקען פון אַ צעבויגן סאַמאָוואַרל, פאַר־ביסן מיט קאָלבאַס און אוגערקעס. איבערן דאַך האָט אַ גאָס געטון אַ רעגן, איז צוגעפאַלן צו די שייבלעך, וואָס זענען פאַרווישט געווען מיט געדיכטן חושך. צעשמירט, האָבן אַריינגעקוקט ווייטע פייערלעך פון דער צעשאָטענער „סלאָבאָדקע". קאָסטיאָ איז געזעסן אָנגעשפּאַרט, דעם קאָפּ אַריינגענומען איןביידע הענט, און איבער זיין צעאַקערט פּנים זענען געראָנען צוויי הייסע ריטשקעס. דער קרוב האַווריליע האָט געדיכט גע־בלאָזן פון זיך דעם רויך. פעדיא האָט פאַרביסן אַ ליפּ און געשוויגן.

# 16

אויף די אָפּגעטראָטענע שוועלן, אויף די בריקלעך און אין וואַר־שטאַטל ביים שוסטער מאיר קאַראַסטע האָט מען געהאַלטן אין איין רעדן דערפון. די ווייבער האָבן פאַרצויגן די דינע, בלייכע ליפּן, געשאָלטן, אויסגעשפּיגן און באַדויערט. אין שוסטער־וואַרשטאַטל, ווו ס'האָבן זיך אָונט־צייט צונויפגעקליבן די באַלמעלאָכעס פון הויף, איז מען אַוועק גאָר ווייט:

— פון וואַנען, מיינט איר, נעמט זיך עס אַלץ? — האָט מאיר קאַראַס־טע געדרונגען — דער קאַפּיטאַליזם... די בורזשואַזיע... אַז אַלץ איז פאַר זיי ווייניק...

און ער האָט זייטיק געכאַפּט אַ בליק צום ווייב, וואָס האָט אים געגעסן לעבעדיקערהייט מיט די אויגן — ער זאָל שוין שטום ווערן. די רעדעריי איז געוואָרן א שטילערע. אלעמענס בליקן האָבן זיך נישט־ווילנדיק אָנ־געהאַנגען אין איבערשטן פענצטער, ביי די מיידלעך, ווו די פאַרהענג־לעך האָבן זיך אַלעמאָל געווינטלט. דינה ווייזט זיך אינגאַנצן נישט מער; און די אַנדערע, שבע, טענצלט עפּעס אזוי באַשעפטיקט איבער די בלאָט־קעס פון הויף. ס'איז אָונט און דער הויף שטילט זיך נאָך נישט איין.

— אַ שוואַרצן סוף וועלן זיי זיך אויסריכטן, די מיידן... אַז ווער הייסט זיי, די „מאַזעפּעס", מישן זיך אין פרעמדע געשעפטן?..

די מיטנטאָגיקע שטילקייט אויפן פלאַנט האָט געשראָקן. פאַרדעכטיקע פאַרשוינען זענען אַזוי אומשולדיק אָנגעקראָכן און פאַרן טויער האָט איינער, אַ נישט־געגאָלטער, אין אַ העלן, אָפּגעקראָכענעם זומער־מאַנטל, דעם דאַשיק אַראָפּגערוקט איבער די אויגן, שעהנלאַנג אומגעדרייט זיך, יאָ געוואַרט אויף עמיצן און — נישט געוואַרט. האַלבע נאַכט האָט דעם הויף איבערגעוועקט דאָס טרייסלען זיך פון פורלעך. ערגעץ האָט זיך אַ לופטשיקל אויפגעריסן און עמיץ האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ. אין דער העלער, זומערדיקער נאַכט האָט מען שאַרפער פאַרנומען דאָס סקריפען פון די וועגעלעך, אָנגעזעצט מיט קעפּ און מיט פלייצעס פון אַרומגעפליקטע פויערים. די רויטע לאַמטערלעך האָבן זיך מיטגעשאָקלט און אין דער שיין האָבן אויפגעהעלט באַיאָנעטן און גלאַנציקע דאַשיקעס...

אין אַזאַ אָוונט איז וואָלפן מיטאַמאָל אַ שאָד געוואָרן די לעבלעכע זומער־נאַכט, דער שטילער שאָטן ביי די פּיס און די אויפגעבליטע בעזן, וואָס, העגנען אַריבער די פלויטן. די שיכורע אַראָמאַטן האָבן אים דוכט זיך, קיינמאָל אַזוי זיס דעם קאָפּ נישט פאַרדרייט. פונוויטן לייכט אויף דער העלער זאַמד־וועג. ס׳איז דושנע. און ער איז אַלעמאָל אין די אָוונטן פאַרטון. אין שטאָט ווייזט זיך זעלטן ווער אין גאַס אַריין. די לעצטע נעכט שלאָפט מען שוין אַוודאי נישט אין דער היים. אין פאַרק זענען אַלע בענק אין די טונקעלע אַלייען באַזעצט. איבערן קאָפּ איז אַ הימל מיט ליכטיקע שטערן. אויפן ברעג שפּילט מוזיק. מען שטראָמט צו דער ספּאָרט־קאָסינאָ, צווישן די אַלטע טאָפּאָליעס. קאָלירקע פייערן לויכטן אויף. ביי דער פליאַזשע איז אָפּגעדעקט אַ שטיק נאַכט. די ליכטיקע וועראַנדעס זענען אַרומגעשטעלט מיט גרינס. דער וואַלס, וואָס וויגט זיך, איז אַ שוועבנדיקער, אַ ווייסער. מיליטערישע שפּאָרן לויפן טריט־ביי־טריט נאָך קליינע, כמעט קינדערישע שיכלעך. זיי וויגן זיך און פאַרוויגן זיך ביז אונטער די דאַך־פליגלען, אונטער די בלעטער פון די אַלטע טאָפּאָליעס, וואָס שוידערן.

פאַרוואָס פילט ער נאָך אַלץ די נאָגעניש? אויפן הייסן ייִנגלשן געלעגער קען ער זיך נישט מוחל זיין פאַרוואָס ער גייט נישט אויפזוכן דינהן. ער באַגעגנט זי און — ווי אַ שטומער פאָרוואָרף וואָלט געווען אין איר בליק. ער דערפילט זיך אומדרייסט, די צונג דרייט זיך אים שווער איבער. צו פרי, טראַכט ער, ווערן מיר אלט. אַנומלטן האָט ער געפונען אין זיך אַ סך ענלעכס צו קלים סאַמגין, ביי גאָרקין; אָט דער יונגער דענקענדיקער בחור מיט די פענסנע באַטראַכט עפּעס אויך זיינע יוגנט־לעכע ציטערן ווי אַ מין פלאָג. און די מיידלעך, איבערהויפּט שבע, האַלטן אין איין רעדן וועגן די ביכלעך, מען חקרנט זיך איבער „דער ביאָלאָגישער טראַגעדיע פון דער פרוי״.

— מיט איין וואָרט — די טראַגעדיע... — האָט ער זיך דאָרט איינ־מאָל אַ וויצל געטון — מען רעדט מער וועגן דער טראַגעדיע, ווי מ׳האָט זיך ליב...

ס׳האָבן זיך געטראָגן פאַרשטיקטע געזאַנגען און דין, בענקענדיק, האָט געזשומעט ביים וואַסערל אַ מאַנדאָלין. ס׳האָט גענומען ווערן שפּעט. די פליסטערנדיקע, דעמפּיקע טונקלקייט האָט דורכגעשניטן דאָס וועכ־טער־פייפל. פאַרלעכוויינ און אין טומלדיקע גרופּעס, האָט מען גענומען איילן צום אַרויסגאַנג. און דעמאָלט האָבן די ערשטע טראָפּנס שאַרף דורכגעקלונגען די לופט, זענען צוגעפאַלן צום טרוקענעם זאַמד און אויף די בלעטער. ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווינט און אַ שויבער געטון די האָר און די לופטיקע קליידער ביי די מיידלעך. זיי זענען זיך צעפלויגן אונטער אַלע אָפּדעכלעך. דער רעגן האָט לאַנג פאַררוישט די אויערן.

און אָט, גאַנץ אומגעריכט, פאַרוקט אונטערן אַן אָפּדעכל, האָט ער זיך פּלוצים אָנגעשטויסן אין שבען. ער איז גרייט געווען צו אַנטשול־דיקן זיך, וואָס ער איז דאָ אומגערן אָנגעטראָטן עמיצן אויפן פוס.

— וואָס פאַראַ טייוול — האָט זי געלאַכט איבערגעטריבן־קלינגענ־דיק — האָט דיך אָנגעטראָגן אַהער?...

— טו זיך אַ רוק. זעסט נישט, אַז כ׳ווער פאַרעגנט?

— קום! — האָט זי אים מיטגערופן — ס׳גיסט שוין נישט אזוי.

זי האָט פאַרוואָרפן דאָס זשאַקעטל אויף די שמאָלע אַקסלען, אַ קעם געטון די קורץ־פאַרשניטענע האָר און האָט זיך געלאָזן אים דעריאָגן. אין איר דערציילן וועגן דער שטילער לוויה, האָט זי אַ סך נישט־דער־רעדט. ער איז געגאַנגען מיט אַ געוויינלעכן טראָט און דאָך האָט זי גע־מוזט כסדר אונטערלויפן, אַרומגייענדיק די קאַלוזשעס. ער האָט זיך אַפילו נישט באַמיט אויסצוהערן און אויסהערן זי.

— שפּרייז אַביסל גיכער! — האָט ער אַ בעט געטון און ס׳האָט אים עפּעס געטראָגן. „דינה... — האָט ער זיך געזאָגט — ווו קען זי אַצינד זיין, דינה?״...

דורך אָט די פאַרנע נעכט האָט דער ווייטער און שטילער גערויש אומרואיק געבויערט די לעדלעך פון דער הינטערשטאָט. נאָנט צו די אויסגעלאָשענע פאַרטאָגן האָבן זיך די דראַבינע־פורן גיך אַוועק־געטרייסלט צום טויער פון ווייסן תפיסה־בנין אין געסל. פון אַלע פאַר־שטעקטע דערפער הינטער קאָברין, פון הינטער די פייכטע אַליעכע־וועל־דער ארום מאַלאָריטע, האָבן זיי אָנגעבערנגט די ווידערשפּעניקע פּויערים. דאָס אָרעמע דאָרף האָט געקרעכצט אונטער דער בייטש פון אָקו־פּאַנט.

דער וואַרעמער רעגן האָט פאַרטאָג־צו צום אַנדערן מאָל אַ רויש געטון איבער די שינדל־דעכער און האָט באַלד אויפגעהערט. אין יענער לעצטער נאַכט האָט זיך וואָלף שפּעט אומגעקערט צום וועוועס מייערל

אויפן ברעג. שבען האָט ער ערגעץ פאַרלוירן אויף אַ ראָג, נישט געדענקענדיק גאָר ווי אַזוי. אַ גאַנצן וועג האָט זי אים אָנגעפּלאַפּלט וועגן עפּעס ביכלעך, וועגן פרייער ליבע, האָט אים געבעטן צוזעצן זיך אויף אַ באַנק. די טיר צום גאַניק האָט ער פאַרשפּאַרט פאָרזיכטיק, קיינעם נישט איבערצוּוועקן, און האָט זיך אַוועקגעוואָרפן שלאָפן אין דער פאָרנטיקער וואַרשטאַט־שטוב. אַ זינגענדיקע שטילקייט איז אים געשטאַנען אין די אויערן.

געשלאָפן איז ער, דוכט זיך, זייער קורץ, געשלאָפן אין קאָשמאַרן, און האָט פּלוצים, ווי אין חלום, דערפילט, ווי מען וועקט אים. ס׳איז שוין געווען העל און די העלקייט האָט געשטאָכן אין די אויגן. דער אַלטער איז געשטאַנען איבער אים מיט קיילעכיק־אַרויסגעזעצטע אויגן. אויפן גאַניק, האָט ער געהערט, קלאַפּט מען שווער, שטויסנדיק און — עטלעכע שטימען פאַראַמאָל :

— עפענען! מען בעט עפענען!

דער מוח איז מאָדנע וואַך געווען און ער האָט גלייך אַ טראַכט געטון — ס׳זאָלן זיך נאָר אַמאָל נישט האָבן פאַרשלעפּט אין שטוב אַריין די בלעטלעך. ער איז אָבער אַלעמאָל געווען פאָרזיכטיק מיט די שימות, האָט זיי פאַרשטעקט אין די שפּאַרונעס אויפן הויף. אַז זיי וועלן אים איצט אַוועקפירן, האָט אים שוין נישט געאַרט. אַזויפיל אומרואיקע נעכט ווי ער איז גרייט געווען דערצו. די מיט־זומערדיקע בלענדיקייט האָט אויסגעזען צו זיין פאַלש, פאַרפירעריש. אַלץ אַרום איז געווען איין בלענדיקער קאָשמאַר. פאַר דער ברודיקער שויב פון קילן, נידעריקן וואַרשטאַט האָבן גרינע מיסט־פליגן געראָיעט; און ווי פאַרטרוקנט בלוט, איז די זון געווען צעשמירט אויף די אָפּגעקראָכענע ווענט פון די מאַרקקראָמען. די עגמת־נפשן, די קאָנקורענץ מיט די קעגנאיבערדיקע פאַרפּאַטשקעטע רימער־געוועלבלעך האָט דעם אַלטן וועווען אַלץ מער פאַרביטערט. אין די פאַרטאָגן האָט ער, פון געוווינהייט, האַסטיק געקייט אַ שטיקל צוקער, געהוסט, געשאָלטן. אין אַזעלכע בלויע, אויסגעלאָשענע פאַרטאָגן פאַרנעמען די הינטערגאַסן דעם מידן, צעפלאָנטערטן טראָט פון פאַרטיעס אַרעסטירטע, ווען מען פירט זיי צוריק פון דער אויספאָרשונג צו די באַוואַכטע טויערן פון ווייסן בנין; און וואָלף האָט אַזויווי געוואַרט זיי זאָלן אויך נאָך אים קומען.

געאַרט האָט אים נאָר זייער ווילד אַריינרייסן זיך; דריי, פינף, זעקס, פאַרקנייטשטע מויל־ווינקלען, קאַלטע רעוואָלווערן און די ווילערישע רייד זייערע. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען זיי נישט געקומען נאָר צו אים אַליין; אַז מען קלאַפּט אַוודאי אין אַ סך הינטער־טירן. ס׳איז פונדעסטוועגן פיינלעך געווען אָנצוקוקן וועווען. ער איז אין דעם פרימאָרגן עלטער געוואָרן אפשר מיט צען יאָר. ס׳איז געווען בולט צו לייענען אין זיין פאַרכמורעטן בליק די ווייטע שרעקן, ווען מ׳האָט דע־

מאָלט זיין אסתרן אַוועקגענומען. ער האָט זיך געקלאַמערט אין אַ ווינקל, אַ קליינער, אַן אויסגעלאָשענער. דערנאָך איז וואָלף שטיינגעבליבן אויפן גאַניק. ווי צום לעצטן מאָל שוין, האָט ער געהאַט דאָס געפיל, פירט מען אים אַוועק פון דאַנען. דער טאַטע... זאַלקע... דאָס קליינע שוועסטערל... די אַלטע טאָפּאָלן־גאַס האָט אים אין דעם באַגינען אויסגעקוקט מאָדנע־אומבאַקאַנט.

אין פייכטן קעלער פון אויספאָרשונג־אַמט, ביים פענצטערל, האָט זיך אויפגעהויבן אַ וואַנט און אַ געזיפּטע שיין האָט זיך דורכגעשלאָגן די קראַטן. וואָלף האָט זיך אויפגעריסן פון דער דרעמלדיקער פאַרגליווערטקייט און האָט זיך צום ערשטן מאָל שאַרף איינגעקוקט אין די פּנימער — פאַרוואַקסענע, אויסגעשפּיצטע, קאַנטיקע. מ׳האָט זיך ארומגעזעצט מיט פאַרבויגענע פיס אונטער זיך, כאַפּנדיק אַ בליק צום פענצטערל, ווו ס׳האָט זיך געדרייט די וואַך. געווען זענען עס מערסטנס די חברה פון דער „סלאָבאָדקע”. קיין עסן האָט מען דעם ערשטן טאָג אינגאַנצן נישט צוגעלאָזן. מ׳האָט זיך געדרייט אויף דער נאַרע, פאַרצויגן די הויזן אויפן לעצטן קנעפּל, אָבער די אינגעווײדן האָבן געגנאָגט, די ליפּן זענען געווען פאַרשמאַכט. מיט אָנגעשפּיצטע אויערן האָט מען זיך צוגעהערט צו אַ ליאַדע גערויש ארום די טויבע קעלער־ווענט. פון איין זייט זענען געזעסן פאַרשפּאַרט די מיידלעך און טיפער אין קאָרידאָר — די נישט־יידישע חברה. מ׳האָט נאָך גאָרנישט אָנגעהויבן צו וויסן. געהערט האָט מען נאָר טריט און די קורצע איבערופן, ווען מ׳האָט יעדע זעקסטע שעה געטוישט די וואַך.

ווי נאָר די זון איז אראָפּ פון דער קעגנאיבערדיקער מויער, איז אין קעלער פרי צוגעפאַלן די נאַכט. אַ געדיכטע דעמפּיקייט איז פייכט געקראָכן אין האַלדז אַריין. אַנדערע האָבן אונטערגעציטערט, נישט זיכער געווען דאָס סאַמע ערשטע מאָל צו שטיין פאַר דער אויספאָרשונג. אָבער די מערסטע זענען שוין דאָ געווען אַלטע נאַרע־קאָלעגן. צום וויפלטן מאָל שוין האָבן זיי זיך דאָ ערב אַ יום־טוב, נאָך אַן אַקציע, באַגעגנט, איבערגעשוידערט צוזאמען עטלעכע נעכט אונטערן פינצטערן געוועלב; און דערנאָך — נישט געפינענדיק, אפּנים, קיין גענוגנדיקע באַווייזן — האָט מען זיין אַרויסגעלאָזן. אָבער דער גרעסטער טייל איז אוועק אין די תּפיסות אריין, אויף לאַנגע יאָרן, און מ׳האָט שוין דאָ מער זייער געביין נישט אָנגעקוקט.

— מיך וועלן זיי שוין אוודאי איצטיקס מאָל פאַרהאַלטן — האָט וואָלף אַפילו געשמייכלט — כ׳רעכן, נישט ווינציקער ווי אויף דריי יערלעך... כ׳האָב אינדערפרי געזען אַריינפירן דעם פאַרשלאָפענעם קוטעלנער בחור, דעם זעלנער. ער וועט שיטן, זאָג איך... און אָט בלייבט מען אָפּגעריסן פון ראַיאָן...

די פינצטערניש איז געווען אומדורכדרינגלעך, די בייִנאַכטיקע שעה — אַן אומבאַשטימטע. אין קראַנקן דרעמל, איז געשטאַנען פאַר זייערע אַלעמענס אויגן דאָס שמאָלע צימערל, די שווינדל־שטיג, די פאַרהאַנגענע שויבן און די גרינע אבאזשורן, וואָס הענגען נידעריק. געוועקט האָט מען זיי אומגעריכט. ס׳איז געווען די בלינדע מיטן־נאַכט, ווען מען פירט די פּאָליטישע אַרעסטירטע צו דער אויספאָרשונג.

אין די לייכטע זומער־קליידער, וועלכע זיי האָבן אויפדערגיך אַרויפגעכאַפּט פאַר די נישטערנדיקע בליקן פון די ציווילע און מונדירטע, האָבן די מיידלעך געשווידערט, ליגנדיק אויף די נאַרעס און צעזעצט אַרום די ווילגאָטנע ווענט. דינה איז שוין געווען אַ געניטע קעלער־זיצערין. זי האָט באַצייטנס אין זיבען געהאַט מיטצונעמען איר שווערן, ווינטערדיקן פּאַלטן; נאָר אָנשטאָט איינצודעקן זיך מיט אים, האָט זי אים אויסגעשפּרייט אויף דער נאַרע.

— אָט דאָ, דינהשי — האָט ווער פון זיי געבעטן — כ׳פּיל שוין קיין גאַנצן אבר נישט.

דינה איז געווען פאַר אַלעמען די מאַמע. זי האָט אונטערגעשפּרייט, איינגעדעקט און געמונטערט; און דאָך איז אויך ביי איר געווען אַן אומרו. דאָס קליינע, בלייכע מיידל, וואָס איז געלעגן לעבן איר, האָט זי גוט איינגעטוליעט. די קליינע האָט געשווידערט. אַלע האָבן איינגעפּונען, אַז זי וואַרעמט עפּעס מער ווי אַלע פּאַלטנס און זשאַקעטלעך. אַלע האָבן געוואָלט ליגן וואָס נענטער צו איר. ווען מ׳האָט גענומען ריגלען דאָס טירל פון יענער זייט, האָט זיך דינה די ערשטע אַ לאָז געטון:

— מיר האָבן דאָ אַ קראַנקע.

— זי וועט נישט פגרן!... — האָט מען זי לייכט אַ שטויס געטון — זייט מוחל, פריילן...

אַרויפגעדראַפּעט זיך די עטלעכע שטיגן, האָט זיך דינה אַ ווײַלע פאַרהאַלטן. גאַנץ אויבן האָט זיך דורכגעשלאָגן די גרינע שיין פון דעם באַקאַנטן צימערל. זי האָט הילכיק אויסגעקלאַפּט דעם טראָט און איז די ערשטע אַריין אין דער ליכטיקער טיר. מ׳האָט איר אָנגעוויזן אויף אַ נאַקעטער באַנק, אַראָפּצולאָזן זיך. פון הינטער ווייטע טירן האָבן זיך געהערט דערשטיקטע רייד. געשראָקן האָט איר דאָס שטילע בהורל, דער זעלנער, מיט וועלכן זי האָט מיט אַ פּאָר טעג פריער געהאַט אַזאַ מאָדנע באַגעגעניש. זי האָט אים געזען פאַרבייפּירן. ס׳האָט אַ שווינדל געטון פאַר איר זיין אויסגעגאָלטער נאַקן. „ער וועט שיטן״!... — האָט עס איר אַ קלאַפּ געטון. דאָס בלענדיקע ליכט האָט געשטאָכן אין די אויגן; די שיין האָט געבריט. אָנגעצונדן אַ פּלאַם אין אירע באַקן. זי האָט פון הינטער די טירן דייטלעך דערקענט די צישענדיקע רייד פון שעף, אַספּיראַנט דעמיאַניוק.

זי איז שוין ביי אים נישט געווען קיין גאַסט. אויפגענומען האָט ער

זי אַלעמאָל ווי אַן אלטע באַקאַנטע, האָט אַפילו העפלעך געבעטן זיצן. אָנגעהויבן האָט ער מיט צוגעלאָזענע רייד, מיט שמייכעלעך:

— איר, פריילן, פּטרט אומזיסט אוועק די יוגנט אויף פּוסטע זאַכן... סוף כל סוף וועט איר פאַרפאַלן ווערן אין די תפיסות, אָנהייבן, ווי אַלע, שפּייען מיט בלוט. ווער וועט אייך דעמאָלט וועלן אָנקוקן?... איר זענט יונג... אַ לייטישער בחור וועט זיך לייכט פאַרליבן...

זי האָט אים די גאַנצע צייט אָנגעקוקט. איר בליק האָט אים ענדלעך אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט. ער האָט זיך אָנגעצונדן:

— מיט גוטנס קען מען מיט אייך גאָרנישט מאכן!...

אַ זון פון אַ פריצישער משפחה אויף אוקראַינע, האָט ער געקעמפט קעגן די באָלשעוויקעס, געווען ביי פּעטליורען, אין די באַלאַכאָווישע באַנדעס, צוזאַמען מיט די פּוילישע לעגיאָנערן געשפּאַרט אויף קיעוו. ער האָט אַוועקגעלאָזן מיטן רויך יידישע שטעטלעך, נוקם געווען זיך אין גע־פאַנגענע רויט־אַרמייער, איבערהויפּט יידן. פאַר די יידישע בחורים און מיידלעך, וואָס זענען אָפט אַריינגעפאַלן צו אים, האָט ער, שמייכלענדיק מילד מיט זיינע בלויע אויגן, ברייט זיך געריבן:

— איך אַליין האָב הינטער פּינסק צעשאָסן אַריבער דרייסיק אייע־רע... יונגע אַלץ... מיט דער באָלשעוויע זענען זיי מיטגעלאָפן...

מ׳האָט דאָ גיך אָפּגעשאַצט זיינע פעאיקייטן, געשיקט אים אויף אַ העכערן קורס אין דער פּאָליציי־שול אין וואַרשע און אַוועקגעזעצט אים אויפן אַמט פון פּאָליטישן אָפּטייל. ער איז זיי דאָ נוציק געווען, אין דער קרעסן־שטאָט, נאָנט צו די אָפטע בונטן אין די אוקראַאינישע און ווייסרוסישע דערפער. ער האָט גוט געקענט דעם פּויער, דעם באַטראַק, דעם טאָג־לוינער פון די פּאָלוואַרקעס און האָט געפּרוווט אויף זיי צו ווירקן:

— כאַמעס נאַרישע! — האָט ער, אין לייכטן געבייזער, זיי גע־קלאַפּט איבער דער פּלייצע — צוזאַמען מיט די „זשידעס" גייט איר... זיי טרינקען פון אייך דאָס בלוט, ציען דעם קליי פון די ביינער און איר — וואָס?... גוט, איר זענט מיט זיי, איר דערוויסט זיך אַלץ, איר קומט צוגיין און גיט עס אַלץ איבער... זייט איר פריי און באַקומט נאָך דערפאַר געצאָלט אויך...

ווער עס שווייגט פאַרביסן, מעסט אים אָפּ מיט אַ קילן בליק און ענטפערט, אַז אַזעלכע פּרנסות ווינטשט ער זיך נישט; און ווער ס׳ברעכט זיך איין. אזוי איז געשען מיט אָט דעם ווייסרוסישן בחור פון קוטעלנע. וועלכן דינה האָט אומגערן פאַרבונדן מיט די זעלבער אין דער סעקטיבג. פון הינטער ווייטע טירן האָט זי פאַרנומען זיינע שטאַמלענדיקע רייד.

לויט דעם גאַנצן סודותדיקן פּאַראַד, האָט זי זיך געריכט באַלד צו שטיין פּנים אל פּנים מיט אים. „לייקענען! — האָט זי פּעסט אָפּגעמאַכט ביי זיך — אַלצאיינס וועט שוין אַזוי גיך נישט אויסקומען אָנצוקוקן די פריי". ענדלעך האָט מען זי גערופן. מ'האָט איר דורכגעפירט עטלעכע צימערן, ביז צו דער לעצטער טיר. איבערן נאַקעטן טיש איז נידעריק אַראָפּגעהאָנגען דער גרינער אַבאַזשור און ס'גאַנצע ליכט האָט זיך קאָנ־צענטרירט אויף די עטלעכע צעשאָטענע בלעטלעך, אויפן צעוויקלטן רויטן סאַטין, איינגערעמט אין טרויער. צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, איז געשטאַנען דאָס פלאַקס־האָריקע בחורל, זיינע הייסע אויגן איינגעפּרעסן אין די פּאָדלאָגע־ברעטער.

דינה איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן גאַנצן דאָרפישן ראַיאָן. מיט רויטע, באָרוועסע פיס, מיטן געבלימלטן קאָפּ־טיכל איבער די אויגן, האָט זי אויסגעשפּאַנט די דערפער פונעם קאַנט, בלינדערהייט געקענט די פאַרהוילענע וועגן און סטעזשקעס דורך די בערעזע־וועלדלעך, דורך די הויכע תבואות און איינגעזונקענע צווינטערס. אין שטערנלאָזע נעכט האָט זי אין די וועלדער אָפּגעהאַלטן זיצונגען מיט די יינגלעך; און אַז די שפּיר־הינט פון אַ נאָענטן „פּאָסטערונעק" האָבן זי איינמאָל דערשמעקט, אויפהייבנדיק אַ בילעריי, האָט מען זיי מיט אַ דרענגל אויף אייביק שטיל געמאַכט. איינע אַליין, מיט הינטערוועגן, איז זי צוריק אַוועק צו דער שטאָט. מ'האָט זי אַ שטיק צייט אַרומגעזוכט, אַז זי האָט געמוזט טוישן אויף זיך די קענטלעכע דאָרפישע קליידער. צו די אָקטאָבער־פיי־ערונגען האָט זי אָנגעפירט מיט דער דעמאָנסטראַציע אויפן אַלטן מאַרק. נישט זייער לייכט האָט זיך עס לעצטנס איינגעגעבן. מיט עטלעכע טעג פריער האָט די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט צוּוויסן געגעבן דורך צעקלעפּ־טע מודעות, אַז דער נאָענטסטער יאַריד איז אָפּגערופן. אויף אַלע קרייץ־וועגן און אויף אַלע בריקן, וואָס פירן צו דער שטאָט, זענען אַוועקגע־שטעלט געוואָרן וואַכן און קיין איין דאָרפיש פורל איז נישט דורכגע־לאָזן געוואָרן. די גאַוועדיקע שקאָפּעס האָבן זיך פאַרהאַלטן האַרט פאַרן שלאַגבוים.

—צום קאָוואַל, פּאַנאָטשקו — האָבן זיי געטענהט — אָט זע, אַן אָקס האָט זיך אונטערגעבראָכן...

— צוריק! — האָבן די פּאָליציאַנטן געפּאַכעט מיט די גומי־פּאַלקעס — די „שליפּעס" דיינע ווו זענען? נאַ און לייען...

זענען זיי קלוגער געוואָרן, די דאָרפישע יינגלעך. מיט עטלעכע טעג פריער האָבן זיי זיך שוין אַרומגעדרייט אין שטאָט, גענעכטיקט אין די אָפענע בוידעמער, ביים ברעג, אין די טאַרטאַק־שאָפּעס.

דאָסמאָל האָט זיך דינה שיעור נישט מיאוס פאַרפּלאָנטערט מיט אָט דעם זעלנער. זי האָט אים אומגערן פאַרבונדן מיט איינעם פון 82־טן פּולק

אין דער פעסטונג. אַט איז זי געגאַנגען און גיכער פאַר אַלץ — האָט זי אפשר געמוזט גיין... וואָרענען און אָנזאָגן...

— דיזעלבע? — האָט אַ פרעג געטון דעמיאַניוק און האַלטנדיק אָנ־געשפאַרט ביידע עלנבויגנס אין טיש, האָט ער רואיק געלאָזן רינגעלעך רויך פון זיין קורצער פייקע.

— יאָ... כ׳מיין... דיזעלבע... — האָט יענער צוגעבאַסעוועט.

— אַראָפּפירן זי! — האָט ער באַפוילן.

אין אויסגעקילטן הימל האָבן געצאַנקט די לעצטע שטערן.

# 17

דער ברוין־געפלעקטער פודעל האָט אַרויסגענורעט דעם געפעלבלטן האַלדז פון הינטערן פאַרהענגל און האָט טויב אַראָפּגעוואָיעט צו די פרי־מאָרגנדיקע בולוואַרן. אן איבערגעבראָכענער שטראַל פון דער פורטקע האָט אים, זעט אויס, נישט געלאָזן רואיק דרעמלען. ס׳האָט זיך אים איצט געוואָלט נאָך אַמאָל אַזוי אַרויסוואָיען, ווי אין דער לעצטער דושנער נאַכט, אויף יענער זייט וואַנט, ווו דאָס גרינגע אַבאַזשורל ברענט נאָך אומ־זיסט אין גרויסן טאָג אַריין. זיין אָפּגעהאַקטער עק ציטערט אַ רגע אומ־געדרייט צו דער גאַס. אַ קורצער וואָי רייסט זיך ביי אים פון דער קעל. אַט, דוכט זיך, קריכט ווידער אַן דער דאַרער, דער פלינקער, מיט די טונ־קעלע גלעזער איבער די אויגן. ער ביילט פויסטן. זיינע קינען ציען זיך שפיציק צונויף און ער טוט אַ פאַל איבערן געהויקערטן. אַ שווארצער, שויבערדיקער קאָפּ איז צוגענאָגלט צו דער וואַנט; זי איז טונקל־בלוי, די וואַנט, מיט געלע שפריצן. עפעס זינגט עס כסדר פון דער וואַנט אַרויס.

וואָלפן האָט מען אַהער אין דער אומבאַשטימטער, מיטנאַכטיקער שעה דעם אַנדערן מאָל גערופן צו דער אויספאָרשונג. די שויבן זענען אַ גאַנצן זומערדיקן מעת־לעת געשטאַנען פאַרהעמערט, די געשרייען זאָלן נישט דערהערט ווערן אין דרויסן. דאָס ראַדיאָ־קעסטל האָט געשפּילט. ער האָט איצטיקס מאָל אויך לחלוטין נישט געוווּסט וואָס מען וויל פון אים. ביים נאָווי־פּטאַשעק, דעם דאַרן, דעם פלינקן, איז אַזש אַרויסגעטרעטן אַ שוים, רעדנדיק נאָך דערוויל צו אים מיט גוטנס. געשטאַנען איז ער גאַנץ באַנט לעבן אים. ביי וואָלפן האָבן די לאַנגע הענט אַרויסגעשטעקט פון זיינע אויסגעריבענע אַרבל. מ׳האָט ביי אים קוים אַרויסגעטרייסלט עט־לעכע ווערטער.

— כ'בין געגאַנגען... שפּאַצירן בין איך געגאַנגען...

— און צי קען מען וויסן, וואָס פאַראַ געשעפטן עס זענען ביי דיר אויף דער „סלאָבאָדקע"?

דער נאָווי־פּטאַשעק האָט זיך צעשטרייט אַ בייג געטון, געפונען אונ־טער זיך אַ טאַבורעטקע און מיט אויסגעקערטע אויגן אַ ווונק געטון צום געלאַסענעם, מיט דער קורצער מאָרדע, מיט די טונקעלע גלעזער איבער די צוזאַמענגעצויגענע ברעמען — ער זאָל, הייסט עס, אָפּטרעטן.

— אזוי, טייבעלע! הערן מיר דאָך רייד... און די בלעטלעך, וואָס מ'האָט געפונען אַרום טאַרטאַק, דאָס איז אויך „פּעוונע" נישט דיין אַר־בעט, וואָס? ניין, זאָגסטו, הייבסט נישט אָן צו וויסן?...

נאָכדעם איז אַ גאַנצע מינוט שטיל געווען. וואָלפס מאָגערע פיגור איז אַזויווי אַריינגעפּרעסט געוואָרן אין דער וואַנט אַריין. זייערע קורצע שאָטנס האָבן פּעט פאַרשמירט דאָס שטיקל פּאָדלאָגע. קיינער פון זיי האָט נישט באַמערקט פון וואַנען ס'האָט זיך דערנומען אַהער דער הויכער, מיט די מילד־בלויע אויגן, ווי ביי אַ דאָרפיש מיידל. לעבן אים האָט זיך פלינק אַ רודער געטון דאָס הינטל אויף די נידעריקע פיס. דעמאָלט איז וואָלף אַ פאַל געטון און האָט זיך נישט באַלד געכאַפּט, ווי אַזוי ס'האָט אַ הילך געגעבן זיין אויפגעפלאַמטע באַק. די רייד האָט מען אים שוין איצט געשפּריצט גלייך אין פּנים אַריין:

— וועסט שוין איצט, זון צוויגישער, אַליין רעדן... גיי צו אים ווייך, מיט גוטנס און — ס'טויג אים נאָך נישט...

דער יונג איז געווען טויב. זיינע פיס, וואָס זענען אַזויווי אַריינ־געוואַקסן אין דער פּאָדלאָגע, האָבן זיך גענומען וואַקלען. ניין, ער האָט נישט געשריגן. מ'האָט דאָ אַפילו אומזיסט געהאַט אָנגעשטעלט דאָס ראַ־דיאָ־קעסטל צו פאַרטויבן די קוויטשען. עטלעכע שטילע קרעכצן און — ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. עפּעס א דין מיידלש שטימעלע האָט אַרויס־געזונגען אין דער שפּעטער נאַכט אַריין; וועגן געליבטן אירן, וואָס פאַר־לאָזט זי, האָט זי געזונגען, און וועגן די כריזאַנטעמען, וואָס וועלקן ביי איר פענצטער... זייער זיס און טרויעריק האָט זי געזונגען — ס'איז אַזש אַ רחמנות געווען אויף איר...

אויף די מויל־ווינקלען פונעם שויבערדיקן קאָפּ איז געווען שוים. די ציין האָבן זיך איינגעביסן אין די ליפּן, אונטערן רעכטן אויג איז הויך אויפגעלאָפן. צווישן די פאַרהעמערטע פענצטער האָבן די גליענדיקע לאָמפּן פאַרבלענדט. דער קורצער פּודעל איז געשטאַנען אויפן טיש, געטרייסלט מיט די אויערן־לאַפּן, אין האַלדז איז שטעקן־געבליבן אַ געוואָי, דער אָפּגע־האַקטער עק האָט זיך באַוועגט, ווייל ער האָט געפילט אומבלאָנדזשען איי־בערן רוקן אַ ווייכע האַנט. נאָנט פון וואָלפס פאַרלאָפענעם בליק האָט מען געמישט אַן אַלבום מיט איינגעקלעפּטע פאָטאָגראַפיעלעך — שויבערדיקע קעפּ, פאַרוואָרפענע קעלנערלעך ביי מיידלעך, אין האַלבן פּראָפיל, מיט אָנ־

געהאָנגענע ציפּערן אויפן האַלדז. צו וועמען געהערט דער אויסגעשטרעקטער פינגער און ווער ס׳פרעגט, האָט ער מער נישט געוווּסט.

— און דעם קענסטו אויך זיכער נישט... קענסט אים... אין איין קעמערל... סעקרעטאַר פון ראַיאָן־קאָמיטעט...

— ניין, כ׳קען אים נישט...

ער האָט טיפער פאַרשטאָכן די ציין אין אַ ליפּ און איינגעפּרעסן זיך מיטן שווינדלענדיקן בליק אין אַ פיסל פון טיש. איבער אים האָבן זיך נאָך אַלץ געשאָטן האַרטע פויסטן. ער איז געלעגן אויסגעצויגן און דורך די פאַרפּאַקטע נאָזלעכער האָט זיך געגאָסן אין אים אַ מוטנע פליסיקייט, וואָס האָט געשטיקט. זיינע לאַנגע פיס האָבן ערגעץ אומגעבלאָנדזשעט ביי אַ ווענטל.

ווען מ׳האָט אים צוריקגעפירט, איז איבערן אַרומגעשטעלטן הויף געהאָנגען אַ שמאָלער פּאַס הימל, אָן איין שטערן. דער קורצער, זומערדיקער גאָס־רעגן האָט געהאַט אויפגעהערט, די אָנגענעמע קילקייט האָט פייכט אַרומגעלעקט דעם שווערן מוח.

נאָכן ערשטן דרעמל אין קאָשמאַרן, זענען אַלע זיינע צעווייטיקטע גלידער צוריק וואַך געוואָרן. פאַרן שייבל אויבן זענען געגאַנגען עטלעכע פּאָר פיס. אין קוק־פענצטערל האָט ער דערקענט דאָס צעקנייטשטע פּנים פון שווינדזיכטיקן צענזאָר. זיינע קליינע, פאַרטיפטע אויגן האָבן געשמייכלט:

— אַזוי, קאָמונע... די פעל וועט מען אייך שינדן...

ער האָט זיך געשאַרט אַרום אַלע טירן און די יידישע בלעטלעך, געפונענע ביי די אַרעסטן, האָט ער עס איבערגעזעצט. שווימענדיק אין ווינטיקן טאָג אויפן בולוואַר, אין זיין אַלט־פּוילישער בעקעשע, האָט זיין מאָגער פּנימל, די פאַרטיפטע אויגן אין שאַרבן און דאָס קורצע הוסטל, אַלעמאָל דערמאָנט דעם טריבן האַרבסט, וואָס דערנענטערט זיך.

די אָפּגעקראַצטע ווענט האָבן זיך אָפּגערופן מיט פאַרשטיקטע קלאַנגען. מ׳האָט שווערלעך דורכגעלייענט די לאַנגסטיקע אויסגעקריצטע נעמען און לאָזונגען אין אָפּגעריבענעם ליים. די פאַרטויבטע ווענט האָבן פינצטער אַרויסגעשריגן אָן אַ קול, נאָר דער ליכטיקער דרויסן האָט זיי נישט דערהערט; דערהערט האָבן זיי נאָר די, וואָס האָבן דאָ איבערגעשווירט לאַנגע מעת־לעתן אונטערן פייכטן געוועלב מיטן זשאַווערדיקן האָק אין זיין סאַמער מיט.

אויף די אָפענע בולוואַרן האָט דער זומער שוין געוועלקט. אַ קילע גאָלדיקייט האָט זיך אין פריען פאַרנאַכט געלאָשן צווישן די טורעמלעך פון דער צערקווע, הינטער די ווענט פון ווייסן תּפיסה־בנין. אַהין האָט מען, געשמידט אין קייטעלעך און שטאַרק באַוואַכט, אין גאָלדיקן פאַרנאַכט אַוועקגעפירט דינהן און אַ גאַנצע גרופּע דאָרפישע ייִנגלעך. זיי זענען געגאַנגען גלייכע, מיט אָפענע פּנימער. די פאַרבייגייער האָבן

זיך זייטיק פאַרהויקערט, אומקערנדיק פאָרזיכטיק דעם קאָפּ. דער שיטערער לאַמטערן־רינג איז שוין געווען אָנגעצונדן.

וואָלפן האָט מען אַרויסגעלאָזן מיט איין אָונט שפּעטער. פאַרנאַכט האָט אים שבע אומגעריכט אָפּגעוואַרט פאַרן טויער. זי האָט זיך לייכט אַ רויטל געגעבן:

— כ׳קוק דיר שוין אויס... נו, און דינה?...

— מ׳האָט זיי נאָך נעכטן אַלע אָפּגעפירט אין תפיסה... די לעצטע צוויי מעת־לעת האָט מען אונדז געהאַלטן באַזונדער.

צו ווערן איז שוין נישט געווען נאָך וואָס אומצוקערן זיך; און צום טאַטן אין גאָרן־שטיבל — האָט ער זיך נאָך געפאָרכטן. די פּיס האָבן אים בלינדערהייט אַליין פאַרפירט צו דער „סלאָבאָדקע״. אין אַלע שויבן איז געווען אַ פאַרהאָנגענע שיין. ער איז לאַנגזאַם אַוועק איבערן ברעטערטראָטואַרל און זי — נאָך אים. זי האָט זיך באַמיט אים אָנצויאָגן און האָט קוים דערגרייכט זיין אַקסל. צוריקגעקומען מיט צוויי נעכט פריער, האָט זי אויפגערוימט דאָס צעראָיעטע שטיבל, נאָך דער נאַכט־רעוויזיע. זי האָט אין דער טונקל געשלאָסן די טיר.

— קום — האָט זי אים גערופן — כ׳גיי מאַכן טיי.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטול, דעם קאָפּ אַריינגענומען אין ביידע הענט. ער איז מיד געווען. איצט איז אַלץ געלעגן אויף זיינע אַקסלען. מ׳האָט ווידער באַדאַרפט אויפשטעלן דאָס, וואָס איז צעשטערט געוואָרן אין דער איינציקער נאַכט.

אומגעדרייט צו דער שויב, האָט שבע אים געוועקט. זי האָט אַוועקגעשטעלט פאַר אים טיי און אַליין האָט זי פאַרפאָרעט צוריקגעאיילט צו דער פּליטקע, וווּ די באַנקע האָט פריילעך געזידט. מיט אָנגעבלענדטע אויגן האָט ער אריינגעקוקט אין דער טיף פון צוגעקליבענעם מיידלשן צימער, וווּ זי האָט עפּעס אַזוי לייכט, אין אַ צעפלויגן שטוב־כאַלאַטל, אַרומגעשוועבט. ער האָט געזופּט דעם אויסגעקילטן טיי, פאַרביסן מיט טרוקן ברויט. ס׳האָט אים פונדעסטוועגן אַביסל געאַרט, וואָס ער גייט נישט אַהיים צום טאַטן אין גאָרן־שטיבל. אַ רעגן איז צוגעפאַלן צו דער שויב; און דאָ איז וואַרעם און היימלעך. דאָס ברייטע בעט שטייט אַ צעבעטס, אַ קלאָרס; און דאָס מיידל פאָרעט זיך נאָך אַלץ און לאָזט אים דאָ אין זיינע אומרויִקע טראַכטענישן. דערנאָך איז זי פלוצים אויסגעוואַקסן הינטער אים און ער האָט דערפילט ווי איר אויסגעוואַרעמטע האַנט בלאָנדזשעט ערגעץ אַרום זיין האַלדז.

— ביסט שלעפעריק און מיד — האָט ער געהערט אירע רייד — וווּ וועסטו דען איצט גיין קלאַפּן?

מיט אַ מידער האַנט ער האָט זיך אַ קעם געטון דאָס שויבערל און האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז אַוועק און ווי א דורשטיקער צוגעפאַלן צום ווייכן געלעגער. ער איז באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן — מיט אַ שווערן,

געדיכטן שלאָף. ער האָט נישט געפילט, ווי ס׳איז אינגאנצן פינצטער גע־וואָרן, ווי איר הייס לייב האָט אים אָפּגעבריט.

אויפגעמאכט די אויגן, האָט ער מער נישט געדענקט ווו ער געפינט זיך. זיין אומרואיק שוויגן האָט אויך דעם מיידל געמאַכט אומרואיק. זי האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט און די רעשט נאכט זענען זיי שויןביידע נישט געשלאָפן. דאָס יינגל האָט געפיבערט. ס׳איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן דינה, אירע שוועבנדיקע האָר, דאָס פאַרוואָרפענע זשאַקעטל.

אינדערפרי האָט דורכן פענצטער אַריינגעקוקט אַ טריבער דרויסן. דאָס מיידל איז געזעסן ביים טיש ווו דער אריינגעדרייטער לאָמפּ האָט נאָך געקאָפּטשעט, אַ שויבערדיקע, מיט אַ שאַרפן פראָפיל. זי האָט גע־מישט די זייטלעך פון אַ בוך און איר שאָטן האָט זיך באַוועגט אויפן װענטל, הין און צוריק.

פרי אין באָוועמבער האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן די צעריסענע נעפּלען הינ־טער די מויערלעך, הייזקעס און פּלויטן אויפן אַראָפּשיט. דער קילער טייך האָט געבלענדט מיט אַ שטאָלערנעם אָפּגלאַנץ אַרום די פּלאַכע, פאַרגאָסע־נע ברעגן. די שייבלעך זענען פארשמירט געווען און אין דער נאָנטער פאַרהוילנקייט האָבן געהירזשעט יונגע אָגערס. פון אַלטן מאַרק האָבן גע־שריגן געבונדענע חזירים, נישט־געשמירטע אַקסן האָבן געסקריפּעט.

אויף די בולוואַרן האָט זיך אינמיטן העלן טאָג פאַרפלאָנטערט אַ שטיק רויטע טוך אין די טעלעפאָן־דראָטן. אונטערן קאַלטן רעגנדל, איז די גאַס שוואַרץ געוואָרן פון מענטשן. דער ווינט האָט זיך געשפּילט מיט דער פאָן, ער האָט זי אַ צענעם געטון, אַנטפּלעקנדיק די אותיות אויפן רויטן סאַטין. מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ געשטופּ:

— רירט אייך! זיי זענען שוין דאָ!...

אויף די שטיינער האָט גיך און צעפלאָנטערט געקלאַפּט דאָס שטעקע־לע פון געלן צענזאר; די גרינע בעקעשע צעשפּיליעט און פון אונטערן לעדערנעם דאַשיק האָט ער אויפגעשטאָכן נאָנטע און ווייטע פּנימער. וואַלף האָט זיך רואיק אַרויסגעפּלאָנטערט פון צווישן די פורלעך און איז מיט די פּלעצער ארונטער צום טייך. דער ווינט, וואָס איז געגאַנגען איבער די דראָטן, האָט זיך אים געדוכט, האָט אַ הילך געטון מיטן בודיאָני־מאַרש. אין דער טאָפּאָלן־אַליי האָבן קראָען דורכגעשניטן די לופט און אויפגע־הויבן זיך צו די טורעמלעך פון דער צערקווע. צווישן די צעשטעלטע בענק, אין אויפגעהויבענעם בלעטער־געווירבל, האָט ער דערבליקט די צעוואָרפענע גרופּקעס.

אויפן פוסטן ברעג זענען פאַרבליבן די פאַרטראָגענע רויכן. צום אַלטן מאַרק האָט מען זיך אַרויפבאַקומען איינציקווייז. וואָלפס שמאָלע לענדן האָט אַרומגענומען אַן אָפּגענוצטער רעגן־מאַנטל. דער אָנגעפּאָ־רענער יאַריד האָט זיך געטרונקען אין גרויע טומאַנען. פונעם טרעפּל ביי אַ נידעריק מויערל, וואָס איז פאַרשטעלט געווען מיט אויפגעהויבענע האָ־

לאַבליעס, האָט וואָלף אַראָפּגעקוקט צום מאַרק. די פויערישע יינגלעך האָבן זיך געקליבן באַזונדער, אַרום אַ טישל, ווו צוויי פּאַרוואַקסענע פּאַרשוינען האָבן פלינק איבערגעטווישט אין דער האַנט דריי פינגערהוטן מיט אַ קליין קייקעלע ברויט. אַלע האָבן באַשיינפּערלעך געזען, ווי דאָס ברויט־קייקעלע איז ליגן־געבליבן אונטער איינעם פון די עקסטע פינגער־הוטן. אַ פּאַרוואַקסן פּנים מיט אויסגעקוליעטע אויגן אונטער אַ דאַשיק, האָט געליאַרעמט צום געדיכט־אַרומגעשטעלטן עולם:

— נו, ווער שטעלט איין אויף גליק?... פּאַר פינף זלאָטעס קריגט מען אויסגעצאָלט פינף און צוואַנציק... אויף דער האַנט... דאָס גליק געדויערט נישט לאַנג — ס'אַנטלויפט...

לויטן אויסזען אַ גאַנץ בידנע פויערל, האָט אַוועקגעשטופּט מיטן עלנבויגן אַן אָנגעפּאַרבט מיידל מיט לאַנגע אויערינגען, אַריינגערוקט זיך אין דער מיט און געגומען צעבינדן אַ קליין זעקעלע. ער האָט בלינדער־הייט אַוועקגעוואָרפן ס'געלט אויפן טישל:

— מ'עט פּרוּוון אויף גליק...

— ווער נאָך? — האָט דער פּאַרוואַקסענער פּאַרשוין געליאַרעמט.

דאָס בידנע פויערל האָט באַלד געטראָפן.

— אַן אייגענער!...

— אונטערגעשטעלט!... — האָט מען פון הינטן געמורמלט.

באַלד הינטער אים האָט זיך אַ קליין, פּאַרוויקלט באַבעלע געשפּאַרט:

— לאָזט, מענטשן... כ'וועל אויך פּרוּוון אויף מזל... נאָר ס'פעלט אַ האַלבע, וועל איך נעמען ווינציקער...

אָן אַ שיעור הענט האָבן זי פון הינטן צוריקגעהאַלטן:

— פּרוּוו נישט, אַלטע!

— ס'איז שווינדל!

פון דער מיט האָט זיך מיטאַמאָל אַראָפּגעלאָזן אַ פויסט; הענט, פיס און קעפּ האָבן זיך אַ מיש געטון אין דער לופטן. פון טומל איז דערנאָך אַוועק צווישן די פורלעך דער פּאַרוואַקסענער פּאַרשוין, נאָכטראָגנדיק דאָס טישעלע. נאָר אַ ביסל ווייטער האָט זיך אויפגעהויבן אַ פרישער טומל. אַלע האָבן אין אַ דעכעלע אַראָפּגעקוקט צו די זאַמדן און דערזען: פיס, רעקלעך, קורצע, צעפלויגענע זשאַקעטקעס, שטיוול, לאַפּטשעס.

— זע נאָר, אָט דאָרטן... — האָט זיך אַן אַלטיטשקע אויפגעשטעלט אין פורל — מען וועט אים נאָך צעטרעטן, וואַסיען... אַזויפיל מיט איין מאָל?...

דאָס בילד איז באַפּאַרבט געווען מיט רויטס; ווי אַ געפּענטעטער פויגל, האָט זיך עס געריסן איבער קעפּ. ס'האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ וואַלד פון געשרייען. דער ווינט האָט צעטריבן די נאָכמיטאָגדיקע רויכן און האָט אָפּ־געריסן צעזייעט דאָס ליד. ביזן בערגל זענען זיי צוגעקומען, דאָרט, ווו ס'שיטן זיך אַראָפּ די קרומע געסלעך; אין דער זעלבער צייט, ווען פון די

ווייטע זאַמדן האָט זיך אויפגעהויבן אַ פינצטערע וואַנט. די וואַנט האָט איינגעשלונגען אַ דומפּן געלאַף און איז אַראָפּגעשווומען אַהער. די הייסע פערדישע לייבער האָבן, דוכט זיך, אַן אָטעם געטון אין פּנים אַריין. מיטן זעלבן ווינט האָט אַלץ זיך אַראָפּגעשאָטן צו די געסלעך אין דער נידער. מ'האָט דערנאָך אַראָפּגעפירט פון מאַרק עטלעכע דאָרפישע יינגלעך, מיט קייטעלעך אויף די הענט. דער שווינדזיכטיקער צענזאָר איז זיי מיט אַ היפּערדיק טראָטל נאָכגעגאַנגען.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט זיך ביים ראָג פאַרבייגעשאַרט אַן אָפּגע־פליקטער פאַרשוין מיט אַן אויפגעשטעלט קעלנערל. ביים לאַמטער, וואָס האָט נאָך אַזוי געברענט פון ביינאַכט, האָט ער אָפּגעוואַרט וואָלפן, ווען ער האָט זיך געלאָזן גיין אַרויף מיט דער גאַס. ביים סקווערל איז אויס־געוואַקסן הינטער זיי אַ ליולקע; זי האָט זיך געדרויכערט, די ליולקע, און וואָלף האָט זיך אַלץ נישט אויסגעבויגן אַ קוק צו טון. באַלד דערנאָך האָט ער דערפילט אַ האַנט אויפן אַקסל:

— קום!

—וווהין? — האָט זיך וואָלף אומגעדרייט.

— וועסט שוין אָנקוקן!...

אַקסל־ביי־אַקסל זענען זיי אַריבער די גאַס און פאַרקירעוועט אונ־טער די נאַקעטע טאָפּאָלן, צום באַקאַנטן טויערל. מ'האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט. מיט צוויי טויערן ווייטער האָט זיך אריינגעריסן אַ פּלוצים־דיק געוויש פון אַ לאַסט־אויטאָ; ער האָט שוין נישט באַוויזן מער אומצו־קוקן זיך. פעסטע הענט האָבן אים פון הינטן אַרום אַ נעם געטון און — גלייך אין טויער אַריין. דאָס מויל איז אים שוין געווען פאַרשטאָפּט. ער האָט מער גאָרנישט געזען. מיט אַ האַרטן זעץ אין נאַקן, איז ער צוגע־פאַלן צו אַ ווענטל און אונטער אים האָט אַלץ מיטאַמאָל גענומען רוישן. ער האָט נאָך געפּרוווט שרייען.

— דעם פּיסק!... — האָט ער דערפילט עפּעס קאַלטס אַרום די שלייפן.

דורך די שפּאַרעס האָט געצויגן אַ פייכטער ווינט. ס'האָבן אַ שווינדל געטון עטלעכע אויסגעקרומטע פלעקן פון פּנימער. אַ שטעקן האָט לאַנג געשניטן די פּיס, דעם רוקן. אויפגעמאַכט די אויגן, האָט מען זיך הינטער אים געשושקעט: „אַפּשטעלן, כ'טרעט אָפּ"... איצט איז מען געפלויגן שנעלער. וואָלף האָט געדענקט דאָס אַלץ, וואָס ווערט אָפּגעטון אין דער שטיל אין די דערפער — מען געפינט דערטרונקענע אין די זומפּן, אויפ־געהאָנגענע אין די וועלדער...

אָבער צווישן די שפּאַלטן לייכט זיך העלער טאָג; און אויב שטאַרבן, וויל ער זיי דעם לעצטן מאָל אַ שפּיי טון אין פּנים אַריין. ער האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט און די גאַנצע שווערקייט פון גוף איז מיט איין מאָל אַ פאַל געגעבן היפּש ווייט פון אָפּגעלאָפּענעם וואָגן. געשריען האָט ער אויך און אויפן נאָנטן פּלאַנט וואָלט מען אפשר דערהערט, ווען מען פאַר־

פּאַקט אים נישט באַלד ווידער ס'מויל. איצט האָבן זיי שוין אויסגעמיטן דעם שאָסיי, האָבן זיך פאַרנומען מיט די נאַקעטע פעלדער.

— אַ פויגל !... — האָט מען שטיל אַזויווי אַרויסגעזיפּצט.

אַ שטויביק רויכל איז נאָכגעלאָפן דעם וואָגן, וואָס האָט געטויכט אין נעפּל פון שטילן, האַרבסטיקן אינדערפרי. אויף יענער זייט בריק איז דאָס פעלד געווען צערעדערט. עטלעכע איינגעבראָכענע ווערבעס, צעשלאָגן פון דונערן, אָן בלעטער און אָן צווייגן, האָבן געשטעקט ביי אַ טיפן גראָבן. העכער, איבער אַ פינצטערער וואַנט פוןביימער, האָבן זיך געטורעמט די געביידעס פון דער פעסטונג.

אַ זיסער טעם פון בלוט האָט וואָלפן ווידער וואַך געמאַכט. די איינגעשניטענע שטריק האָט מען אויפגעבונדן. קיין פּנימער האָט ער נישט געזען — זיי זענען זיך צעשוואומען אין רויטע רעדער. די פייכטע לופט איז קלעפּיק געקראָכן אין האַלדז אַריין. אין לעצטער אַנגסט האָט זיך אים נאָך פאַרגעדענקט : אַ בלאַס פּנים, איינגערעמט אין אַ האַרבסטיקער נאַכט... די האָר דינהס האָבן זיך געווייעט...

ווען די ווערבע־צווייג האָט זיך שווער גענומען אַראָפּנייגן, האָבן זיך פון די חורבהדיקע לעכער געברענגט צעטראָגן איבער זיין קאָפּ בייזע און שוואַרצע קראַקערייען. די צעטראָטענע ערד האָט פאַראַטן טריט. די צווייג איבער אים האָט געקרעכצט פון שווערקייט און האָט זיך מיטאַמאָל אונטערגעבראָכן. ער האָט אַ פאַל געטון צו דר'ערד. אויף די ליפּן האָט אים געטרוקנט דער שוים און די שטריק ארום זיין האַלדז האָט זיך געשניטן אין לייב אריין, ביז צום דערשטיקן. דער שוואַכער כאָרכל האָט נישט אויפגעהערט און שטיינגעבליבן איז אים פאַר די אויגן דאָס ברודיקע ליכט פון בולוואַר, דאָס בלייכע פּנים, איינגערעמט אין אַ האַרבסטיקער נאַכט, אין שטילן שאַרך פון בלעטער.

אָבער געשאָרכעט האָבן נישט קיין בלעטער. דאָס האָבן זעלנערישע געקאָוועטע שיך געריבן דעם אַספאַלט פון דער הענג־בריק איבערן מוטנעם בוג. אַ ווילערישער סערזשאַנט האָט זיי געפירט פון הינטערן דריטן פאָרט, צוריק פון די באַגינענדיקע איבונגען. ער איז געווען אויפגעבראַכט אויף די פרישע רעקרוטן. ער האָט געליאַרעמט, דער סערזשאַנט, און די שערענגעס זענען אונטערן דינעם רעגנדל געקראָכן צעשאָטענע. ער האָט זיי באַשטראָפט — אין פולן סטראָי האָבן זיי געמוזט פויזען אויף די בייכער איבערן צערעדערטן וועג, ווו דער געהיימנישפולער וואָגן איז נאָר וואָס פאַרשווונדן.

— אַ געהאָנגענער ! — איז געקומען דאָס געשריי פון די ערשטע, וואָס זענען אַהין דערקראָכן. זייערע צעפּאַרעטע אָטעמס האָבן, ווי הינט, אַרומגעשמעקט דעם פאַרחלשטן גוף.

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך דערנאָך אין מיליטערישן שפּיטאָל. דער כאַטע איז שוין דאָ געווען. אַ נאַסער, אַ שויבערדיקער, איז ער געשטאַנען

איבער אים און אַ שטומע טרער האָט געגליווערט אין אויג ביים שווייגנ־
דיקן ייד. די דראַזשקע האָט זיך געהוידעט איבער דעם גריבערדיקן שאָ־
סיי. דער שטעכיקער ווינט האָט געקלאַפּט מיט דינע ריטער.

אויבן, אין גאָרן־שטיבל, ווו ער האָט לעצטנס אַזוי זעלטן אַרויפגעו־
וויזן זיך, איז ער געלעגן אַ פאַרטראַגענער און האָט דאָ ערגעץ נאָענט לעבן
זיך געפילט זאַלקעס שאָטן. אויפן דריטן טאָג, אוונט־צייט, האָט עס אים
פּלוצים ווידער אַראָפּגעהויבן פון דער שלאָף־באַנק. דעם טאַטנס שטומער
בליק האָט נישט געהאָלפן. ער האָט צוגעקלאַפּט די הויז־טיר און האָט זיך
פאַרזיכטיק אַראָפּגעקוליעט צום ברעג.

צוזאַמען מיטן שנייַ, האָבן זיך די ערשטע שטאַרקע פרעסט אַ שטעל
געטון. אין אַזעלכע טויבע, פאַרווייעטע נעכט פלאַצן אַרום אייַנגעפרוירע־
נעם טייך די הונדערטיאָריקע טאָפּאָלן; ס'ווערן פאַרווייעט די צייכנס פון
פאַרבלאָנקעטע וועלף הינטער פלויטלעך און די טריט פון אַ מענטש, וואָס
לאָזט זיך שווימען מיטן הויכן ברעג און ס'היפּערט אים נאָך אַ שיכורע
לבנה. צום שטעכיקן פלויט פון טאַרטאַק איז גלייכער צו ברענגען זיך צע־
טראָגן אין אַזאַ דרייעניש. שוין אַזאַ לאַנגע צייט איז אַריבער. אין שטאָט
טוט זיך אודאי עפּעס. די קורצע, נעפּלדיקע טעג האָבן געהאַלטן אין
שטענדיקער טונקלעניש דאָס אַלקערל ביים טאַטן אין גאָרן־שטיבל. ס'האָט
אָנגעהויבן צו בריען די אייַנגעוויגטע רו, צו וועלכער ער איז מער נישט
געוווינט געווען.

— ס'טליעט! — האָט דעם לעצטן מאָל וויקענטי איבערגעגעבן, נאָכן
אומקערן זיך פון דאָרף — אַ שטיל פּייַער... ס'וועט אָבער אויפלאַקערן...

פון הינטער די שאָפּעס האָט ער זיך דערקריגן צו מילאַנס ליכטיק־
אויסגעווייסט וועכטער־הייזל. אין זאַווייַ, האָבן זיך פאַר דער נידעריקער
טיר דייטלעך געצייכנט צוויי פינצטערע סילועטן.

— אָט... אָנגעקראָכן... — האָט וויקענטי דערקענט און געלאַכט היי־
זעריק; און פעדיאַ האָט זיי ביידן, דאָ באַלד, אַ שטופּ געטון צום לייטערל,
איבער די שאָפּעס.

# 18

איבער דער „סלאָבאָדקע" איז געגאַנגען אַ נייער פרילינג. געדיכטער
ווי פאַרן גאַנצן ווינטער, האָט געזעצט דאָס מוטנע רויכל פון די טאַר־
טאַק־קוימענס, פאַרשמירנדיק הינטערן אָפּריס דעם נידעריקן, אויסגע־
בלויטן האָריזאָנט. איבער די ליכטיקע וואַסערלעך אויפן פּלאַנט, צווישן
די אַרומגעוואַשענע ערד־שטיבלעך, איז געגאַנגען אַ לינדער ווינט, מיט־

ברענגענדיק צו די אויפגעשפּאַרטע שייבלעך די שטייענדיקע זומפּ־ריי־חות פון ברעג.

אין דעם דאָזיקן יונגן פרילינג האָט שוין אָבער וואָלף די „סלאָבאָד־קע״ מער נישט אָנגעקוקט. דער ליכטיקער פרילינג האָט געציטערט אין דער קרומער פענצטער־ראָם, אין דאַך־שטיבל, ווו ער האָט זיך פון מיטן ווינטער אָן אויסבאַהאַלטן. ס'איז אַדורך אַ מורמל ווען זיין געשיקטן אויסדרייען זיך, ווען זייער פּאַרטייען געיעג נאָך אים.

דאָס גאָרן־שטיבל איז געלעגן ווי אַ שוואַלבן־נעסט אונטערן דאַך. לאַנגע, פאַרגעסענע מעת־לעתן האָט ער דורכגעשווידערט אין פיבער אויפן שמאָלן מיידלשן בעטל. אין די אומרואיקע נעכט האָט מען געוואַכט איבער אים. מיטן אויפשיינען פון דער זון, האָט ער זיך גענומען בע־סערן, אָבער דער אומרו אין אים, ווי ביי אַ געפאַנגענעם פויגל צום האַרבסטיקן אָפּפלי, האָט זיך צוריק אויפגעוועקט. ער האָט געוווּסט, אַז נישט אַלץ דערציילט מען אים — וועגן איבערפאַל אויפן טאַרטאַק, וועגן די אַרעסטן, וועגן פּראָצעס, וואָס גרייט זיך.

ווי אָן אַרעסטאַנט, האָט דעם גאַנצן טאָג זיין שויבערדיקער קאָפּ געשטעקט אין קרומען שייבל. דער ליכטיקער דרויסן האָט אים אויסגע־וויזן ביי און פרעמד. ער האָט אונטערגעשטעלט דעם אויסגעבלייכטן פּנים דעם לינדן ווינט און דער יונגער זון, וואָס האָבן אים אַרומגעלעקט. שווער איז נאָר געווען איבערצוקומען די נעכט, די דעמפּיקע לבנה־נעכט אונ־טערן דאַך. אַ טויבע, זינגענדיקע שטילקייט איז געשטאַנען אַרום. ער איז אָפּגעלעגן מיט אָפענע אויגן איין נאַכט, אַ צווייטע. ס'איז מער צו אים קיין שלאָף נישט געקומען. צוגן האָבן זיך ערגעץ געשניטן מיט אַ געפייף, הילכיקע טריט האָבן זיך אויפגעכאַפּט אויף די האַלב־נאַכטיקע טראָטואַרן. איינגעדרעמלט האָט ער פאַרטאָג, ווען דער מוח איז שווער און דער שלאָף — אַ הייסער. ער האָט נישט געקאָנט מער און האָט זיך געריסן פון דער פּרייוויליקער תּפיסה.

אָבער שטילער איז אַזוי גיך נישט געוואָרן. דאָס טרייסלען זיך פון די באַוואַכטע פורלעך האָט אומרואיק געבוירערט די לאָדנס פון דער „סלאָ־באָדקע״ אין די פאַרטאָגן. נאַכט־ביי־נאַכט האָבן די הינטערגאַסן פאַרנור־מען דעם מידן, צעפּלאָנטערטן טראָט פון די אַרעסטירטע, ווען מ'האָט זיי צוריקגעפירט פון דער אויספאָרשונג. בידנע פורלעך, אָנגעטריבן פון באַבעס און פלאַקס־האַריקע יינגלעך, האָבן זיך פאַרהאַלטן אויפן פּלאַץ, הינטער די פאַרהעמערטע טויערן פון ווייסן תּפיסה־בנין. זיי האָבן אָפּ־געוואַרט די שעה, ווען דאָס קליינע פענצטערל וועט זיך אויפמאַכן. אויס־גערוטע פּאַלצייאישע פערד האָבן באַוואַכט אַלע איינגענג. זיי האָבן דורכ־גאַלאָפּירט דעם פּלאַץ, אין אויפגעהויבענעם שטויב.

אין אָוונט האָט מען זיך ווי שאָטנס אומגעבלאָנקעט אין א זייט פון דער אַלטער טאָפּאָלן־גאַס, געזעגנט זיך שטום, אָן ווערטער — אַ בלייכער שמייכל, אַ בליק, ווי צום לעצטן מאָל שוין. אַלעמאָל איז עמיץ אַנדערש פאַרשווונדן. אין אָט דער לעצטער נאַכט האָט וואָלף געדענקט אין די אַלע, וועלכע ער וועט שוין אַזוי גיך נישט זען. פּאַר האַלבער נאַכט האָט אים דער ייִנגערער ברודער, זאַלקע, אָן רייד, באַגלייט. אונטער דער קראַנקער שיין פון אַ בולוואַר־לאַמטער, האָט וואָלף אַקוראַט זיך דערמאָנט סרוליקס רייד, ווען ער איז דאָס לעצטע מאָל פאַרשווונדן:

— האַלט זיך, זאַלקע... אפשר וועלן מיר זיך נאָך ווען באַגעגענען...

ניין, קיין טרער האָט אין זיין אויג נישט געפינקלט. ארום זיין דינעם מויל־שניט איז נאָר געווען די שטילע פאַרביסנקייט; און אַזוי איז אויך וואָלף דאָס לעצטע מאָל אַוועק פון היימישן, איינגעבאָקענעם ברעג.

דעמאָלט איז געקומען די ריי אויפן ייִנגסטן פון אהרן־לייבס בנים, אויף זאַלקען. אָט ערשט איז ער נאָך געווען אַ ייִנגל, האָט געטון אַ שאָס אַרויף, מיט אהרן־לייבס אָפּבריִענדיקע אויגן פון אונטערן שטערן, אָבער מיט דער מאַמעס מינדעס קאָפּ בלאָנדע קוטשעראַווע שויבערן, מיטן גוייש־פאַריסענעם נעזל. ס'האָט אים, פונקט ווי די ברידער, אונטערגעהויבן. די לופט האָט געשטיקט. די היים, די שול — אַלץ איז געשטאַנען אויפן הפקר. ווי אַלע פיבערן וואָלטן זיך געהאַט איבערגעגעבן דעם ייִנגל. די שול האָט זיך פאַרענדיקט באַנג אין יענעם אָוונט, וואָס איז אים נאָך לאַנג נאָכגעגאַנגען: אין פאָדער־צימער איז געווען טונקל, נאָר דורך אַלע טירן איז אָנגעפּלאָסן אַ פריילעכער רעש. אין גרויסן זאַל האָט מען געזונגען אין כאָר. אין דער טיף האָט עמיץ דאָס זעלבע ליד צעשאָטן אין שפּיציקע און אומעטיקע טענער אויף דער אַלטער פּיאַנע. אונטער די פּאַפּירענע קרענץ האָט זיך פאַרבייגעשאָטן דער יום־טובדיקער עולם. אין טומל אַריין, האָט דאָס ייִנגל געזונגען מיט אַ האַלב קול. דאָס פּנים האָט אים געפלאַמט. די מיידלש־אונטערגעשוירענע קעפּלעך זענען זיך צעשווומען פאַרן בליק.

ווי אַלעמאָל, האָט ער זיך צוגעקוקט פון דער זייט, אומבאַמערקט אַרויסגעגליטשט זיך. בייטאָג האָבן נאָך די ייִנגלעך אומגעבלאָנקעט זיך הינטערן פּאַרק, ביי די שליוזן. זיי האָבן אַלץ אַזוי אומקלאָר און ליטעראַריש גערעדט וועגן ווייטערדיקן תכלית נאָך דער שול. זאַלקע האָט נישט געוואָלט טראַכטן און דאָך האָט זיך פאַרגעדענקט דאָס שוואַרצע מיידל מיט די קרום־געשניטענע אויגן. זי איז אַלעמאָל געזעסן אויף דער פאָדערשטער באַנק. זי איז אַוועק, אויף שטענדיק שוין אַוועק. ביי די אַרומגעבראָכענע פאַרענטשעס פון די בולוואַרן האָבן זיך די ייִנגלעך אַ ריס געטון פון אָרט:

— מען פירט זיי שוין?

— זעסט נישט, ווי די גאַס איז שוואַרץ?

זאַלקע האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ קלעצל און געקוקט אַריבער קעפּ. ס׳האָט זיך דערטראָגן אַ פּערדישער גאַלאָפּ. די טונקעלע געזעמע־לעך האָבן זיך אַ צי געטון אויף צוריק. אונטערן פאַרכמאַרעטן הימל האָבן מאָט אַ גלאַנץ געטון די שאַבלעס. צווישן די אומרואיק־געצוימטע פערד, אויפן מיטן ברוק, איז פּאַמעלעך געגאַנגען אַ בינטל מענטשן, אין פיר צעשאָטענע רייען. פון סאָמע הינטן האָבן זיך ענג געהאַלטן צוויי מיידלעך. די דינערע, מיטן טיכל, איז געווען דינה.

זי איז אים כמעט געווען אַ שוועסטער, זאַלקען. אַזוי פיל מאָל האָט ער געהערט שושקען זיך וועגן דעם מיידל. ביי איר, האָט ער געוווּסט, האָט סרוליק זיך אויסבאַהאַלטן, ווען מ׳איז איינמאָל געקומען קלאַפּן ביי זיי אין גאָרן־שטיבל. און וואָלף... ווי רואיק זי האָט זיך געהאַלטן צווישן דער פאַרשטאַרקטער וואַך, ווי אָפן איר פּנים האָט געקוקט אין טריבן פאַרנאַכט אַריין; ער האָט זיך אומגעדרייט און געזוכט עמיצן אָנצורירן לעבן זיך.

— האָסט געזען? און געשמייכלט האָבן זיי... אַזוי פאַרביסן גע־שמייכלט...

אויפן אָפּגעליידיקטן ראָג האָט אַ שורה טאָפּאָלן אַריינגעקוקט אין די פענצטער אויפן ערשטן שטאָק. דאָרט האָט זיך געפונען דאָס קרייז־געריכט. איבער דער טיר, וווּ מ׳האָט זיי אַרויפגעפירט, איז געהאָנגען אַן עמאַלירט שילדל מיט ווייסע אותיות, מיט אַן אָדלער. דאָס שילדל האָט געשראָקן און פאַרבייגייענדיק, האָט מען זיך אַלעמאָל פאַרנומען אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר. געשראָקן האָבן פון אינעווייניק די קילע זאַלן מיט די פאַרבראָכענע קרייצן אויף די גרינע טישטוכער.

מ׳האָט צעטריבן די טונקעלע געזעמלעך אין די גאַסן־ווינקלען און אין די טויערן. צו די שטאַכעטן פון סקווער איז אָנגעפלויגן אַ צעפּאַרעט פערד. אַלע האָבן זיך אָפּגעריסן פון די ערטער. מ׳איז געשפּרונגען אי־בער בענק, איבער די פּלאַנטן.

הינטער די אויסגעווייקטע סעדער איז שוין געווען נאַכט. אין דער נידעריקער ביבליאָטעק־בודע האָט זיך געלויכטן. פון דרויסן האָט דער רעגן געוואַשן די הילצערנע ווענט. דער ווינט איז פאַרביי צווישן דיביימער און האָט אויפגעריסןביידע העלפט לאָדן. דער ביבליאָטעקאַר מיט די טיפע שטערן־ווינקלען האָט זיך אַ וואַקל געטון פון טישל, אויף יענער זייט באַריער. אַלע פּאַפּירלעך האָבן זיך אַ שאָט געטון אויף דר׳ערד. ער איז צוריקגעקומען פון דרויסן, פאַרשמיסן פון רעגן, און האָט נישט געהאַט צו וועמען אויסצולאָזן דעם כעס, וואָס ער מוז נאַכט־ביי־נאַכט עפענען און שליסן די בודע.

פון די שטויביקע ביכער האָט זיך געטראָגן מיט איינגעגעסענעם שימל. אויף דער וואַנט איז אַ האַלב פּנים ביי י. ל. פּרץ געווען פאַר־קנייטשט און קאַרל מאַרקס איז פאַרדעקט געווען ביז אַ שטיק אין דער וועסט אַריין. דער ביבליאָטעקאַר איז צוריק געזעסן הינטערן באַריערל פאַר אַן אויפגעמישט בוך. ער האָט געפייפט אין זיך אַריין אַ ניגונדל, צום פאַרוויגנדיקן געראויש אַרום די ווענט. „אָט גייט מען אינגיכן ליקווי־דירן דאָס הויז — האָט ער זיך דערמאָנט — מיט צוועלף־דרייצן יאָר צוריק האָבן די אַרבעטער, די באַלמעלאָכעס, די טעסלערס, די סטאָלערס, די מויערער, די דאַך־דעקער, צוגעטראָגן צו דעם הויז אַ ציגל נאָך אַ ציגל, אויפגעבויט אַן אייגענעם פּראָפּעסיאָנעלן פאַראיין”...

איצט פּוסטעווען אויבן די לאָקאַלן. זיי קומען אַהער, מיט די צע־קנייטשטע קאַפּעלושן, מיט די צייכנס הינטער די לאַצן, פאַרשרייבן די אַלע, וואָס פאַרבלאָנדזשען נאָך ווען אַהער אין אָוונט. אַ צוג־ווינט שטייט איבער די צימערן. עטלעכע דורות זענען דאָ פאַרבייגעגאַנגען. ווו זענען זיי? שוין לאַנג אַוועק אין די תּפיסות, צו די ווייטע, אומבאַקאַנטע שטעט. מען צעלויפט זיך...

אַביסל שפּעטער קומט מען זיך יאָ צוזאַמען. מען קוקט צוערשט אין דער טונקעלער אַליי, אויב אין דער בודע לייכט זיך. עפּעס איז מען נישט זיכער. מען שפּאַרט זיך אַרום צעפּליקטן קאַטאַלאָג. אַן אַנדערש מאָל פאַרהאַלט ער זיך דאָ לענגער, זאַלקע. נאָר ס'טרייבט אים פון אָר־מעטום.

דורך די הינטער־הויפן גנבעט ער זיך אין פאַרנאַכט מיט די סטעזש־קעלעך פאַרביי די סעדער, צום גאָרן־שטיבל. אויף אָנגעצויגענע לייוונטן, וואָס וואַלגערן זיך אויף דער שאַפּע, וואַרפט ער אַן שטיקלעך הימל, אַ בלוטיק־רויטן זון־פאַרגאַנג, אַ פּאָרל צווישן זאַנגען. ער וואַרפט זיך אַני־דער אויפן בעט, קוקט אַריין אין אַ צעשיט ביכל. נאָר די אותיות צע־שפּרינגען זיך. ער שפּאַרט אויף דעם האַלבן לאָדן, ווען ס'איז שוין פאַר־נאַכט. הינטער די סעדער, זעט ער, קריכט די שטיג אַרום דער וואַנט, ביזן גאָרן. אַהינצו האָט ער זי געזען אַרויפגיין. מיט עטלעכע אָוונטן פריי־ער איז עס געווען. דערנאָך איז זי פּלוצים פאַרשוווּנדן, די פרעמדע. אַז זי איז נישטאָ, דערקענט ער שוין אָבער — די פּורטקעס זענען צעעפנט, דאָס מושלין־פאַרהענגל ווייעט זיך. אַמאָל שטעקט זי אַליין אַרויס דעם קאָפּ אין סאָד אַריין. אירע קורצע האָר קרייזלען זיך, אירע ענערגישע מויל־ווינקלען ציען זיך אָן, אין אירע אויגן זיצט אַ פּיאָלעטע שיין, ווי זי וואָלט געשטאַנען אין קילן שאָטן פון בעז.

איין מאָל האָט ער זי געזען פון דער נאָנט — ווען זי איז געקומען צו אים מיט דער פאַרבינדונג פון ראַיאָן. ער האָט זי אָפּגעוואַרט אין טיפן

אויבסט־סאָד. אין דער טונקל האָט ער נישט באַמערקט, אָבער ער האָט געפילט דעם אומרו אין אירע בלאָנדזשענדיקע הענט. ער האָט אַוועקגע־מאַכט אַ צווייג איבערן קאָפּ און, נישט מיט זיין קול, פאָרגעלייגט אַרויפ־צופירן זי צום גאָרן־שטיבל, ווי ס'איז געווען באַשטימט. איר פּנים האָט זיך געבלאַסט אין דער טונקל און דאָך האָבן זיך אים איינגעקריצט אירע פלאַטערנדיקע ליניעס. זי האָט געפונען זיין אָרעם און איז אַריבערגע־שפרונגען דעם שמאָלן ראָוו.

— אייער פאָטער — האָט זי געזאָגט — האָט מיך אָנגעקוקט מיט א ביסל חשד...

צי האָט ער דען נישט באמערקט, אהרון־לייב, ווי דאָס ייִנגל פאָרעט זיך האַלבע נעכט ביים רויכערדיקן לעמפּל איבער פּאַפּירן, שרייבט און דרייט זיך כסדר מיט דער טיר צום האַלץ־שטעלעכל? ער האָט נאָכגע־קוקט דאָס ייִנגל מיט וואַכע אויגן, עפּעס געבורטשעט.

פאַרן גאַניק האָבן עמיצנס טריט געסקריפּעט. פאַרנאַכט האָט גע־כאַפּט אַ פרעסטל. מ'איז געגאַנגען איבער דער שטיג. מ'האָט פאַר־זיכטיק אָנגעקלאַפּט. זאַלקע האָט זיך אַביסל דערשראָקן אויפגעריסן. שוין דעם אַנדערן אָוונט, אַז ער ליגט אין דער פינצטער און וואַרט אָפּ דעם פאָרזיכטיקן קלאַפּ פון דעם מיידל.

אין זיינע הענט האָבן די רידלען אַ ציטער געטון, ווי לעבעדיקע. ס'האָט זיך געבלאַסט דאָס פּנים פונעם מיידל אויף דער שוועל. זי האָט געהאַלטן אַ היפּשע וואַליזע אין דער האַנט.

— די גאַנצע „סחורה"?... — האָט ער געפרעגט.

— מען וועט נאָך דאַרפן אַ לויף טון צו דער באַן...

זי איז געזעסן אויף אַ שפּיץ שטול. איר קול האָט געקלונגען מע־טאַלערן, אָנגעגנעם. זי האָט ארומגעקוקט די ווענט און האָט זיך אַ כאַפּ געטון צום זייגערל.

— נאָך זיבן. אַכט מיט מינוטן קומט אָן דער צוג. כ'וועל דאָ צו־וואַרטן. ס'וועט נישט אויסמאַכן?

— ניין, ס'הייסט... — האָט ער זיך געררויטלט און האָט נישט געפו־נען קיין אָרט פאַר די הענט.

הינטערן פענצטער איז עמיץ געגאַנגען איבערן שניי. ביידע האָבן זיך איינגעהערט. דאָס שוואַרצע מיידעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט, געוויינט, גערופן דעם טאַטן. זאַלקע איז שטיינגעבליבן און נישט געוווסט וואָס צו טון. ער האָט צעטראָגן אַ כאַפּ געטון די וואַליזע און געזוכט זי ערגעץ צו פאַרשטעקן. דאָס מיידל האָט זיך רואיק אויפגעשטעלט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל און ווען ער האָט זיך אומגעקערט, האָט ער געזען ווי זי פאַריכט זיך די צעשיטע קרויזן — אַ וואַרעמע, אַ היימלעכע.

— לויפט צו דער באַן — האָט זי שטיל געזאָגט — דאָס קינד וועל איך שוין איינשטילן.

ס'האָט נאָך אַביסל געדויערט ביז זאַלקע איז צוריקגעקומען. זיין אָטעם האָט זיך אָנגעטראָגן אויפן פרעמדן מיידל. אונטער דער פינצטערער שטיג האָט ער זיך דערנאָך לאַנג געפּאָרעט ביים פאַרשטעקן דאָס געבברענגטע. דאָס מיידל האָט אים שטיל געהאָלפן. זי האָט אַוועקגעמאַכט די קוטשערלעך, דין געשמייכלט און באַלד איז זי צוריק געשטאַנען פאַרהילט אין טיפן קאָלנער, גרייט צו גיין. ער האָט זיך געריכט, אַז דער טאַטע וועט אַ ליאַדע מינוט צוריקקומען פון בית־מדרשל.

דערנאָך איז ער לאַנג געלעגן וואַך און צוגעהערט זיך. ס'האָט זיך אים אַלץ געדוכט צו דערהערן טריט. ער האָט אָפּגעדעקט דאָס פאָרהענגל. דער אויבסט־סאַד איז געלעגן אין גרינער לבנה־שיין. ער האָט שוין צומאָרגנס אַליין נישט געדענקט, צי ער אַליין טאַקע האָט אויפגעשפּארט די הויז־טיר דעם טאטן. אהרן־לייב האָט זיך אומגעדרייט אין קיכל, עפּעס געוואָרטשעט. דאָס ייִנגל האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז יאָ — ער ווייסט, דער טאַטע. ער איז געשטאַנען איבער אים, אַ געעלטערטער, אַ גרוי־געוואָרענער און אין די אויגן אונטערן שטערן איז געווען צער.

— דו — אויך ?... — האָט ער נאָר געפרעגט.

ווען אהרן־לייב האָט אויפגעשפּאַרט די רידלען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער אָנגעטראָפן אַ פולע פאָדער־הויז מיט רויך. דער געדיכטער רויך, האָט זיך אים געדוכט, שפּאַרט דאָ ערגעץ פון אונטער שמאַטעס. ער האָט געזוכט אונטער דער שטיג און האָט מיטאַמאָל דערטאַפּט די אָנגעברענגטע פּעק, נאָר קיין פייער איז נישט געווען. דאָס האָט דער ווינט געהאַט אָנגעטראָגן אַ פול פאָדער־הויז מיט רויך פון דער שכנות־דיקער בעקעריי. ער האָט פאַרשטאַנען — מיט סאָסנאָווע האָלץ הייצן זיי דאָרט דעם אויוון. אָבער מיט יעדן שאָרך האָט זיך אים געדוכט, אַז אָט קומט מען שוין.

— נעם עס צו... — האָט ער אַ בורטשע געטון אין בערדל אַריין צו זאַלקען — נאָך היינט...

מיטן ערשטן פאַרנאַכטיקן שאָטן, איז זאַלקע אַרונטער די שטיג. ער האָט פאַרוואָרפן די פּעק מיט שטיקער האָלץ. איבער זיין קאָפּ האָבן זיך געוועקט די פאַרדרימלטע הינער. ער האָט אָנגעשטאָפּט פולע קעשענעס פון פאַלטן, פאַמעלעך האָט ער צוגעשפּאַרט דאָס טירל און איז אַוועק דורך די הינטער־הויפן. ער האָט אַפילו נישט געפילט, ווי דער פרישער שניי, וואָס שיט, צעגייט ביי אים אויף די הייסע באַקן. ער איז געשוווּמען אַראָפּ־שאָסיי, צום פּלויט, צום הינטער־טירל פון טאַרטאַק.

אין אַזעלכע אויסגעלאָשענע נעכט האָט זאַלקע, פּונקט ווי נאָך גאָר נישט לאַנג וואָלף, געשטעקט אויף דער הינטערשטאָט, ביים ברעג און אין די קרומע געסלעך פון דער „סלאָבאָדקע”. אין די אָפּגעלעגענע ווינק־

לען איז געווען דער מענטשן־רעזערוואַר און פון דאַנען האָבן זיך גע־צויגן אַלע איבערגעריסענע פעדים, וואָס האָבן געדאַרפט צוריק פאַרקניפּט ווערן. אויף אַלע וועגן איז ער געטרעטן אין די שפורן פון זיין ברודער וואָלף. אַ בלאָנדער, אַ קוטשעראַוועער, מיטן דאַשיק איבער די אויגן, האָט ער זיך איבער די דערפער באַוועגט פריי. עס זענען אים ליב געווען די שטיקער האָלץ צוקאָפּנס אין די טוכלע שטעלעכלעך, הערנדיק איבער זיך דעם דערשראָקענעם פליגל־געפּאַך פון די עופות, וואָס שלאָפן מיט אָפענע אויגן אויפן דרענגל אונטערן דאַך; ס׳זענען אים ליב געווען די האַרטע בענק אין אַ בית־מדרשל, די היי־סטויגן אויף האַרבסטיק־אָפּגע־שניטענע לאָנקעס. ער האָט זיך צוריקגעטריילסט אויפן דעק פון אַ פורל. אויף די קליינע וואָקזאַלן איז ער אויסגעעשטיגן אין קורצע ספּאָרט־הויזן, מיטן גלאַנציק־צוגעגלעטן, בלאָנדן שויבער.

דאָס צוזאַמענטרעפן זיך מיט דער פרעמדער, פון ראַיאָן, איז פריער פּאָרזיכטיק צוגעגרייט געוואָרן. אין שבתדיקן נאָכמיטאָג איז מען זיך, מיט הינטערוועגן, צוזאַמענגעקומען אין אַ וועלדל ביים וואסער. ענט־פערנדיק דערנאָך אויף די קורצע באַריכטן, האָט זי געהאַלטן אין איין אַרויפשאַרן די קליינע בינטעלעך האָר, וואָס זענען איר געפאַלן אין די אויגן.

# 19

אָט גייט זי איבער דער שטיג צום גאָרן־שטיבל, הינטער די אויסגע־ווייקטע סעדער. אויפן טיש וואַלגערט זיך אַן אויפגעמישט ביכל. אויפן היי־מיש־פאַרבעטן בעט ליגט זי און איבער איר איז אַ הילצערנער באַלקן. די מושלין־פאַרהענגלעך זענען פאַרצויגן.

אָט גייט זי איבערן ליכטיקן בולוואַר. דער גאָלדיקער האַרבסט אין דער מיטעלער פּראָווינץ־שטאָט איז איר נישט אינגאנצן קיין פרעמדער. אַ סך זוניקן בלענד פּילט זיך אויף זיך. זי געדענקט, אַז זי רופט זיך האַלינע, און נישט ווי זיי האָבן איר דאָרט גערופן — דאָרע. אין די אויערן קלינגט דער פייערלעכער אומעט פון פּיאַנע־טענער; זיי פאַלן שטרענג אין דער טיף פון ליכטיקע זאַלן. אַלעמאָל איילט זי אַהין מיט די אָנ־געשטאָפּטע פרימאַרגן־טראַמווייען. טירן, טירן. ביים רעדנער מיטן נאַ־קעטן שאַרבן איז די בלוזע ביים סאַמע האַלדז אויף איין קנעפּעלע צע־שפּיליעט. דער דאָזיקער טאָג פּאַלט זיך צונויף מיט עפּעס אַ יום־טוב. דורך דער גאַס מאַרשירן יוגנט־קאָלאָנעס, מוזיק — מען ציט צום פּלאַץ

מיט די אויפגעשטעלטע טריבונעס. נאָר איר שטייט פאַר די אויגן אַ צוג, טעלעגראַפן־דראָטן און איינע אַ רעגנדיקע נאַכט אַרום אַן אויסגעלאָשע־נעם כוטאָר. מען פירט זי צווישן קוסטן. פון גאָר ווייט פאַרגייט זיך אַ הונט אין וואָיען. דערנאָך — אין דער פוילישער שפּראַך קען זי אַלץ נישט פאַרגעסן דעם ווייכן, זינגענדיקן רוסישן אַקצענט. דער בערעט ביי איר איז זייער אַקוראַטנע אַראָפּגערוקט צום אויער. נאָר מאָדנע פילט זי זיך אינעם לייכטן האַרבסט־מאַנטל, וואָס איז גענייט לויט די לעצטע מאָדע־זשורנאַלן אין וואַרשע. אירע הויכע קנאַפל צעשאַרן אין האַרבסטיקע אַלייען די אָנגעשיטע בלעטער...

דער אויטאָבוס מעסט צוויי מאָל אַ טאָג די זאַמדן, וואָס פירן אַוועק צו די נאָנטע און ווייט־צעוואָרפענע ווילעס אין וואַלד אַריין. זי וווּנדערט זיך שוין אַ גאַנצן וועג, וואָס ס׳האָט שוין לאַנג געזאָלט נאַכט ווערן און ס׳ווערט נאָך נישט. ביים ראַנד פון די וועלדער רויכערט זיך נאָך דער טאָג און דאָ, אויפן זאַמד, איז נאָך אַזוי העל, אַזוי האַרבסטיק־העל. זי וואָלט געוואָלט אַריינפאָרן, ווען די שיטער־צעזייטע לאָמפּן ווען זיך אָנצינדן. זי ווייסט שוין ווו צו בלאָנדזשען צו דער ווילע מיטן געמוי־ערטן טורעמל. אָנהייב אָוונט איז שוין כמעט אין אַלע פענצטער טונקל. די קראַנקע מוזן שוין דעמאָלט לאַנג שלאָפן.

פון דעם דאָזיקן אָוונט געדענקט זי גאָרנישט, ווייל זי איז געווען מיד און איז באַלד אַוועקגעפאַלן שלאָפן אין צימער מיט די אָפענע פענצ־טער צום וואַלד. דער וואַלד כאַפּט זיך אויף זייער פרי, אַ גאָלדיקער, אַ צעשפּילטער אין שיין. אַ סך ווילעס שטייען שוין מיט פאַרקלאַפּטע לאָדנס. מיט עטלעכע וואָכן צוריק, ווען ס׳האָט פלוצים גענומען גיסן, האָבן דאָ יעדן טאָג פאַרן טויערל אָפּגעוואַרט די פורלעך, אויפצונעמען דאָס ביסל זאַכן און אָפּצופירן עס צוריק אין שטאָט אַריין. איצט שיינט צוריק די זון. איבער דער וועראַנדע וויגן זיך אין האַלבן טאָג די סאָסנע־קרוינען, זיפּן דורך שטיקלעך זון, וואָס לעקן אַרום די הילצערנע, אַרומגעוואַשענע ווענט פון די זומער־וווינונגען.

זי איז פאַרקוקט צום שטעג און צום שאָסיי. צווישן די פּענסיאָנערן שמייכלט זי אַלץ. זי גייט דאָ אָן פאַר אַן אָנגעברוגזט ווייבל, וואָס איז אָן מאַנס וויסן, אַנטלאָפן פון דער היים. זי וועט זיך נישט אומקערן אַזוי לאַנג, ווי ער וועט זי נישט איבערבעטן און צוזאָגן... די ווייבער לאַכט עס. האַלבע ווערטער האָט זי געלאָזן פאַלן דערוועגן, בעטנדיק, אַז ס׳זאָל ווייטער נישט גיין. אָבער אין זייערע זייטיקע בליקן דערקענט זי, אַז אַלע ווייסן זיי שוין און — ס׳אַרט איר נישט. פאַרקערט. און זי איז אַלץ פאַרקוקט צום שאָסיי, ווו עס רוישן פאַרביי די אויטאָבוסן. די שויבן טרייסלען זיך און ס׳קוקן אַרויס בערדיקע פּנימער פון יידן, וואָס פאָרן מסחרן אין די שטעטלעך פון ביידע זייטן בוג. פון ביידע זייטן דרעמלען

אין נעפּל די דערפֿלעך. אָהינצו קען מען מיט אַ פֿורל אויך דערפֿאָרן; אַ פּשוט פֿורל, וואָס טרייסלט זיך באַרג־אַראָפּ. דורך די נאַקעטע פֿעלדער פֿאַרפֿאָרט מען אָנהייב אָוונט צום לאָזע־פּלויט הינטער אַ דאָרפֿישן בית־עלמין.

דעם אָנטרייבער, וואָס האָט איר אָנגעבאָטן דאָס פֿורל, האָט זי גלייך דערקענט לויט די סימנים, וואָס זאַלקע האָט אָנגעגעבן. ער האָט געפּאָכעט מיט אַן איבערגעבראָכענער ווערבע־צווייג. דאָס זעלבע פֿורל איז מיט עטלעכע טעג פֿריער, אין דעם שיטערן יאָריד־טאָג, אַראָפּגעפֿאָרן אויף דער „סלאָבאָדקע״, צום שטעכיקן פּלויט הינטערן טאַרטאַק. דער לאַנגער וויקענטי האָט שוין געוואַרט.

— נו, וואָס? — האָט ער געפֿרעגט דעם יונגערן ברודער, דאַנילאָן — נייעס ברענגסטו?

— באַזאָרגט די בלעטלעך... — האָט ער געדרייט אַ מאַכאָרקע־ציגאַרעטל — דאָס אַלטוואַרג ווײַנט — אַן האַרמאַט, ווילן זיי, זאָל מען אַראָפּברענגען... די נאַרישע...

— און די אונטערגעשניטענע... די דײַטשע?...

— זשאַווערן... אין סאָקי איז ווידער געווען אַן עקזעקוציע. זיי זענען געקומען, די פּאָליציאַנטן, צעוואַלגערט די כאַטעס, אַוועקגעלאָזן מיטן „רויטן האָן״... די יינגלעך גייען אַוועק אין די וועלדער... אַ סך קלייבן זיך אָהין...

— פּאָר! — האָט וויקענטי קורץ פֿאַרענדיקט — כ׳וועל איבערגעבן ווו מען דאַרף... מען וועט שוין קומען...

און אָט איז זי געפֿאָרן און איז געווען אַביסל אומרואיק. דער יונגער פֿויער האָט זי געפֿירט פֿאַרביי דעם אײַנגעזונקענעם קלויסטערל און האָט געלאָזן פֿאַלן:

— אַפֿילו ווײַט נאָך — אַ גוטער וויאָרסט־אַנדערטהאַלבן, וויזשע... מ׳עט אָנלייגן וועג. אויף יענער זײַט קריכן זיי אַלעמאָל אַן... בײַנאַכט, גייסט אַזוי, און ס׳לייכט דיר מיטאַמאָל אין די אויגן אַרײַן. ערשט צוויי גאָר. אײַנציקווײַז גייען זיי דאָ קיינמאָל נישט. אַלע פֿאַפּירלעך הייסן זיי דיר אַרויסטרייסלען... קוויטלעך פֿון דער גמינע... ווי דער זיידע הייסט, ווי די באָבע... מירן זיך פֿאַרקירעווען דאָ אַרומעט, צום סטאַוו.

— און ס׳פֿאַלט נאָך אויס ווײַט?

— אַראָפּצו. נאָכן „וויעטראַק״, אײַנאַזייט מיט דער טירנער גראַפֿיניעס ווינטער־תבואה, ביים טײַך. אָהאָ, וויפֿל „זייעריקע״ דאָ זענען דערטרונקען געוואָרן. פֿון אויבן זענען זיי אַרומגעשווומען, מיט אויפֿגעלאָפֿענע בײַכער. אין 20־טן... די פּוילישע פֿון איין זײַט און זיי — פֿון דער צווייטער. איבערגעשאָסן זיך. אויף פֿלינקע פֿערד זענען זיי געקומען צורייטן. יינגע אַלץ... אָט, מיר זענען אָנגעקומען.

פון הינטערן געפלאָכטענעם לאָזע־פלויט האָט עמיץ געשורשעט און ס׳האָט זיך באַוויזן אַ פאַרוויקלטע באַבע.

— פיר אין שטוב אַריין! — איז דער אָנטרייבער אונטערגעקומען.

גוט איז, וואָס די האַרבסטיקע העלקייט האָט זיך אויסגערויכערט הינטערן הויכן ברעג. זי האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג, אַז דער אָוונט, וואָס איז דאָ, אין פאַרוואָרפענעם העק, טיפער און שווארצער ווי אין שטאָט, זאָל זיך ציען לאַנג, ווייל אין דער דאָזיקער נאַכט האָט באַדאַרפט פאַרבונדן ווערן דער ראַיאָן, פון וועלכן מ׳איז, צוליב די אָפטע אַרעסטן, געוואָרן אָפגעריסן. פון אונטערן באַלקן איז געקומען די שיין. דאָס קאַניצל האָט זיך געשמאָלצן און געקנאַקט. פון דער טונקל האָט זיך אַרויסגעשניטן דער אָנטרייבער — אַ קורצער, אַ פינצטערער. ער איז אונטערגעקומען מיטן פאַרוויקלטן פעקעלע.

— קריכט אַריין אין דעם אָנטון... ווי ס׳מאַכט זיך, קוקט איר אויס ווי אַ היימישע באַבע...

— דאָ טויג נישט — איז ער באַלד ווידער אָנגעשוומען, ווען זי האָט שוין געהאַט פאַרבונדן אין אַ שלייף דאָס קאָפּ־טיכל אונטערן האַלדז — כ׳וועל אָפפירן אויף יענער זייט סטאַוו, צו אַ ווילן אַלטיטשקן. אַהינצו וועט דער טייוול אַליין אויך נישט צוקומען. אין דאָרף קענען מיך אַלע. פאַראַיאָרן האָבן זיי אַרומגענישטערט. אָט, ווען מען טראָגט זיי נישט אונטער...

אין פאָדערהייזל האָט זי שיף אָנגערוקט אויף זיך די שווערע פאַטשיילע און האָט געפרעגט :

— אַ געפערלעכער וועג ?

— נישט זייער. די ייִנגלעך וועלן שוין דאָרט וואַרטן. אין אַזאַ וועטער איז נישט געפערלעך.

דער דינער רעגן האָט זיי פאַרשמיסן די פנימער. די פיס זינקען אין שליים. דער קורצער פויער באַוועגט זיך גערוישלאָז פאָראויס, נישט לאָזנדיק הינטער זיך קיין קלאַנג און זי מוז פלינק אַ שפרינג געבן נאָך זיין שאָטן. דאָרט, ווו ס׳ווערן שיטערער די קוסטן, פאַרהאַלטן זיי זיך. ער הייסט אָפוואַרטן. ביי די טריט, פילט זי, כוואַליעט זיך עפעס אין דער פינצטער. אונטערן אויסגעלאָשענעם הימל איז שווער צו דערכאַפן ווי ווייט דער סטאַוו פאַרציט זיך. די הויכע גרעזער האָבן אַ שורשע געטון און עפעס האָט זיך טעמפ אָנגעקלאַפט אין ברעג. ס׳איז געווען אַ שמאָל פישער־שיפל. ער האָט איר געהאָלפן אַריינשפרינגען.

— צו יענעם ברעג — האָט ער אַ פליסטער געטון און אָפגעשטופט דאָס שיפל.

ס׳איז געווען נאָנט צו האַלבער נאַכט. דאָס שיפל האָט זיך געשניטן צווישן דער אוראַלטער פוילעניש. אויפן ערד־וואַל האָט מיטאַמאָל גענומען אָפהילכן אַ פערדישע טופעריי. דער שאַרפער שפיץ פון שיפל האָט

זיך אַ פּאַרקירעווע געטון אין די לאָזעס אַריין. דער אַנדערער ברעג איז שוין געווען נאָנט, אָבער ס'איז געווען אַ געפּאַר אַרויסצוקריכן. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן דעק. פּאַרטאַיעט, איז ער געווען אָנגעשפּאַרט אין דראָנג, דערנאָך האָט ער ראַפּטום פּאַרקירעוועט. דער וועג האָט געפירט ערגעץ באַרג־אַראָפּ. דער דינער רעגן האָט אויפגעהערט און ס'האָט גע־צויגן מיט שאַרפּע, ביטערלעכע זומפּ־ריחות. דאָ באַלד ערגעץ האָבן זיי אָנגעקלאַפּט אין לאָדן. זיי האָבן זיך דורכגעשטופּט אַ טיר־שפּאַלט און זענען אַריין אין אַ נידעריק ערד־שטיבל, ווו די שייבלעך האָבן אין דער העלפט געשטעקט אין דר'ערד.

דריי אַרומגעפליקטע בחורימלעך זענען אַרום קאָפּטשענדיקן קאַניצל פּאַרטון געווען צווישן זיך. אויפגעכאַפּט האָט זיך דער עקסטער, א דין־געשווירענער, מיט זעלבערישע וויקלערס, קענטיק נישט לאַנג אומגע־קערט זיך פון מיליטער. זיין פּנים איז איר עפּעס קענטלעך געווען. צי זאָל עס נישט זיין אַמאָל דעם לאַנגן וויקענטיס אַ ברודער?

מער פון אַלעמען האָט זי געאיילט. אין עטלעכע שעה אַרום, נאָך איידער די געגנט וועט זיך ארויסוויקלען פון דער פּאַרטייעט־רוישנדיקער פינצטערניש, וועט זי זיך אין צעשאָטענעם וועגעלע צוריקטרייסלען צום דאַטשע־שטעטל. זי האָט געוואָלט אויסהערן וואָס דאָס בחורל מיט די גרינע וויקלערס, דער פאַרשטייער פון דער יוגנט, האָט צו דערציילן.

— נו, איז אָט — די פּראָוואָקאַציעס זענען גרויס... און איך בין ערשט אַ נייער, קען מען זאָגן. מ'דאַרף — פאַרשטענדיקער — האָט ער אַזוי ווי אַ גראָב געטון — אַן אונדזעריקער איז פינצטער, לאָזט זיך קריכן אין דער פולאַפּקע; און זיי — אוי, כיטרע זענען זיי...— און ער האָט גע־ציילט אויף די פינגער — די יינגלעך פון קרייז, פון די „שאַראָוואַרקעס", פון וואַלד־טאַרטאַק...

זי האָט געבעטן צו פאַרדרייען און איז קוים איינגעזעסן. אַרום די שייבלעך האָט די נאַכט זיך געוועקט. דאָס קאַניצל האָט זיך גענומען לעשן, נאָר פון די טאַבורעטקעס האָט מען זיך פונדעסטוועגן נישט גערירט.

— ווי ס'זאָל זיך נישט מאכן — האָט זי געזאָגט — די שטאָט שטייט אייך צו הילף, מענטשן וועלן קומען. נאָר — פּאָרזיכטיק. שלעכט איז, וואָס אַלעמאָל זענען עס פרישע, צוליב די אַרעסטן. נו, כ'בין צופרידן אויסצוהערן. און ווי איז אין די וועלדער? די, וואָס באַהאַלטן זיך אויס?

איר נאָנטער אָטעם האָט אַ ווייע געטון אויפן לאַנגן מיקאָלען, אויפן דין־געשווירענעם דאַנילאָ און ס'האָט זיך געלייטערט דער אומרו. די יינגלעך זענען צוריקגעקומען פון פאָדער־הייזל, אַ מאָך אַוועק געטון מיט דער האַנט — ס'הייסט, דאָס האָט דער ווינט אַזוי אַ הוליע געטון, מען קען ווייטער. דער אַרויסגעצויגענער זייגער ביי דאַנילאָן פון וועסטל־

קעשנעוע האָט באַוויזן, אַז קיין סך צייט איז נישט פאַרבליבן. מען וועט באַלד דאַרפן רירן.

מיט די לעצטע שעהן פון דער נאַכט, וואָס זענען פאַרבליבן הינטער איר, האָט זיך אַלץ אויסגעלאָשן. אין נעפלדיקן פאַרטאָג איז זי געגאַנגען איבער דער זאַמדיקער גאַס פון דאַטשע־שטעטל. מיט אַ שוואַכן קלאַפּ האָט זי פאַרמאַכט נאָך זיך דאָס טירל. דורך דער וועראַנדע האָט זי זיך מידלעך אויפגעהויבן צום צימער. שאַרפע ריחות פון פוילונג האָבן זיך אָנגעטראָגן, ווען זי האָט ברייט אויפגעמאַכט דאָס פענצטער אין וואַלד אַריין.ביים שפּיגל האָט זי זיך נישט לאַנג פאַרהאַלטן. קנייטשעלעך האָבן זיך געלייגט אויפן שטערן. אַרום די מויל־ווינקלען האָט זיך נאָך אויך געהאַט פאַרהאַלטן די שטרענגע, טרויעריקע מינע פאַר די לייט דאָ. ס׳האָט געצויגן צום ווייכן געלעגער.

דער נעפלדיקער שלאָף האָט לאַנג נישט געדויערט; און ווען זי האָט אויפגעמאַכט די אויגן, איז שוין אַ שטיקל זון געהאַט דערקראָכן צום בעט. שאָטנדיקע סאָסנע־קרוינען האָבן זיך אומגעוויגט אויף דער פּאָד־לאָגע. פון טיפן וואַלד זענען אָנגעפלאָסן ווייטע געלעכטערן. ווי אין ווייטן חלום, האָט זיך איר געדוכט, אַז זי האָט עטלעכע מאָל געהערט אַ פאַרזיכטיקן קלאַפּ אין דער טיר. נאָר עפּעס האָט זי אַלץ נישט געקענט אויפמאַכן די אויגן. און אפשר — האָט זי זיך געכאַפּט — איז ער שוין טאַקע אָנגעפאָרן, זאַלקע?

אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ פאַרביק זומער־קליידל, איז זי נאָכן האלבן טאָג אַראָפּ אויף דער וועראַנדע. נאָך מיטאָג זענען די טישן געווען אָפּ־געראַמט. זי איז אָפּגעגאַנגען מיטן שטעגל טיפער אין וואַלד אַריין. צווישן די ביימער זענען געלעגן צוואָרפן אין האַמאַקן די וויניק־פאַרבליבענע געסט. ס׳איז געווען די צייט פון קליינעם נאָכמיטאָג־אָפּרו. אָפּדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט זי דערזען ווי דער פּענסיאָנאַט־אייגנטימער איילט איר אַנטקעגן מיט זיין שמייכעלע.

— אַזוי טוט מען אָפּ, אַ? — האָט ער ברייט געלאַכט — אַזויוואי איר פאָרט נאָר אַוועק צו אייערע קרובים, פרעגן זיך דאָ נאָך אויף אייך סיכּ פּאַטישע יונגעלייט... אַך, ווי ער האָט זיך עס געערגערט, וואָס ער האָט אייך נישט געטראָפן... אינדערפרי איז ער ווידער געווען. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז איר זענט נאָר וואָס צוריקגעקומען. כ׳האָב אייך נישט גע־וואָלט איבערוועקן...

— אַ דאַנק... — האָט זי זיך כמעט געטרייסלט — ס׳איז אמת, כ׳בין מיד פון וועג... שטעלט אייך פאָר: מען פאָלט פּלוצים אַראָפּ, נאָך אַזוי־פיל פאַרבעטעניש... זיצט מען שוין ביז שפּעט און מען רעדט זיך אַביסל אַראָפּ פון האַרצן... און אָנגעקליבן האָט זיך, מיין פריינט, איבערגענוג... און דער עולם דאָ האָט זיך אוודאי נאָכגעפרעגט...

— פאַרשטייט זיך... ווען איר ווייסט...

און ער איז באַלד מיטן היפּערדיקן גאַנג אַוועק איבער דער אַליי. זי האָט פאַרקירעוועט צום וואַלד. אין איר פאַמעלעכן טראָט איז געווען אומרו. לאַנג האָט זי איבן בײַ זיך געוואַרט, ביז דער פריער אָוונט האָט געבר־מען צופאַלן. זי האָט פאַרוואָרפן די טוך אויפן אַקסל און איז אַראָפּ. ביים בלענדיקן לאָמפּ איבער דער ווערענדע איז איר שאָטן אַ פאַל געטון אויפן פלויט. זי האָט פאַרקלאַפּט דאָס טירל; און דאָ האָט זי ווידער דער־הערט טריט הינטער זיך. עפּעס אַ פרעמדער האָט, פאַרבייגייענדיק, אומ־פאַרזיכטיק אָנגערירט איר טוך. זי האָט לייכט אויפגעציטערט און האָט אים דורכגעלאָזן.

די ליכטיקע שויבן־טיר האָט זי אומישנע געעפנט ברייט. אין אָוונטיקן זאַל איז געווען וואַרעם און אָנגענעם. די וויניקע געסט האָבן זיך דאָס־מאָל נישט געאײַלט צו גיין פרי שלאָפן. הינטער אירע פּלייצעס האָט מען זיך איבערגעוווּנקען. ס'האָט געקענט באַדײַטן אומגעפער אַזוי: „אַ נאַרישער מאַן אַוודאי... אַזאַ סימפּאַטיש ווײַבל און — לויפט אַרום זוכן אַנדערע"...

מ'האָט איצט, אייגנטלעך, געהאַלטן אין באַטראַכטן דעם יונגן מי־ליטערמאַן, וואָס איז דאָ געווען צוזעצט מיט נאָך איינעם, אַן אומבאַ־קאַנטן. דער פרעמדער איז געווען אין אַ צעוויייעטן רעגן־מאַנטל. דער ליכטיק־באַזעצטער זאַל האָט פאַמעלעך געראַווישט, אַלץ איז אַוועקגע־שווומען אין לייכטן טומאַן. „מען דאַרף אַוועק פון דאַנען — האָט זי זיך געכאַפּט — און וואָס גיכער". אויף דער ווערענדע איז געווען אָנגענעם און ווייענדיק. זי איז אַרויף צו זיך אין צימער און דאָס ליכט נישט אָנ־געצונדן. דער גאַנצער פלאַנטער האָט איר אָנגעהויבן נישט געפעלן צו ווערן. אַ שטיק נאַכט איז זי אַפּגעלעגן מיט אָפענע אויגן און מיט אַ וואַך אויער. זי האָט זיך עטלעכע מאָל אויפגעריסן, געזוכט צווישן די פּאַפּיר־לעך אין איר האַנט־בייטל, געריסן און צעוואָרפן זיי אין אַלע אומבאַ־מערקטע ווינקעלעך.

אינדערפרי האָט זי דערהערט די שטילע קלעפּלעך אין דער טיר. זי האָט זיך אויפגעריסן, גרייט צו באַגעגענען אַלץ. ערשט זאַלקע איז דאָ. ער האָט זיך אַנידערגעוואָרפן אויף אַ שטול, געווישט זיך דעם שווייס פון שטערן און קוים וואָס ער האָט געקענט ארויסברענגען :

— אַלזאָ, מיטן ערשטן צוג !...

— ענדלעך ! — האָט זי לייכטער אָפּגעאָטעמט און האָט געשמייכלט, אַז אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן, ווי זי וואָלט געשטאַנען אין קילן שאָטן פון בעז.

# 20

צום אַנדערן מאָל איז אהרון־לייב געקומען צום שטיף־ברודער זיינעם, צו וועווען, און האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַן אָרעמאַן ביי דער טיר. ער איז געווען שטאַרק געעלטערט, דער קאָפּ איז געווען געזונקען צו דר'ערד.

— וואָס ווילסטו פון מיר, אהרון־לייב ? — האָט וועווע גלייך פאַר־שטאַנען און געבעטן זיך ביי אים מיט צענומענע הענט.

— וועווע — האָט ער מיט תמימות אַלץ געקוקט אַראָפּ — כ'האָב דיר גע־בראַכט דאָס אַנדערע יינגל... אַזוי איז שוין, זעט אויס, מיין מזל, אַז איך און מיינע קינדער זאָלן זיך וואַלגערן אין דער פרעמד.

— נאָר זע כאָטש — האָט וועווע, נאָך אַ ווײַלע איבערלייגן זיך, שווערלעך איינגעשטימט — אַז ס'זאָל זיך נישט ווידער אַמאָל אויסלאָזן פּונקט ווי מיט סרוליקן און מיט וועלפקען... ס'האָט מיר, מיינסטו, קיין געזונט נישט געקאָסט ?... און פון דיין עלטערן בנאָק אין פּאַלעסטינע האָסטו, הער איך, אויך נישט קיין נחתן. ווי נאָר ס'טוט אַ וואָקס אונטער, אַזוי צעלויפט זיך עס אין אַלדי שוואַרצע יאָר...

דאָס יינגל האָט מיטגעברענגט אַ פּאָר צעאָדערטע העמדער, פאַר־וויקלט אין א קליין פּעקעלע. ער איז געשלאָפן אויף וואָלפס שטרוי־זאַק, צוגעדעקט מיט אַלטע פּאַלטנס און, פּונקט ווי וואָלף, איז ער געזעסן אויפן ביי־בענקל און געצויגן מיט די דראַטווועס. די הענט זענען ביי אַהרון־לייבס בנים געווען געשיקטע און אַקוראַטנע; ווי די יינגלעך וואָלטן אים אַריין אין האַרץ אַריין, וועווען, ער האָט קיין כוח נישט געהאַט אָפּצור־זאָגן.

ביינאַכט ליגט ער אויפן הייסן יינגלשן געלעגער, זאַלקע, וואַד, אַן חלומות. אין אַלע שאָטנס זעט ער סרוליקן און וואָלפן. אין דינעם דרעמל, הערט ער, ווי דער ווינט קלאַפּט צו און רייסט אויף די טיר צום גאַניק. מיטן ערשטן קרעכצל וועוועס וועקט ער זיך איבער. ס'קיצלט אים שוין אין רוקן דאָס אָרט, וווּ דער קליינער שטויס וועט זיך באַלד אַראָפּלאָזן. דעם אַלטנס דראָבנע ציין וועלן, ווי געווײַנלעך, אַ צעקיי טון אַ שטיקל צוקער און ער וועט אים וועקן :

— טו זיך אָן, זאַלקע, ס'איז שוין גרויסער טאָג.

אַ האַלב לעבן ווי מען זיצט אַזוי איינער קעגנאיבערן אַנדערן אין די פּאַרפּאַטשקעטע רימער־געוועלבלעך און מען רייסט זיך אַרויס דעם ביסן ברויט פון מויל; מען רופט אַוועק איינער ביים אַנדערן אַ פויערל, אָדער אַ פּריץ, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אין מאַרק אַריין. אַז ס'פּאַרט צו, למשל,

די טירנער גראַפּיניע מיטן יונגן איידעם אירן, ווי ער שטופּט עס אַרויס דער אַלטער, וויפל פויערים ס׳געפינען זיך נאָר אין וואַרשטאַט. ער רייסט ביי זיי אַרויס אַלץ פון די הענט און אויפמאַכנדיק ברייט די טיר, באַווייזט זיך שוין ביי אים דאָס שמייכעלע.

— דזשיען דאָברי פּאַנסטוואָ! — ציטערט דאָס היטל אין דער האַנט ביי אים און ער גייט זיי נאָך איבער די צוויי־דריי טרעפּלעך. מען טראָגט זיי אונטער בענקלעך און אַליין קען מען זיך קיין אָרט נישט געפינען. די געפלאָכטענע פּויערישע לאַפּטשעס גולמען דערווייל אויפן טראָטואַר. זיי דינגען זיך לאַנג אַרום, די פּויערים, און מוזן אַהיימפאָרן מיט גע־קניפּטע שטריקלעך אָנשטאָט לייצעס.

— אַנו, פּאַנאָטשקו, זיבן זאָגסטו?... ווייסט כאָטש אָקאָרשט וויפל פּודיקלעך קאָרן ס׳איז?...

דער עיקר צעקאָכט איז ער, ווען ער גרייט זיך אַראָפּצוגיין צו די קאָוואַרטאָווסקיס אין טאַרטאַק אַריין. ער שטעלט פריער אויס קליי־נע רעכענונגלעך אויף פּאַרפּאַטשקעטע שטיקלעך פּאַפּיר. פּאַר „פּערוועׂ" טראָגט ער עס אַוועק אין קאַנטאָר אַריין און באַקומט אויסגעצאָלט, כאָטש מען דינגט זיך לאַנג אַרום און מען רייסט אים לסוף אַראָפּ פון פּרייז פאַרן אויספּאַריכטן די טראַנסמיסיע־פּאַסן. אַז ער גרייט זיך צו גיין אַהין, פּוצט ער זיך אַרום די פאַרבלאָטיקטע שטיוול, דעם אויסגע־קראָכענעם פוטער.

— קלאַפּ מיר אויס דעם פוטער — רופט ער זיך אָפּ צו דער אַלטער — ס׳פּאַסט נישט אין אַזאַ הילוך אַריינצוקומען צווישן מענטשן...

אין קאַנטראָל ביי דער מיל, וואָס געהערט אויך צו די קאָוואַרטאָוו־סקיס, דרייט ער זיך לאַנג הינטער דער באַריער, ביז מען באַמערקט אים. פון דער קאַבינעט־טיר שפּרינגט אַלעמאָל אַרויס דאָס ריינע יידל חיים־ברוך קאָוואַרטאָווסקי, דער עלטערער. אינעם אַש־בעכער וואַרפט ער אַוועק האַלבע, נישט־דערויכערטע פּאַפּיראָסן.

— פּאַניע רובינשטיין — שרייט ער — די צווייטע פּאַרטיע איז עפּעס נישט אין אָרדענונג. איי, די וואַלצן, די וואַלצן...

וועווע שמייכלט פּאַוואָליע אין שיטערן בערדל אַריין. זיין אויסגע־שטרעקטע האַנט וואַרט אַ ווײַלע ביז חיים־ברוך דערלאַנגט אים זיינע.

— דוכט זיך, ר׳ וועווע, אַז מיר האָבן עפּעס געשמועסט... מכוח אַ הלוואהלע...

ער בעט אים פונדעסטוועגן אריין צו זיך אין קאַבינעט און הינטער זייערע פּלייצעס ברענגט מען צעטראָגן די פּייערדיקע גלעזער טיי. זיי פּאַרויכערן און חיים־ברוך לאָזט אים נישט קומען צום וואָרט:

— אַ קליינער קריזיס האָט זיך ווידער אָנגערוקט. מיין ברודערל איז געוווינט צו לעבן ווי אַמאָל. מ׳דאַרף, זאָג איך, פּאָראויסזען אַ שוואַרצע שעה אויך... און היינט די גראַטשקעס מיט די „ראָבאָטשעס"... איר האָט

אַוודאי געהערט... אויסלאַנד פֿאַדערט געהילץ, נאָר די סאָוויעטן פֿאַר־וואַרפֿן דעם מאַרק האַלב־אומזיסט... זאָגט איר, אַז מכוח דער הלוואה...

גערעדט האָט ער גיך, געשפּריצט, געריבן שוועבעלעך און געבלאָזן דעם רויך גלייך ווערן אין פּנים אַריין, האָט געכאַפּט דאָס טעלעפאָן־טרייבל צום אויער אַקוראַט דעמאָלט, ווען ־ ווען וועוועו האָט אים געוואָלט אונטערוקן דאָס רעכענונגל און אויסדערציילן אים באריכות ווי ס׳האָלט מיט דער היפּשער הלוואה, וואָס איינער אַ ייִד, אַ פּראַצענטניק, איז גרייט אים צו באָרגן. „די זאַך שטעלט זיך פֿאַר אַזוי״... — האָט ער געוואָלט אָנהויבן און איז גאָר זיצן־געבליבן הינטער יענעמס רוקן. שאַרנדיק זיך אַהינטער, האָט ער וועוועס שטול שוין געהאַט אַריינגעטריבן אין דער מיט שטוב אַריין. באַלד האָט ער זיך אויסגעדרייט :

— קומט, מירן שוין שמועסן אויפֿן וועג. כ׳פֿאָר צו אין טאַרטאַק אַריין. איז וואָס זשע זאָגט איר...

ער האָט נישט פֿאַרענדיקט און שטייענבלייבנדיק אין דער טיר, האָט ער אַ רוף געטון :

— היי, יאַניע, דאָס בריטשקעלע !

נאָכן אַרויסגעפֿאָרענעם בריטשקעלע, פֿאַרמאַכט מען הינטער זיי דעם שווערן, אייזערנעם טויער. זיי לאָזן הינטער זיך די פֿיר־שטאָקיקע, פֿאַר־מעליקטע געביידע. די רעדער שפּיגלען זיך אין די ליכטיקע קאַלוזשעס אויפֿן ביימערדיקן וועג צום טאַרטאַק־פּלאַץ. אויפֿן פֿרייען שטח יאָגן אַרום הפקרדיקע ווינטן.

דעם גאַנצן וועג איז וועוועו זיצן־געבליבן אַ צעפּלאָנטער. ס׳האָט אים שוין פֿאַרדראָסן אויך. אַ מענטש איז אַזוי צעדרייט און צעשרויפֿט. ווי אַזוי וועט ער אים גאָר קענען אונטערוקן דאָס רעכענונגל ? ס׳האָט אים שוין גענומען באַנג טון, וואָס ער איז אינגאַנצן מיטגעפֿאָרן. אַ מענטש טרייסלט זיך די גאַנצע צייט אויפֿן זיץ און — ווי ער וואָלט אים נישט באַמערקט. דער שמייסער טרייבט אונטער די רירעוודיקע קליאַטשע צום קאַנטראָל און יענער שפּרינגט אַראָפּ. אַליין איז וועוועו פֿאַרבליבן ביי דער פֿאַרהאַקטער טיר. אַ היפּשע ווײַלע אַזוי. ס׳איז נאָך נישט געווען אַזוי שטאַרק טונקל, אָבער די הענג־לאָמפּן אין דער קאַנטאָר האָבן שוין גע־ברענט. ס׳האָט זיך אויפֿגעמאכט די טיר און חיים־ברוך האָט זיך פּלוצים דורכגעשטופּט, האָט אים אינגאַנצן נישט באַמערקט און איז אַ גיי געטון פֿון די שטיגן. און אַז וועוועו האָט האַסטיק גענומען טרעטן נאָך אים, האָט זיך יענער דערשראָקן אומגעדרייט און צוריק אַ לויף געגעבן צו דער אָפֿענער טיר. וועוועו האָט געשטאַמלט :

— איר האָט מיך געהייסן אָפּוואַרטן, ר׳ חיים־ברוך...

— אַבי כ׳האָב געמיינט... — איז יענער געווען טויט־בלייך — וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט ? איר האָט מיר גוט איבערגעשראָקן, ר׳ ייִד... אין אַזעלכע צייטן... די „ראָבאָטשעס״... נאָר ס׳מאַכט נישט — איז ער

פּלוצים געוואָרן האָפּערדיקער — קומט אַריין אַזוי מאָרגן־איבערמאָרגן אין קאַנטאָר, וועלן מיר אַלץ איבערשמועסן... היי, יאַניע, דאָס בריטש־קעלע...

אַן אַנדערש מאָל ווידער האָט זאַלקע באַגלייט דעם אַלטן צו דער ווינטער־ווילע פון אויפּזעער איבער די מלוכהשע וועלדער אין מאַלאָרי־טער קרייז. דאָס יינגל האָט אונטערגעטענצלט אין געדיכטן שניי־שיט נאָך וועוועס פּאַרווייעטע טריט. ער איז אינגאַנצן געווען פאַרוויקלט אין די פּאָסן און פּאַסיקלעך פונעם ענגלישן „פּאָיעדינעק״. פון אָפענעם טייך, פון די וויסט־פּאַרשנייטע שטרעקעס, האָבן ווינטן אויפגעטורעמט הויכע, קאַנטיקע בערג. דער אַלטער איז געקראָכן פּאָראויס. צו דער ווילע איז נאָך פאַרבליבן היפּש צוצוקומען.

דער פּאַן קאָשובסקי איז גראָד ווינטער־צייט, ווען מען שניידט די וועלדער אין דער טיפער פּאָלעסיע, זייער אַ פּאַרנומענער מענטש. זומער איז אַהין אומעגלעך צוצוקומען, ווייל די זומפּן שווענקען זיי אונטער. אויפן זונטיקדיקן טאָג אָבער כאַפּט ער זיך אַראָפּ אין דער ווילע, הינטער דער שורה טאָפּאָלן, אויפן הויכן ברעג. איצט וווינט דאָ ביי אים די זיסע פּאַננאַ אירענאַ; ס׳וויב מיט די צוויי טעכטערלעך זענען אין דער הויפּט־שטאָט. אויף ניי־יאָר, האָט ער צוגעזאָגט, וועט ער שוין געוויס אַראָפּ־קומען. די פּאַננאַ אירענאַ, עפּעס אַ זינגערין אין קאַבאַרעט „הינטער די פּיליאַרן״, איז בלאָנד, שמאָל און זיס. ביי טאָג, ווי נאָר ער האָט זיך אומ־געקערט פון די וועלדער, האָט ער געשיקט דעם הויף־באַלעבאָס מאַטשעי נאָכן יידישן רימער אין שטאָט, ער זאָל קומען און מיטברענגען אַנצו־מעסטן אַן ענגלישן „פּאָיעדינעק״ פאַרן „סיוון״, וואָס בריקעוועט אומזיסט אין די שטעלער. דאָס קליינע שפּאַציר־שליטל וואַרט שוין אויך. נאָר דער טאָג איז אַ קורצער — איידער מען גייט און איידער מען קומט, פאַלט צו דער פאַרנאַכט אויף די ווייט־פאַרשנייטע שטחים הינטער דער פעסטונג, ביים בוג.

זי איז היינט זייער ליבלעך, די טייערע אירענאַ; ווייל ס׳טרעפט אָפט, אַז זי איז משוגעוואַטע, אַנגעברוגזט, גאָר אַן אַ פּאַרוואָס. געסט דאַרפן קומען אין אָוונט. אין דער קיך הייצט זיך שוין אַ גאַנצן נאָכמיטאָג. דער פּאַן קאָשובסקי האָט מיטגעברענגט פון די וועלדער קוראָפּאַטוועס. איינער אַליין האָט ער זיי מיט דער צוויי־רעריקער ביקס אונטערגעשאָסן. דעם גאַנצן אינדערפרי האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין קליינעם זאַל און גע־בלאָזן פון זיך וואָלקנדלעך רויך, פאַרהאַלטן זיך ביים שפּיגל, באַטאַפּט די קליינע, גרוי־ווערנדיקע וואָנסעלעך. „מ׳דאַרף זיי אפשר אַראָפּנעמען״ — האָט ער ענערגיש אַ טראַכט געטון. אין אַ געשפּרעך מיטן פרישן וואָ־יעוואָדע, האָט ער זיך לעצטנס אַזוי אויסגעדריקט : „כ׳שטעק צווישן סאמע ווילדעניש... אַלע זענען זיי צעפּרעסן פון דער באַלשעוויע... מען

וואָלט באַדאַרפט אַביסל ענערגישער... וואָס אייראָפּע וועט זאָגן?... די פּרעסע, איבעריקנס... די פּרעסע רעדט דאָך נישט וועגן די אַלע זאַכן"...

די פּאַננאַ אירענאַ האָט דיסקרעט אָנגעקלאַפּט און אַרײַנגעשטעלט איר בלאָנד קעפּל.

— און דו ביסט נאָך אַלץ אַזוי כמורנע, ווי דײַנע וועלדער... געסט דאַרפן קומען צופאָרן; דער פּאַן סקוביבינסקי מיט זײַן נײַעם „פּאָרד", דער דירעקטאָר פון דער באַנק „גאָספּאָדאַרטשאָ קראַיאָוועגאָ". נו, און קאַפּיטאַן האַלדאַק פון 82־טן פּולק. אין אַ „פּאַראַקאָנקע" קומט ער... דער ערשטער וואַלס־מײַסטער אין אָפּיצירן־קלוב... מיר זענען אַהין אײַנגעלאַדן אויף ווײַנאַכט... וואָס דאָרט וועט זיך אַלץ אָפּטון... — האָט זי זיך אַ דרײַ געטון אויפן קנאַפּל פאַרבײַ זײַן נאָז.

— כ'האָב נאָך פריער פאַר אַלץ, קאָכאַנאַ, צו דערלײַדיקן עטלעכע בריוו און טעלעגראַמעס, זײַער בויטיקע — קיין וואַרשע און אין דעם פאַרשאָלטענעם העק, צו די כאַמעס דאָרט... אויף קיין מינוט קען מען נישט אָפּטרעטן — האָט ער לײַכט אונטערגעזיפּצט — שוין דעם אַנדערן וואַלד־וועכטער הײַנטיקן ווינטער געפונען טויט... ס'איז זיך דאָרט נישט אַרויסצודרײַען אָן דעם געלאָדענעם ברױנינג...

הינטערן פענצטער, אין זאַווײַ, האָבן זיך די הינט טויב צעוואָיעט. אײַנע אַלײן איז זי פאַרבליבן, ווען פּאַן קאַשובסקי איז אַרויס אין קאָרידאָר, ווו ס'האָט שוין געוואַרט אויף אים דער ייִד, דער רימער. וועווע איז געשטאַנען מיטן אויסגעקראָכענעם פּאָקענעם היטל אין דער האַנט. אויפן אַרומגעזוימטן פּליכל זענען בײַ אים די הערעלעך געווען צעשויבערט.

— אַן ערשטקלאַסיק וואַרשעווער שטיקל אַרבעט... — האָט בײַ וועווען געציטערט דאָס קורצע בערדל — דער פּאַן, ווייס איך, איז אַ מבין אויף אַ גוט שטיקל אַרבעט...

דער פּאַן קאַשובסקי האָט זיך געגלעט די גרוי־ווערנדיקע וואָנסעלעך, וועלכע ער האָט הײַנט באַשטימט אַראָפּצונעמען. ער האָט אָנגענומען אַ פּאַס, באַטאַפּט די נײַ־זילבערנע ספּראָנטשקעס, די וואַרף־רינגען. וועווע האָט עס זײַער איידל אַ נעם געטון פון זײַן האַנט און אָנגעהויבן רײַבן מיט אַן אַרבל אויפן פאַרהויכטן מעטאַל, דער גלאַנץ זאָל זיך צוריק שטעלן.

— מ'דאַרף אָנמעסטן! — האָט געזאָגט דער פּאַן קאַשובסקי — אַ שאָד וואָס אַזוי שפּעט. כ'פּאָר באַגינען אָפּ און קום ערשט צוריק סוף וואָך, צו ווײַנאַכטן.

— ס'מאַכט נישט. דער פּאַן דאַרף גאָרנישט זײַן דערבײַ. מיר וועלן עס שוין מאַכן אין בעסטן אָרדענונג.

— ווינצענטין דאַרף מען רופן. זאָל ער אַרויספירן דעם „סיוון". בײַוויפל געלט האַלט עס? וואָרן אייך, „זשידקעס", קען מען נישט גע־

טרויען... אָנעם ביסעלע „שווינדעל״ — האָט ער אַרויסגעלאַכט — גייט עס נישט ביי אייך, נישט אַזוי?...

ווען האָט זיך אומבאַקוועם געגלעט די עטלעכע הערעלעך אויפן ארומגעזוימטן פּליכל.

— „פּאַד ביירעם״ וועל איך עס אָוועקגעבן... וועט שוין גוט זיין? הוצאות און אַלץ — האָט ער א רעכן געטון פאַר־זיך — אפשר... אפשר וועט זיך עפּעס אָפּשטעלן... דער פּאַן זאָל געווען אָנקוקן אַ געשפּאַנדל, וואָס די גראַפּיניע פון טירנע האָט יענע וואָך ביי מיר געקויפט...

זאַלקע, געדיכט אַרומגעוויקלט מיט די פּאַסן און פּאַסיקלעך, האָט זיך אַ וואַקל געטון; ער האָט אַרויסגעהויבן דעם קאָפּ, אים שאַרף אָנגעקוקט, ווען — די רייד, וואָס ער הערט דאָ צום אויסגערוטן אויפזעער איבער די מלוכהשע וועלדער... די נאַציאָנאַליזירטע וועלדער, ווו פאַר אויפקלויבן אַ צווייגל, שיסט מען... ער וועט אים, דוכט זיך, מער נישט קענען קוקן אין די אויגן אריין, ווען. אין שטוב איז ער אַלעמאָל אָנגעכמורעט און אַז מען טוט אַ לאַך, איז ער אויפגערעגט. ער גריזשעט באַגינען אַ שטיקל צוקער אויפן ניכטערנעם מאָגן, פּרעפּלט עפּעס פאַר־זיך, רעכנט כסדר נאָך דאָס לייזעכץ פון טאָג און זוכט אין די פאַרשמאָלצענע פּאַפּירלעך; ער רוקט אַוועק פון זיך דאָס קאַלט־געוואָרענע עסן...

אין הויף האָבן זיך די הינט ווידער געריסן מיט אַ בילעריי. גלעקלעך האָבן געקלונגען; אַן אויטאָ האָט געלאָזן הערן דעם טרויב. אויפן ליכטיקן גאַניק האָבן זיך דערהערט געלעכטערן און אין דער טיר זענען שטעקן־געבליבן עטלעכע פּוטערס און — דער גלאַנציקער דאַשיק פון קאַפּיטאַן האַלדאַק. מיטן ברעג איז אָנגעפאָרן דעם קאַפּיטאַנס „פּאַראַקאַנקע״; אין נייעם „פּאָרד״ איז געקומען אָנצופאָרן דער באַנק־דירעקטאָר סקובינסקי. זיי בערדל איז געווען שפּיציק, אַקוראַט ווי ביי הענריק שענקעוויטש, און ברילן האָט ער אויך געטראָגן ווי הענריק שענקעוויטש, מיט שווארצע רעמלעך. ער דרוקט אַרטיקלען אין ערנסטע ווירטשאַפטלעכע זשורנאַלן וועגן באַנק־וועזן. ביי די לעצטע סיים־וואַלן האָט מען אים פאָרגעשלאָגן אַלס דעפּוטאַט פון דער היגער וואָיעוואָדסטווע, אָבער ער האָט זיך זייער העפלעך אָפּגעזאָגט.

— נאָכוואָס, פּאַנאָוויע, זיצן אין סיים און פּאָליטיקירן? — האָט ער זיך געהאַט אויסגעדריקט — כ׳וויל בעסער צונויף קומען דאָרט, ווו כ׳בין באַרופן.

מיט אים איז מיטגעקומען אינגאַנצן אַן אומגעריכטער גאַסט — דער שעף פון אויספאָרשונג־אַמט, אַספּיראַנט דעמיאַניוק.

— דער פּאַן קאַשובסקי וועט אייך זיכער אָפּגעבן דעם געגויסטן גרוס פון דער טיפער און ווילדער פּאָלעסיע... ווו דער מענטש איז יעדע מינוט איינגעשטעלט מיטן לעבן...

ביים אויסשטייגן, האָבן זיך אַלע צוזאַמענגעטראָפן. מ׳האָט טומלדיק

געלאַכט, טרעטנדיק איבער די שטיגן צום גאַניק. זאַלקע האָט, פאַרוקט אין אַ ווינקל, געלאָזט דורכגיין די געסט. דער געשפאַן האָט אַראָפּגע־שווערט. אין צוג־ווינט פון טירן, האָט ער געכאַפּט אַ זייטיקן בליק צו דער האַלב־אויפגעמאכטער טיר. אין ווייכן ליכט פון אבאזשורן, האָט ער דערזען דעם פאַרשרונדיקטן קאָפּ פון קאַפּיטאן האָלדאַק, דעם גרויען קאָפּ מיטן פאַרשפּיצטן בערדל פון באַנק־דירעקטאָר סקובינסקי און... די מיידלש־בלויע אויגן פון שעף פון אויספאָרשונג־אַמט, אַספּיראַנט דעמ־יאַניוק... דער, וואָס וואַקסט אויס אומגעריכט איבערן צעשלאָגענעם, וועלכן מ׳האָט נאָר־וואָס, אַ געבונדענעם, געגאָסן שמוציק וואַסער אין די נאָזלעכער... ווען דער ראַדיאָ פאַרטויבט די געשרייען... און דער רויך פון זיין ליולקעלע ציט זיך רואיק צום סופיט... אַזוי פאַרטויבט איז ער געווען, אַז ער האָט אַפילו נישט דערהערט. ווי וועווע שטויסט אים אונטער:

— ביסט טויב, צו אַלדי כאָליערעס?... ער האָט געזאָגט, דוכט זיך, אַז ער וועט באַלד צוריקומען...

— לאָמיר שוין אפשר גיין... — האָט זאַלקע אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון די פּאַסקעס און פּאַסיקלעך — ווער ווייסט ווען זיי וועלן דאָ פאַרטיק ווערן מיט די געסט...

וועווע בליקט כמורנע פון דער זייט און ענטפערט נישט. אין זיין האַנט לעשט זיך דאָס שטיקל פּאַפּיראָס, וואָס דער פאַן קאַשובסקי האָט אים אויסגעשטרעקט פון זיין פּאָרטסיגאַר. פון הינטער טירן הערן זיך אַלץ באַלעבטע רייד, געלעכטערן און דער פּאַננאַ אירענאַס שטימעלע.

— לאָמיר גיין! — טוט לסוף וועווע אַ מאַך אַוועק — אַבי ער האָט געהייסן קומען... אין אַזאַ ווייעניש...

און זיי האָבן זיך זייטיק אַרויסגעשאַרט. דער ווינט פון די אָפענע, פאַרשנייטע, נאַכטיקע פליינען האָט זיך געשטאַרקט. הינטער זיי איז פאַר־בליבן די ליכטיקע ווילע מיט די וואַרטנדיקע אויטאָס און שליטלעך.

# 21

דער פייערלעכער ווייַנאַכט־אָוונט, וועלכן די זיסע פּאַננאַ אירענא האָט אַזוי אויסגעקוקט, האָט זיך פאַרן פאַן קאַשובסקי, דעם אויפזעער איבער די מלוכהשע וועלדער, שוין באַלד פון אָנהייב אָן אַרויסגעוויזן צו זיין נישט גאָר קיין גליקלעכער; כאָטש אומגעקערט האָט ער זיך פון די וועלדער אין בעסטן הומאָר. דער קוטשער ווינצענטי, אַן אָנגעפּראָס־

טיקטער, מיט צעפּלעך אייז אין די ברייטע, פּריצישע וואָנסן, האָט אים, לויט זיין טעלעפאָנישן צוזויסן־געבן, אָפּגעוואַרט אין קאַלטן נעפּל אויפן פּעראָן און האָט אים געפירט איבער די פּאַרטונקלטע גאַסן צו זיך, אין דער אויסגעוואַרעמטער היים. דער „סיוער״, אַ ניי־אויסגעפּוצטער אין ענגלישן „פּאַיעדינעק״, מיט אונטערגעבונדענע קניען, האָט זיך היפּש צעבריקעט אין גיכן טענצלען מיטן לייכטן שליטל הינטער זיך, פּאַרייסנ־דיק יחסניש דעם קורצן, צוגעשוירענעם עק זיינעם.

— פון וואַנען דער געשפּאַן? — האָט ער געקלאַפּט דעם קוטשער אין דער פּלייצע אַריין און ס׳איז באַלד אויפגעגאַנגען אין אים אַ ווייטער פּאַרדאַכט — דוכט זיך, אַז דער ייד, דער רימער, איז דעמאָלט אַוועק און האָט דעם געשפּאַן נישט איבערגעלאָזן...

— דאָס האָט די פּאַני אירענאַ באַפוילן צו ברענגען דעם געשפּאַן... זי האָט...

— נאָכוואָס פּלוצים?... — האָט ער אים נישט געלאָזן פאַרענדיקן און דער ווייטער פּאַרדאַכט האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן באַשטעטיקן.

ער האָט מער רואיק נישט געקענט איינזיצן אונטער דער בערן־פּעל. דאָ האָט זיך דער קוטשער ווינצענטי אַ היפּשע ווײַלע פּאַרהוסט אין די ברייטע וואָנסן אַריין און איז צופרידן געווען, וואָס ער פרעגט אים דער־ווייל מער נישט איבער.

— ווהין איז זי עס געפאָרן? — האָט ער אָבער ווייטער נישט אָפּ־געלאָזן.

— אַזוי אַביסל... אויפן שפּאַציר... געפאָרן איז מען אַרום דער פּעס־טונג... נאָכן אָנגעפּאַלענעם שניי, איז געווען אַ טייערער שליטוועגס... ביז נאַכט איז מען געפאָרן...

— און דערנאָך?

— דערנאָך... — האָט זיך שוין דער קוטשער געוואָרגן מיט די רייד — דערנאָך איז דער קאַפּיטאַן האַלדאַק וואַרטן־געבליבן... אומגעריכט... די נאַכט איז צוגעפּאַלן און כ׳האָב אים קוים דערקענט... נו, האָט מיר די פּאַני געהייסן פּאַרקיר׳עווען אין סאַמע מיטן גאַלאָפּ...

— נו, און דערנאָך? — האָט ער, אויפשטעלנדיק זיך, אַלץ מער גע־וואָלט וויסן.

— דערנאָך איז די פּאַני אַוועק מיטן קאַפּיטאַן אין דער אַליי און מיך האָט זי באַפוי׳לן אומצוקערן זיך... שפּעט אין אָוונט איז זי צוריקגעקו־מען... — האָט שוין איצט דער קוטשער ווינצענטי נישט געוואַרט אויף זיינע נייגעריקע נאָכפרעגעניש; ער האָט אַליין אויסגעשאָטן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געוווסט, כאָטש די פּאַני אירענאַ האָט אים צומאָרגנס זייטיק געגעבן אָנצוהערן... — די פּאַני איז עפּעס דערנאָך צוריקגעקומען אַ בייזע, אָפּגעשלאָסן זיך אין די צימערן און לאָזט קיינעם נישט צו צו זיך... איך ווייס? אפשר בענקט זי עס אַזוי שטאַרק... סמוטעק, פּאַניע, סמוטעק...

— פאַרקירעווע! — האָט זיך יענער גענומען בייזערן — זעסט נישט, ווי מיר פאָרן גלייך אויפן אייז אַרויף...

אויף אַזאַ קאַלעמוטנע באַגעגעניש האָט ער זיך נישט געריכט. אַלץ איז אַזוי יום־טובדיק. אַלץ גרייט זיך פייערלעך צו באַגעגענען דאָס נייע יאָר. אין נעפלדיק־פּראָסטיקן אָוונט לייכטן פון אַלע גאָרנדיקע הייזער העלע פענצטער אין גאַס אַריין. קליינע, עלעגאַנטע שליטלעך גלעקלען אַוועק אַרויף שאָסיי, אַרומגעהאַנגענע מיט פרישן נאָדל־גרינס. געריכט האָט ער זיך צו באַגעגענען ליכט אין אַלע שויבן, אַנגעהייצטע צימערן, פאַרגאָסן מיט בלענדיקייט, געשמאַקע ריחות פון דער קיך. שוין פון ביי־סיקן נעפל אַרויס, צווישן דער שורה נאַקעטע טאָפּאָלן, האָט ער שווער־לעך דערקענט די האַלב־אויסגעלאָשענע ווילע. דער „סיווער" האָט זיך פאַרהאַלטן ביים טירל און דער פאַן קאַשובסקי איז געקראָכן פון אונטער דער בערן־פעל. ער האָט צעשטרייט גענומען ציען דעם גלאָק. פון טיפן הויף האָט זיך די צויג אויפגעכאַפּט מיט שאַרפע קוויטשן. אין דער קיך־טיר איז געשטאַנען די יונגע קעכין, אַ צעפלאָמטע און שטאַרק־צעטראָ־גענע.

— אָ, דער פאַן... — האָט זי אים, אַביסל צוריקגעהאַלטן, באַגעגנט — די פאַני איז עפּעס נישט מיט אַלעמען... ליגט אויף דער סאָפע און וויל גאָרנישט נעמען צום מויל...

ער האָט נישט באַוויזן אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם שווערן פוטער, דאָס היטל מיט די אויערן־לאַפּן, און האָט אויפגעדרייט אַלע לאָמפּן.

— וואָס איז דאָ אזא פינצטערניש? — איז ער געלאָפן פון איין אויפ־געריסענער טיר אין דער אַנדערער — וואָס פאַראַ טרויער פּלוצים אין מיין הויז? ס'איז וויינאַכט און דאָ — ווי אַ מת וואָלט דאָ געלעגן...

אַלץ האָט ער געטראָפן אין אומאָרדענונג, ווי נאָך אַ נאַכט פון אָר־גיעס; די טישן און די שטולן אויסגעקרומט, אַ קעלט האָט געווייעט דורך אַלע אויפגעריסענע טירן הינטער אים. די טיר צו זיין קאַבינעט איז גע־ווען האַלב־צוגעלענט, אַ שוואַכע שיין האָט זיך אויסגעלייגט אין אַ קרומ־מען פאַס. ער האָט זיך אַ רגע באַדאַכט אָפּגעשטעלט. שטעק־לעטשלעך האָבן זיך צעשאַרעוועט. ס'האָט אַנגעווייעט אויף אים איר לאַנגער פעניואַר.

— ביסט שוין דאָ? — איז זי צוגעפאַלן — ענדלעך ביסטו שוין דאָ... טייערער...

און אין איר שטים האָט זיך עפּעס איבערגעבראָכן — ס'איז געווען אי שאַפער פאָרוואָרף, אי שטילער, הכנעהדיקער געבייזער. ער האָט זיך אומגעדרייט, געוויזן אויף דער אומאָרדנונג אין הויז. זי האָט זיך אַראָפּ־געלאָזן נידעריק אויף אַ שטול, אַ פאַרוויייעטע אין פעניואַר. אירע גלייך־געשניטענע, בלאָנדע האָר האָבן זיך צעשאָטן און דורך זיי האָט אַרויס־געבליקט איר גאָמבקע, איר רויט, פייכט פיסקל, אירע אַנגעברוגזטע וויעס.

לויט איר שווייגן, האָט ער, ווי ס׳טרעפט אָפּט, אויך אַצינד זי באַדאַרפט איבערבעטן, אָוועקטראָגן זי אויף די הענט, איינדעקן איר מיט צערטלעכע רייד. ער וואָלט עס נישט געטון אַצינד, ווען ער כאַפּט זיך נישט באַלד, אַז ס׳איז ווייניק, אַז זיי זענען היינט ביידע איינגעלאַדן אין אָפיצירן־קלוב, אין דער פעסטונג; און אַזויווי ער איז אַ מענטש, וואָס קען זיך צוי־מען אין אַזאַ סיטואַציע, איז ער. כאָטש נישט אַן קוים־פאַרשטעלטן פאַר־וווּרף, צוגעפּאַלן:

— כ׳ווייס... שולדיק בין איך אין אַלעם... שולדיק זענען די וועלדער... ווי זיי זענען מיר שוין אַריין אין די ביינער אַריין...

— כ׳זע די ליכטיקע וועלט נישט אַן... — האָט זי ענדלעך אַרויס־געפּישטשעט.

— טו זיך איבער, טייערע אירענאַ. האָסט פאַרגעסן, אַז פאַר צוועלף מוזן מיר זיין אויפן באַל. גוט האָסטו געטון, וואָס האָסט געהייסן ברענ־גען פון רימער דעם „פּאַיעדינעק״... מ׳דאַרף באַצייטנס ווינצענטין הייסן איינשפּאַנען דעם „סיוון״... ס׳שטעלט זיך אַ גוט וועטער, דער פראָסט שטאַרקט זיך. נו, זיי נישט אומעטיק. גוט, וואָס מיר פאַרענדיקן מיטן אַלטן יאָר. דער פרילינג, איידער מען קוקט זיך אַרום, איז ער שוין דאָ... און דעמאָלט... דעמאָלט... — האָט ער לייכט אָפּגעזיפצט און האָט זיך עפּעס מער געשראָקן, ווי געהאַפּט אויף אים.

די דערמאָנונג וועגן פרילינג און וועגן דער הויפּט־שטאָט, וווהין זיי קלייבן זיך, האָט אים אויך דערמאָנט, אַז שוין באַלד אַ וואָך, ווי ס׳וואַרט אויפן טיש ביי אים אַ בריוו, אַ נישט־אויפגעריסענער בריוו... די אַנצוהערענישן פון דאָרט זענען אים שוין באַקאַנט. ער איז דעריבער אַוועק צו דער טיר מיט אַ נישט־זיכערן טראָט.

אַרויסגעפאָרן פון דער ווילע איז מען שפּעטלעך. פאַרצויגן האָט זיך עס איבער די לאַנגע אַרומפּאַרענישן פון דער פּאַננאַ אירענאַ. אַ מאָל זעקס־זיבן האָט זי אויסגעפּאַרטיקט איר פנימל פאַרן שפּיגל, אָנגעטון און אויסגעטון די באַל־קליידער; אַן אַנטבלויזטע, אַ בלענדיק־לייביקע און אַ שמייכלענדיק־פאַרפּלאָמטע, האָט זי אים גערופן פון ווייטן קאַבינעט:

— נו, וואָס, מיעטשיסלאַוויע, אַזוי וועט גוט זיין?... מיר דוכט זיך, אַז נישט... דער שלעפּ איז עפּעס... פּשוט און נעט — דאָס סאַמעטענע קלייד מיט די בלישטשענדיקע אַרבל־שפּיצעלעך...

— זאָל זיין... זאָל שוין זיין אַזוי... — איז ער געווען אומגעדולדיק — מאַך עס גיכער. מיר וועלן פאַרשפּעטיקן דעם טאָאַסט פינקטלעך 12 דעם זייגער... מיט דער קאַנאַנאַדע וועט מען אויך נישט וואַרטן...

אַ נידעריקער הימל, אַן אויסגעלאָשענער, האָט געהויערט איבער דער ביימער־אַליי, ווען דאָס אַרומגעדעקטע שליטל האָט זיך געגליטשט באַרג־אַראָפּ. אַ ווייט וואָיען האָט זיך געוועקט פון די פאַרהילעטע פליי־נען. דער אָפענער ווינט האָט פאַרבלאָזן די ברעג־קוסטן. ווענט האָבן זיך

אויפגעהויבן פון ביידע זייטן, צעשאָסענע פּאָרטן־ווענט. דער וועג האָט געפירט צו די אילומינירטע איינפאָר־טויערן פון דער פעסטונג. געווען איז שוין נישט גאָר פרי, ווען דאָס שליטל איז פאַרפאָרן צום אָפיצירן־קלוב. שיכורע געזאַנגען האָבן זיך אָנגעטראָגן פון די ווייטע, אויפגעלויכטענע קאַזאַרמע־רינגען און אַלעמאָל האָט אַ ווייטער זאַלפּ אויפגעהילכט. דער ברייטער פאַסאַד פונעם קלוב איז געווען דעקאָרירט מיט גרינס און שאַרף באַלויכטן פון פאַרשידנקאָליריקע פייערלעך. פון צווישן לעבעדיקן גרינס האָבן זיך אויסגעטיילט די צוויי פּאָרטרעטן — פון מלוכה־פּרעזידענט: אַ מאַיעסטעטיש־אויסגערוטער בליק, און — די בייזע, פינצטערע וואָנסן פון מאַרשאַל, וואָס האָט מיט ביידע הענט אָנגעשפּאַרט גערוט אויף אַ שווערד. ביים סאַמע אַרויפגאַנג צו דער טעראַסע, פאַרשטעלט מיט שליטלעך און אויסגעלאָשענע אויטאָס, האָבן פון ביידע זייטן צוויי קליינע קאַנאָנען אויסגעשטעלט זייערע פינצטערע פּיסקעס.

אויבן האָט די טעראַסע געפירט צו אַ ליכטיקן פּאָדער־זאַל. ווער זאָל זיך עס געווען ריכטן, אַז דער פּאַן קאַשובסקי מיט דער ליכטיקער פּאַננאַ אירענאַ וועלן זיך אַזוי שפּעט באַווייזן? ער איז געווען שטאַרק איבעראַשט, דער קאַפּיטאַן האַלדאַק; דער ווייסער שטערן מיטן שטרענג־פאַרגלעטן שרונט האָבן געגלאַנצט. ער איז שוין דערצו געווען אַ קליין ביסעלע פריילעך אויך. ער האָט זיי געפירט געאָרעמט איבער דער ברייטער טרעפּ.

ווען מ׳האָט דאָ אַלץ נישט אָנגעטראָפן! ביי אַ טיש איז ברייטלעך געווען צעזעצט דער באַנק־דירעקטאָר. זיין גרוילעכער קאָפּ, דאָס שפּיציק־פאַרשוירענע בערדל, האָבן אים שאַרף אויסגעטיילט פון די אַלע נאַקעטע שאַרבנס און גלאַט־פאַרשרונדיקטע קעפּ. דאָס ראָזע, אָפּגעדעקטע הענטל פון פּאַננאַ אירענאַ איז געשווומען פון ליפּ צו ליפּ. יעדער האָט געפונען אַ פּיקאַנט וואָרט, אַ שמייכל, אַ געלעכטערל. דער שעף פון אויספאָרשונג־אַמט, אַספּיראַנט דעמיאַניוק, האָט אַזש נישט געקענט געפינען קיין לויב פאַר איר פּשוטן און נעטן סטראָי.

— אַ דאַנק, הער שעף, אַ דאַנק! — האָט זי פאַרוואָרפן דאָס קעפּל אין פּילבאַדייטנדיקן אויגן־שפּיל.

— זייט באַקאַנט. פּראָטשניק גרודניאַק! — האָט עמיצער אָנגעוויזן אויף אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

געלעכטערן, געזשום. פון טיפן זאַל האָט צוערשט פאַרפרעסט אַרויסגעהילכט די מוזיק. ווי פון זייער ווייט איז זי אָנגעשווומען. נאָר מיט איין אויגנבליק שפּעטער איז זי אָנגעפלאָסן אין זאַל אַריין, אַ שטורמישע, אַ רוישנדיקע און באַלד — אַ צעוויגטע, אַ העלע. אַוועקגעוויגט האָט זיך אַלץ כמעט אַרום די צערוקטע טישן. אונטער די פאַרצויגענע קרענץ האָבן נידעריקע, קרעמפּע מיליטער־לייט, מיט רויטע, אויסגעגאָלטע קאַרקעס און קורץ־געשוירענע קעפּ, איינגעגראָבן זיך אין באַלייבטע דאַמען, לייכט

געפּירט די שמאָלע טאַליעס, מיטגעוויגט זיך אין שיכורן וואַלס צווישן שוואַרץ־געפּרעסטע סמאָקינגען און העלע, לופטיקע שלעפּעס.

דער פּאַן קאַשובסקי האָט שוין נישט באַוויזן אַרומצוקוקן זיך, ווי אירענאַ האָט אים לייכט און פלינק אַ באַריר געטון ביים אַקסל, עפּעס הייס אַרויסגעפּליסטערט און האָט זיך באַלד אַוועקגעטראָגן איבערן זאַל מיטן שלאַנקן קאַפּיטאַן האַלדאַק. ער האָט נישט געהערט ווי מען וועקט אים, ווי מען בעט אַלעמען איבער, מען זאָל זיך צערוקן, מאַכן פּלאַץ פאַר די טאַנצנדיקע. די פּאָטעלן האָבן לייכט אונטערגעקרעכצט איבערן גע־וועקסטן פּאַרקעט, ביז צו די הויכע, ווענעציאַנישע פענצטער. צו אים ביי דער זייט האָט אַלץ געקרעכצט די איבערגעטרוקנטע שטים פון באַנק־דירעקטאָר סקובינסקי:

— כ'בעט אייך, מיינע טייערע... נו, ווי דען אַנדערש האָט מען גע־קענט?... דער סיים איז לעצטנס געוואָרן די טריבונע פון אַלערליי פּאַרקויפטע אַגענטן, פון די, וואָס פירן אויפסניי צו צעברעכן די אומאָפּ־הענגיקייט פון פוילן... אַזאַ מין לעקציע, מיינע טייערע, שאַדט נישט... קלוג, קלוג...

דאָ האָט מען גערעדט שטיל, דיסקרעט, כמעט אויפן אויער. קאַפּי־טאַן גרודניאַק, וואָס האָט פיל מער געוווסט ווען די פּ.פּ.ס.־ישע דעפּו־טאַטן, וואָס געפינען זיך שוין דאָ, אין דער פעסטונג, ביים בוג, זיינט אייניקע וואָכן, האָט שטיל אַריינגעשמייכלט אין זיינע שטייפע וואָנסן. ער האָט זיך געשפּיליעט דעם ענגן קאָלנער און דאָך קלוגעריש געשוויגן; כאָטש אַלע אַרום האָבן, דוכט זיך, געוואַרט אויף זיינס אַ וואָרט. אָבער צוצוגעבן איז, אייגנטלעך, נישט געווען וואָס. דער פּאַן קאַשובסקי האָט קוים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט זיך עפּעס צעשטרייט געטאָפּט ביי די גרוי־ווערנדיקע וואָנסעלעך, וועלכע ער האָט באַשטימט אַראָפּצונעמען, האָט אומרואיק געבלאָנדזשעט מיטן בליק איבערן טיפן זאַל.

פאַרקוקט זענען זיי ביידע געווען אין טיפן זאַל אַריין — ער און דער אַספּיראַנט דעמיאַניוק. אָבער אין דער צייט, ווען דער פּאַן קאַשובסקי האָט גענישטערט צווישן די טאַנצנדיקע פּאָרלעך, האָט זיך דעמיאַניוק אין דער אמתן בייגעריק אונטערגעהערט צו די שטילע געשפּרעכן אַרום. ווי אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט זיך אויף אַ שטומער סיטואַציע, אויפן ווונק, האָט ער זייטיק באַטראַכט לעבן זיך דעם פּאַן קאַשובסקי און האָט דין געשמייכלט אין זיך אַריין...

יענער איז געוו׳ען אַזויווי אַריינגעוואַקסן אין טיפן פּאָטעל אַריין, איז אַזויווי קלענער געוואָרן. צום ערשטן מאָל, דוכט זיך, האָט זיך גע־לאָזן מערקן ביי אים אַ היפּשע באַזילבערטקייט. אָבער די מינוטן זענען איצט באמת געווען פייערלעכע. איבערן ליכטיקן פּאַרקעט האָט מען זיך צום לעצטן מאָל טיף פאַרנויגט פאַר די דאַמען און מיט רוישיקע רייד און געלעכטערן אומגעקערט זיך צו די טישן. מ'האָט צום לעצטן מאָל

אויסגעטרונקען אַ טאָאַסט לכבוד דער רעפּובליק און אַלע האָבן זיך גע־גרייט אויסצוהערן דאָס לעצטע וואָרט, אויף דער שוועל פון נייעם יאָר, פון גרייז־גרויען גענעראַל מיט די אַראָפּהענגענדיקע בעקלעך. צום פּיי־לעכן קולמינאַציע־פּונקט איז פאַרבליבן נישט מער ווי צען מינוט. אַלע האָבן זיך אומגעדולדיק איינגעקוקט אין די זייגערלעך. ס'האָט אויפגע־הערט די רוקערייַ פון די שטולן. עטלעכע מאָגער־צוגעפּודערטע דאַמען האָבן פון אַ ווייטן טיש־ווינקל אָנגעשטעלט זייערע לאָרניאָנען צום ני־דעריקן, גרייז־גרויען גענעראַל. ער איז געווען אָנגעשפּאַרט מיט ביידע קורצע, קרעמפּע הענט אין טיש. ער האָט גערעדט זייער קורץ, מיט לאַנ־גע איבעררייסן און האָט פאַרענדיקט מיט אַ הייזעריקלעכן „וויוואַט".

די זאַשן־ און האַנט־זייגערלעך זענען געלעגן ביי יעדערן אויף די האַנט־פלאַכן און ווען די רוישיקע האַנט־פּאַטשערייען האָבן מיט אַ רגע פריער געהאַט אויפגעהערט, האָט מען, דוכט זיך, פאַרנומען דאָס קלאַפּן פון די זייגער־הערצער אין איין דינעם כאָר. מ'האָט געוואַרט אויפן סיג־נאַל, אויפן מעכטיקן קאַנאָנען־זאַלפּ, וואָס האָט געזאָלט אַ הילך־טון פון נאָנטן פאָרט, ביים פאַרפרוירענעם בוג; און דער זאַלפּ איז אַלץ נישט געקומען. מ'האָט זיך אומרואיק איבערגעקוקט, ווען דאָס גרעסערע ווייַ־זערל האָט שוין געהאַט פאַרדעקט ס'קלענערע אויפן צוועלף און האָט זיך שוין מיט אַ היפּשע פּאָר מינוטן געהאַט איבערגערוקט — דער זאַלפּ איז אַלץ נישט געקומען. ביים אַלטן גענעראַל האָבן זיך מיד אַראָפּגעלאָזט די וואָנסן. אַרום האָבן געפּלאָטערט עטלעכע אָפּיצירן. דער פאַרוטשניק גרודניאַק איז געשטאַנען דערלעבן, אַן אויסגעצויגענער.

ערשט דערנאָך האָט עס אומגעריכט אַ דונער געטון. דער פּילשטי־מיקער „וויוואַט" האָט פאַרהילכט מיט ווידער־קולות די הויכע געוועלבן. אַן אומבאַשטימטע שרעק האָט אַראָפּגעקוקט פון די פּנימער ביי די דאַ־מען. אין דער זעלבער רגע האָט מען אויך דעם פּאַן קאַשובסקי דרינגנד גערופן צו דער טעלעפאָן־קאַבינע. אירענאַ האָט נאָכגעפּלאָטערט און דער קאַפּיטאַן האָלדאַק איז מיט ענערגישע טריט אַוועק נאָך זיי; פאַרלאָפן איז זיי דעם וועג דער אַספּיראַנט דעמיאַניוק. ער איז שטיינגעבליבן האַרט הינטער פּאַן קאַשובסקיס אַקסלען, פאַרקלאַפּנדיק מיטן פוס דאָס טירל.

— העכער! — האָט ער דאָרט אַריינגעשריגן — ווי?... צעשאָסן און פאַרברענט?... ווען, פרעג איך... ווען?... נאָר־וואָס? איבערגעריסן די דראָטן? ווי?... אַ באַוואָפנטער איבערפאַל?... שוין פאָרן מיר אַרויס...

ער האָט זיך טויט־בלאַס אומגעדרייט צו דעמיאַניוקן:

— געהערט? — און ער איז ווידער צוגעפאַלן צום טרייבל. — שוין פאָרן מיר אַרויס... פאַרהאַלטן אַלע פאַרדעכטיקע... איר ווייסט שוין...

קיין סך צייט איז נישט פאַרבליבן. באַלד וועלן אַלע אַ ריר טון. דער פּאַן קאַשובסקי וועט אַוועקאיילן צו די וועלדער, ווו די פּויערים בוטעווען זיך. דעמיאַניוק — מיט אים.

# 22

פאַרטאָג, ווען דער אָפענער ווינט פון טייך האָט געריסן די לויזע לעדלעך, האָט זיך זאַלקע פלינק אַראָפּגעקוליעט פון גאַניק. ער איז אַוועק דורך די הינטער־הויפן, פילנדיק אונטער אַלע זיינע וועסטן און לייבלעך, ווי די פּאַפּירלעך רייבן זיך.

אַ שטעטל מיט אַ מאַרק און מיט הילצערנע שטיבער פון רויע שפּאַלן. ס'ליגט ביים ראַנד פון די וועלדער. פאַרן קליינעם וואָקזאַל, אַ וויאָרסט פופצן פון שטעטל, וואַרטן שליטלעך. ער קען געננוי דעם וועג. אין די טאָלן ליגן צעשאָטן די פאַרזונקענע כוטאָרן און אויפן ראַנד בלוילעכן זיך די וועלדער. אין דאָזיקן שטעטל וועט זי שוין וואַרטן, די פרעמדע, וואָס האָט זיך אין לעצטן האַרבסט באַוויזן, אַזוי פּלוצים און אומגעריכט, ווי איר קומען און פאַרשווינדן. מאָדנע, האָט ער געטראַכט, ווי דער נאָמען האַלינע פּאַסט זיך גאָרנישט צו איר גאַנצן געשטעל און איבערהויפּט — צו איר דינעם שמייכל. זי וועט וואַרטן אין עקסטן הויז, ביים צווינטער; און נאָך עמיץ. מיט יענעם וועט ער אַ־ויס־פאָרן צו די נאָענטע וועלדער.

דעם גאַנצן זומער זענען די וועלדער אונטערגעשווענקט. אַז אַ מענטשלעכער פוס קען זיך אַהין נישט דערקריגן. מיט די ערשטע פרעסט ווערן די בלאָטעס צוגעפרוירן, פאַרהאַרטעוועט און ס'קומען דעמאָלט אַראָפּ די „לעשניטשעס", די בראַקערס און דער גאַנצער עולם וואַלד־אַרבעטער. איצט איז שוין רואיק. די וואַך איז אַ פאַרשאַרפטע. אין דער טאַרטאַק־שאָפּע שלינגען די צוויי גאַטאָרס די אַרומגעהאַקטע קלעצער. דער וואַלד הילכט פון קלעפּ און פון פאַלנדיקעביימער. די שווייגנדיקע אויפזעער — ברייטע פּלייצעס, קאַנטיקע גאָמבעס פון אונטער באַראַנקאָווע היטלען — דרייען זיך איבערן אָפּגערייניקטן פּלאַץ, אַרום די שאָפּעס און נעמען נישט אַרויס די הענט פון די קעשענעס. זיי וואַקסן אומעטום אויס, האָבן אַן אויג אויף אַלעמען.

פון צוגעבויטן קאַנטאָר ציען זיך דראָטן צום שטעטל, צום וואָקזאַל און צו דער פּאָוויאַטאָווער שטאָט. לאַנגע רייען שליטלעך, אָנגעלאָדן מיט קלעצער און ברעטער, ציען זיך דורך די טאָלעכלעך צום וואָקזאַל. די זעלבע ערדלאָזע פּויערים און „באַטראַקעס", וואָס אַרבעטן דעם גאַנצן זומער אויף די פעלדער פון די ברידער ווראָבלעווסקי, ביים דייטש באַום און ביים סאָלטיס יערעמי, פירן ווינטער ס'געהילץ פון וואַלד. אין די אַליעכע־ווּעלדלעך רוען זיי אָפּ, פאַרדרייען און בלאָזן געדיכט פון זיך דעם רויך.

— איז אַט פּירט מען דעם וואַלד אויך אַרויס פון דאַנען... און פאַר אַ צווייגל אויפקלויבן — אַ הייסע קויל אין לייב...

— אַט, ליבינקער, צייטעלעך... — קוקט מען זיך פאַרזיכטיק אַרום — זיי זענען אָבער גערעכט געווען, די יינגלעך... אוי, גערעכט געווען...

צום כוטאָר איז זאַלקע אַרויסגעפאָרן, ווי נאָר ס'האָט גענומען פינצ־טערן. נאָך היפשע עטלעכע שעה טרייסלעניש, האָט זיך דער שטעטלדיקער מעקלער זלמן קוליאַוווער אויפסביי געגומען טאָרען דעם בלאָנדן יינג, זאַלקען, וואָס איז געלעגן פאַרשטעקט אינעם שטרוי:

— זע נאָר, ווי ער מאַכט זיך געפגרט... נאַכוואָסזשע, זאָג מיר, האָס־טו זיך פאַרט מיטגעשלעפּט אין אַזאַ וויוגע?

מיטן פרישן שניי, האָבן זיי זיך שפּעטלעך געבּרענגט צעשלעפּן צום פאַרווייעטן דאָרף. זאַלקע איז אַראָפּגעשפּרונגען און איז שטיינגעבּליבן פאַר אַרכיפּ זובאָווס כאַטע.

— פאַרפאַלן, ר' זלמן... — האָט ער אים אַריינגעשריגן אין די טויבע אויערן — איר וועט שוין אינדערפרי אַריינפאָרן צו דער טירנער גראַ־פיניע... מיר וועלן דאָ איבערנעכטיקן.

אונטערן נידעריקן באַלקן האָט, פון אָנגעטראָגענעם ווינט, דאָס קאַ־ניצל זיך געלאָשן אין ווינקל פיעקעליק, פון וואַנען דער אַלטער איז אַראָפּגעקראָכן, ווען זיי האָבן אַ קלאַפּ געטון אין שייבל.

— די בידנע פּרנסות... — האָט דער מעקלער געקרעכצט — שלעפּ זיך אונטערוועגנס אין אַזעלכע הינטישע „פּאָגאָדעס"...

אין דער וואַרעם, האָט זאַלקע געצויגן פון זיך איין בלוזע נאָך דער אַנדערער. אָן רייד — פאַרשטעקט די בלעטלעך און זייטיק געבליקט צום מעקלער, וואָס האָט זיך דאָרט פרום געשאָקלט ביי די פאַרלאָפענע שייב־לעך. ביידנס, דאַנילאָס און דעם אַלטנס קאָפּ, האָבן זיך געהויקערט אי־בער די בלעטלעך.

— די ברידער וורובלעווסקי — האָט דער אַלטער אונטערגעזיפצט — פאַרהאַנדלען שוין טאָקע די טעג דעם גוט ביי דער טירנער גראַ־פיניע. ס'וועט אויסקומען צו נעמען ס'געזינדל אויף די פּלייצעס און גיין זוכן ווו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. אַלץ באַטראַקעס... דער עולם באַהאַלט זיך אויס אין די וועלדער, אין די בלאָטעס... ס'רוקט זיך אָן...

אויף דער ערד זענען שוין געווען אונטערגעשפּרייט עטלעכע סנאָ־פּעס שטרוי.

— שוין צום ווילפלטן מאָל — האָט זיך זלמן קוליאַוווער געקראַצט אין נאַקן — שלעפּ איך זיך צו דער גראַפיניע, ברענג איר גאָלדענע קונים און — ס'גייט נישט. זי איז פאַריסן. ס'הייסט, נישט אַזוי זי, ווי ס'טעכ־טערל אירס — שוין איינמאָל אַ פרי...

— אַט הערט דאָך זעלמאַן, אַז זיי פאַרהאַנדלען שוין מיט איר, די וורובלעווסקיס. די הינטישע זין האָבן שוין פון לאַנג אַן אויג אויפן

פּאַלאַץ. פון טאָג צו טאָג ווערן זיי אַנגעשטאָפּטער : „גאָזשעלניעס" און שפּייכלערס און צענטרעפוגעס... איצט בויען זיי אַ וואַסער־מיל אויפן קאַ־נאַל; און אַן אונדזעריקן הייסט מען האַלטן ס'מויל... .

ביי זלמן קוליאַווער ציטערן די קניען. מיט קורצזיכטיקע אויגן באַ־טראַכט ער זאַלקעס העלן, שויבערדיקן קאָפּ. אין רויך, צעשווימען זיי זיך אַלע פאַר זיין בליק. „ממאַ... — לויפט אים דורך — ס'זאָל נאָר קיין פּאָגראָם נישט אַרויסקומען"... ער גייט אַוועק צום אויסגעשפּרייטן שטרוי און ווי פון חלום פאַרנעמט ער זייערע סודותדיקע רייד פון הינטערן פּיעקעליק. זיי דרייען זיך מיט דער טיר.

אַ גאַנצע נאַכט האָט דער ווינט געריסן. אויפגעכאַפּט האָט מען זיך אין גרויען באַגינען. אונטערן באַלקן איז פול געווען מיט פּאַרע. דער אַל־טער אַרכיפּ האָט געהאַט עפּעס טענות צום זון, צו דאַנילאַן, און זאַלקע האָט זיי דאָרט אויסגעגלייכט. זיי האָבן זיך, ווייזט אויס, געקליבן ערגעץ.

מיט דריטהאַלבן יאָר צוריק האָט דאַנילאָ אַוועקגעפירט אין 36־טן פּולק, קיין בידגאָשטש, אַ נישט־געהובלט, הילצערן קעסטל און אַ ראַזאָוון לאַבן ברויט. אין מיליטער האָט ער, אומגעריכט פאַר זיך אַליין, געגנבֿ־מען זיך אויסצייכענען. די סערזשאַנטן און די פּאָרוטשניקעס זענען צו־פרידן געווען מיט אים און האָבן אים אָפּן געלויבט :

— אָט זע, אַנדריוק — האָט אַן אונטער־אָפיציר זיך געבייזערט אויף אַ קורצן ווייסרוסישן בחור מיט אַן איינגעשפּאַרטן קין און מיט אַ ני־דעריקן שטערן — דאַנילאָ זובאַוו אַ פּוילישער זעלנער און — דו ?...

אין דאַנילאָס ביכעלע זענען די צייכנס פאַר פּינקטלעך שיסן געווען די בעסטע. דאָס מיליטער, די פרעמדע סביבה, ווייט פון היימישן דאָרף, האָט אים אומגעריכט געעפנט די אויגן. צוריקגעקערט זיך נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר, האָט ער דעם כוטאָר נישט דערקענט. „שיסן אין ציל האָבן זיי אויסגעלערנט... — האָט ער ביטער געלאַכט אין זיך — לייענען... דאָס אַלץ וועט איצט געצילט ווערן אין זיי"...

איבער די אָפּגעמעקטע וועגן און איבער די פאַרגראָבענע כוטאָרן איז געהאַנגען אַ שטענדיקער פּחד. די בייטש פון שטייערן און שטראָפן האָט כסדר געפּאָכעט איבערן קאָפּ. פון יענער זייט שליאַך האָבן גע־גלאַנצט אין דער זון נייע דעכער פון צינק־בלעך. די כוטאָרן זענען גע־זעסן כמעט אויף אַ העלפט אין דער ערד, אָבער דעם סאָלטיס יערעמיס שטוב האָט אַראָפּגעקוקט פון דער הויך — אַ פעסטע, אַ גערוימע, פון נייע שפּאַלן, איבערגעפאַרבט אויף גרין. פאַר דער צייט האָט מען זי אויפסניי איבערגעבויט.

זי שטייט אין אַ זייט פון אַלע, ווי ער וואָלט פון אָנהייב אָן נישט געוואָלט, אַז אַ זייטיקער זאָל אַריינשטעקן די נאָז אין זיין באַלעבאַטיש־קייט. דער עלטערער זון, יעגאָרקע, וואָס האָט פאַראַיאָרן חתונה געהאַט,

האָט אַריינבאַקומען פרישע מאָרגעס. אויף דער חתונה האָט זיך עס אַביסל אָפּגעטון. ס'זענען זיך צונויפגעפאָרן אַלע חשובסטע באַלעבאַטים. איבער דער פּאָדלאָגע האָבן געסקריפּעט נייע כראָמאָווע שטיוול. דער גאַנצער פּאָליציי־„פּאָסטערונעק" איז אינדערפרי געלעגן טויט־שיכור; און פון די שכנים — קיינעם נישט פאַרבעטן.

— נו, אַ סוואָלאָטש אַביסל! — האָט מען אים געשאָלטן — ער זאָל עס נאָר אויסקרענקען אויף קאַנעס און אויף ריצינאייל...

יעגאָרקע פאָרט ארויס מיט אַ גלאַנציקן געשפאַן, מיט נייע קראָקע־ווער כאָמאָנטן. די וורובלעוווסקיס האָבן דעם לעצטן זומער געלאָזט אַראָפּ־ברענגען צו זיך אין גוט אַריין, אַ וויאָרסט פינף פון דאַנען, אַ טראַקטאָר. נו, איז וויל ער אויך אויסשרייבן אַזאַ „מאַשינע".

אויפן פּאָפּ יעוווסיי טראָגן די דאָרפישע אויך אַ שוועער האַרץ. זינט זוען מ'האָט דעם לעצטן פרילינג פאַרטריבן מיט ווידלעס און מיט העק פון שכנותדיקן דאָרף סאַקי דעם עקזעקוטאָר מיט די פּאָליציאַנטן און דער פּאָפּ יעוווסיי האָט זיי דערנאָך געמוסרט דערפאַר — מיידן זיי אים אינגאַנצן אויס. זיי האָבן אים דעמאָלט געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון דער אַמבאָנע אויך. דער שטשערבאַטער וואַסילי, אַ באַטראַק פון סאַקי, זיצט ביזן היינטיקן טאָג. אויף זעקס האָט מען אים צוגעמשפּט. ער איז שוין פריער אָפּגעזעסן צוויי. ער האָט דער ערשטער אַ כאַפּ געטון די ווידלע, מיטגערופן דעם עולם. נו, איז מען געגאַנגען... דער פּאָפּ יעוווסיי קלאָגט אין דער גמינע, אַז מ'האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען צו אים מיט חתונות און טויפונגען. די „מאַלאַדיאַזש" — זאָגט ער — לעבט אָן גאָטס ברכה... דער טייוול האָט זיך אין זיי פאַרנאַדיעט"...

ער וווינט אין טיפן הויף, הינטערן גרינעם קלויסטערל, אין דער שטוב מיט די גרינע לאָדנס. זיין בן־יחיד איז דעם גאַנצן ווינטער נישטאָ אין דער היים. אַ לאַנגער, א בלייכער, קומט ער זעלטן אַראָפּ פון לוצק, פון דער גלחים־סעמינאַריע. די לאַנגע גלחטע לייענט יעדן אויפדערנאַכט, ביי אַ לאָמפּ, די עוואַנגעליע. מיט אַ יאָר אַכט־ניין צוריק איז דער פּאָפּ אַליין געקומען אַנצולויפן „פון יענער זייט", אַ פאַרוואַקסענער, ווי אַ בער, אין אַן אָפּגעפליקטן שינעל; די באַקן — איינגעפאַלן, די באָרד — אַרום־געשניטן.

— אָך, טאַטעלעך... — האָט ער געקלאָגט — דאָס הייליקטום פון די צערקוועס טרעטן „זיי" מיט די פיס... מען זאָגט — אַ גרויסע פלאָג רוקט זיך אָן אויף זיי...

— און מיט די פּריצימלעך וואָס האָבן זיי געטון? — האָט מען ביי אים געפרעגט — זע, דאָס בייכל, וואָס זיי האָבן ביי אים אַראָפּגענומען... שוין איינמאָל אַ בייכל געוועזן ביי אים — אַ בויך...

אויף זענען זיי — דער פּאָפּ יעוווסיי און דער סאָלטיס יערעמי — דעם גאַנצן זומער געלאָפן אין דער גמינע אַריין אָנצוקלאָגן די דאָרפסלייט,

פאַרוואָס זיי טרייבן אויף פאַשע די פערד און די בהמות אויף זייערע אַרומגעצוימטע לאָנקעס. מיטן שרייבערל פון „פאָסטערונעק" זענען זיי אויסגעבונדן. מיט נאַהייקעס האָט מען די בהמות געטריבן, פאַרשריבן פראָטאָקאָלן, פאַרנומען זיי און מ'האָט נאָכדעם געמוזט אויסקויפן אויך.

און ווער איז אַלץ דער אונטערשפילער? — יעגאָרקע, דאָס זונדל יערעמיס. צוזאַמען מיט די בחורימלעך פון די וורובלעווקיס, געהערט ער צו דער מיליטערישער סקויטן־אָרגאַניזאַציע „סטשעלעץ". יעגאָרקע האָט אים דאָ איינמאָל אָנגעטראָפן, דאַנילאָן, און ער האָט זיך אָנגערופן צו אים אַזוי:

— נו, דאַנילאָ, אַ זעלנער, זאָגט מען, ביסטו געווען אַ גוטער; די ביקס האָט אין דיין האַנט נישט געציטערט. קום ווען אַראָפ צו אונדז, וועסטו אָנקוקן, ווי די יינגלעך לערנען זיך שיסן. ביי אונדז וואָלסטו געווען אָנגעזען... אַזעלכע ווי דו באַדאַרפן מיר. בלאָנקעסטו זיך גאָר אַרום ווי אַ צעדולטער... קום צוגיין. ביי אונדז זענען „זאַבאַוועס"...

דאַנילאָ, נישט קיין גרויסער רעדער בטבע, האָט אים קאַרג געענטפערט. ער איז אַוועק און דער כעס איז זיך ערשט נאָכדעם אין אים צעוואַקסן. „דאָס ציטערט פאַרן טאַטנס מאָרגעס... אַ נאַרעלע האָט ער אָנגעטראָפן"... אָבער אויף דער זונטיקדיקער „זאַבאַווע" האָט ער פונדעסטוועגן יאָ באַשלאָסן דורכצוגיין זיך. ער האָט אָבער פריער געהאַט איבערגעשמועסט דערוועגן מיט מיקאָלען.

ער איז אַ הויכער און אַ דינער, מיקאָלע, שיעור נישט איינצוברעכן זיך. אויף דער לינקער פאַרוואַקסענער באַק ביי אים איז אַ טיפער העפט. ער גאָלט זיך אַרום דעם רויטלעכן, שטעכיקן אויסוווקס מיט דער בריטווע איין מאָל אין דריי־פיר וואָכן. אַזויווי די זומפן שטעלן זיך, גייט ער אַוועק אויף אַרבעט אין די וועלדער. ער זעגט אונטער דיביימער, פאַרוואַרפט די שטריק. קורץ דערנאָך, ווי דאַנילאָ האָט זיך געהאַט אומגעקערט פון מיליטער, האָט מיקאָלע איינמאָל אַריינגערופן צו זיך דעם טאַטן דאַנילאָס, אַרכיפן.

— נעם און פאַרדריי, אַלטער — האָט אים מיקאָלע צודערלאַנגט אַ זעקעלע טוטין — פון אייגענע קאָרעניעס... ווען זיי ווייסן.. נו, מער קיין צרות וואָלט נישט געפעלט. ס'שמעקט, וואָס? יאָ, דיין בנאָקל, זעסטו, האָט זיך אומגעקערט פון די זעלנער און ווייזט זיך גאָרנישט אַריין. וואָס, די „בענדלעך" זייערע האָבן עס אים אַזוי פאַריסן דעם עק?...

— אָט, ס'הייבט זיך נישט אָן! — האָט דער אַלטער געבלאָזן פון זיך דעם אַראָמאַטישן רויך דורך די נאָזלעכער — נאָר פאַרשטיין פאַרשטיי איך אים אסור נישט — שווייגט... וואָס, פרעג איך, איז עס פאַראַ שווייגן? און ער — ענטפערט נישט, דרייט די מאַכאָרקע און לאָזט נישט אַראָפ פון די פיס די גרינע וויקלערס...

— הייס אים אַדורכשפאַנען זיך צו מיר. הייס אים, אַלטער. קודם,

נו, וועט מען אים אפשר פרווון אַ נעם טון אין וואַלד אַריין. וואָס וועט ער ביי דיר צולייגן? אין שטאָט, הער איך, דרייט מען זיך אויך ארום און מען קייט די שטיינער... ער לאָזט זיך דען עפעס אַמאָל הערן, וויקענטי?

— יאַוועט זיך אַמאָל אַראָפּ אויף אַ נאַכט צוליב זיינע עסקימלעך... דערנאָך פאַרשווינדט ער אויף חדשים, אָן אַ זיי־געזונט, און — נישטאָ אים...

— וווהין, צום טייוול, ציט עס דיך? — איז מיקאָלע געווען פול מיט טענות, ווען דאַנילאָ האָט זיך אין אָוונט אַריינגעשטעלט צו אים — ווען דו פרעגסט זיך נאָך, וואָלטן דיר שוין די יינגלעך געווען אָפּגעפירט צו מיר... זעסט? — האָט ער אַ וויַיז געטון צום פינצטערן, פאַרגאָסענעם וועלדער־רינג — ס'איז שטיל, שטיל, נאָר זיי ברענען, די וועלדער... זיי וועלן אויפפלאַמען...

— און זיי... כ'מיין די „שטשעלצעס"? די אויסוורפן...

— אַ קלוב, ווייסטו דאָך, גייען זיי דאָ אויפמאַכן. „זאַבאַוועס"... וועסט אַ רעד טון שטילערהייט מיט די יינגלעך, וועסט זיי וויַיזן — און ער האָט גענומען אויסרעכענען אויף די פינגער: — ווער האָט אַזויפיל און אַזויפיל מאָרגעס? ווער ציט איין דעם פאַסיק איבער די הויזן? ווער באַטראַקעוועט?...

דערפאַר האָט ער באַשלאָסן, דאַנילאָ — יאָ, ער וועט זיך אַדורכגיין אויף דער זונטיקדיקער „זאַבאַווע". לאַנג האָט ער פריער אַרומגעבלאָנדזשעט הינטער דער ביימער־וואַנט, פאַרביי די ליכטיקע קוואַדראַט־שייבלעך. דריי שיכורע יינגען האָבן אויף האַרמאָשקעס, ציי־האַרמאָניקעס און גיטאַרעס אויסגעקלאַפּט „די ערשטע בריגאַדע". פון אַ זייטיק טירל איז אויסגעוואַקסן יעגאָרקע. ווען ער האָט אים אָפּגעשטעקט אַ קלעצלדיקע האַנט, האָבן זיך עטלעכע פלייצעס אומגעדרייט און די צוויי פאָליציאַנטן פון „פאָסטערונעק" האָבן אים טשיקאַווע אַ באַקוק־געטון.

— אַ באָלשעוויק! — האָט עמיצנס אַ האַנט געשטעקט איבער קעפּ — נישקשה, ער טרעפט שוין צו מיקאָלקען דורך די הינטער־טירן...

מיקאָלע האָט זיך, זעט אויס, ביטער טועה געווען, דער נאַרישער. אַ ריכטיקער שפּרוך — ווענט האָבן אויערן. אויפן שטרוי ליגנדיק, האָט עס אים אַ גאַנצע נאַכט געוואָרפן. ערשט איצט האָט ער דערקענט זיין היימיש דאָרף, וואָס געזען האָט ער עס אין די אומרואיקע חלומות אויף דער זעלנערישער נאַרע; געזען עס צווישן די שיטערע אָליעכע־ווועלדלעך, אין ווייטן נעפּל פון דער אָפּגערוישטער יוגנט.

און אָט שטעלט זיך דער ווינטער. די זומפּן און די אונטערגעשווענקטע וועלדער פרירן איין. פון די רעזערוו־פּלעצער פאַרן אָפּגעלייגטן גע־הילץ האָט מען פאַרן זומער כמעט אַלץ אַרויסגעפירט צו דער קליינער

באַן־סטאַציע. די וועלדער אַרום די טאָליקע, פֿאַרשלאָפֿענע כוטאָרן ווערן שיטערער. פֿון צווישן געדיכטעניִשן לייכט זיך שוין דורך דער נידעריִקער, בלייערנער הימל. די וועגן און די שלעכט־ברוקירטע שאָסייען זענען צעטרעטן און צעפֿאָרן דורך פּאָליציי־רייטער, לאַסט־אויטאָס און פֿלינקע מאָטאָציקלען. אין נעפּלדיקע פֿאַרטאָגן טראָגן זיי זיך דאָ פֿאַר־ביי צו די נאָנטע און ווייט־פֿאַרשטעקטע דערפֿער, ווו די באַטראַקעס בונ־טעווען זיך, ווו מען פֿאַרטרייבט די עקזעקוטאָרן מיט ווידלעס און מיט העק, ווו מען באַהאַלט זיך אויס אין די וועלדער.

די קוימענס פֿון ד ע ר זייט שליאַך רויכערן נישט מער. פֿון שייער איז שוין באַלד נישטאָ וואָס צו נעמען. נאָך אַ זומער האָרעוואַניע, האָט מען קוים אָפּגעשאָטן עטלעכע קערצלעך תבואה, אַביסל קאַרטאָפֿל. דאָס ביסל תבואה פֿירט מען קיין קאָברין, קיין זשאַבינקע; מען טוישט עס איין אויף אַ פּאָר געלאַטעטע שטיוול, אויף אַ הערינג, אויף אַ ביסל נאַפֿט. אויף קיין טאַנדעט־אָנצוג, אָדער אויף אַ ספּודניצע פֿאַר דער באַבע, סטאַ־יעט נישט. דאָס קליינוואַרג לויפֿט אַרום באָרוועס און נאַקעט. דאָס פֿערדל פֿאָרט אַרויס מיט אַ פּאָר אַרומגעפֿליקטע קלעשטשעס, מיט געקניפּטע שטריקלעך, אָנשטאָט לייצן. קוקט מען שוין דעריבער אויס די זומפּן זאָלן זיך שטעלן, מען גייט אוועק אויף אַרבעט אין די וועלדער.

די וועלדער אַרום טירנע האָבן פֿאַר דער מלחמה געהערט צום גראַף זשאַרקאָוו, דעם פֿאַרשטאָרבענעם מאַן פֿון דער גראַפֿיניע. די פּויערים, די באַטראַקעס האָבן, לויט אַלטע אָפּמאַכן, געהאַט דאָס רעכט צו נעמען פֿון דאָרט דאָס אָפּגעפֿוילטע געהילץ און דעם צווייגן־אָפּפֿאַל. אין טיפֿע שטיוול, פֿלעגט ער אַליין, דער גראַף, אַ זקן שוין, לאָזן זיך אויף יאַגד מיט זיין צוויי־רעריקער ביקס צווישן אָט די בלאָטיקע מקומות — נאָך ווילדע חזירים, נאָך קוראָפּאַטוועס, נאָך ענטלעך. ס'איז אים גאָר קיינמאָל נישט איינגעפֿאלן אויסצוהאַקן די וועלדער, אָדער פֿאַרקויפֿן זיי. אין 22־טן יאָר האָט זיי די פּוילישע מאַכט נאַציאָנאַליזירט און די אַלטע גראַפֿיניע האָט, נאָך יאָרן־לאַנגע, פֿאַרשלעפּטע פּראָצעסן אין ווילנער געריכט, באַקומען קאַרג אויסגעצאָלט פֿאַר איר חלק וואַלד.

דערווייל איז דער מלחמה־בודזשעט געוואַקסן. מ'האָט זיך געלאָזן נאָך אויסלענדישע הלוואות. מיט וואָס צו דעקן איז נישט געווען. האָט מען געריסן שטייערן, פֿאַרקויפֿט די באַנען, די עלעקטראָווניעס, די גרובנס; און איצט האָבן אויסלענדישע פֿירמעס אָפּגעקויפֿט די וועלדער פֿון דעם קאַנט, צו עקספּלואַטירן זיי אויף לאַנגע יאָרן. ס'זענען אַוועק טראַנספּאָרטן קיין אויסלאַנד, מיט דער באַן, מיטן וואַסער. פֿאַר די האָלץ־סוחרים פֿון בריסק, פּינסק, מאַלאָריטע, האָט דער וואַגאָן האָלץ געקאָסט דריי און פֿיר מאָל טייערער ווי פֿאַר אויסלאַנד.

דער אויפֿזעער איבער די מלוכהשע וועלדער, דער פּאַן קאַשובסקי,

איז לעצטנס כסדר געזעסן אין די וועלדער. די דראָאונגס־בריוו האָבן אים דאָך אַ קליין ביסעלע אָנגעשראָקן. די פּאַציפיקירטע פויערים, וואָס זענען געלעגן אין די וועלדער, אַנטלויפנדיק פון די אונטערגעצונדענע און צעשאָסענע דערפער, האָבן זיך געגרייט נישט צו פארשווייגן דאָס. וואָס מען פירט אַרויס דעם וואַלד; און נישט בלויז איבער די וועלדער איז דער צאָרן אין זיי געשטיגן. די אָרטיקע פוילישע בלעטלעך האָבן אַלאַרמירט וועגן די „באַנדיטן־באַנדעס", וואָס לויערן אין די וועלדער; זיי באַפאַלן די גיטער, די פּאָליציי־„פּאָסטערונקעס", ראַבירן, צעשיסן, צינדן אונטער און אַז „די טרייע היטער פון געזעץ" גיט זיך אומעטום איין אַרומצורינגלען זיי...

מיט אַ נאַכט פריער איז מיקאָלע, מיט הינטערוועגן, געקומען אָנצושפּאַנען פון די פאַרשטעקטע מקומות, ווו נאָר אַן אָרטיקער קען זיך פאַרקלייבן. אַ פאַרביסן פייערל האָט געגליט אין זיין בליק אונטערן שטערן. פאַרקלייבן זיך אַהין צו זיי, אין די געדיכטע, וואַלדיקע באַהעלטענישן, צווישן זומפּן און באַגנעס, ווו די זון קומט זעלטן צו, צווישן פוילעניש פון הונדערט־יעריקע ביימער־ווענט, איז נישט געווען אַזוי לייכט. די וועלפישע שפּיר־הינט האָבן פאַר וויאָרסטן דערשמעקט אַ פרעמדן שפּור, געשלעפּט ביי די פּאָלעס, געריסן די הויט מיט אַ פאַרשטיקטער הוילעריי. אַזאַ איינעם האָט מען גרינג געקענט אויסגעפינען און אויב ער האָט זיך מיט גוטנס נישט אונטערגעגעבן, איז ער, אין פאַרביסענעם יאַגד, דורכגעזיפּט געוואָרן פון קוילן און פון הינטישע ציין.

אין פריי־צוגעפאַלענעם אָוונט, נאָכן אַוועקלייגן צוויי ריזיק־צעוואַקסענע דעמבעס, האָט זיך מיקאָלע אַזוי אומשולדיק פאַרגאַפט צום שטעג, ווו ס'זענען וואַרטן געבליבן די שליטלעך. קיינעם פון די אויפזעער איז אויפן קנאַפּ־אויסגעקאָרטשעוועטן שטח נישט געווען צו זען; און מיטן אויסרייד אָפּצוטון אַ מענטשלעכע באַדערפעניש, איז ער פאַרקראָכן אַביסל ווייטער, ווו דאָס ליכט פון די שטורקאַצן האָט שוין נישט דערגרייכט. קיינעם איז דאָרט נישט איינגעפאַלן נאָכצוקוקן אים.

ער איז געווען אַן אַלטער וואַלד־וואָלף, מיקאָלע. אויפגעוואַקסן אין דעם קאַנט, צווישן זומפּן און וועלדער, האָט ער געקענט יעדעס באַהאַלטענע סטעזשקעלע. ווען דער דייטש־רוסישער פראָנט האָט זיך אויף עטלעכע יאָר דאָ פאַרהאַלטן אין די פּאָליעסער בלאָטעס, איז דער קרייז פון די אַרומיקע כוטאָרן געווען דער וועג פון כלערליי קאָנטראַבאַנדיסטן און שמוגלערס. פון דער צאַרישער אַרמיי האָט ער שוין דעמאָלט פון לאַנג געהאַט דעזערטירט, איז געלעגן באַהאַלטן טאַקע אין די דאָזיקע וועלדער, אַ טריט פון היימישן כוטאָר.

פאָרזיכטיק האָט מען באַדאַרפט אָנקריכן; ס'טרעפט אַזוי אַמאָל, אין אַ לבנה־נאַכט, פּלאָנטערסט זיך דורך די טונקעלע דורכגענג און קומסט

פּלוצים אַרויס פון דער רויענדיקער געדיכטעניש אויף אַ פרייען, גרינעם שטח. פאַר דיר שפּרייט זיך אויס אַ פלאַכע, זאַפטיקע לאָנקע, כאָטש נעם, צי זיך אויס און כאַפּ אַריין אַ געשמאַקן דרעמל. איבער אומהיימלעך־רוישנדיקע קרוינען גליטשט זיך אַ שטילע לבנה און פאַרגיסט מיט זיל־בערדיק ליכט די גרינע פלאַכקייט — אַזוי זעען זיי אויס, די פאַרלאָקנדיקע באַגנעס אין דער מיט פון די וואַלד־געדיכטענישן. שטעלסט אַ פוס, מאַטערסט זיך אויפצוהייבן דעם אַנדערן און אַרויסקריכן קענסטו שוין נישט; ראַנגלסט זיך און זינקסט ביסלעכווייז אַראָפּ. די באַגנע איז צו געדיכט, זאָלסט קענען דערשווימען צו אַ ברעג און צו קלעפּיק — זאָלסט קענען שטעלן אַ טראָט.

וועגן די פאַרלאָקנדיקע באַגנעס האָבן הונדערט־יאָריקע זיידעס און בלינדע לירניקעס אויף די יאַרידן אין די פּאָליעסער בלאָטיקע שטעטלעך אַ סך מעשיות און לידער דערציילט און געזונגען; און איינע אַ טשעקאַווע געשיכטע וועגן לייב־קנעכט, וואָס האָבן זיך צעבונטעוועט קעגן די פּריצים, די אויסגעלאַסענע. געלאָפן זענען דעמאָלט די לייב־קנעכט, ברי־דער אונדזערע, אין די טיפע סטעפּעס אויף אוקראַינע, געלאָזן זיך אויף צוזאַמענגעשלאָגענע פליטן איבערן פריפּעט, צו די הויכע וואַסער־שוועלן אויפן דניעפּער; אויסבאַהאַלטן זיך אין לויער חדשים־לאַנג אין אָט דעם געמויזעכץ, צווישן די פאַרלאָקנדיקע באַגנעס. האָבן זיך די הויפישע שפּיר־הינט דערוווּסט וועגן אָרט פון זייער באַהעלטעניש און זענען אויף פלינקע אָגערס אַוועק נאָכיאָגן די לייב־קנעכט, די פאַרפייניקטע. זענען זיי געלאָפן דריי טעג און דריי נעכט דורך טאָלן און ריטשקעס און זומפּן. אויפן דריטן טאָג, פאַרנאַכט־צייט, זענען זיי אין מיטן פון דער וואַלד־געדיכטעניש אַרויסגעריטן אויף אַ ליידיקן שטח. אַ קליינע חרובע כאַ־לופּע איז דאָרט געשטאַנען און אויף דער איינגעזונקענער שוועל האָבן זיי אָנגעטראָפן אַן אַלטיטשקן, אַ פאַרוואַקסענעם, ווי אַ וואָרצל, מיט צי־טערדיקע הענט און פיס, מיט איינגעגראָבענע אויגן־נעסטן.

— נישט געזען דאָ די בונטאָווטשיקעס, די לייב־אייגענע, וואָס זענען אַנטלאָפן און אַוועקגעלאָזן מיטן „רויטן האָן" דעם האַרס שטע־לער ?...

— זאָג, אַלטער! — זענען זיי צוגעשטאַנען.

און דער אַלטער, אַליין אויך אַן אויסגעדינטער לייב־קנעכט, האָט ווייל געוווּסט ווו ערגעץ זיי באַהאַלטן זיך אויס; נישט איין מאָל זענען זיי, לויפנדיק, אַריין צו אים אין דער כאַלופּע אָנוואַרעמען זיך, אַ טרונק בעטן און אַפילו איבערנעכטיקן אויפן פּיעקעליק. מיטן ערשטן האָנען־קריי זענען זיי אַוועק; און אַקוראַט זענען טאַקע צווײ פון די דאָזיקע געלעגן ביי אים אויפן פּיעקעליק. אַ קלוגער אַלטיטשקער געווען, איז ער גלייך געפאַלן אויפן שכל.

— אָט דאָרט, איבער דער לאָנקע — האָט ער געוויזן צו די באגנעס — אין די געדיכטע קאָרטשעס... אַהין זענען זיי מיטן זון־פּאַרגאַנג אַוועק...

— פיר אונדז אַהין! — זענען זיי צוגעשטאַנען.

צו אָוונט־צו האָט זיך די גרינע, פּאַרלאָקנדיקע באַגנע, אַרומגעשטעלט מיט פינצטערע ביימער־ווענט, געשפּרייט פאַרן אויג, ווי אַ סאַמעטן טישטוך, מיט ראָזלעכע אָפשיינען פון הינטערן וואַלד. און דער אַלטער, אַ פאַרמוחטער, איז מיטגעגאַנגען. שוין גאָר נאָנט, ביי די סאַמע קוסטן, האָט ער שטאַרק גענומען אונטעראיילן; און זיי, מיינענדיק, אַז ער וויל זיך אויסדרייען, האָבן זיך אַ צעיאָג געגעבן אויף די ווילדע אָגערס...

צוערשט איז די ערד ווייך געוואָרן אונטער זייערע גאַלאָפּירנדיקע טריט; די צעהיצטע אָגערס האָבן קוים אַרויסגעשלעפּט אַ פוס, אָבער גלייך דערנאָך איז דער אַנדערער פאַרזונקען געוואָרן. די נאַכט איז צוגעפאַלן אַ נעפּלדיקע, אַ שוואַרצע און זייערע עכאָדיקע קולות אין דער וואַלדישער פאַרוואָרפנקייט האָט קיינער נישט דערהערט. מיטן גרויען לעשן זיך פון דער נאַכט, האָבן פון דער גרינער, צערודערטער פלאַך אַרויסגעשטעקט צום הימל ראַנגלענדיק־פאַרקראַמפּטע פויסטן און שפּיציק־פאַריסענע פערדישע מאָרדעס...

אַזעלכע אומהיימלעכע געשיכטעס זענען אויפגעגאַנגען אין מיקאָלען, ווען ער האָט זיך שטיל געשאַרט מיט די פאַרהוילענע שטעגעלעך דורכן וואַלד. ער האָט געדענקט די שאַרפע, בייטשנדיקע רייד פון יונגן, פון פאַרוואַקסענעם, ווען ער איז אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט אויסגעוואַקסן הינטערן שייבל פון זיין כאַלופּע.

— עפן! — האָבן צוויי פינגער געפּויקט אין שייבל; און ווען די טיר האָט זיך אויפגעשפּאַרט, האָט יענער אַן אָטעם געטון אויף אים מיט וואַלד־ריחות, מיט שווייס און מיט פאַרדומפּנקייט פון שטייענדיקע וואַסערן — אָט האָב איך זיך צו דיר גלאַטיק דערקליבן. פאַרשטעלטע וועגן! גיי, זאָגן זיי צו מיר, רעד זיך דאָרט אַדורך מיט מיקאָלקען און לאָז ער איבערגעבן די יינגלעך, אַז נישט צוליב פאַרגעניגנדלעך זענען מיר אַוועק אין די וועלדער... זיי וועלן ברענען, זאָגן מיר, און צוזאַמען מיט די אַלע „פאַנעס", וואָס האַקן זיי אויס, די וועלדער... און דו, מיקאָלקע, שפּאַן זיך ווען אַדורך צו אונדז. וועסט אָנקומען, פאַרגיי זיך מיט אַ געשרייעלע, אַקוראַט ווי די איבערגעשראָקענע וואַלד־פייגל ביינאַכט... מיר וועלן דיך שוין אָפּזוכן. אָט, ווען ס'זאָל כאָטש זיין אַ שטיקל לייטישע „ווינטאָווקע" אין דער האַנט... די אונטערגעזעגטע, די דייטשע, זשאַווערן. און ביי זיי, אַז דו טרעפסט זיך צוזאַמען מיט אַזאַ איינעם — וועלף־הינט און מאַשין־געווערן... וואָלט כאָטש געוועזן מיט וואָס צו פאַרשטאָפּן די הונגעריקע מאָגנס...

— כ׳וועל איבערגעבן! — האָט מיקאָלע קורץ אַ שפּיי געטון און יענער האָט זיך אין לעבלעכן חושך צוריק אָפּגעטראָגן.

דערפאַר טאַקע האָט זיך מיקאָלע אין יענער נאַכט אומגעקערט פון די וועלדער מיט אַ בייז פייערל אין די אויגן. ער איז געווען פול מיט טענות צו דאַנילאָן:

— ווו, פרעג איך, איז דער ראַיאָן? וואָס שוויגט ער? די וועלדער — ברענען. זיי ברענען דערווייל מיט אַ קאַלט פייער, אָבער זיי וועלן אויפ־פלאַמען. אַלע וועגן — באַשטעלט. גנבעסט זיך אַזוי צווישן די קוסטן און פון יענער זייט זומפּ הערסטו — מען שיסט, עס שאַרעווען צווייגן... קוים זיך דערקריגן צו זיי. הילף בעטן זיי...

— כ׳פאָר באַגינען אין שטאָט אַריין, צום יאַריד...

— נו, פאָר, דאַניע! וויקענטי וועט דיר שוין דאָרט באַזאָרגן צו זיי. דער ווינטער שטעלט זיך. די ערשטע שנייען האָבן נאָך דערווייל נישט אַלץ צוגעדעקט, אָבער די זומפּן פרירן. אוי, וועט זיך עס אָנהייבן! און דערנאָך — וואָס וועט זיין דערנאָך?

דאַנילאָ האָט זיך באַגינען אַוועקגעטרייסלט צום מיטוואָכדיקן יאַ־ריד, איבערגעגעבן וויקענטין; און מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז מיקאָ־לע, אָנלייגנדיק וועג, ווידער שטיל געקומען מיט אָט דער פרעמדער, וואָס איז שוין דאָ מיט אַ קורצער צייט צוריק געווען און איז דערנאָך פאַרשוווּנדן, אַזוי שטיל און אַזוי פאַרזיכטיק, ווי זי איז געקומען.

אונטערן נידעריקן באַלקן איז געווען דושנע און אָנגערויכערט. אַלץ איז געווען אומגעדולדיק, אַלץ האָט זיך אונטערגעהערט צו אַ ליאַדע גע־רויש הינטער די קוואַדראַטנע שייבלעך. אין זייער היימישן לשון האָט זי גערעדט צו זיי. זי איז געווען אין אַ קאָפּ־טיכל, אַ דאָרפישע, אַ היימישע. מ׳האָט אויפן אָרט אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט, וואָס דאַרף אָנ־פירן מיטן שטרייק — אונטערגעשטראָכן: פאַר אַלעם דער שטרייק — ביים ערשטן אָפּזאָג צו העכערן די נישטיקע לוינען פון די וואַלד־אַרבע־טער. פון דער אַנדערער זייט דאַרף דער זעלבער קאָמיטעט מיטהעלפן אין די דירעקטע אַקציעס קעגן אָקופּאַנט, באַזאָרגן גלייך מיט עסן די פּאַציפיקירטע פויערים, וואָס ליגן אין די וועלדער.

און מיט הינטערוועגן, איז זי אין דער זעלבער נאַכט נעלם געוואָרן.

פון דעמאָלט אָן זיך דאָ זייער פיל געביטן. די שליטלעך מיט די אַרומגעהאַקטע ביימער, וואָס מען פירט אַראָפּ צו דער באַן־סטאַציע, פאַרבלאָנדזשען אומגערן אין פריען אָוונט טיפער אין וואַלד אַריין. אין דער האָבער־טאָרבע פאַרן פערד, אין זעקל, וואָס שאָקלט זיך פון הינטן, ליגן אויסגעבאַקענע ברויטן. מען לאָזט עס דאָרט איבער אין די פאַר־שנייטע גריבער, צווישן אַראָפּגעפאַלענע צווייגן, און מען קירעוועט זיך

אומשולדיק אַוועק צום הויפּט־טראַקט. ביינאַכט גנבענען זיך שאָטנס צו די גריבער. זיי טראָגן שטיל אַוועק פון דאָרט די זעקלעך.

אָבער די וואַך איז דאָ פון טאָג צו טאָג פאַרשטאַרקט געוואָרן. דער פּאַן קאַשובסקי איז נישט אָפּגעטרעטן פון די וועלדער; און אײַנגיכן האָט מען דאָ איינעם אַ פּויער, וואָס האָט זיי אַלעמאָל געוואָרפן דעם אמת אין פּנים אַריין, געפונען אַ געהאָנגענעם אויף אַ יאָדלע, בלוי ווי אַ מילץ, מיט אַן איינגעשניטענעם שטריק אין לייב. די פּוילישע בלעטלעך האָבן די מעשה נישט געקענט אַראָפּשלינגען. זיי האָבן געשריבן, אַז דאָס איז כלומרשט די „קאָמונע", וואָס האָט אַנדעקט אין אירע רייען אַ מסור, האָט אים פאַרנאַרט אין וואַלד אַריין און אים אויפגעהאָנגען. די שולדיקע ווערן געזוכט...

נאָך אָט דעם לעצטן פאַל, איז זיך דער קאָמיטעט, צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון ראַיאָן, אויפדערגיך צונויפגעפלויגן אויף דער באַראַטונג אין שטעטל, אַ טריט פון די וועלדער. ס'איז אָבער געווען אַ קליינע פאַרשפּעטיקונג...

די באַשטעלטע וועגן האָבן אָפּגעהאַקט אַלע פאַרבינדונגען פון די פאַרטיזאַנער מיט די דאָרפישע. פיר שלאָפלאָזע נעכט האָט מיקאָלע געוואַכט, אָפּוואַרטנדיק דעם שטילן קלאַפּ אין פאַרלאַטעטן שייבל און — קיינער איז נישט געקומען. דער קלאַנג וועגן געהאָנגענעם איז אָבער, זעט אויס, אויך דערגאַנגען צו זיי דאָרט, אין די וועלדער־טיפענישן. זיי האָבן געזען אין דעם אַלעמען אַ באַווייז, אַז דאָ טוט זיך שוין אַוודאי עפּעס און זיי האָבן באַשלאָסן אָנצוהייבן...

ס'איז געווען אין זעלבן פאַרנאַכט, ווען מ'איז זיך צונויפגעפלויגן אויף דער באַראַטונג. זי איז געווען זייער אויפגעבראַכט, די פרעמדע. זי האָט פאַרקנייטשט צווישן אירע פינגער אַ היימיש־פאַרדרייט מאַכאָרקע־טרייבל און האָט, צוגלייך מיט אַלעמען, פאַרויכערט דעם נידעריקן באַלקן. ביים פאַרציען, האָבן זיך אירע דינע, שטרענגע ליפּן נאָך שטרענגער אָנגעצויגן און אין אירע אויגן איז געזעסן אַ פיאָלעטע שיין, ווי זי וואָלט געשטאַנען אין קילן שאָטן פון בעז. ס'האָט זיך דאָס מאָל פאַרצויגן שפּעט — ביז נאָך האַלבער נאַכט.

— אַוואַנטורע! — האָט זי האַרב געוואָרנט — ניין, חבר מיקאָלע, ביסט נישט גערעכט. האָסט גלייך אויפן אָרט באַדאַרפט פאַרבינדן זיך מיטן ראַיאָן־קאָמיטעט און ע ר וואָלט שוין באַשלאָסן... דער פאַל מיטן געהאָנגענעם, כ'פאַרשטיי... אָבער אונטערצינדן די וועלדער, אָן אַ שטרייק איז — אַוואַנטורע... אויף „זייער" לשון וועט עס הייסן — באַנדיטיזם. דאָס דאָזיקע געווער גיבן מיר זיי אין די הענט. אויב נאָר מעגלעך, זאָל עס אָפּגערופן ווערן און — פּראָקלאַמירט דעם שטרייק. אַזוי אַרום וועלן זיך אַלע באַטראַקעס און וואַלד־אַרבעטער דערוויסן און ז י י וועלן שוין אַנטשיידן...

מיקאָלע האָט געפּרוווט נעמען אַ וואָרט, פאַרענטפערן זיך. ער האָט זיך דורכגעשטופּט די אַקסלען, די צוזאַמענגעדריקטע קעפּ, וואָס זענען, שויבערדיקע, געלעגן אויפן טיש. ער האָט אָבער פּלוצים נישט געקענט עפענען דאָס מויל, פּילנדיק איבער זיך דעם שטראָם פון אירע רייד. ענד־לעך איז זי שטיל געבליבן, אַנגעבויגן זיך צו אַ רויכערדיק שטיקל פּאַ־פּיראָס נאָך פּייער. דאָס פאַרלאָשענע מאַכאָרקע־טרייבל האָט געציטערט צווישן אירע פינגער. מיקאָלע האָט זיך נאָך אַלץ געפילט פאַרלוירן, ווי אַ יינגל.

— כ׳וויל זאָגן — ס׳איז שלעכט אַוועקגעשטעלט... איז ווי־זשע אַנ־דערש האָט מען געקענט? כ׳האָב די גאַנצע צייט געטענהט, געשריגן... און זיי, פון די וועלדער, קומען צו מיר — און וואָס ווייטער? מען קען נישט מער אַזוי... איידער מען פאָרט און איידער מען זעט עמיצן פאַר די אויגן — ברענט עס, ס׳ברענט, זאָג איך...

אין שטילן גערודער, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דער מיט, האָט שוין אָבער מער קיינער נישט געהערט זיינע שטאַמלענדיקע רייד. ער איז שטעקן־געבליבן איבער אַלעמען מיט אַן אָפן מויל. אַ טייל פּלייצעס האָבן זיך געשפּאַרט צום טירל, אַ טייל — צום פאַרהאַנגענעם שייבל. די לאַנגע, פינצטערע פּרויען־פיגור, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט שטום געפּאַרעט ביים קיכל, איז דאָ אַריינגעפאַלן מיט אַ דערשראָקענעם פליס־טער:

— מ׳איז אַזוי פאַרטון און מ׳זעט גאָרנישט, ווי דער הימל פלאַ־קערט... קוקט אַרויס, ווערט איר זען... ווי אַ ליכט ברענען זיי, די וועל־דער...

איבער אַ פינצטערער קופּע הייזער האָט דער הימל ווירקלעך געהאַט אויפגעבליט אין ראָזיקייט; זי האָט זיך געטונקלט, די ראָזיקייט, איז געוואָרן געדיכטער, בלוטיקער, האָט זיך צעשפּיזט און האָט, ווי אויף אַ ליידיקן עקראַן, אַנטפּלעקט עטלעכע סילועטן פון דיביימער אויפן בערגל, צום שאָסיי־אַרויס.

ווען זאַלקע מיטן לאַנגן וויקענטי האָבן זיך דערנאָך אָפּגעריסן פון שייבל, איז שוין די אָנגערויכערטע שטוב געווען אויסגעליידיקט. אַ קעלט האָט געצויגן פון דער טיר, וואָס איז שטיינגעבליבן אָפן.

די וועלדער אַרום טירנע האָבן שוין געברענט.

# 23

די לייט פון שטרויענעם דאָרף סאַקי האָבן געהאַט אַ שם פאַר סאַמע פאַרביסענע און ביטערע עקשנים. די דאָזיקע האָבן זיך שפּעטער פון אַלעמען צוריקגעקערט פון די פראָנטן צו דער פאַרוואָרלאָזטער באַלע־באַטישקייט. די זאַמדיקע פעלדער זייערע האָבן זיך אויסגעשפּרייט אויפן נידעריקן פלאַכלאַנד, ווו ס'גיסט זיך אַראָפּ דאָס איילנדיקע טייכל צום קאַנאַל. אייביק איז צווישן זייערע טאַטעס און זיידעס אויסגעבראָכן קריי־געריייען איבער אַ שפּאַן ערד אויף די פאַרגאָסענע אַקער־פעלדער, איבער די היי־לאָנקעסביים סטאַוו, כאָטש אַלע האָבן זיי זיך אָפּגעגאָסן מיט שווייס ביי דער הילצערנער סאָכע און ביים פערדל, אויפרייסנדיק די מאָגערע גרודעס. פון זייערע קריגערייען האָט אָבער נאָר געגעסן דער קאָברינער ביטע־שרייבער — אַ קליין מענטשל, מיט אַ בלייכער נאָז און מיט אַ פאַר צוויקערס — און דאָס געריכט, ווו זיי זענען אַלע יאָרן זיך געקומען לאָדן.

די קנאָכיקע זין און די טאַטעס, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער מלחמה, האָבן אַלע מחלוקתן פאַרוואָרפן צו אַלדי טייוול; זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט, אַז וויפל מען זאָל נישט אַריינהאָרעווען מיטן פערדל און מיט דער הילצערנער סאָכע, גייען אויף מאָגערע זאַנגען און אין די טרוקענע זומערן — קומט אויס אַרויסצושטעקן די צונג נאָך אַ ביסן ברויט. פון אַלע יאָרן האָט מען פון סאַקי געצויגן אויף אַרבעט אין שטאָט אַריין, אָדער פאַרדונגען זיך שניט־צייט אויף די פעלדער פון גראַף זשאַרקאָוו. אָבער נאָך דער מלחמה איז זיך אַ האַלב דאָרף כמעט צעפאָרן צו די ווייטע ברעגן פון דרום־אַמעריקע, פון וואַנען פריער אַריבערגע־פאָרענע קרובים האָבן זיי אַרויסגעפאָדערט. באַנג האָבן זיך געצויגן די אומעטיקע געזעגן־לידער איבער די שליאַכן, אַראָפּפאָרנדיק ס'לעצטע מאָל אין די צעשאָטענע וועגעלעך צו דער קליינער באַן־סטאַציע.

די פּוילישע ברידער וורובלעווסקי האָבן יעדעס יאָר אָוועקגעקויפט ביי זיי פאַר אַ שיטערער מטבע עטלעכע מאָרגעס לאַנד, אַרומגעצוימט, שטרענג, אָפּגעטיילט און ביי זיי האָט זיך עפּעס דאָס גערעטעניש באַקור־מען אַ בעסערס. זיי האָבן קודם אויפגעשטעלט דאַמבעס, דאָס טייכל זאָל פרילינג־צייט נישט פאַרגיסן די נידעריקע אַקער־פעלדער, און באַנוצט האָבן זיי כעמישע באַמיסטיקונגען.

די לייט פון סאַקי, וואָס זענען פאַרבליבן ביי דער אָרעמער נחלה, האָבן זיך לייכט געלאָזט דערקענען — קורץ־געוויקסיקע, מיט שיטערע הערעלעך אויף דער גאָמבע און אויף די שאַרבנס, מיט אַרויסגעזעצטע

קינען, מיט גליאיקע און, דוכט זיך, אייביק הונגעריקע אויגן. זיי האָט געקרענקט ביז אין ביין אַריין, וואָס אויף די אָפּגעקויפטע פעלדער, ביי די וורובלעווסקיס, כוואַליעט זיך אַ געדיכטערער זאַנג, וואָס די נחלות זייערע צעוואַקסן זיך פון יאָר צו יאָר. אָבער מער נאָך פון אַלץ האָט זיי פאַרדראָסן, וואָס די וורובלעווסקיס זענען באַפרייט פון שטייערן אויף גאַנצע צען יאָר — דערפאַר, ווייל זיי זענען געוועזענע פון פּילסודסקיס לעגיאָן, וואָס האָט זיך געשלאָגן קעגן דער באָרוועסער רויטער אַרמיי. אַ גאַנצן ווינטער זענען די כאַלופּעס געשטאַנען כמעט נישט געהייצט, ווייל פאַר אַ ליאַדע פורל האָלץ אַרויסצופירן פון די וועלדער, האָט מען זיך געהייסן אָפּצאָלן אין טאָג אַריין. די באַבעס האָבן אָפּט געמפלט, די קינדער, מיט ראַכיטישע פּיסלעך, מיט אָנגעגאָסענע בייכער, האָבן געקרענקט אויף דיפטעריט; נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן אונטערצו־וואַקסן, האָט מען זיי, אין אַ טרומנעלע פון נישט־געהובלטע ברעטלעך, אַוועקגעטראָגן צום צווינטער, הינטערן גרינעם קלויסטערל.

פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר זענען געווען אַ סך צוזאַמענשטויסן צווישן זיי און דער באַוואָפנטער וואַך אין טירנער „פּאָסטערונעק״. זיי האָבן זיך נישט אַזוי לייכט געלאָזן אַוועקשלעפּן אין סאַמע שניט אויף די אומזיסטע „שאַראַוואַרקע״־אַרבעטן ביים גראָבן די קאַנאַלן הינטער טירנע, ביים בויען די בריקן, ביים דורכשניידן די סטראַטעגישע שאָ־סייען. אויף זיי זענען דעריבער געוואַקסן שטייערן און געלט־שטראָפן. דעם לעצטן פרילינג, ווען דער עקזעקוטאָר מיט די פּאָליציאַנטן זענען געקומען אַוועקפירן די מאָגערע קִי פון די שטעלער, איז אַרויס דער שטשערבאַטער וואַסילי, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט אומגעקערט פון תפיסה, געכאַפּט אַ ווידלע און דער גאַנצער עולם — נאָך אים.

ביז פאַרטאָג, איידער ס׳איז אָנגעפאָרן די שטראָף־עקספּעדיציע, האָט אַרום וואַסילין געקלעפּט אַרסימקע לאָב, אַ געוועזענער דענשטשיק ביי אַ פּולקאָווניק, אַ מענטש פון אַ יאָר עטלעכע־און־פערציק, מיט אַ געל פּנים, מיט שאַרפע קינען און שמאָלע פּלייצקעס, ווי ביי אַ ייִנגל.

— זיי וועלן קומען, זאָג איך! — האָט ביי אים פאַרשטיקט געציטערט דאָס טענאָרל — אין לובין האָבן זיי די כאַלופּעס צעוואַליעט און אַלע יינגלעך אַוועקגעפירט.... לאָמיר זיך באַצייטנס אָפּטראָגן. אַ סך פון קאַנט קלייבן זיך אין די וועלדער אַריין. פאַרשטיי — איז ער צוגעשטאַנען — צו פאַרלירן איז סיי־ווי נישטאָ וואָס... אין די שטעט און אין גאַנצן קאַנט, הער איך, טוט זיך אויך אָפּ געגנוג. וואָלט זיך עס שוין אַמאָל אָנ־געהויבן — ניין, לאָזן זיי אָבער לאַנגזאַם אויסגיין די נשמה... קום, די באַבעס וועלן זיך אַליין אַן עצה געבן; און מיר, ווי זאָגט מען עס, וועלן די פרייהייט ברענגען... איך אַליין, זעסטו, בין געווען אַ דענשטשיק ביים פּולקאָווניק און אַז ס׳איז נאָר אונטערגעקומען דאָס 17־טע יערל, האָט אַזאַ

איינער די שטיוול ביי מיר געפּוצט... נו, האָב איך געמיינט, אַז אין היימישן כוטאָר וועט פאָרט זיין בעסער... האָסטו דיר...

און וואַסילי — ניין און ניין, כאָטש צעהאַק אים; איינגעשפּאַרט ווי אַ בוהיי איז ער, ווי נאָר די לייט פון סאַקי. „דאָ — זאָגט ער — בלייב איך, כ'ריר זיך נישט פון אָרט; און קיין בהמות וועל איך זיי אויך נישט געבן... זאָלן זיי אָקאָרשט פּרוּוון“...

און דערנאָך זענען זיי טאַקע פאַרטאָג אָנגעפאָרן מיט דער שטראָףעקספּעדיציע. די באַבעס האָבן זיי געוואָרפן זיך צו די פיס, רחמים געבעטן. איינער אַליין איז וואַסילי שטייַנגעבליבן ביי דער פאַרלייגטער שטאַל־טיר — פון אָרט נישט צו רירן. קודם האָבן זיי אַרומגעזוכט די יינגלעך; זיי זענען אָבער כמעט אַלע, מיטן שפּראָץ אויף טאָג, געהאַט אַוועק מיט אַרסימען צו די זומפּן, מיטפירנדיק די בהמות. וואַסילין האָבן זיי געבונדן און מיטגענומען. ער האָט זיך נישט געלאָזן, געפּאָכעט מיט דערווידלע, איינעם פון זיי צעבלוטיקט מיט די פויסטן. און ווען זיי האָבן, אין ליאַרעם פון די ווייבער און ווייַנענדיקן קלייַנוואַרג, אונטערצונדן די היי־בוידעמער, צעוואַליעט מיט די לאָמען די כאַלופּעס, האָט זיך נאָך וואַסילי אַלץ געריסן פון זייערע הענט. זיי האָבן אים געפּענטעט ווי א קאַלב, אַרייַנגעוואָרפן אים אין לאַסט־אויטאָ און דורכפאָרנדיק די אָנגעוואַלגערטע גאַס, האָבן זיי זיך פאַרנומען מיטן שאָסיי.

דורך די נעכט האָט מען אָפט געהערט שיסערייען פון הינטער די פאַרוואַקסענע זומפּן. דער גאַנצער „פּאָסטערונעק“ האָט זיך אַרומגעיאָגט נאָך אָט דעם קליינעם, דעם מאָגערן, נאָך אַרסימקע לאָב. ער, האָבן זיי געוווּסט, האָט עס אַלע יינגלעך מיטגעפירט און ס'גרייטן זיך בייע אָבפאַלן. אַרומגעפּליקטע, פאַרוואַקסענע און באָרוועסע, האָבן זיי זיך פאַרן זומער גענערט מיט זיסע וואָרצלען, מיט בוים־זאַפּטן; אַוועקכאַפּנדיק זיך אָוונט־צייט אויף אַ פרעמד קאַרטאָפל־פעלד, האָבן זיי שוין אויף עטלעכע טעג געהאַט וואָס צו גריזשען, ליגנדיק אין די וואַרעמע נעכט אַרום די קליינע, פאַרהוילענע שייטערס, מיט די אונטערגעזעגטע דייטשע ביקסן ביי דער זייט. אויפגעהאַלטן האָבן זיי זיך נאָנט ביי אַ קוועלעכל, הינטער דריי אויסגעפוילטע דעמבעס.

פאַרן זומער זענען פון די אַרומיקע כוטאָרן נאָך אַ סך אונטערגעקומען. מוראַדיקע זאַכן האָבן זיי זיך אָנדערציילט, אַנטלויפנדיק פון די צעשאָסענע און אונטערגעצונדענע דערפער. זיי האָבן דערציילט, אַז אויף וואָלין און אויף אוקראַינע ברענגט מען אַראָפּ מיליטער און גאַנצע דערפער ווערן אויסגעגלייכט מיט דער ערד; אַז די יונגע און די עלטערע שטעלט מען פאַרן שטאַנד־געריכט און אַז אין די פאַרטאָגן הענגט מען זיי אין תּפיסה־הויף... זיי זענען גלייך־געווען צו די וועלף, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אין די אוראַלטע, זומפּיקע ווילדענישן און לאָזן זיך אַוועק צו אַ מענטשלעכן ישוב, ווען די הויט בלייבט שוין הענגען אויף די הוילע

ריפּן. אין די אויסגעלאָשענע נעכט זענען זיי, טאַקע ווי די וועלף, אויס־געוואָקסן הינטער אַ פאַרשנייטן פּלויט, אַנגעקלאַפּט אין אַ פאַרפרוירן שייבל און געבעטן ברויט פאַר די ייִנגלעך. מ׳האָט זיי געגעבן פון לעצטן ביסן און געוואָרנט פאַר די שפּיר־הינט.

ביטער איז געוואָרן, ווען ס׳האָבן זיך אָנגערוקט די גרויסע קעלטן, ווען איבער די פאַרגאָסענע פּליינען האָט זיך אויפגעהויבן אַ בייסיקער נעפּל און די זילבערדיקע פרעסטלעך זענען אין די פאַרטאָגן ליגן־גע־בליבן אויף די פאַרגעלטע בלעטלעך פון די נידעריקע אָליעכעס. אויף נאַכטלעגער האָבן שוין איצט נישט געטויגט די מאָך־היילן, די אויסגע־הוילטע דעמבעס און די היי־סטויגן אויף די האַרבסטיק־אָפּגעקאָסעטע לאָנקעס. מ׳האָט אויך געמוזט אַוועק טיפער אין די וועלדער אַריין, ווייל אין דער נאָנט האָבן זיך אַלץ אָפטער אָנגעהויבן צו באַווייזן די ווילדע וואָלף־הינט. שאָסן האָבן אָפּגעהילכט אין די שטילע פאַרטאָגן פון יענער זייט זומפּן. אין דער אוראַלטער שטילקייט, וואָס האָט זיך געלייגט מיט די ערשטע שנייען, ווען מ׳האָט מער נישט געהערט דאָס געשריי פון די ווילדע זומפּ־פייגל, ווען אַלע באַשעפענישן זענען פאַרקראָכן איבער־צווינטערן אין די נאָרעס און לעכער, האָט זיך פון די וועלדער־טיפע־נישן דייטלעכער געהערט דאָס ווייטע זשומען פון טאַרטאַק, ווו מ׳האָט איצט געאַרבעט אין גאַנצע דריי שיכטן.

איינמאָל, אין אַ פאָספאָרנעם פאַרטאָג, ווען זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אַ טיף־פאַרשנייטן כוטאָר, זענען זיי שיעור נישט ארומגערינגלט גע־וואָרן. איינער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט אויפגעהויבן אַ געשריי און אָפּשלאָגנדיק זיך פון די הינט, איז ער אַוועקגעפאַלן, אַ צע־ביסענער און אַ דורכגעלעכערטער פון קוילן. די איבעריקע האָבן, שפּרינ־גענדיק פון די היי־בוידעמער, צוריק זיך פאַרקליבן אויף יענער זייט באַגנעס, וואָס זענען קיינמאָל נישט פאַרפרוירן געוואָרן, ווו ס׳איז אומ־מעגלעך געווען צוצוקומען. זיי האָבן זיך אָפּגעשאָסן, איבערלאָזנדיק איינעם פון די פאָליציאַנטן אויפן שניי.

אַרסימקע האָט שוין איצט מער נישט געקענט איינרוען. ער האָט עטלעכע מאָל אונטערגעשיקט צו מיקאָלען, מען זאָל זען באַזאָרגן מיט וואָס די מאָגנס צו פאַרשטאָפּן, אַ לייטישע „ווינטאָווקע״ אין דער האַנט אַריין. אָבער די שליחים זענען פאַרפאַלן געוואָרן — מ׳האָט זיי געכאַפּט, אָנגעטון קייטעלעך און אָפּגעפירט זיי צו דער שטאָט. איינער האָט זיך יאָ דורכגעשלאָגן און פון דעמאָלט אָן איז טאַקע לייכטער געוואָרן. דעמאָלט איז מיקאָלע אַליין פאַרזיכטיק געקומען אָנצושפּאַנען. ער האָט איבערגעגעבן, אַז מ׳האָט זיי אין זינען, אַז ס׳גרייט זיך, מ׳זאָל זיך האַלטן. אין פיר טעג אַרום זאָל מען קומען און מ׳וועט וויסן וואָס דער ראַיאָן האָט באַשלאָסן.

אין פיר טעג אַרום האָבן זיי געשיקט איינעם, אָבער אויך דער איז

ווי אין וואַסער אַריין. און דעמאָלט האָט אַרסימקע, צוהערנדיק זיך אין די שטילע, טויבע נעכט צום ווייטן זשומען פון טאַרטאַק, אָפּגעמאַכט, אַז מער קען מען נישט וואַרטן, מ׳דאַרף אָנהייבן. דער קלאַנג וועגן געהאָנגענעם איז אויך צו זיי דערגאַנגען און געמיינט האָבן זיי, אַז עפּעס האָט זיך שוין דאָרט אַ ריר געטון. אין דער נאַכט פון ניי־יאָר, איז באַשטימט געוואָרן, לאָזט מען זיך — די וואַכלייט וועלן אַוודאי זיין טויט־שיכור און וועלן זיך אַמווייניקסטן ריכטן...

אָבער אַפילו אין ניי־יאָר איז דער טאַרטאַק נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. דער אַרויספיר איז געווען אין פולן ברען. דורך די עטלעכע חדשים, וואָס די אונטערגעשוועקטע וועלדער ליגן פאַרפרוירן, האָט מען געהאַלטן אין איין אַרויספירן צו די רעזערוו־פּלעצער אויף די אויסגעקאָרטשעוועטע שטחים, צו דער באַן־סטאַציע און צום קאַנאַל.

שפּעט אין דער צווייטער האַלבער נאַכט אַריין האָבן זיי זיך געשאַרט מיט די פאַרהוילענע שטעגעלעך דורך דער וועלדער־געדיכטעניש צום טאַרטאַק. איבערן וואַלד האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ נאַסער, געדיכטער שניי. די לאָמפּן איבערן פּלאַץ האָבן זיך אומגעוויגט, וואַרפנדיק מער שאָטן ווי שיין. אין דער שאָפּע האָבן די גאַטאָרס ווי פאַרמאַטערט געשלונגען די אַרומגעהאַקטעביימער. מיט אַ טאָג פריער איז דער אויפזעער איבער די מלוכהשע וועלדער, דער פּאַן קאַשובסקי, אַרויסגעפאָרן צו דער ווינטער־ווילע אין שטאָט. מאָנטיק אינדערפרי האָט ער, ווי געוויינלעך, געזאָלט קומען אָנצופאָרן. אין קליינעם ביוראָ־ביידל, צוגעשפּאַרט צו אַ בלינדער וואַנט, האָט דאָס טעלעפאָן־טרייבל נישט גערוט. דער סעקרעטאַר, מיט די גרויסע גלעזער איבער דער שפּיציקער נאָז, האָט זיך קיין עצה נישט געקענט געבן. מיטן טרייבל ביים אויער איז ער שטיינגעבליבן אין דער טיר צו דער גרויסער וואַך־שטוב מיט די נאַקעטע ווענט, ווו די וואַכלייט האָבן לכבוד ניי־יאָר געשפּילט אין קאָרטן, געוויכערט און אָנגעקלאַפּט זיך לחיים אין די גרויסע טיי־גלעזער.

— כ׳בעט אַביסל שטילער, פּאַנאָוויע! — האָט ער געטופּעט מיט די הויכע אָבצאַסן, און אין טרייבל אַריין — יאָ, דערווייל איז רואיק... אויב עפּעס, וועל איך גלייך סיגנאַליזירן. די פּערטע פּאַרטיע איז שוין אויך אויפגעלאַדעוועט... אַללאָ! אַללאָ!

אין טרייבל האָט עפּעס זייער פּלוצים אַ גרילץ געטון און ס׳איז שטיל געוואָרן, ווי אויף אייביק שוין. ער האָט זיך מבולבל אַרומגעקוקט, איז בלייך געוואָרן ביז דער שפּיץ נאָז און צופאַלנדיק נאָך אַמאָל, האָט ער גענומען אַזוי שטאַרק דרייען, אַז דער גאַנצער טיש האָט זיך מיטגעשאָקלט. דאָס טרייבל איז אים צולעצט אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. הינטערן פענצטער איז שטיל געפאַלן אַ נאַסער, געדיכטער ניי־יאָר־שניי...

דעמאָלט זענען שוין אַ לאַנגע רגע דורך אַלע אויפגעריסענע איינגענג געווען אויסגעשטעלט לופעס קעגן זייערע ברוסטן:

— די הענט אין דער הויך!

דער סעקרעטאר איז צוגעפאַלן צו דער וואַנט און קניענדיק, פונאַנדערגעריסן די הענט, ווי אַן אומגעפאַלענע פופע.

באַלד דערנאָך זענען די גאַטאַרס אין דער שאָפע אויך שטיל־געבליבן. אויפן מיטן פלאַץ, ווו דער שניי איז אין קלעפיקע שטיקער געפאַלן איבער אַקסלען און איבער פינצטער־צוזאַמענגעדריקטע פלייצעס, האָבן זיך אומגעוויגט די לאָמפן. פון קאַנטאָר זענען נאָך געקומען פאַרשטיקטע געראַנגלען; נאָר דאָ, אויף איינעם פון די שליטלעך, איז אויסגעוואַקסן אַרסימקע לאָב. די פאַרוקטע פאַפאַכע איז אים געפאַלן אין די אויגן אַריין, פאַרדעקנדיק שיעור נישט די שטרויענע וואָנסן זיינע. אַרומגעשווומען איז ער אין אַ ברייטן קאָזשוך.

— ברידער! — האָט זיין טענאָרל אַ הילך געטון מעטאַלערן איבער דער מאַסע בערדיקע פויערים — וואַלד־העקער און איבערפירער! דאָס זענען מיר געקומען באַצאָלן זיי פאַר אַלץ... די שעה האָט געשלאָגן...

צווישן די פינצטער־צוזאַמענגערוקטע קעפ פון די וואַלד־אַרבעטער איז אַדורך אַ טויבער געמורמל. מ'האָט זיך מיטאַמאָל אומגעדרייט און דערזען, ווי פון אַלע זייטן שאָפע האָבן אויפגעטוקט בלויע פלעמלעך; זיי זענען געקראָכן אַרום אַלע שפאַרעס, ווי די שלענג — אַרויפצו, צום פינצטערן פאָפע־דאַך מיטן הויכן קוימען אַריבערן וואַלד. דער קאַנטאָר האָט געברענט ווי אַ ליכט. ס'האָבן אָפגעהילכט שאָסן. געבונדענע, האָט מען די באַוואָפנטע וועכטער געשלעפט אויפן מיטן פלאַץ אַרויס, וואָס איז געשטאַנען אַן אויפגעלויכטענער; ס'האָבן זיך אָפגעדעקט, ווי אין מיטן העלן טאָג, דער אויסגעקאָרטשעוועטער שטח און די וועלדער־טיפענישן.

פון די פאַרווייעטע דערפלעך און פון שטעטל אין דער נאָענט האָבן קעפ ביזן פאַרטאָג געשטעקט אין די אָפגעהויכטע שייבלעך, צו די וועלדער, איבער וועלכע דער הימל איז געהאָנגען צעפלאַקערט, ווי אין רויטן זון־פאַרגאַנג.

אין מאָרגן־גרוי איז אַן אָפגעבראָכן שטיקל לבנה, ווי פאַרגעסן, הענגען־געבליבן איבער די נאַקעטע אָליעכעס. מיטן טראַקט פון די וועלדער איז אַ קליין, פאַרוואַקסן פויערל אָנגעשווומען איבער די בלוילעכע שנייען. ער האָט זיך פאַרכטיק געצלמט פאַר די אויפגעריסענע טירן, ווו מ'האָט געשטעקט קאָפ־אויף־קאָפ:

— אַ סך, אַ סך גייען זיי אַהער... די וואַך צעשיסן... ביי גאָט, ווי זיי וועלן צעשיסן...

ערשט דערנאָך האָט עס טאַקע איבער דער דאָרפישער גאַס אַ הילך

געטון. אין די פאַרטראָגענע רויכן, איז אָנגעשווומען אַ שוואַרצע מאַסע, אַ ליאַרעמדיקע. מ'האָט גלייך דערקענט דעם היימישן עולם. די אָפּגע־פליקטע פּאָלעס האָבן זיך אַ ווייטע געטון און אין דער מיט — אַרסימקע. אַלע האָבן זיי אים דערקענט, דעם קליינעם, דעם דאַרן. דער פּאַרטאָג האָט זיך נאָך געגרויכערט, אויף די צעטראָטענע שנייען האָבן זיך געלייגט בלויע שאָטנס. אין די פאַרשטייפטע הענט ביי דער אָנגעוואַקסענער מחנה האָבן זיך געוואָרפן, ווי לעבעדיקע, העק, קאָסעס, ווידלעס.

— דו, אַרסימקע, נעם זיך אָן אונדזערע בלוטיקע עוולות! — האָט אַ קליין באַבעלע, קלאָגנדיק, געריסן זיך צו אים — דערלאַנג זיי, האַר־צעדיקער, דערלאַנג זיי...

— אַ האַרמאַט! — האָט אַ לאַנגער, אַ בערדיקער, מיט אַ גוליע איבערן רעכטן אויג, טויב אַרויסגעזיפּצט מיט אַ באַס — נאָר אַ האַר־מאַט!...

איבער געלאַטעטע פּלייצעס, צעפלויגענע טיכער און העלע, אָפּגע־דעקטע טשופּרינעס האָט געווינטלט אַ שנייעלע. אַ פּאָרע האָט געזעצט פון די מיילער. פּאָר אַרסימקען האָבן אַ שווינדל געטון, צוזאַמען מיט דער טוך, וואָס האָט מיט לעבעדיקן רויט באַפּאַרבט די טונקעלע געזעמ־לעך, דער טראַקט צום אַלטן טירנער פּאַלאַץ. פאַרשטיקט, האָט זיך פון דער סאַמע מיט אויפגעהויבן אַ ווייט און טויב געזאַנג; אָבער אָנפּליסנ־דיק צו די פאָדערשטע, ווו אַרסימקע איז געטרעטן, האָט זיך פון די העלדזער ארויסגעריסן דאָס געדיכטע, באַסאָווע ברומען פון די פאַרוואַק־סענע יינגלעך.

צוזאַמען מיטן קאַלטן שווייס, וואָס האָט אַ שלאָג געטון אויף אים, איז אין אַרסימקען אָנגעפּלאָסן אַ נייער כוח. ער האָט אָנגעטאַפּט דעם פּאַרלייזיקטן קאָזשוך און האָט עפּעס זיינע אייגענע אויגן נישט גע־טרויט. ס'איז שווינדלענדיק אויפגעשטאַנען פאַר אים אַ בילד פון די ווייטע קינדער־יאָרן — אַ פּראָצעסיע אין איינעם אַ טרוקענעם זומער, אין געבעט נאָך רעגן; און באַלד דערנאָך — די ווינטערדיק־צעטראָטע־נע פּלעצער אין איינער אַ שטאָט, אין 1917. אין קאָפּ ביי אים האָט זיך אַ מיש געטון, אויסוואַקסנדיק הינטערן פאַרזונקענעם פּלויט פון אויבסט־סאָד ביים טירנער אַלטן פּאַלאַץ.

ס'איז געוואָרן אומהיימלעך דאָס, וואָס קיינער פון דער וואַך באַ־וויזט זיך נישט. ער האָט דאָ ערגעץ אַרומגעזוכט אַרכיפּן, דעם אַלטן, אָבער ער האָט אים נישט געזען. דער טויבער געליאַרעם האָט אים אויס־געפּילט, אָנגעצונדן, אַנלויפנדיק אין דער כמאַרע דורכן צעטראָטענעם גערטל צו די הינטערשטע גאַניקעס. דאָרט איז צוגעשפּאַרט אַרום די ווענט געשטאַנען די הילצערנע געביידע פון „פּאָסטערונעק". די טירן האָבן זיי געטראָפן אויפגעריסן. מ'האָט זיך אַ רגע צוריקגעצויגן, באַ־

טראַכט די אומאָרדענונג, די אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן. אָבער הינטער זיי האָט זיך די מאַסע אויפגעהויבן אין טויבן געליאַרעם. די אויסגעזעצטע שויבן זענען געפאַלן מיט אַ קלימפּער. אָפּטרעטנדיק דערנאָך, האָבן זיי אויפן ווינטיקן שאָסיי אַלע טעלעגראַפישע סלופּעס אומגעלייגט.

נאָר פון אונטער דער פאַרוויייעטער בריק האָט עס אומגעריכט אַ רויש געטון. עס זענען אָנגעפאָרן צוויי לאַסט־אויטאָס און — גלייך אין דער מאַסע אַריין. אַרום אַרסימקען איז די לופט פאַרזשומעט געוואָרן מיט אַ נאָכאַנאַנדיקער שטעפּעריי. ער איז מיט די לעצטע כוחות גע־לאָפן זיי אַנטקעגן. אַ מוראדיקער ווינט האָט געפייפט איבער אים, ביז ער האָט זיך פאַמעלעך אַראָפּגעזעצט אין שניי אַריין...

מיט איין אָוונט פריער איז נאָך די טירנער גראַפיניע געקראָכן מיט דער קרומער שטיג צום גאַניק, אָנגעשפּאַרט אין באַמבוס־שטעקן. פאַר די שטאַכעטן האָט זיך דאָס שליטל אויסגעקירעוועט מיט רוגזה און אַראָפּגעשאָטן זיך צום דאָרפישן טראַקט. זי האָט זיך געהאַט אומגעקערט פון גרינעם קלויסטערל. נאָכן האַלבן טאָג איז זי זיך פאַרזעסן ביים פּאָפּ יעוווסיי, צעשמועסט זיך אַביסל מיט דער שטאַרק־גאָטספאָרכטיקער גלחטע.

— אַך, אַך, אַך! — האָבן זיי געקרעכצט, די אַלטע לייט.

די פאַרלאָפענע שייבלעך, אָנגעשטעלט מיט וואַזאָנען, האָבן אַרויס־געקוקט צו דער נאַקעטער אַליי. זי האָט זיך צולעצט געכאַפּט, די אַלטע, אַז דער פויער מיטן שליטל וואַרט שוין אויף איר זייער לאַנג און זי האָט זיך גענומען צעזעגענען.

— ס'איז שוין, וואָס אַן אמת, נישט אַריבערצוטראָגן — האָט זי זיך אָוועקגעקערט פון שייבל — און איין גאָט ווייסט, וואָס ס'גרייט זיך נאָך הינטער אונדזערע פּלייצעס...

דער אַלטער טירנער פּאַלאַץ איז געשטאַנען אויסגעלאָשן. ער איז געווען אַלט, דער פּאַלאַץ. ווען מ'האָט זי צום ערשטן מאָל אַראָפּגעבראַכט אַהער אין די פאַרמאַכטע קאָטשן, האָט מען דאָ אַלע פּליגלען אויפסניי געלאָזן איבערפאַרבן. איצט איז שוין דער טינק פון לאַנג געווען אָפּגע־שפּרונגען, אין די פאַרלאָזטע טורעמלעך האָבן גענעסטיקט סאָווס און פלעדערמייז. דער געמויערטער פּלויט אַרום געדיכטן אויבסט־סאָד איז געווען איינגעזונקען אין דער העלפט.

קיינער פון די דינסטן איז איר נישט אַנטקעגנגעקומען. זי איז צו־לעצט אַריינגעפאַלן אין דער געבעטער שטול און איז אַזוי אַנדרעמלט געוואָרן. אויפגעמאַכט די אויגן, האָט זי פון די ווייטע צימערן פאַרנו־מען אָפּגעריסענע רייד. ס'האָט איר נאָר געוווּנדערט, וואָס די טאָכטער לידיאַ איז איר נישט געקומען זוכן, אומקערנדיק זיך פון סאַקי. שוין לאַנג, האָט זי זיך דערמאָנט, ווי די ניי־יאָר־פייערונגען, פּראַוועט זי אין

איינזאַמקייט. היינט וועט זי זיין צוזאַמען מיט דער טאָכטער, וואָס איז געקומען אין געסט און פאַרהאַנדלט שוין גלייכצייטיק דעם גוט. בייטאָג האָבן די ברידער וורובלעווסקי, שוין צום לעצטן מאָל, זי אַרויסגערופן און פאָרגעלייגט דעם פולן פרייז.

שוין אַ קיילעכדיק יאָר, ווי זיי דינגען אים, דעם גוט. פון די אַרו־מיקע שטעטלעך זענען כסדר געקומען יידן, מעקלערס, מיט פאַרשידענע קונים און אָנבאָטן. דאָס האָבן זיי זיך טאַקע אומגעקערט זאַלבעדריט — די טאָכטער מיט די ברידער וורובלעווסקי. זיי זענען געקומען צום לעצטן אויסגלייך, אויסצוטרינקען לכבוד דער קניה, לכבוד ניי־יאָר און צום באַשטימען באַלד נאָך די יום־טובים אַריינצופאָרן קיין קאָברין צום רעיענט.

ס'האָט אָנגעווייעט אַ קעלט. אָפּגעברענטע שטיקלעך ליכט האָבן געטריפט אין דער קאַנדעליאַבר איבערן טיש. מ'איז געווען צעזעצט, נאָר די טאָכטער האָט זיך פּלוצים אויפגעריסן, אַנטלאָפן איבערן פּאַרקעט, ווו אַלץ האָט זיך ליכטיק אָפּגעשפּיגלט. די וורובלעווסקיס האָבן זיך אײנ־גיכן אָפּגעזעגנט. אַלץ איז געווען אָפּגעמאַכט. די טאָכטער האָט זיי נאָכ־געטראָגן אַ לייכטער. זיי האָבן נאָך אַרומגעקוקט די ווענט, געפּרוווט אַ מעשענע קליאַמקע און האָבן זי געהאַלטן אין איין דאַנקען. נאָר פּלו־צים האָבן זיך פון ווייטע צימערן אָפּגעריסן צעשראָקענע טריט. די בלאָס־געוואָרענע גראַפיניע האָט זיך מער נישט געקענט אויפרייסן פון דער שטול, ווען ביי דער אַריינגעלאָפענער טאָכטער האָבן געשטעקט די געשרייען אין האַלדז:

— קומט, וועט איר זען... די וועלדער שטייען אין פלאַמען!...

און ס'לעצטע שטיקל ליכט איז פאַרלאָשן געוואָרן.

די וורובלעווסקיס האָבן זיך שוין מער נישט אומגעקערט. זיי האָבן זיך פאַרטייעט אויף די הינטערשטע גאַניקעס, מיט אויסגעצויגענע רע־וואָלווערן. צווישן די פינצטערעביימער, האָבן זיי דערזען, פלעקן זיך שאָטנס. אַ מאָטאָציקל רוישט אַוועק. פון הינטער אַ שורה אויפגעהעלטע דעמבעס לאָזט זיך אַראָפּ אַ פייערדיקער זייל. זיי האָבן געלאָזן הינטער זיך דעם אויסגעלאָשענעם פּאַלאַץ. אין דער נידער האָבן זיי דערזען די ליכטיקע טיר פון „פאָסטערונעק“ אויפגעריסן. דער ציווילער האָט מיט קרומע שפּרייזן דורכגעשניטן דאָס צעטראָטענע גערטל. פאַר אים זענען צוויי פּאָליציאַנטן, אָן די היטלען, אַרויסגעלאָפן. אַריבערשפּרינגענדיק די גערטל־שטאַכעטן, האָבן זיך די וורובלעווסקיס געלאָזן נאָכיאָגן די פּאָ־ליציאַנטן.

— היי! — האָבן זיי געשריגן — העלדן! איר וועט זיך באַהאַלטן אין אַ לאָך, וועלן די כאַמעס קומען און מיט ווידלעס די „שליפּעס“ אויס־שטעכן...

באַלד דערנאָך זענען די לאַסט־אויטאָס אָנגעפלויגן ווי אַ ווינט פאַר די

נידעריקע פענצטער פון קליינעם וואָקזאַל. אַלע אָנבאַגאַגנטע שליטלעך האָבן זיי איבערגעקערט אין ראָוו אַריין, די שקאַפּעס — געהאַקט מיט די בלויזע שאַבלעס איבער די ריפּן. די לאַסט־אויטאָס זענען נישט באַלד אָפּגעפאָרן צו די וועלדער. אין נעפּל פון פינצטערן פאַרטאָג, האָבן זיי זיך פאַרטייעט אונטער דער פאַרוויייטער בריק; און ווען די פויערישע מחנה איז באַלד דערנאָך אָנגעשוואומען זיי אַנטקעגן, זענען זיי אַרויס און געעפנט אַ פייער פון צוויי קוילנוואַרפער. צעפּלאָנטערט און לאַנג־זאַם, האָט זיך די מאַסע צוריקגעצויגן, איבערלאָזנדיק אויפן שניי די אַוועקגעפאַלענע. מ'האָט זיך געלאָזן צוריקלויפן צום ליכטיקן האָריזאָנט, צו די זומפּן. הינטער זיי האָבן פראַזשעקטאָרן צעשניטן דעם נעפּל, אַריינ־רייסנדיק זיך אין דער דאָרפישער גאַס. מ'איז געשפּרונגען איבער פאַר־פרוירענע וואַסערלעך. ביי מיידלעך און באַבעס האָבן זיך די טיכלעך גע־ריסן, אין הייסן ווינט, ווי טויבן.

אָבער אויך פון יענער זייט וואַלדיקן אָנהייב האָט אָפּגעהילכט אַ שיסעריי. צווייגן האָבן זיך געבראָכן. מ'האָט דייטלעך געזען איבערלויפנ־דיקע שערענגעס צווישן די קוסטן, פאַרווישטע אין רויך. און ווען איבער די זומפּן איז שוין געהאָנגען אַ ווינטערדיקע זון, אַ פאַרבלוטיקטע, זענען צווישן די אויפגעהויבענע רויכן אַלע וועגן געווען צערעדערט. מיטן ווינט, וואָס האָט געצויגן פון די זומפּן, האָט זיך דאָס פייער איבערגע־וואָרפן פון דאַך צו דעכל. די געוויינען און יאָמערן האָבן זיך געטראָגן מיטן ווינט.

ביי טאָג איז דער אויפזעער איבער די מלוכהשע וועלדער, דער פּאַן קאָשובסקי, אומגעפאָרן איבער די צערעדערטע שליאַכן אין אַ געפּאַנ־צערטן וואָגן. ער איז געווען צוזאַמען מיט פּאָליציי־שעף, אַספּיראַנט דעמ־יאַניוק. זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אויפן אויסגעקאָרטשעוועטן שטח, וווּ ס'האָט נאָך געריכערט די טאַרטאַק־שאָפּע. דער אומגעלייגטער קוימען איז געווען אויסגעצויגן, ווי אַ ריזיקער מת.

## 24

וויקענטי האָט צוגעשפּאַרט די הויז־טיר און איז דורכן נידעריקן אָר־שאַק צוריק אַריינגעפאַלן אין שטיבל אַריין :

— דער פראָסט האָט געבראָכן דעם קאָרק. פון דער סטרעכע רינט. גיי לאָז זיך אין וועג אַריין דורך די צעטאָפּיעטע בלאָטעס...

די אויגן האָבן זיך ביי אים געריכלט קעגן אָפּגעבערנטן מאַכאָרקע־טרייבל צווישן זיינע קורצע, קלעצלדיקע פינגער.

— ווער זאָל זיך עס געווען ריכטן?... אַזוי פלוצים?...

— אויב דער אַלטער וועט קיין נייעס נישט ברענגען, וועלן מיר אַלצאיינס רירן... — האָט זיך דאַנילאָ אָפּגעריסן פון פינצטערן שוייגן — בלייבן דאָ שטעקן, איז נאָך אפשר ערגער, ווי לאָזן זיך אין וועג אַריין... און מיקאָלקע — רוען האָט עס אים נישט געלאָזן... זיי וועלן אים נאָך אָנטון דאָס שטריקל...

זאַלקע האָט זיך אומגעקערט פון דער פּאַרלאָפּענער שויב; אין צו־פּאַלנדיקן אָוונט, האָט איבערן אָפּגעשטאָרבענעם שטעטל קיין איין פּיי־ערל נישט געלויכטן. די הייזלעך, דער מאַרק — אַלץ איז געלעגן צונויפּ־געקוועטשט אין איין שטומער, פינצטערער קופּע. אַ ראָז פּאַסיקל איז געהאָנגען אויפן האָריזאָנט, צו די וועלדער.

אַרום האַלבער נאַכט איז געקומען אָנצושפּאַנען דער אַלטער אַרכיפּ און האָט זיי דאָ אָפּגעזוכט, די יינגלעך:

— נו, זיי האָבן גוט צורעכט געמאַכט... — האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן מיט אַ קרעכצל — כ'בין געקומען וואָרענען: אַנטלויפט, ווי גאָט איז אייך ליב... דאָס שטעלעכל איז אַראָפּ און נאָך אַ נס, וואָס צו דער כאַלו־פּע האָט זיך דאָס פייער נישט דערקליבן. דאָס האָט דער ווינט געבלאָזן פון יענער זייט... די צויג האָט זיך געוואָרפן אויף זיי, האָט זיי שיעור נישט צעריסן...

— „וואָלק”? — האָבן זיי אַלע געפרעגט אין כאָר.

— אַהאַ... די בלינדלעכע צויג... מיט די קאָלבעס האָבן זיי איר גע־האַקט, נאָכגעשאָסן און זי איז, אַ לאָמענדיקע, מיט אַ פּאַרבויגענעם עק, אַנטלאָפן צו די זומפּן, אָפּגעזוכט און געוואָרפן זיך דער אַלטער לעקן איר די הענט... מיט שניי האָט זי איר איינגעריבן... און מיקאָלקען האָב איך אויך געזען — מ'האָט אים געפירט אין קייטעלעך... פאַר מיר צי־טערט נישט. אָט, אייך, אַז זיי וועלן אָנקריגן, איז — דאָס שטריקל...

וויקענטי איז אַרויס צום שליטל און האָט זיך באַלד דערנאָך אַריינ־געשטעלט:

— זאָל טרעפן וואָס עס וויל! אַ ווידלע האָבן מיר אויך מיט זיך...

דאַנילאָ האָט זיך נאָך אַלץ געקווענקלט און איז פונדעסטוועגן מיט־געפאָרן. זיי האָבן זיך שטיל געשניטן צווישן די קוסטן, אונטער אַן אויס־געלאָשענעם הימל, וו דער ווינט האָט געהאַט פאַרמעקט אַלע שטערן. צווישן דיביימער האָט עס פלוצים הייזעריק אַ וואָיע געטון.

— ניין, נישט קיין הינט... — האָט דאַנילאָ באַלד געוואָרנט — ס'זאָלן אַמאָל נישט זיין קיין וועלף... טשאַטעסווייז גייען זיי... דערלאַנגען אויס־גערעכנט. זיי זענען פלינק, די טייוולאָנים...

זאַלקע האָט זיך צוערשט גאָרנישט געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר.

אים איז זיינס אַלץ נישט אַרויסגעקראָכן פון קאָפּ. „סטיכיע... — האָט ער זיך נישט אויפגעהערט צו פרעסן — מען דאַרף זי קענען קירעווען"... פון די קוסטן האָבן זיך מיטאַמאָל אַרויסגעשלייכט עטלעכע אויסגעצוי־גענע שאָטנס. גרינע פייערלעך האָבן אַ בלישטש געטון. אַ פאַרשטיקטער וואָי האָט איבערגעשניטן דעם וועג פון דער צעטומלטער שקאַפּע אין צעבריקעטן טענצלען. זי האָט זיך אַ הייב געטון צוזאַמען מיטן שליטל און אַלע דריי אַרויסגעקוליעט אין שניי אַריין. און די גרין־אויגיקע טרעטן אַלץ נישט אָפּ, קרייזן אַרום מיט אַ פאַרשטיקטער הוילעריי אין די גאָרגלען. איין דאַנילאָ שטעקט קאַלטבלוטיק אויף די וואַקלדיקע פיס מיט דער צעפּאָכעטער ווידלע. וויקענטי רייבט שוועבעלעך, זיי לעשן זיך אָבער. די גרין־אויגיקע שפּרינגען יעדע ווײַלע אָפּ, ביז דאָס בינטל היי טוט אַ פלאַם־אויף.

דאַר און אויסגעצויגן, ציען זיי זיך צוריק צווישן די קוסטן. דאַנילאָ כאַפּט אָן דאָס שטריקלביים מויל פון דער שקאַפּע. דער מויל־שוים רינט אים איבער די פינגער. זיין האַנט לאָזט זיך אַראָפּ איבער אירע איינגעפאַ־לענע זייטן — זיי זענען באַדעקט געווען מיט אַ קאַלטן שווייס. איצט האָט וויקענטי גענומען די שטריקלעך אין דער האַנט אַריין. די אָפּגעבראָכענע וויטקע האָט געפּאָכעט איבער די דורכגענעצטע זייטן פון דער שקאַפּע. עס האָט זיך זיי אַלץ נאָכגעשלעפּט אַ טיף און אויסגעהונגערט וואָיען.

— ביי דער לעצטער בריק צעשיידן מיר זיך! — האָט זיך ווי־קענטי אומגעדרייט — דו, דאַנילאָ, וועסט אָנפאָרן צום מאַרטאַק, כ'וועל דיך שוין אָפּוואַרטן.

ביי דער גרעבליע האָט זיך אָבער דאַנילאָ אויפגעריסן:

— ניין, כ'וועל צוריק אין כוטאָר אַריין... אין שטאָט וועל איך זיך נישט טויגן... כ'קען נישט אָן זיי. אָך, מיקאָלע, געצויגן האָט עס אים, דעם נאַרישן...

— און איך זאָג, אַז נישט! — האָט וויקענטי אָנגעכאַפּט דעם ברודער ביים לאַץ.

ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. דאַנילאָ האָט גיך גענומען אַוועקאיילן און האָט זיי נאָך צוגעוואָרפן:

— האַלט זיך, ייִנגלעך... אַלצאיינס...

און ער האָט זיך געלאָזן צוריקשפּאַנען אונטערן אויסגעלאָשענעם הימל.

מיטן מיידל ווידער, מיט האַלינען, איז זיך אַביסל אַנדערש פאַר־לאָפן. אויפרייסנדיק ס'לעצטע מאָל די טיר, זענען צו אירע אויערן אָנ־געשווומען מיקאָלעס צעשטרייטע טענות:

— נו־נו, אַ קאַשע אַביסל פאַרקאָכט... ס'וועט אָבער אַ לערן־טון, טייערינקע...

זי האָט מער נישט געוואָלט ער זאָל זי אָפּפירן; ווייל אויב פאַרהאַלטן

ווערן, איז שוין גלייכער אַליין. זי איז באַלד אַוועק און האָט אָנגעטראָפֿן
אויפֿן ראָג אַן איינציק פּאַסאַזשיר־שליטל, וואָס האָט געדרעמלט ביים צופֿאַר
פֿון דער „גאָסטיניצע רענאָמאַ". זי האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן דערין און
געבעטן ביים יידישן קוטשער ער זאָל זי שנעל אָפּפֿירן צום וואָקזאַל.
אויפֿן וועג, איז איר דורכגעפֿלויגן, ווערט זי דעם אָנטרייבער אַ בעט טון
צו פֿאַרקירעווען דורך די פֿעלדער, ווערט אים אָפּשטעקן אַן איבעריקע פֿאַר
גראָשן און בעטן אים אָפּצושטעלן זיך אויפֿן שאָסיי, ביי די בריקן, ווו
עס פֿאָרן אָן די האַלב־נאַכטיקע אויטאָבוסן צו דער שטאָט. איר אויסרע־
כענונג איז געווען אַ גוטע, ווייל באַלד פֿאַרטאָג, נאָך איידער ס'איז פֿון
די בלאָטיקע מקומות אָנגעפֿאָרן דער צוג, איז שוין די קליינע וואָקזאַל־
געביידע געווען באַלאַגערט.

זי איז געזעסן פֿאַרגראָבן אין שליטל און געשווידערט. דער האָרי־
זאָנט הינטער איר האָט אַלץ מער אויפֿגעבליט אין אַ בלוטיקער רויטקייט
און וויפֿל מ'איז נישט אָפּגעפֿאָרן, האָט זיך איר אַלץ מער געדוכט, אַז
מען דערנענטערט זיך גאָר אַהין. זי האָט נישט אויסגעהאַלטן מער און
געבעטן אַ טרייב טון אַביסל שנעלער. דער יידישער פֿורמאַן, וואָס האָט
זי אַוודאי אָנגענומען פֿאַר נישט קיין יידישער, האָט אַ שטיק וועגס נישט
געלאָזן פֿאַלן קיין איבעריקע רייד.

— אומרואיקע צייטן, מאַיאַ פּאַני... — האָט ער שוין צולעצט מער
נישט אויסגעהאַלטן און אומגעדרייט זיך פֿון זיץ — אַ ליכטל האָבן זיי
אָנגעצונדן... ס'ברענט שוין איינמאָל...

ער האָט אָבער גאָרנישט געקענט דערכאַפּן פֿון איר אומקלאָרער
מורמלעריי, וואָס איז אַוועק מיטן ווינט, און איז עפּעס אַליין אויך אויפֿן
אָרט אומרואיק געוואָרן. דערנאָך, אָפּפֿאָרנדיק אַ שטיק אויפֿן שאָסיי און
ווען זי האָט אים פֿאַרגעלייגט צו פֿירן זי איבער די נאַקעטע פֿעלדער,
צו די בריקן, ווו ס'פֿאָרן אָן די האַלב־נאַכטיקע אויטאָבוסן, האָט ער זיך
ס'ערשטע מאָל איינגעקוקט אין איר שוועבנדיקן פּראָפֿיל, אין די דינע
שטרענגע ליפּן, און ער האָט מורא באַקומען. ער האָט זיך געקווענקלט און
לסוף איינגעשטימט דאָס שליטל אַראָפּצוקירעווען. ער האָט אַפֿילו אַרונ־
טערגענומען די גלעקלעך פֿון פֿערד און האָט זיך אַוועקגעשניטן איבער
די שנייען, ווי אַ ווינט, אַלץ ווייטער פֿון אויפֿגעלויכטענעם האָריזאָנט.
אין שאָטן פֿון דער ערשטער בריק האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן, געוויזן איר
דעם וועג דורכן טאָל, איבערן פֿאַרפֿרוירענעם וואַסערל, און אַליין האָט
ער זיך באַלד אָפּגעטראָגן.

געוואַרט אויפֿן אויטאָבוס האָט זי גענוג לאַנג, שטייענדיק צוגעשפּאַרט
ביי אַ צעזונגענעם טעלעגראַפֿן־סלופּ, אַ פֿאַרשמיסענע אין שנייען; ערשט
אין גרויען פֿאַרטאָג איז דער אויטאָבוס אָנגעפֿאָרן — אַ ליכטיקער, מיט
פֿאַרלאָפֿענע שויבן. זי האָט אויפֿגעהויבן אַ האַנט און איז איינגעשטיגן.
פֿאַרוואָרפֿענע קעפּ האָבן זיך אויפֿגעריסן, מ'האָט זי אָנגעקוקט מיט חשר־

דיקע בליקן — אַזוי האָט זיך איר געדוכט. זי האָט זיך פאַרגראָבן אין קאָלנער און מער קיינעם נישט געזען. איר האָט זיך אַלץ נאָך געדוכט, אַז די ברענענדיקע וועלדער דרייען זיך אין אַ קרייז, לויפן איר נאָך, וועלן זי דעריאָגן און ווי שטאַרק זי זאָל נישט פאַרקוועטשן די אויגן, וועלן זיי אָט באַלד ווידער אַנטקעגנקומען. ניין, ער איז נישט אינגאַנצן אומגערעכט געווען, מיקאָלע — די וועלדער און די פאַרוויייעטע דערפלעך ברענען, זיי ברענען מיט אַ שטיל פייער. זיי גליען אונטערן שטיוול פון אָקופּאַנט. זיי וועלן אויפפלאַקערן אין בלוטיקע שריפות אויף אַלע האָרי־זאָנטן. די סטיכיע גייט — קערעווען דאַרף מען זי.

נאָכגעיאָגט האָבן איר נישט בלויז די ברענענדיקע וועלדער — דאָס גאַנצע פאַרפאָלגטע אונטערערדישע לעבן איז איר נאָכגעלאָפן. דאָס טרייסלען זיך פון דער שויב, ווו איר קאָפּ איז געווען פאַרוואָרפן, האָט זיך איבערגעגעבן איר ציטערדיקן גוף, אירע אומרואיקע טראַכטענישן. זי האָט זיך דערזען, קוים אַ דרייצניאָריקע, צווישן די קרומע געסלעך, אויף די זאַמדן, אין דער פאַרויכערטער פאַבריק־שטאָט. דער טאַטע, דער וועבער, האָט די לונגען אויסגעשפּיגן; און זי איינע האָט באַדאַרפט אויס־האַלטן דער מאַמען מיט די פּיצלעך. דערנאָך איז זי אַוועק, אַנטלאָפן, מ׳האָט זי פאַרפאָלגט; ס׳האָבן איר נאָכגעיאָגט די תפיסות, ווו זי איז יאָרן־לאַנג געווען פאַרשפאַרט...

אויפגעריסן האָט זי זיך, ווען אין די פאַרלאָפענע שויבן האָט בלאַס געגומען ליכטיקן. זי האָט אַוועקגעווישט דעם פראָסטיקן טוי און האָט דערזען פון ווייטן אַרויסהייבן זיך די באַגילדעטע שפּיצן פון עפּעס אַ צערקווע. אויפן שאָסיי איז די פאַרעריי געוואָרן אַן אָפּטערע. עטלעכע מאָל האָט זיך דער אויטאָבוס געמוזט אָפּקירעווען און דורכלאָזן די אָנ־געפלויגענע לאַסט־אויטאָס. ס׳האָבן פאַרבייגעשווינדלט רויטע, פאַרגאָ־סענע פנימער אונטער קאַנטיקע דאַשיקעס, לופעס. ביי דער ראָגאַטקע האָט זיך דער אויטאָבוס צום לעצטן מאָל אַ קירעווע געטון איז איז שטיין־געבליבן. רויע קולות האָבן זיך אויפגעכאַפּט האַרט הינטער די פאַרלאָפּע־נע שויבן. אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט אויפגעריסן ס׳טירל; גלייך נאָך אים האָבן זיך מיטגעשפּאַרט עטלעכע ציווילע. די פאַרוואָרפענע קעפּ האָבן זיך אַ הייב געטון. און ווען די בליקן זייערע האָבן זיך איינגעשטאָכן אין איר, האָט זי אַ לאַנגע רגע נישט געקענט איינהאַלטן אין זיך דעם דינעם פלאַ־טער. צום מוח און אין די גלידער האָט אָבער צוגעשטראָמט אַ פרישער כוח. זי האָט דרייסט אַנגעצילט איר בליק אין זייערע און קיין אויג האָט קיין פינטל נישט געטון.

דער קאָמיסאַר אַליין איז דערנאָך אויסגעוואַקסן איבער איר — אַ הויכער, מיט אַ געגאָלטן קאַרק, מיט ברוינע, אָנגעפראָסטיקטע וואָנסן. הינטער אים האָט איינער פון די ציווילע זי געגוי באַטראַכט:

— יאָ, דוכט זיך, אַז די זעלבע...

— איך בעט, נישט אַזוי... — האָט זי זיך אויפגעשטעלט.
— זאָל זיך די פריילן נישט אַזוי דענערווירן... ס'לוינט נישט... — האָט זי דער קאָמיסאַר צוריק אַנידערגעזעצט, אַ ווונק געגעבן צום ציי־ווילן וועגן פרישן אויטאָבוס, וואָס איז אָנגעפאָרן, און צו די איבעריקע האָט ער זיך געווענדעט זייער העפלעך — אָפּליידיקן... כ'בעט אַלעמען אָפּליידיקן.
— נישט ווייט פון טירנע איז די פּאַני איינגעשטיגן... — האָט זיך דער שאָפער אומגעדרייט — זי האָט געבעטן אָפּשטעלן...
אַן אַנטשלאָסן קנייטשל איז שטיינגעבליבן ביים מיידל אַרום אירע דינע, שטרענגע ליפּן. נאָך איידער דער קאָמיסאַר האָט זיך באַוויזן אומ־צודרייען, האָט זי געטון אַ רייס אויף דאָס נעטל פון דער שפּיץ קלאַפּע, אַרויסגעצויגן פון דאָרט אַ דין פּאַפּירל און האָט עס גענומען אַריינפּאַקן אין מויל אַריין, צום אַראָפּשלינגען. אַלץ האָט זיך אַ וואַלגער געגעבן אין דער לופטן. איר קאָפּ איז צוגעזעצט געוואָרן צו דער שויב און פיר פּאָר הענט האָבן ביי איר גענומען אויפרייסן ס'מויל. שטיקער גלאָז האָבן זיך געשאָטן און דער שויבערדיקער קאָפּ אירער איז שטעקן געבליבן אין פרייען דרויסן. זי האָט שטאַרק געהאַט פאַרקלעמט די ציין. זי האָט דערפילט ווי מען טראָגט זי. דורכגעשפּאַרט זיך דאָס טירל, האָט מען זי אַנידער־געוואָרפן אין שניי אַריין.
— די שציערוווע! — האָט זי דערפילט איבער זיך טרעטנדיקע פיס
— אַראָפּגעשלונגען האָט זי עס...
זי האָט זיך אָבער באַלד האַסטיק אויפגעריסן, דורכגעקעמט מיט אַ פאַרבלוטיקטער האַנט דעם שויבערדיקן קאָפּ און מיט אַ צעקרומט מויל איז זי שטיינגעבליבן פאַר זיי, כמעט אַ שמייכלענדיקע:
— אַצינד נעמט מיך!
מ'האָט זיך פונדעסטוועגן אָפּגערוקט פון איר מיט אַ טראָטל.

# 25

דער אַלטער אַרכיפ האָט זיך ביז אַ שטיק נאָכן האַלבן טאָג אָפּגע־שאָקלט אין צעשאָטענעם וועגעלע און ס'האָט נאָך אַלץ קיין סוף נישט געגנומען. אין אַלע זייטן פון אויפגעריסענעם האָריזאָנט האָבן זיך פאַר־וואַלגערט בלויע, דורכזיכטיקע אַליעכע־וועלדלעך, אונטערגעשוווענקט פון די זומפּן. אין פרישן גרינס האָבן פריילינגדיק געמורמלט פאַרהוילע־נע ריטשקעס.

ער האָט כאַטש ביזן פריען פאַרנאַכט געוואָלט באַווייזן אָנצופאָרן צום קאָרשון־סעדל, ביי דער ניי־אויפגעשטעלטער גמינע־שטוב, וואָס מ׳האָט נאָכן לעצטן אָנפאַל איבערגעבויט ביים טירנער חרובן פּאַלאַץ.

אַ טאָג דריי נאָכאַנאַנד, ווי די באָבע האָט אַרומגעמאַטערט:

— פאָר. זאָג איך! טו אַ טרייב די שקאַפע און נעם דאָרט אָפּ ביי זיי די קוויטלעך! אַלע, האָבן זיי באַפוילן, דאַרפן קומען און אָפּנעמען... פרישע „פּאָדאַטקעס" אַוודאי...

דער באָבעס איינגעגעסענע רייד האָבן, ווי אַ שוואַרצע וואָראָנע, גע־פּיקט אין שאַרבן. זיין צעווינטיקט פּנים מיט די אויסגעפּליקטע באָרד־שפּיצן, האָבן זיך פאַרהויקערט און — ער האָט געמוזט נאָכגעבן. ס׳האָט אים אָבער נאָר פאַרדראָסן, וואָס זי וויל נישט פאַרשטיין:

— נאָכוואָס, פרעג איך, שלעפּן זיך צו זיי? ווי לאַנג איז דער שיעור? און וואָס, פרעג איך, אין די וועלדער טוט זיך, ווייסטו?...

— זיי וועלן אָבער נאָך אַמאָל אַזוי אַ קום־געבן מיט די „מאַשינעס"... אוי, וועלן זיי צעשיסן! ניין, זיי וועלן נישט שאַנעווען...

— הי, הי! — האָט ער אונטערגעטענצלט — אָט רעדט זי שוין נאָך, דער גולם! און אַז די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן אין „באָוי גאָד" אונטער־געצונדן די וועלדער און צעשאָסן פינף זייערע, רוקן זיך אַהער אין אַ כמאַרע, ווייסטו?... און אַז דער גאַנצער קאַנט איז אויפגעבראַכט, ווייל מ׳האָט די באַטראַקעס אין די וועלדער נישט אויסגעצאָלט, ווייסטו? ניין, מען וועט מער נישט צאָלן...

ער איז געפאָרן און אויפן גאַנצן וועג האָט עס אים געוואָרפן פאַר כעס; נישט אַזוי אויף דער באָבע אַליין — אַן אַלטער נאַר, דער שכל דינט איר שוין נישט. געזאָטן האָט עס אים דער עיקר אויף די אַלע עק־זעקוטאָרן, די „פּאַנעס", וואָס שיקן אַן פון שטאָט די פּאַפּירלעך מיט די אַלע מינים צאָלעכצן — דאָס איז דיר פאַר די דריטהאַלבן מאָרגעס לאַנד, פאַרן בידנעם ריווח פון פאַרזיי, פאַר דער שקאַפע, פאַרן העקסל, פאַרן הונט און — דער טייוול ווייס אַלץ פאַרוואָס...

הינטערן איינגעזונקענעם צווינטער האָט ער זיך פאַרהאַלטן. פון די פאַרנאַכטיקע פעלדער האָבן זיינע אָנגעשפּיצטע אויערן פאַרנומען אַ קענטלעכע בילעריי. ער וואָלט געשווירן, אַז שוין אַ שטיק וועג הערט ער די דאָזיקע הוילעריי. ס׳זאָל אַמאָל נישט זיין „וואָלק", די בלינדלעכע צויג.

אַ מינוט האָט ער זיך איינגעהערט אין דער שטילער, עכאָדיקער בי־לעריי, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען פון די פינצטערנדיקע פעלדער. דער־נאָך האָט ער זיך שאַרף אַ פאַרזשמורע געטון און דערזען, ווי צווישן די ווערבעס, איבערן ליכטיקן סטאַוו, היפּערט מיט אַ צעפלאָשעטן עק און מיט אַן אויסגעשרויפטן פּיסק צום הימל די קודלאַטע צויג „וואָלק". זי יאָגט מיטן שטעגל און שמעקט אין דער איינגעשניטענער רעדער־קאָליע.

ביים אַלטן האָבן מיטאַמאָל אַלע קנייטשעלעך אויפגעלויכטן. די צויג האָט אַ שפרונג געטון איבער די האַלאַבליעס, צוגעפאַלן צום אַלטנס פיס, וואָס האָבן זיך געשאָקלט איבער דער דראַבינע, און האָט פאַרענדיקט מיט אַ צופרידן וואָיעלע.

ער איז צופרידן געווען צו פילן הינטערן רוקן דעם הייסן, אָפּגעהאַקטן אָטעם פון דער געטרייער צויג „וואָלק". אים האָט זיך לעבעדיק אַ שטעל געטון פאַר די אויגן דער פרילינג פון צוריק מיט אַ יאָר זיבן, ווען דער שטראָם האָט האַרט צום כוטאָר געבערענגט אַנצוטראָגן אַ קליין, אויסגענעצט הינטל. ער איז פאַרנאַכט־צייט געשטאַנען ביים גראָבן, ביז וואַנען דאָס וואַסער האָט זיך איבערן מעת־לעת געהאַט אַ טראָג געגעבן, צוגעקוקט זיך, ווי דער שטראָם רייסט מיט די פאַרוואָרפענע בריקלעך, די אונטערגעפוילטע שליוזן. ווען ער האָט עס אַרויסגעשלעפט, האָט עס אינגאַנצן געציטערט פון קעלט, דאָס הינטל. מיטן פייכטן פיסקל האָט זיך עס פאַרטוליעט אין אים; אים איז שטאַרק געפעלן געווען דאָס שוואַרצע לאַטקעלע אויפן וואַרעמען בייכל.

— נאַ, אָט האָסטו — האָט ער זיך אומגעקערט צו דער באַבע אין כאַטע אַריין — האָדעווע עס כאָטש אָן. אָט ציטערט עס אין מיינע הענט. אַ רחמנות, זאָג איך. דער שטראָם האָט עס אַוודאי פון אונטער דער מאַמעס ברוסט אָוועקגעשלעפט.

— מיר וועלן נאָך אָוועקשווימען מיט דער גאַנצער באַלעבאַטישקייט און אָט ליגן אים גאָר נאַרישקייטן אין זינען... הינטלעך גאָר... היי, אַלטער עובר־בטל...

די טירן און די קוואַדראַטנע שייבלעך זענען געשטאַנען אויפגעריסן. פון דאָרט טאַקע האָט ער זיך צולעצט אומגעקערט, דער אַלטער, מיט אַ פאַרוקטער פאַפּאַכע איבערן דערשוויצטן שטערן.

— אַז דאָס וואַסער זאָל אַזוי ווייטער שטייגן, וועט מען זיך מוזן נעמען פאַקעווען. זע, דאָס גאַנצע דאָרף שווימט שוין באַלד אָוועק...

פון צווישן די כאַלופּעס האָבן זיך אָפּגעריסן פאַרנאַכטיקע געשרייען. דאָס שטייגנדיקע וואַסער האָט מיטאַמאָל ווייט אַ צעטייל געטון די אונטערגעשווענקטע יאַדלעס. ער איז אָוועק מיטן אַרויסגעצויגענעם הינטל אויף יענער זייט פלויט, האָט עס פאַרטוליעט ביי זיך אויף די קני, אָנגעהאָדעוועט עס פון אַ קליין שיסעלע מילך. „אין דער כאַלופּע — האָט ער געטראַכט — איז אומעטיק. אָט וועט זיך ארומדרייען נאָך אַ לעבעדיקער נפש"...

אַזאַ דערמאָנונג האָט עס אים געבערענגט. אויך היינטיקן פרילינג, ווי דעמאָלט, האָט דאָס וואַסער פאַרשווענקט די טאָלן און די צויג „וואָלק" איז שוין באַלד אַ זקנה, אַ בלינדלעכע אויף איין אויג. אירע דורות הינטעלעך זענען, פונקט ווי ביי אים די קינדער, זיך צעלאָפן אין דער וועלט אַריין.

מיט איבערגעקערטע ווייסלעכצן האָט די צוויג שאַרף נאָכגעקוקט דעם אַלטנס אַ ציטערדיקן באָרד־שפּיץ. דאָס פֿורל האָט זיך שוין צוריק גע־האַט אַראָפּגעשאָטן אין שטויב אַריין. ביים אויפגעשוואָלענעם וואַסער זענען געשוואומען אין פֿאַרנאַכט אַריין צוויי פֿאַרוויקלטע באַבעס. אין גאַנג, האָבן זיי זיך צוגעשאָקלט, ווי די ביימלעך אין לינדן זומפּ־ווינט. צום אַלטן פּאַלאַץ קיין טירנע איז שוין נישט פֿאַרבליבן ווייט. די צוויג איז אַראָפּגעשפּרונגען און אַנטקעגנגעטראָגן אַ העפּטיקע בילעריי די פֿאַרהוי־לענע הינט.

— אָט אַ „סוקע״... — האָט דער אַלטער אויסגעשפּיגן און אָנגע־יאָגט די פֿאַרוויקלטע באַבעס — האָט שוין דערשמעקט די איריקע...

דער טראַקט איז באַלויכטן געווען פֿון דער שורה צעצונדענע שייב־לעך. אויפֿן גאַניק האָבן זיך געראַיעט די באַבעס און די פֿאַרוואַקסענע פּויערים. ס׳האָט זיך אָפּגעריסן אַ פּילשטימיקער טומל.

— ווּהין, ווייבער? — האָט אַרכיפּ געפֿרעגט — אויף אַוודאי נאָך די די קוויטלעך? עך, טאַטעלעך...

ער איז געגאַנגען ביים זייט און האָט פֿויל אונטערגעשמיסן די שקאַ־פֿע צו די שטאַכעטן. פֿון דער טיר האָבן זיך דורכגעשפּאַרט צוויי בלוי־מונדירטע, צוויי מאָטאָציקלען האָבן אָוועקגערוישט.

געבאַלעבאַטעוועט האָט דאָרט אינעווייניק דער עקאָנאָם פֿון טירנע, באַלעסלאַוו כמיעל, אַ נידעריקער, מיט בייזע וואָנסן און מיט צוויי אָפּ־געשאָסענע פֿינגער אויף דער רעכטער האַנט. דער שרייבער איז געווען זיינס אַ ברודערל, יוזשעק, מיט דינע, פֿאַרשוירענע פּיאהלעך. שטענדיק, אַז אין פֿאָדער־הייזל האָט זיך צונויפֿגעקליבן אַן עולם, האָט ער זיך שטאַרק דענערווירט; באַזונדערס אויפֿגערעגט איז ער געווען ביים פֿונ־אַנדערטיילן די שטייער־בלאַנקן, וואָס זענען עטלעכע מאָל דורכן יאָר צוגעשיקט געוואָרן פֿון דער פֿינאַנסן־אָפּטיילונג אין דער קרייז־שטאָט. דער עקאָנאָם האָט אונטערגעטריבן יוזשעקן:

— קוק נאָר, די כאַמעס שטייען שוין באַלד קאָפּ אויף קאָפּ און ער נעמט זיך איינטענהן מיט אַ נאַרישער באַבע!...

דער עולם האָט אָבער נישט אויפֿגעהערט אָנצוזוואַקסן הינטערן באַר־יערל און יעדער האָט שוין אויפֿן אָרט געוואָלט וויסן וואָס אַזוינס איז ביי אים אין קוויטל אָנגעתמעט.

— יערמאָלאַי יעזשאָוו. 92 זלאָטעס מיט 30 גראָשן דאַרפֿסטו אַריינ־טראָגן פֿאַר דער שקאַפֿע, פֿאַרן עקסל און פֿאַר די צוויי אַ האַלב מאָרגעס. נישטאָ דאָ קיין שום חכמות... אָט דאָ, אונטערן לעצטן פּאַס...

— אָבער אָט, פּאַניטש — האָט יענער געקנייטשט די ווינטערדיקע פּאַפּאַכע אין די ציטערדיקע הענט — פֿאַרוואָס אַזויפֿיל? ווי, 92 זלאָ־טעס? מיינע אַלטע אויגן דערזעען שוין נישט. ווו וועל איך עס נעמען,

אַז פון פּאַראַיאַריקן אַראָפּפיר איז מיר גלייך אָנהייב ווינטער גאָרנישט פּאַרבליבן...

— געננג דיר צו נודיען, אַלטער! נישט אונדזער זאַך צו וויסן וועגן דעם!..

— אַרכיפּ זובאָוו! — האָט יוזשעק צענומען אַ געפּרעסטן בלאַנק מיט אַ קליין צוגעטשעפּעט קוויטעלע. דער אַלטער האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט:

— לאָמיר כאָטש הערן וויפל די „פּאַנעס" האָבן מיר דאָרט אַריינגע־בענטשט. קיין עקסל איז נישטאָ, קיין טעלעצע — אויך נישט. קוים אַ בידנע שקאַפּע מיט דריטהאַלבן מאָרגעס זומפּיק לאַנד. האָב איך נאָך פון האַרבסט־שניט אָפּגעצאָלט...

— וועגן אַ הונט רעדט זיך ביי דיר. פּאַראַן ביי דיר אַ הונט?

— פּאַראַן, אַוודאי פּאַראַן! אַ בלינדלעכע צויג. ווו איז מיר ערגעץ פּאַרפאַלן געוואָרן? — האָט ער זוך געטון ביי די פיס.

— נו, איז אָט, באַצאָלן דאַרפסטו, 33 זלאָטעס...

דער אַלטער האָט זיך געקראַצט אין פּאַרוואַקסענעם נאַקן:

— ווער זאָל זיך עס געווען ריכטן? פאַר אָט דער נאַרישער צויג גאָר צאָלן... וואָלט איך כאָטש אַ פונטיקל זאַלץ מיט אַ הערינג געקענט איינ־האַנדלען אין שטאָט — איז אויף דעם סטייעט נישט...|אוי, קלאָגט זי די באַבע: אָט דאָ, אונטערן לעפּעלע, פאַרגייט עס איר, ס׳ציט — אַ קעפּל הערינג כאָטש אויסצונאָגן...

מיטן פּאַפּיר אין דער האַנט, האָט ער זיך באַלד דערפילט אַוועקגע־שטופּט. פּלייצעס האָבן אים פּאַרשטעלט די בלענדיקע לאָמפּן.

איינדרויסן, ביי די גערטל־שטאַכעטן, איז לעבן פּורל געזעסן „וואָלק". זי האָט אַרויסגעלאָזן אַ פּאַרשטיקטן וואָי. מיטן גאַנצן כוח האָט ער אַ שטויס געגעבן מיט דער טעמפּער נאָז פון שטיוול איר אין זייט אַריין, אַז זי איז, אונטערשפּרינגענדיק, אַוועק, אַ לאָמענדיקע, מיט אַ פּאַרבוי־געגעם עק אונטערן בויך...

ער האָט זיך גאָרנישט אָפּגעשטעלט איינטענהן מיטן עולם אויפן גאַניק. איבערן אויפגעשוואָלענעם וואַסער, צווישן פינצטערע קאָנטורן, האָט אים באַגלייט אַ פּאַרוויטלטע לבנה. אין דער רויטקייט פון דער פו־לער לבנה, האָט די פּאַרגאָסענע טאָרף־געגנט, די אוראַלטע פוילעניש, אויפגעגלאַנצט מיט גרינע, אומהיימלעכע פּאָספּאָר־פייערלעך. אין אַזאַ פּאָספּאָרנער ווינטערדיקער נאַכט — האָט זיך אים געפּלאָנטערט — האָבן איבערן פרישן שניי אָנגעיאָגט פון די טיפע וועלדער די פּאַרטיזאַנער פון די פּאַציפּיקירטע דערפער, האָבן אונטערגעצונדן דעם טאַרטאַק, אוועקגע־לאָזט מיטן רויך די פּאַרלייגטע רעזערוו־פּלעצער...

אַראָפּלאָזנדיק זיך מיטן וועגעלע צום בריקל, איז ער מאָדנע זיכער געווען, אַז אָט באַלד וועלן זיי זיך ווידער אָנרוקן אין כמאַרעס פון די טונקעלע וועלדער, אַוועקלאָזן זיך צו די נייע כוטאָרן פון בעל־הגוף יע־

רעמי, צום טירנער אַלטן פּאַלאַץ, צום גוט פון די וורובלעווקיס און ביז אינדערפרי וועט איבער אַלע וועגן אָפּהילכן אַ שיסעריי. אַ קליין, פּעט קעלבל כאַטש, נישט מער, וועט ער אַוועקשלעפּן פון זייערע שטעלער און ברענגען עס דער אַלטער. די באַקן זענען שוין ביי איר איינגעפאַלן, ווי אַ חורבה. אָט וואָלט זי אויסגעזאָגט אַ ביינדעלע. זי רעדט נישט, די אלטע, אָבער זי גייט איין פון טאָג צו טאָג, ווי אַ סקאָרינקע...

דאָרט, ווו דער שאָסיי קרומט זיך אַוועק, אַנהייב וועלדל, האָט אים מיטאַמאָל אַ בליצנדיקע שיין אַ שטאָך געטון אין די אויגן. די טונקלעניש איז געוואָרן נאָך געדיכטער, האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אים, ווי אַ וואַנט און ער האָט דערהערט:

— וווהין שלעפּסטו זיך עס, אַלטער? לאָמיר זען אָקאָרשט וואָס איז ביי דיר אין פורל... ניין, קיין בלעטלעך פירסטו נישט?... קיין געווער אויך נישט?...

— צוריק פון דער גמינע פאַר איך... פון טירנע... — האָט ביים אַלטן אַרכיפּ געציטערט דאָס קול.

— נו־נו, גענוג... מיר ווייסן!...

צוערשט האָבן זיי אים אַליין אַרומגעטאַפּט. דערנאָך איז ער געשטאַ־נען אָפּגערוקט און דערזען, ווי דריי הויכע פּאָליציאַנטן נישטערן מיט טאַשן־לעמפּלעך אין דעם אונטערגעבעטן היי. זיי וואַרפן אַלץ אַדורך און לייכטן אים נאָך אַמאָל אַריין אין די אויגן:

— קענסט פאָרן! און נאָך אַמאָל שלעפּ זיך נישט דאַ אַרומעט!...

און דעמאָלט האָט זיך די צויג א שאַר געטון צו אים אין דער גע־דיכטער פינצטערניש. זי איז געקומען שטיל, הכנעהדיק און האָט זייער טרויעריק אַרויפגעגלאָנצט צו אים מיט די ציטערדיקע פּלעמלעך. דעם אַלטן האָט שוין מער קיין כוח נישט געסטאַיעט. צווישן אויסגעריסענע וואָרצלען האָט ער פאַרהאַלטן דאָס פורל, אַראָפּגעלאָזט זיך און האָט בלינד געגנומען צעוויקלען דאָס מאַכאָרקע־טאָרבעלע. מיט אַ פייכטער, בעטנדי־קער מאָרדע איז די צויג דערקראָכן צו אים, מיט אַ סליונעדיקן צונג ארומ־געלעקט זיינע פאַרהילצערטע פינגער און האָט זיך צעוואָיעט אויף אַ ביי־קול; און ס'איז זיי ביידן טרויעריק געווען. דער אַלטער האָט זיך דער־מאָנט, אַז אַלצאיינס האָט ער נישט ביי זיך דעם רייב־שטיין אויף פייער. האָט ער געוואָרפן דאָס מאַכאָרקע־טרייבל פון איין ווינקל ליפּ צום אַנ־דערן און ס'גאַנצע אומעטיקע לעבן איז אים אויפגעגאַנגען.

— דיר איז אויך אָנגעזאָלצן אויף דער נשמה, האַ, „וואָלק״?... — און ער האָט פאַרהויבן דער צויגס מאָרדע צווישן די אויסגעפּליקטע קניען — אַ גאַנץ לעבן, ווי מיר ווילן זיך ביידע אָפּרייסן פון דער קייט... און דיינע הינטעלעך ווו זענען, „וואָלק״? צעלאָפן זיך ערגעץ, וואָס?... 33 זלאָטינ־קעס דאַרף איך איצט ארויסלייגן פאַר דיר און ווו זיי נעמען? די ריפּן זענען שוין ביי דיר נישקשה איינגעפאַלן. אַפילו אויף צו עסן טויגסטו

נישט... היי, אַלטע, ביסט געגליכן צו אַ מענטש, אַ פויער, אַ לייב־אייגע־נעם. „וואָלק" רופסטו זיך, וואָלף הייסט עס, נאָר ביסט קיין האָן אויך נישט — הייזעריק וואָיעסטו, ווי פון אונטער אַ סטויג היי. הער צו, „וואָלק" — גיי דיר ווו דו ווילסט, אָט וואָס! כ'קען נישט מער. פאַר־שטיי... ערלעך האָסטו געדינט, כאָטש מען האָט דיר אַפילו נישט אַזוי ווויל באַהאַנדלט. אַלע כעסן האָט מען אויסגעלאָזן צו דיין קאָפּ... גיי דיר אַוועק אין די זומפּן און שטאַרב מיט אַן איינזאַמען טויט... נײן, ביי די מענטשן איז נישט גוט. מיר וועלן מסתמא אויך אזוי אַוועקשטאַרבן...

— אַהו... אַהו... — האָט די צויג געוואָיעט.

אין טיפן חושך האָבן זיך נאָך אַלץ געגאָסן לעבלעכע שטראָמען. ביי־דע האָבן זיך לאַנג איינגעהערט צום אומהיימלעכן גערויש. דערנאָך האָט דער אַלטער אָפּגעשטופּט די צויג פון זיך — ס'איז אים פיינלעך געווען צו קוקן אינעם פייכטן גלאַנץ פון אירע אויגן; ס'איז אים אליין אַ רחמנות געווען פאַר דעם, וואָס ער וויל מיט איר אָפּטון...

און צו זיי דאָרט וועט ער מאָרגן אַוועקגיין און הייסן זיי אַריינ־שרייבן צו די שטאָטישע „פאַנעס", אַז ער וועט נישט באַצאָלן קיין 33 זלאָטינקעס. נישטאָ ביי אים מער קיין הונט; מ'האָט אים געקוילעט און אויפגעגעסן... אַזוי וועט ער הייסן אָנשרייבן...

מיט שיכורע שפּרייזן האָט ער זיך אומגעקערט צום פורל, האָט צי־טערנדיק געזוכט אונטער אַלע זיינע קאָזשוכעס און לייבלעך און אָנגע־טאַפּט דאָס צוגעזשאַווערטע קניפּיקל, וואָס איז ביי אים צוגעטשעפּעט אויף אַ שטריקל צו די הויזן; דאָס זעלבע, מיט וועלכן ער שניידט פּאַוואַ־ליע קליינע שטיקעלעך ברויט, באַשיט מיט זאַלץ און וואַרפט זיי מיט אַ פאַרמאַכטער פויסט אין מויל אַריין. נישט אומדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט ער נאָך אַמאָל אַ רוף געגעבן :

— גיי, „וואָלק"... גיי דיר וווהין דו ווילסט !...

די צויג האָט זיך אָבער געלייגט ביי זיינע פיס, אַרויפגעקוקט צו אים מיט בעטנדיקע פלעמלעך אין אירע אַלטע אויגן און האָט צום לעצטן מאָל אַרויסגעלאָזן אַ קורצן, פאַרשטיקטן און כאָרכלענדיקן וואָי...

# 26

פאַר די זיבן־אַכט חדשים, ביזן פּראָצעס, וואָס דאַנילאָ איז געהאַלטן געוואָרן אין ווייסן תפיסה־בנין, האָט ער אינגאַנצן איין איינציק מאָל זיך באַגעגנט מיט מיקאָלעס פּאַרטייעטן און אויסגעהונגערטן בליק — אַן אומרואיקער און דאָך זעלבסטזיכערער בליק פון אַ געפאַנגענער וואָל־

פּעכע. דאָס איז געווען אין דער גרויער און טונקעלער געריכט־פּאַלאַטע, ביים אויספאָרשונג־ריכטער, הינטערן באַוואַכטן באַריערל. ביים גרינעם טיש, אָנגעוואָרפן מיט אַקטן, אין שאָטן פון אַ קליינעם זילבערנעם קרוי־ציפיקס, איז געזעסן אַן איינגעצערטער זקן, מיט הויטיקע בעקלעך, פרעמד־קלאַפנדיקע ציינער אין מויל, און האָט זיי אפשר אַ שעה דריי דערקוי־טשעט מיט צודרינגלעכע און זליד׳נע אויספרעגענישן.

ער האָט נאָנט אָנגעבויגן דאָס זילבערדיק־אַרומגעזוימטע פּליכל צום שטויס פּאַפּירן, צוריקגעוואָרפן זיך צום הויכן אָנלען פון דער שטול, אויס־געשטרעקט אַ ביינערדיקע האַנט צום טויטן־שאַרבן אויפן גרינעם גע־וואַנט, באַקוקט אים מיט קורצזיכטיקע אויגן און נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, געמאַטערט זיי מיט סאַמע אומבאַדייטנדיקע פראַגן, ווי ס׳האָט זיך געקענט אויסדוכטן; זאַכן, וואָס האָבן אינגאַנצן נישט, אָדער זייער אַ קנאַפּע שייכות צו זייער באַשולדיקונג. דאָס איבעריקע, וואָס איז געווען אין די אַקטן פון אַריבער הונדערט בויגן, איז שוין, הייסט עס, פאַר אים אינגאַנצן קלאָר געווען. געשטעלט האָט ער, למשל, אַזעלכע פראַגן : צי ס׳איז זיי באַקאַנט דער פאַל, אַז דאָס דייטשע מיליטער, ביים פאַרנעמען אין זומער 1915 די שטאָט, האָט אויסגעמיטן די גוט־באַשיצטע פעסטונג ביים בוג, און איז די שטאָט אַרומגעגאַנגען ? אָדער : ווי לאַנג, לויט זייער מיינונג, קען אַזאַ באַפעסטיקטע שטאָט אויסהאַלטן, אויב עס זאָל אַזוי גיך קיין הילף נישט קומען ?...

דעם קאַרגן צענדליק פונאַנדערגעזעצטע פויערים, און צווישן זיי דאָס יידישע מיידל האַלינע, וואָס האָבן אַלע פאַרנומען די נאַקעטע בענק הינ־טערן באַריערל, איז עס בשום־אופן נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. זיי האָבן געפינטלט מיט די פאַרשוומענע, מידע אויגן, געווישט זיך דעם אָנ־געזעצטן אַנגסטן־שווייס און מיט אָפענע מיילער, ווי ביי אַ פיש אָן וואַ־סער, האָבן זיי בלינד געגלאָצט אין דער ליידיקייט פון דער גרויער פּאַ־לאַטע; ביז איין מיקאָלע האָט זיך ראַפּטום אויפגעריסן און געענטפערט האָט ער שוין פאַר אַלעמען אויך :

— מאַטערט נישט ! — איז ער גרייט געווען אַריבערצושפּרינגען דאָס באַריערל — דאָ זיצן פאַר אייך ערלעכע, אַרבעטזאַמע מענטשן... די אַלע זאַכן קריכן זיי סיי־ווי נישט אין קאָפּ אַריין. געגוג האָט מען זיך אָנגע־ליטן ביי דער אויספאָרשונג... באַפעלט צוריקצופירן און דערנאָך — משפּט, ווי ס׳טראָגט אויס אייער געוויסן... יאָ, געוויסן... — האָט ער זיך צוריקגעוואָרפן צו דער נאַקעטער באַנק און אָפּגעמאָסטן די ביידע פּאָ־ליציאַנטן, וואָס האָבן זיך אַ ריס געטון צו אים.

אָבער סיי־ווי האָט מען זיי שוין דערנאָך לאַנג נישט פאַרהאַלטן. דער זקן האָט נאָר פאַרגעלייגט צו באַשטעטיקן און חתמנען דאָס אַלץ, וואָס אין די לאַנגע פּראָטאָקאָלן איז געווען פאַרשריבן.

— זיי האָבן געפייניקט, האָב איך זיך מודה געווען.... אָבער נישט

אַזוי, פאַנאַטשקו, איז עס געווען... ס׳הייסט, נישט איך... — האָט זיך דער פאַרצערטער פויער פראַכאַר געקלאַפּט מיט אַ פויסט אין האַרץ אַריין און צווישן זיינע פאַרהילצערטע פינגער האָט זיך נישט־געשיקט געוואָרפן דער אַרייגערוקטער פעדער־האַלטער.

— פאַנאַטשקו! — האָבן זיך די צעכראַסטעטע פויערים געריסן צו דער פאַרקלאַפּטער טיר, נאָר די ביקסן־קאָלבעס האָבן זיי שוין געשטויסן פון די טרעפּ; ברייטע טרעפּ, פון קאַלטן מאַרמאָר. די געפלאַכטענע לאַפּ־טשעס און די איינגעטרוקנטע שטיוול מיט די טעמפּע נעזער האָבן זיך צו־ערשט געפאָרכטן צו טרעטן איבער זיי.

ווען מ׳האָט זיי אין פאַרנאַכט, צווישן געדיכטן פּאָליציי־קאָרדאָן, גע־שמידטע אין קייטעלעך, צוריקגעפירט צום ווייסן תפיסה־בנין, האָט זיך זיי דאָך איינגעגעבן דורכצוואַרפן מיט עטלעכע ווערטער. מיקאָלע האָט אומגעדרייט זיין פאַרוואַקסענעם קין פון ערד־קאָליר צום לינקן אַקסל און האָט ביטער געשמייכלט :

— נו, דאַניע... הייסט עס, אַז מיר זענען טאַקע פאַרלוירן? דו — שרעק זיך נישט... דו...

— פלאַפּל נישט... — האָט דאַנילאָ מער נישט אויסגעהאַלטן. אין מי־קאָלעס רייד, וואָס האָבן אים, הייסט עס, געוואָלט טרייסטן, האָט ער גע־פילט אַ טאָן פון פאַרצווייפלונג. אָבער אומדרייענדיק זיך נאָך אַמאָל זיי־טיק צו אים, האָט ער גאָר באַמערקט זיינע אָפּגעדעקטע ציין און דעם בליק זיינעם — אַן אָפּבריענדיקן, אַ פעסט־זיכערן — פון אַ געפאַנגענער וואָלפעכע.

— ווילסט מיך אויספרווון, צי וואָס?... דו... דו...

און מער האָבן זיי שוין נישט באַוויזן דורכצוואַרפן זיך. די אומ־דואיק־געצוימטע פערד האָבן זיי אַרומגערינגלט, פונאַנדערגעטיילט. אַזוי זענען זיי אָנגעקומען ביזן פאַרהעמערטן תפיסה־טויער.

אין די קאַמערן האָט מען זיי, ווי ביז איצט, אויך ווייטער געהאַלטן שטרענג־אָפּגעטיילט. דאַנילאָ האָט זיך צוריק געפונען אין דער עקסטער קאַמער פון טיפן קאָרידאָר. דאָס איז געווען אַ נאַקעטער צימער, ווו די שפּעט־האַרבסטיקע זון האָט אין די נאָכמיטאָג־שעהן דורכגעמאַכט אַ קליי־נעם קרייז האַרט אונטערן סופיט. דעם לעצטן מאָל האָט אַ שווינדל־געטון פאַר אים מיקאָלעס פאַרוואַקסענער קין אין אויפגעשפּאַרטן טירל, אין האַלבן שיין פון אַ פאַרוויכערט קאָרידאָר־לעמפּל. ס׳איז אים פונדעסטוועגן נישט געווען צו פאַרשטיין, מיקאָלען — די שטרענגע און זעלבסט־זיכע־רע האַלטונג זיינע. צי ווייסט ער נישט, דער נאַרישער, אַז מען קען אים נאָך אָנטון דאָס שטריקל?... „ניין, אַזוי דאַרף מען קענען... — האָט ער ליכטיק געטראַכט — און צי וועל איך אַליין אויך אַויסהאַלטן אַזוי ווייטער, ווי ביז איצט? ס׳איז גוט צו לעבן מיט אַזאַ פאַרביסענער זיכער־קייט. פון וואָלפס פּיסק איז נישט צו אַנטלויפן — אַזוי האָט מיקאָלע

אַנומלטן אַ וואָרף געטון — מען דאַרף די ווידלע אויפהייבן, דערלאַנגען און פּטור... פֿאַרפאַלן, ווער ס'איז דער שטאַרקערער"...

און פֿאַרוואָס האָט ער אין דעם אָוונט אינגאַנצן נישט געפילט די האַרטע נאַרע אונטער זיך? זיין וואַכער בליק האָט ביז טאָג געשטעקט אין בלויען פּירעק פון שייבל. די גאָרע שטילקייט האָט געקלונגען אין די אויערן; ס'איז נאָך קיינמאָל אַזאַ אָנגעצויגענע שטילקייט אַרום נישט געווען.

דאָס לעבן אין דער פּראָווינצער תּפיסה האָט זיך ווירקלעך געענדערט זינט די עטלעכע חדשים. די געפּערלעכסטע באַנדיטן, די ווילדסטע גאָרגל־שניידער, וואָלטן מסתמא אַזאַ רושם אין דער תּפיסה־אַדמיניסטראַציע נישט אָנגעמאַכט. דאָס האָבן ניין מענטשן — און צווישן זיי איינע, אַ יידיש מיידל, אַריינגעבראַכט די צערודערונג. פּאָליטישע זענען דאָ געוויינלעך אָפּגעזעסן אַ חדשים פינף־זעקס, ביזן פּראָצעס, און דערנאָך זענען זיי פונאַנדערגעשיקט געוואָרן איבער די טרויעריק־באַקאַנטע תּפיסות פון לאַנד — קיין שעדלעץ, קיין ראַוויטש, קיין פּאָרדאָן און אין דער ערגסטער, אין דער נאַסער, שטיינערנער, ווי אַ לעבעדיקער קבר — אין דער שוויענטאָ־קשיסקער.

דאָס פּלעצל פאַר די אַרומגעבראָכענע סקווערן איז געווען אָפּגעליידיקט. אַלעמאָל, פאַרנאַכט, האָט דאָ דורכגעלאָפירט אַ קליינע גרופּע רייטער־פּאָליציי. די אַרומגעשטעלטע לאַמטערן האָבן מרה־שחורהדיק געקאָפּטשעט אין די ווינקלען פון די זייטן־געסלעך. דער שפּאַציר פון די ניין אַרעסטירטע איז אויסגעפאַלן אין די באַגינען־שעהן, מיטן ערשטן שפּראָץ אויף טאָג. איינציקווייז, האָט מען זיי אַרויסגעפירט אויפן הויף. צוויי וועכטער האָבן יעדן פון זיי מיטבאַגלייט טריטווייז. קיין שום בעטענישן וועגן אַ זעאונג מיט די קרובים האָבן נישט געהאָלפן.

לינקס האָט זיך געפונען דער קליינער פּרויען־פליגל. אַמערסטן ביי־געריק זענען די וועכטער געווען צו יענעם ווינקל, וואָס איז אָפּגעטיילט געווען פון נאַקעטן הויף מיט אַ שטאַכעטן־פּלויט. זיי האָבן זי אַלעמאָל געזען אַראָפּפירן — אַ בלייכע, אַ פאַרביסענע. אין אירע אויגן איז שווער געווען זיך איינצוקוקן; זיי האָבן געבלאָנדזשעט מיטן ווייטן בליק ערגעץ העכער, איבער זייערע קעפּ. אַפילו דער גראָבער, געשטופּלטער וועכטער־רין, מיטן איינגעשניטענעם פּאַסיקל אונטערן היפּשן גוידער, וואָס האָט זי באַגלייט מיט פּעסטע, מענערישע שפּרייזן, האָט זי אַזויווי אינגאַנצן נישט באַמערקט. אַ מאָדנע פרייקייט איז געווען אין איר באַוועגן זיך, אין דער קרומער, אויפגעהעלטער שיין פון שפּעטן טאָג־אויפברוך.

די אָוונטן זענען פּרי צוגעפאַלן. אין פאָרנטיקן פליגל, ביים טורמע־נאַטשאַלניק, האָט זיך געלויכטן ביז שפּעט. די שיין איז געווען אַ פאַר־האָנגענע. אַ טעלעפאָן האָט דאָרט כסדר געקלונגען.

זי האָט זיך אָפּט געוועקט פון מידן דרעמל אין קאָשמאַרן. זי האָט

געזען פאַר זיך קלאָר דעם לעצטן, לויטערן פאַרטאָג, דאָס גיריקע איינזאַפּן דאָס איבערגעבראָכענע ליכט, דאָס ווייענדיקע ווינטל, דאָס קאַרגע ביסל גרינס פון לאַנגן, נאַקעטן הויף, אַרומגעשטעלט מיט די מאַסיווע געביידעס. דער לעצטער פאַרטאָג...

אינגאַנצן אָן חלומות איז געשלאָפן מיקאָלע. זיין ביינערדיקער גוף האָט זיך גיך צוגעוווינט צו די נאַרע־ברעטער. ער איז געשלאָפן מיט אַ האַרטן, געדיכטן שלאָף; אָבער זיינע אָנגעשפיצטע אויערן, אויפכאַפנדיק דעם מינדסטן גערודער, זענען באַלד וואַך געוואָרן. דורך די נעכט, הערנדיק די קרעכצן פון די איבעריקע פאַרשפאַרטע, האָט ער אָבער נישט געקענט צומאַכן קיין אויג. זיין ביסל שלאָף האָט ער זיך געקענט אָפּנעמען אַפילו שטייענדיקערהייט אויך. ער איז מיט זיך אַליין אינגאַנצן פאַרטיק געווען. אים איז קלאָר געווען פאַרוואָס ער זיצט און צוליב וואָס מען וועט אים צומשפטן, ביז דער האַרבסטער שטראָף אַפילו. אין די ערגסטע מינוטן האָט ער זיינע ביטערע חכמהלעך איבער זיך אַליין נישט אויפגעגעבן. „אָט, לאָמיר כאָטש אויסציען די קאָפּיטעס, ווי מען זאָגט, פאַר אַ זאַך, אַ וויכטיקער”...

נישט געלאָזן שלאָפן האָט אים דאָס געליימטע פויערל פראָכאָר. צוויי טעג האָבן זיי זיך אַרומגעיאָגט נאָך אים און האָבן אים פאַרנומען צוזאַמען מיט דער פאַרשטייפטער ווידלע אין זיינע בלויע, פאַרקראַמפּטע הענט. ביז דער לעצטער מינוט האָט ער זיך אָפּגעשלאָגן. ער האָט זיך געהאַלטן גוט. ער האָט שוין צוביסלעך אויפגעהערט צו קלאָגן איבער זיין „זעמליאַנקע”, וואָס האָט אויפגעפלאַקערט ווי אַ ליכטל; ער האָט שוין מער נישט געקלאָגט איבער דער מעוברתער באַבע מיט די פּיצלעך אַרום פאַרהויבענעם קלייד. אויף די פאַרטאָגיקע שפּאַצירן, זייטיק אומדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט אים געוויינלעך מיקאָלע געזען אַרויספירן — געהויקערט, דער בליק אָנגעצילט אַראָפּ. אַזוי — עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. ער האָט געפילט, אַז עפּעס ברעכט זיך איין אין דעם מענטש. די ברוינע סערמינגע האָט לויז אַרומגענומען זיינע מאָגערע לענדן. די פּיס, ווי האַלבע רעדער, האָבן אים קוים געטראָגן. פון דער שכנותדיקער צעלע האָט ער געהערט זיינע פאַרשטיקטע קרעכצן. די קלאַפּ־צייכנס דורך דער וואַנט זענען זייביידן געווען אומבאַקאַנט. פונדעסטוועגן איז איין מאָל מיקאָלע צוגעפאַלן צום אָפּגעריבענעם ליים און האָט אַריינגעקלאַפּט צו אים. ער האָט זיך אַ רגע איינגעהאָרכט. קיין שום צייכן. ער האָט אים נאָר געוואָלט זאָגן, דעם נאַרישן, אַז פונעם וואָיען וועט אַלצאיינס גאָרנישט אַרויסקומען; נישט קלאָגן זאָל ער, נאָר — פאַרשטיין. וואָלט ער די ווידלע אין האַנט נישט געכאַפּט, וואָלטן זיי אים סיי־ווי פאַרנומען און פון דער כאַלופּע וואָלט אַלצאיינס מער ווי דער פאַרסמאַליעטער קוימען נישט פאַרבליבן. קינדעריש־אומבאַהאָלפן איז מיקאָלע אַזוי זיצן־געבליבן,

מיט פּאַרקרומטע, האַלב־אָפענע ליפּן, נישט פילנדיק די דינע, בייסיקע קעלט.

אויף די שטילע פּראָווינץ־שטאָט איז אין משך פון די עטלעכע וואָכן געווען אונטערן איינדרוק פון פּראָצעס; אַלע האָבן אים אָפּגעוואַרט מיט אַן אומבאַשטימטן ציטער. ווער ס'האָט געפיבערט איבערן גורל פון ניין מענטשלעכע לעבנס און ווער ס'האָט מיט סאַדיסטישן אייפער און שאַדנפרייד אָפּגעוואַרט דעם אויסגעלאָשענעם פּאַרטאָג, ווען מען שטעלט אויף די תליות אין פאַרשטאַרבענעם תפיסה־הויף.

דורך די סאָציאַליסטישע צייטונגען, וואָס זענען אין די טעג דערשינען מיט ווייסע בלויזן, מיט האַלב־פּאַרמעקטע קעפּ, איז דאָס לאַנד געוויר געוואָרן וועגן די ניין מענטשן, וואָס שטייען אין שאָטן פון דער תליה. אין שטאָט אַריין האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפפאָרן אויסערגעוויינלעכע געסט: ריכטער מיט ווייסע קעפּ, אין שוואַרצע, גלחישע טאָגעס; באַקאַנטע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן שוין נישט איין מאָל אויפגערודערט דאָס לאַנד מיט זייערע דרייסטע רעדעס אויף קאָמוניסטישע פּראָצעסן; גוט־באַזיצער פון דער אַרומיקער געגנט, אין דריי־פּערטלדיקע פוטערלעך פון סקאָנסק, אין הויכע, פאַרשנורעוועטע ספּאָרט־שיך, באַגלייט פון ראַסאָווע וואָלף־הינט. פון ערגעץ האָט זיך אַראָפּגעיאָוועט אַ הויכער, דיקער פּאָפּ, מיט גרוילעכע, אויסגעפּליקטע באָרד־שפּיצן, מיט אַ קאַרטאָפל־נאָז. עטלעכע בכבודיקע מיליטערלייט זענען אויסגעשטיגן פון אַ קליינעם אויטאָ, אויפהייבנדיק זיך מיט די שטיגן צום געריכט־בנין.

די גאַס איז באַשטעלט געווען פון אויטאָס, פּראָסטע דראָבינע־פור־לעך, צוויי־רעדערדיקע בריטשקעס. זעלטן־ווען האָט זיך צווישן די רייטער־פערד פאַרבייגעשאַרט אַ זייטיקער מענטש. אין די ווינקלען גאַס האָבן זיך געדרייט די נישט־געגאָלטע פאַרשוינען, דעם דאַשיק טיף אַראָפּגערוקט. די פּרעסע־לייט האָבן אַרומגערודערט. זיי האָבן פאַרנומען עטלעכע האָטעלן אין דער באַן־גאַס. זיי האָבן זיך געשפּאַרט דורך די הינטערשטע אַריינגענג צום געריכט־בנין, האָבן ברייט אויפגעריסן די טירן פון פּאָסט־אַמט, פון דער טעלעגראַפן־אָפּטיילונג.

דעם דריטן טאָג ווי דער פּראָצעס איז אָנגעגאַנגען. צו די פאַרהאַנדלונגען זענען צוגעלאָזן געוואָרן נאָר צו איינציקע מיטגלידער פון די משפחות פון די אָנגעקלאָגטע — ס'רוב בידנע פויערימלעך, באַבעס; צווישן זיי — דאָס מעוברתע ווייבל פּראָכאָרס. טויט־דערשראָקענע און בלייכע, האָבן זיי זיך געקלאַמערט אויף די לאַנגע בענק, הינטערן באַריערל. אַרום זיי — זשורנאַליסטן, חשובע בירגער, דאַמען.

בעת די לענגערע איבעררייסן, ווען דאָס געריכט איז אַוועק זיך באַראַטן, ווען מ'האָט די באַשולדיקטע אַרויסגעפירט דורך אַ זייטיקער טיר, האָט זיך די קליינע, רוישיקע געזעלשאַפט אַרויסגעשאָטן אין פּאָדערזאַל. די פויערים זענען געווען אויסגעזעצט לענגאויס די ווענט, געררוי־

כערט, געשוויגן. די חשובע געזעלשאַפט האָט זיך אַראָפּגעשאָטן די שטיגן און אַריבערגעכאַפּט זיך צום קליינעם קאַבאַרעט „הינטער די פּיליאַרן". אויף דער טעראַסע האָט מען געקענט זען דעם פּאַן קאַשובסקי, דער זי־סער פּאַננאַ אירענאַ האָט מען מער ביי זיין זייט נישט געזען.

זינט דעם לעצטן ווייַנאַכט איז אים מער נישט געווען צו דערקענען. דער גרויסער אינטערעס, מיט וועלכן מ'האָט אים אין די ערשטע טעג אַרומגערינגלט, איז גיך אָפּגעפאַלן.

— מיר האָבן דערוואַרט פון אייך אַ סך מער... — האָט מען אים בעת דער אויפנאַמע ביים וואָיעוואָדע קיל געגעבן אָנצוהערן.

אַצינד האָט ער שוין מער נישט געטראַכט וועגן דעם. אַרום די זיי־טיקע טישלעך האָבן די דאַמען עפּעס געלאַכט; ס'האָבן זיך געקאָכט די גוט־באַזיצער און איבער אַלעמען האָבן זיך געריסן די עטלעכע „אַרישע" זשורנאַליסטן, בלאָנד־האַריקע, פון די וואַרשעווער און קראָקעווער צייַ־טונגען. העכער פון אַלעמען האָט זיך אָפּגעריסן דאָס בייזע לאַכן פון זשורנאַליסט מיט די שטעכיקע וואָנסן:

— מאָרגן, פּאַנאָוויע — האָט מען אַרויסגעפּילט א לייכטע אויפ־רעגונג אין דעם עלטערן הער — וועלן מיר האָבן אַ וואַך־נאַכט... פאַר 4 וועלן מיר זיך שוין נישט לייגן... 4 בייַנאַכט איז די שעה, ווען מען פירט אויס עקזעקוציעס...

ממש טראַגיש איז געווען דאָס קול פון איינער א דאַמע:

— און אלץ, זאָגט מען — די יידישקע... די אַלע זענען דאָך פינצ־טער...

די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט, סיי ביים ריכטער־טיש, סיי ביי דער אָנגעפּאָרענער געזעלשאַפט, איז ווירקלעך געוואָנדן געווען צו דער „יידישקע". ווי מאָדנע רואיק זי האָט זיך געהאַלטן. צווישן די אַכט ווייסרוסישע עלטערע און יינגערע פּויערים זיצט זי — אין באַשיידע־נעם גראַנאַטענעם קלייד, אין גרויען בערעט, פון אונטער וועלכן ס'פאַלן אַרויס די שוואַרצע קוטשערלעך. זי זיצט די ערשטע לינקס. אויפמערקזאַם הערט זי זיך איין. ווען ס'קומט איר אויס צו ענטפערן אויף אַ פראַגע, איז אויף איר נישט קענטיק קיין שום אויפרעגונג. זי רעדט אַ גוטן פּויליש. זי הייבט אויף די שטים, רעדט אימפּולסיוו, אָבער באַהערשט. בכלל האַלט זי זיך פריי.

און די איבעריקע? אויסגעבלייכטע שטייען זיי פאַרן ריכטער־טיש. עס קוקן אויף זיי ווייטע, פרעמדע מענטשן אין שוואַרצע קיטלען, ס'קלינגט אַ פרעמדע, אָפּט אומפאַרשטענדלעכע שפּראַך. זיי קוקן אויס־געלאָשן צום פּובליקום. בליקן פון די גאָנטע באַגעגענען זיך, עס פינקלט אַ טרער אין אויג. די אומבאַהאָלפנקייט בלייבט שטיין, ווי אַ ביין אין האַלדז, ס'פעלן ווערטער. צום ווייפלטן מאָל שוין פירט מען זיי אַרויס

איבער דער שטאָט, די קייטעלעך אויף די הענט; פון הינטן און פון די זייטן — געדיכטע פּאָליציי־קאָרדאָנען.

מיט אַ באַזונדערער אומברחמנותדיקייט ווערט אין זאַל פיל מאָל איבערגעחזרט דאָס וואָרט „טויט". דער פּראָקוראָר, אַ דאַר, נידעריק מענטשל, הערט עס נישט אויף צו פאָדערן. די גאַנצע באַשולדיקונג איז דער עיקר געוואָנדן קעגן איר, קעגן דעם יידישן מיידל; זי, הייסט עס, זאָל האָבן געוווען די הויפּט־אינספּיראַטאָרין ביים אונטערצינדן די וועלדער, ביים צעגראַמירן דעם „פּאָסטערונעק" אין טירנע און דערנאָך — דער מאַרש פון די פויערים צום אַלטן פּאַלאַץ.

דער באַשולדיקונגס־אַקט איז פאַרפאַסט געוואָרן אין דעם זין, אַז די באַשולדיקטע האָבן אויפגעהויבן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, כדי אָפּצורייסן די ווייסרוסישע געביטן פון פּוילן. קיין פאַקטישע באַווייזן זענען דערויף נישטאָ. ס'איז אָבער פאַראַן איין באַווייז: אַ טייל פון די אָנגעקלאָגטע האָבן זיך בעת דער אויספאָרשונג מודה געווען, אַז זיי געהערן צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון מערב־ווייסרוסלאַנד. דאָס איז פאַרן פּראָקוראָר גענוג געווען אויסצובויען אַזאַ באַשולדיקונגס־אַקט: די אָנגעקלאָגטע האָבן געפירט אַ באַוואָפנטן קאַמף מיט דער פּאָליציי, אונטערגעצונדן די וועלדער. היות, אין פּראָגראַם פון דער דאָזיקער פּאַרטיי געפינט זיך אַ פּונקט וועגן אָפּרייסן זיך פון פּוילן, איז דאָך קלאָר, אַז דאָס איז געווען דער ציל פון אויפשטאַנד אין דער נאַכט פון ניי־יאָר. און אויב אַזוי — איז שטאַנד־געריכט...

די דאָזיקע באַשולדיקונג, וועלכע איז פאַרפאַסט געוואָרן דורך עטלעכע העכערע באַאַמטע, קנאַפּע קענערס, איז נישט שווער געווען אומצוואַרפן... טעאָרעטיש. עס איז עקסטרע, אין די לעצטע צוויי טעג פאַרן אורטייל, אַדאַנק דער ענערגישער אויפאָדערונג פון די פאַרטיידיקער, אַרויסגערופן געוואָרן פון וואַרשע אַ באַקאַנטער אַדוואָקאַט, אַ באַרופענער פונאַנדערצוקלייבן און קלאָר מאַכן די דאָזיקע פּרינציפּיעלע ענינים. אים איז לאַנג און פאַרביטערט אויסגעקומען צו שטרייטן מיטן פּראָקוראָר און מיט די „באַהאַוונטע" עקספּערטן.

— דער הער פּראָקוראָר שטעלט די זאַך פאַר אַזוי, ווי די ק.פּ.ז.ב. (קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון מערב־ווייסרוסלאַנד) וואָלט געווען עפּעס אַ זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציע מיט רעכט צו זעלבסטשטענדיקער האַנדלונג. פאַקטיש איז דאָס אָבער אַ פיקציע. דער פּראָגראַם פון דער ק.פּ.ז.ב. קען נישט זיין קיין אַנדערער, ווי דער פּראָגראַם פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אויפן לעצטן ווינער (זעקסטן) קאָנגרעס האָט די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי געביטן איר נאַציאָנאַלן פּראָגראַם. ביז דעמאָלט האָט דאָרט געהייסן, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי קעמפט פאַר זעלבסטבאַשטימונג פאַר די אוקראַינער און ווייסרוסן, אזש ביז דעם

רעכט אָפּצורייסן זיך. איצט איז די לעצטע פאָרמולירונג ראַדיקאַל גע־ענדערט געוואָרן. איצט הייסט עס : „זעלבסטבאַשטימונג ביזן רעכט זיך אָפּצורייסן". דאָס וויכטיקסטע אָבער באַשטייט דערין, אַז דער ווינער קאָנגרעס האָט אָנערקענט פאַר נישט דערלאָזבאַר צו קעמפן פאַר אָפּ־רייסן שטיקער פוילן. ווער עס אָנערקענט איצט פאַר זיין הויפּט־ציל דעם נאַציאָנאַלן קאַמף, אָפּגעריסן פון קאַמף פאַר דער רעוואָלוציע אין פוילן, דער ווערט באַזייטיקט פון דער פּאַרטיי.

איבערן זאַל איז אַדורך אַ שטילער געמורמל. ס'איז געווען די לעצטע נאָכמיטאָג־זיצונג און דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט מען דערוואַרט דעם אור־טייל. אַן איינגעשפּאַרטער אָקטאָבער־רעגן האָט געפּויקט אין די הויכע פענצטער. דאָס טאָג־ליכט האָט זיך שוואַך דורכגעזיפּט. אין דער גע־שפּאַנטקייט האָט קיינער, דוכט זיך, נישט באַמערקט, ווי אין עטלעכע ווינקלען, ביים ריכטער־טיש, האָבן זיך אָנגעצונדן לאָמפּן. אין געמורמל, וואָס איז אדורך איבערן זאַל, האָט זיך אַריינגעשניטן דעם פּראָקוראָרס גרינג־שעצנדיק שמייכעלע. ער איז אונטערגעשפּרונגען פון דער זייט :

— הייסט עס — האָט ער געפרעגט — אַז לויט אייך, איז די ק.פּ.ז.ב. איבערהויפּט נישט בנמצא?...

— זי איז בנמצא. אָבער זי האָט נישט קיין רעכט צו טון עפּעס אַנ־דערש ווי די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. זי איז בלויז אַ ראַיאָן־אָר־גאַניזאַציע.

דאָס פּנים פון פּראָקוראָר האָט מער נישט געשמייכלט. ער האָט דער־פילט, אַז זיין גאַנצער באַשולדיקונגס־אַקט הענגט אויף אַ האָר.

— און זיי טאָרן טאַקע גאָרנישט טון אויף אייגענער אחריות?

— טעאָרעטיש — נישט...

— און פּראַקטיש?

— פּראַקטיש — אויך נישט.

נאָך דער פּויזע, איז געקומען דער איבעררייס ביז מאָרגן. אפשר... אפשר... מער וואָס איינצורייסן איז נישט געווען. מ'האָט זיך געמוזט פאַרלאָזן אויפן ביסל נעבעכדיקן יושר פון די הערן ריכטער. דער גאַנ־צער מאָרגנדיקער טאָג איז אַדורך אין אויסהערן די לעצטע ווערטער פון די באַשולדיקטע. ווער פון זיי ס'האָט פאַרביסן געשוויגן, ווער ס'האָט זיך איינגעבראָכן, ווער ס'האָט געוואָרפן עטלעכע אומדערשראָקענע ווער־טער צום ריכטער־טיש. די ערשטע האָט באַקומען דאָס וואָרט האַלינע (אָדער מאַשאַ און וואַליא, ווי עס זענען אין די פּראָטאָקאָלן געווען אויפ־געגעבן אירע אַנדעקטע פּסעוודאָנימען). זי איז געווען בלאַס, געטראַכט לאַנג ; דערנאָך האָט זי רואיק אָנגעהויבן :

— דער פּראָקוראָר האָט געזאָגט, אַז איך בין אַן אַרטיסטקע. איך

דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט. עס איז געוויס אַ גבורה פאַר אַ מענטש צו שטיין אין שאָטן פון דער תליה און נאָך קענען שפּילן טעאַטער. ניין, איך האָב מער רעספּעקט פאַר אַ מענטשלעך לעבן. איך וועל זאָגן קורץ: איך בין אַן אַרבעטערין. פון 13 יאָר אָן האָב איך געאַרבעט. איך בין שטאָלץ דערויף. איך זאָג עס קלאָר: איך האָב גאָרנישט קיין שייכות מיטן אויפשטאַנד, מיטן מאַרש פון די פּויערים אויפן פּאָליציי־„פּאָסטע־רונעק", מיטן אונטערצינדן די וועלדער. אַזאַ אויפשטאַנד אָן אַ גענעראַל־שטרייק, איז פּאָליטישע אַוואַנטורע. איך בין נישט קיין אַוואַנטוריסטקע. ווען איך וואָלט עס יאָ געווען, וואָלט איך געענטפערט פאַר אַ שטרענגערן געריכט, פאַרן געריכט פון אַרבעטער־קלאַס... איך דערקלער, איך גלויב, אַז עס וועט קומען דער טאָג...

מיט אַ שאַרפן קלונג אין גלעקל ביים ריכטער־טיש האָט מען זי איי־בערגעריסן. לאַנגזאַם און פאַרביסן האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזן צו דער באַ־קעטער באַנק.

פאַרנאַכט, באַלד נאָכן אורטייל, האָט זיך איינער פון די יידישע זשורנאַליסטן געמאָלדן צום תפיסה־נאַטשאַלניק. ער האָט געבעטן די לעצטע זעאונג מיט די פאַרמשפּטע. דאָס האָט אויך ער זיך באַמיט וועגן אַראָפּברענגען פון וואַרשע דעם באַרימטן אַדוואָקאַט. ער האָט זיי גע־טראָפן אַרומשפּאַנען איבערן תפיסה־הויף. און כאָטש ס'האָט נאָך אַלץ פאַרעקשנט געגאָסן דאָס קרומע, שטעכיקע רעגנדל, האָט אים דער קווי־טיקער פאַרנאַכט אויסגעזען ווי אויפגעשיינט אין זיבן זונען — זייער לעבן איז געווען געראַטעוועט. דאָס געליימטע פּויערל פּראַכאַר, וואָס האָט שטיל געיאָמערט דורך די נעכט, האָט איצט געלאַכט זאָרגלאָז, ווי אַ קינד. ער האָט זיך איבערגעווערטלט מיט מיקאָלען, וועלכער האָט מאַרשירט הינטער אים. בלויז דאַנילאָ, מיט די טיף־איינגעפאַלענע אויגן און עפּעס פאַרבאָרגנס אין זיין בליק, בלויז ער האָט נישט געשמייכלט. ער האָט נאָך אַלץ געטראָגן די גרינע וויקלערס אויף די פיס.

ער איינער (נישט רעכענענדיק האַלינען) איז היינט גרייט געווען צו שטאַרבן. איצט ווייסט ער שוין, אַז ער בלייבט לעבן — אייביק לעבן אין תפיסה. צי איז ער נישט צופרידן? דער לעבנס־דורשט ביים מענטשן איז דאָך אַזוי גרויס. אָט האָבן כמעט אַלע געבעטן מען זאָל זיי לאָזן לעבן — אָט זענען זיי גליקלעך און צופרידן פון אייביקער תפיסה...

הינטער די פאַרהעמערטע טויערן, אויף יענער זייט, האָט דער זשור־נאַליסט דערקענט נאָך עטלעכע באַקאַנטע פּנימער — די קרובים פון די פאַרמשפּטע. זיי זענען היינט געשטאַנען אין אַ ווינקל זאַל און פאַרגלי־ווערט אויסגעהערט דעם פּסק־דין. איצט זענען זיי געשטאַנען הינטער די פאַרהעמערטע טויערן און געוואַרט אויף אַ זעאונג. זיי האָבן נישט געשמייכלט.

אַ מיטליאָריקע פּויערטע, מיט אַ קאָפּ־טיכל איבער די אויגן, האָט זיך דערנענטערט צו אים — זי האָט אים דערקענט פון געריכט־זאַל.

— פּאַנאָטשקו — האָט זי געפרעגט — מען וועט מיך אַריינלאָזן?

— כ'ווייס נישט. כ'בין נישט פון די תפיסה־באַלעבאַטים. אויב איר האָט אַ דערלויבעניש...

זי האָט קוים געשמייכלט. אויף איר פּנים, פול מיט שפּרענקלען, האָט דער מעלאַנכאָלישער שמייכל געגליווערט:

— איך ווייס, אַז איר זענט נישט פון די תפיסה־לייט... איר זענט פון די „גאַזעטן". כ'בין נאָך יונג — האָט זי אַרויסגעכליפּעט — מען האָט אויסגעבעטן פאַר אים דאָס לעבן... נישט ער, נישט איך וועלן עפּעס האָבן דערפון... אין דער כאַטע וועל איך אים שוין נישט זען... און זיין קינד, וואָס דאַרף געבוירן ווערן, וועט ער שוין אויף די הענט נישט טראָגן, קיינמאָל נישט... עך, „דאָליע" ביטערע... אַז ס'וועט אונטער־וואַקסן, וועל איך עס דערציילן וועגן טאַטן... כ'וועל עס... — און זי האָט זיך ביטער צעכליפּעט אין דער פאַטשיילע אַריין.

# 27

איבער דער טאָפּאָלן־גאַס האָט לאַנג קיין זון נישט אויפגעשיינט. אין דורכגעפרוירענעם אויבסט־סאַד, הינטער בערלינַערס מויערן, הינטער די דאמף־מילן און טאַרטאַקן, האָט די נישט־באַרירטע שנייען דער רייסי־קער ווינט ביסלעכווייז פאַרצערט. די אָפּגעדעקטע פלאַנטן האָבן פרי־לינגדיק געפאַרעט.

אַז מען טוט אין אַזאַ פאַרנאַכט אַזוי אומגעריכט אַן עפן די טיר צום קליינעם זאַל און מען געפינט אַביסל העכער פון די אַלטע יעגער־בילדער, אונטערן שלעקל פון קאַרניז, ראָז אָפּשאָטענען זיך דאָס דורכזיכטיקע גע־וועב פון די גאַרדינען, גלוסט זיך אַ לויף צו געבן איבערן גלאַנציקן פאַרקעט און ברייט אויפרייסן די פענצטער אין גערטל אַריין. דער ריח פון יערנ־דיקער ערד פאַרשיכורט. אויף די בעז־צווייגן, נידעריק ביים פונדאַמענט, האָבן אומבאַמערקט אויפגעשפּראָצט קליינע, בלייכע קנאָספּן.

נאָר די פיס ביי דער מיטליאָריקער דאָקטאָרין מיט די גרויע פּאַס־מעס אין די קורץ־אונטערגעשניטענע האָר זענען שוין מער נישט אַזוי מיידלעריש־לייכט, ווי אַמאָל. אין צעשפּיליעטן פּאַרטוך, פאַרטשעפּעט זי אויפן וועג אַלע עטאַזשערקעס און בלומען־געשטעלן. איר קול איז נאָך פונדעסטוועגן זייער אַ קלינגענדיקס, רופנדיק דאָ פון ערגעץ זאַלקען. זי

זוכט אים הינטער טירן און פֿאָרהאַנגען, פֿון וואַנען ער באַווייזט זיך פֿאַרנאַכט־צייט. נאָך די אויפֿנעם־שעהן, פֿאַרקלאַפּט זי געוויינלעך האַסטיק די טיר פֿון קאַבינעט און לויפֿט אים אויפֿזוכן. זי דרייט נישט אויף די עלעקטרי. אין דער טונקל געפֿינט זי אים אין זייטיקן צימער, צווישן דער ביכער־שאַנק און דער אטאמאַנע. זי נעמט אים היימיש אָן ביי דער גאָמבע און פֿירט אים אוועק צום שפּיגל.

— קוקט אייך אָן... — לאַכט זי — ניין, ליבינקער, מען טאָר נישט אַזוי...

זי פֿירט אים איבערן קליינעם זאַל, פֿאַרביי איר קאַבינעט, ווו זי נעמט אויף אין די אייליקע נאָכמיטאָג־שעהן די בירגערלעך־פֿאַרמעגלעכע ווייבלעך, אומקערנדיק זיך פֿון שטאָטישן שפּיטאָל. דער טיש איז שוין סערווירט. די שטאָרן זענען טיף אַראָפּגעלאָזן. מען וואַרט נאָך אויפֿן מאַן מיטן מיידעלע. אַ שטיק צוליב זאַלקען, האָט זי אויך אַוועקגעשיקט דאָס דינסט־מיידל. זי איז אַ שטרענגע, אַביסל אַ בייזלעכע. אַז מען קלאַפּט צו איר נאָך האַלבער נאַכט אין דער טיר און מען ברענגט זי אַראָפּ צו אַן אָרעמער קימפּעטאָרין, מאַכט זי דאָרט געוואַלדן:

— לופֿט! — ליאַרעמט זי — אַביסל לופֿט!

זי טראָגט בכלל אַ בייז האַרץ אויף די אַלע יונגע, אויסגעמאַטערטע ווייבלעך, וואָס האַלטן אין איין קינדלען. פֿון די ביינאַכטיקע וויזיטן קומט זי אַהיים פֿאַרטאָג, שפּאַרט זיך אַפֿילו נישט צו און לאָזט אויס די גאַנצע ענערגיע און דעם גאַנצן כעס צו די שטוב־אַרבעטן.

אין אַזעלכע טעג ווערט זי נאָך צודרינגלעכער צו זאַלקען, אַז ער הערט זי אויף צו פֿאַרשטיין. צו־גיך פֿאַרטיקט זי זיך אָפּ מיט די ווייבלעך, וואָס קומען איר פֿאַרדרייען דעם קאָפּ מיט זייערע אויסגעטראַכטע קרענקען. אין צעשפּיליעטן פֿאַרטוך לויפֿט זי פֿאַרנאַכט איבערן קליינעם זאַל, לאָזט אָפֿן הינטער זיך אַלע טירן, צעעפֿנט ברייט די פֿענצטער אין פֿרילינגדיקן גערטל אַריין, רייסט אויף די זייטיקע טיר, ווו זאַלקע איז פֿאַרטון אין די ביכלעך. זיינע אָפּבריענדיקע אויגן אונטערן בלאָנדן לאָק זענען אַרומגענומען מיט רויטלעכע רינגען. ער בייסט זיך די נעגל און איז אומרואיק. דאָס פֿרילינגדיקע יערן הינטערן אָפֿענעם פֿענצטער מאַכט אים נאָך מער אומרואיקער.

הינטערן פֿענצטער, איבער מויערן, איז דער אויבסט־סאָד און אין דער טיף — דאָס אַלטע הויז, מיטן גאַניק, מיט די פֿאַרשטעלטע גאַרדינען, מיט די קליינע, בלינדע גאָרן־פֿענצטער. באַנג האָט עס אים נאָך אַלץ געצויגן צום דאָזיקן אַלטן הויז, ווי ער וואָלט עס שוין זייט יאָרן געהאַט פֿאַרלאָזן. פֿון וואָלפֿן זענען די באַהאַלטענע בריוועלעך שוין זייער לאַנג מער נישט געקומען; האָט זיך דאָרט ערגעץ אַרומגעוואַלגערט אין פּאַריז, איידער ער איז אַוועק קיין שפּאַניע. אין יענעם זומער האָט ער

זיך דאָ אַרומגעדרייט, אויסבאַהאַלטן זיך, געלעגן אין היץ און ווען ס׳האָבן געגומען גיסן די פוילע רעגנדלעך, איז ער, פונקט ווי דוב, ווי דער לערער ישראל, אין אַזאַ רעגנדיקן אָוונט אַוועק. „זאַלקע — האָט ער צו אים געזאָגט — זאָלסט זיך האַלטן, דו הערסט? מיר וועלן זיך נאָך ווען באַגעגענען, האָף איך”...

דער הילצערנער ברעג, די קרומע געסלעך באַרג־אַראָפּ, האָבן אים נאָך אַלץ געצויגן, זאַלקען. ער האָט מער דערווייל נישט באַדאַרפט ווייזן זיך. אין האַלבן טאָג האָט ער זיך אָבער געגנבעט דורך די הינטער־הויפן, פאַר די האַלב־צוגעלענטע לעדלעך, און האָט אומעטיק באַקלערט, אַז גאָרנישט, אייגנטלעך, האָט זיך דאָ געענדערט. נאָר די מענטשן זענען אַוועק, פאַר־שווונדן — דער לערער ישראל, וועלפקע; פון יענעם גאַניק האָט מען איינ־מאָל אַראָפּגעפירט אסתרן. ער געדענקט זי קוים, ווי דורכן חלום; די גע־שטאַלטן זייערע, פון די אַלע, וואָס זענען אַוועק אין די תפיסות און אין דער וועלט אַריין, שטייען אים פאַר די אויגן. דער פאַרשלאָפענער ברעג איז רואיק, אָבער אונטער דער רואיקייט דרעמלט אַ כוח; ער וועט זיך ווען אויסרייבן די אויגן, אַ הייב טון.

דער זומער איז דורכגעלאָפן. די טעג האָבן זיך געלאָשן אויף יענער זייט מויערן. ער האָט מער נישט געקענט איינליגן אין דער באַהעלטעניש. בליב־דערהייט האָט עס אים נאָכאַנאַנד געפירט דורך די זייטן־ווּעגעלעך מיטן ברעג. אַ האַרבסטיק־אויסגעשטערנטער הימל האָט צוגעדעקט דעם שוידער פון רייסנדיקן ווינט, דעם פליוסק פון וואַסער. ער האָט געשניטן דעם וועג צו דער „סלאָבאָדקע”. דער ווינט אים אין רוקן האָט געברענגט אָנצוטראָגן דעם עכאָ פון אָפּגעהאַקטע רייד; צווישן די זומפּ־קוסטן האָט מיטאַמאָל העל אויפגעלויכטן. „כ׳בין אין קלעם” — האָט ער רואיק באַקלערט און פונ־דעסטעגן געפילט, ווי דאָס העמד קלעפּט אויף אים — וואָלף... די איבער־געבראָכענע צווייג... ס׳איז נאָך צייט געווען אַראָפּצולאָזן זיך צווישן די זומפּ־לאָזעס, פויזען אויף אַלע פיר אין זינקענדיקן שליים, ביז ער האָט אָנגעטאַפּט פעסטן באָדן. אויף דער פאַרוויטלטער לבנה איז אָנגעקראָכן אַ וואָלקנדל, טיף פאַרשאָטנט די פאַרגאָסענע פליינען. מיטן ווינט, וואָס האָט זיך אַ ריס געטון, האָט זיך צום לעצטן מאָל געברענגט אָנצוטראָגן דער עכאָ פון ווייטע איבערופן. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן, גענומען שפּאַנען צו דער פינצטערער קופּע שאָפּעס פון דער גאַרבעריי.

— עפּן, פעדיאַ! — האָט ער לייכט אַ שטויס געגעבן די נידעריקע טיר.

און ער האָט דערפילט אַ וואַרעמע האַנט אויפן אַקסל; בלינדערהייט איז ער אים נאָכגעגאַנגען אין דער פינצטער, ביז זיי האָבן אָנגעטאַפּט די דראַבינע.

— אין אַזאַ נאַכט — האָט ער אים איינגערוימט — האָב איך איינמאָל דיין בראַטאָקל דאָ אויסבאַהאַלטן...

די אומרואיקייט פון דובן, פון וואָלפן, פון סרוליקן איז אים כסדר נאָכ־

געגאַנגען. ס׳איז אַלץ אויסגעקומען גאַנצע נעכט אַריינצוקלערן. זיי אַלע־מען האָט עס ווי געטון; און ווי אויף אים וואָלט געפאַלן זייער לאַסט. דאָס יינגל האָט דערפילט אין זיינע אָנגעגאָסענע מוסקולן די שטומע עקשנות פון זיין טאַטן, פון זיי אַלעמען. אַלע זענען אַוועק, דאָס הויז איז פוסט און ווי ער וואָלט עס באַדאַרפט פאַרהיטן פון שטורעמס און ווינטן. ווי אַזוי וועט ער עס קענען, אַז אַלע צעלויפן זיך, פאַרשווינדן?

ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען — דינהן. ס׳איז געווען אַ מאָדנע משפחה־געפיל צו אָט דעם בלייכן מיידל. זי האָט געלעבט איינזאַם, מיט קיינעם זיך נישט פאַרבונדן נאָך די יאָרן תפיסה; ווי זי וואָלט נאָך אַלץ געוואַרט אויף וואָלפן. אָבער ער איז געווען ווייט, וואָלף. און זאַלקע האָט צום ערשטן מאָל אפשר פארשטאַנען, אַז נאָר צוליב איר איז ער דאָ נאָך פאַר־בליבן. עס קוקט פון איר פאַרטראָגענעם בליק דער גאַנצער צער פון אַ דור, פון זיין דור. זי איז נאָך אַלעמאָל גרייט אַוועקצוגעבן איר לעבן, שטום, אָן טענות, אָן פאַרדרוס, ווי ס׳וואָלט שוין אַזוי באַדאַרפט צו זיין. ביי אַנ־דערע איז שטאַרק דאָס געפיל פון שטאָם; וואָס איז, אייגנטלעך, דאָס שטאַרקע געפיל, וואָס טראָגט אָט דאָס קליינע מיידל מיטן בלייכן, שווייגנ־דיקן שמייכל?

און זי איז אים פּלוצים אַ שאָד געווען, ס׳מיידל. וואָלף איז געווען ווייט. זי איז צוריקגעקומען פון תפיסה אַ פריילעכע, דוכט זיך, נאָר פאָרט עפּעס אַ געענדערטע.

— מען דאַרף גאָר ערגעץ אַוועקפאָרן — האָט זי געלאַכט פרעמד.

וועגן וואָלפן האָט ער נישט גערעדט, נאָר פונדעסטוועגן האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן:

— ס׳איז, אייגטלעך, נישטאָ וווהין צו לויפן.

— אַזוי איז עס... מען פאָרט אַוועק... מען פאַרגעסט...

ווי לאַנג זי איז געזעסן אין תפיסה, האָט פון צייט צו צייט פאַרבלאָנ־דזשעט אַ בריוול פון וואָלפן. ס׳איז גאָרנישט ביי אים דאָרט געווען צו דערגיין. אָבער אַצינד האָט ער שוין געוווסט, אַז ער איז אַוועק אויף יענער זייט פירעניייען און — ווער ווייסט ווען מען וועט זיך אַמאָל זען. זי איז אַוועק אָן אומעטיקע. דורכן פאַרהויכטן שייבל האָט ער לאַנג נאָכגעקוקט איר שמאָלן סילועט, ווי זי פאַרשווינדט טיף אין סאָד. וואָס וועט איצט ווערן פון דעם מיידל? — האָט ער זיך געפרעגט און ס׳איז אים אַליין אויך עפּעס באַנג געוואָרן.

זי איז אין יענעם נאָך סוכות צוריקגעקומען פון תפיסה — אַן אויסגע־בלייכטע, אַ דינערע, ווי אַ ביימל אין ווינט. זי האָט כמעט קיינעם פון דער אַמאָליקער חברה נישט געטראָפן. אַ סך זענען אַוועק קיין וואַרשע, געוואַל־גערט זיך דאָרט אויף פרעמדע בעטלעך. זי איז ווידער געווען פאַרשטעקט ערגעץ אויף דער „סלאָבאָדקע” און אין אָוונט איז זי אַרויפגעקומען צום טאַטן אין גאָרן־שטיבל. שנייעלעך האָבן זיך אָנגעזעצט אויף אירע

האָר־קרויזן, ווען זיי זענען אַרונטער. דאָס ליכט פון אַ לאַמטער איז געפאלן אויף איר אין דער קרום און שוועבנדיקער האָבן אויסגעזען אירע ליניעס אין גרינלעכן שיין. זי האָט אויפגעזוכט זיין אָרעם, איר שטים האָט אַ רגע וויברירט, אָבער זי האָט זיך, זעט אויס, גיך באַהערשט.

— זאַלקע — האָט זי געזאָגט און דער קאָפּ אירער האָט געקוקט אַראָפּ צו דר׳ערד — כ׳האָב דאָרט אַ סך געטראַכט... וועגן וואָלפן און וועגן דיר האָב איך געטראַכט...

— און וואָס האָסטו אויסגעטראַכט ?

— אַז מיר זענען אַלע עפּעס טראַגיש... כ׳ווייס, אפשר בין איך נישט גערעכט... זאָג דו, זאַלקע...

און ס׳איז אים מיטאַמאָל וואַרעם געוואָרן צו פילן איר אָרעם אין זיינעם. זיי האָבן אַפילו געלאַכט אויך. דער דינער שניי האָט געהאַט אויפגעהערט. פון ווייטע גאַסן איז אָנגעשוומען א דינער געקלאַנג פון גלעקלעך. זיי האָבן געפילט איינער ביים אַנדערן דעם מונטערן האַרץ־שלאָג, דאָס הייסע רינען פון די צעוואַרעמטע געבלוטן. אַלע רייד, האָבן זיי מיטאַמאָל געפילט, זענען איבעריק און וואָכעדיק. די פאַרהאָנגענע שיין פון הינטער אַ שויב אין די ווייטע, גאָרנדיקע הייזער האָט דערציילט פון היימישער וואַרעמקייט, פון שטילער, דרעמלדיקער רו. און זיי ביידע זענען געוועזן איינגעטוליעט אויף דער באַנק, הינטערן פלויטל.

— אַ שטילע היים... — האָט זיך אומגעריכט אָפּגעריסן איר שטים — וועגן דעם מעגן מיר בלויז חלומען...

— נאַרישע... — האָט ער גערעדט ווי פון חלום — די היים איז אונדז מער קיין היים נישט...

ער האָט אָפּגעלאָזן איר קליין, וואַרעם הענטל. אים איז עס שוין פון לאַנג קלאָר געווען. איר בערעט איז אַראָפּגעפאַלן אין שניי אַריין און זי האָט עס אַפילו נישט באַמערקט. איר קאָפּ איז געלעגן אויף זיין ברוסט. זיי האָבן מער נישט געפילט אויף זיך דעם קאַלטן ווינט, וואָס האָט זיך אַ ריס געטון פון ברעג. מיט שיכורע שפּרייזן איז איר זאַלקע נאָכגעגאַנגען איבערן שניי, פאַרגעסנדיק אָנצוטון דאָס היטל. מיט זיין אייגן שויבערל האָט אים דער ווינט פאַרשמיסן דאָס פּנים.

זי האָט זיך אָבער אינגיכן אַריבערגעכאַפּט קיין וואַרשע; און אים — בלינדערהייט האָט עס אים געפירט אין אירע שפּורן. ווי ער וואָלט געפילט, אַז ער טאָר זי נישט פאַרלירן.

עפּעס האָט זיך נאָך דאָרט געטומלט אין בערלינערס מויערן, אין די הפקר־געבליבענע לאָקאַלן, נאָכדעם ווי מ׳האָט די אָרעמע יידישע שול אויך פאַרמאַכט. די יונגעלייט און די מיידלעך פון די פאַראָרעמטע קרעמערלעך האָבן זיך געסטראָיעט אין כאַקי־בלוזעס, אין היטלען מיט דאַשיקעס, האָבן זיך מושטרירט מיליטעריש. איינמאָל איז זשאַבאָטינסקי אַליין אַראָפּגעקומען. ס׳איז געווען פוסטע גאווה אין זיין נידעריק־פאַריסענער

גאָמבע. ער האָט געדונערט און געקוויטשעט און געקלאַפּט אין טיש אַריין, אַז מיר זענען דאָ צופיל, אַז מיר זענען דאָ איבעריק, אַז מיר דאַרפן זיך עוואַקואירן. וווהין לויפן? נאָכוואָס לויפן? פון זאַל האָט מען געשריגן. ס'איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג און די פּאָליציי איז זיי געקומען צוהילף. אויפן גרענעץ־פּאַס, צווישן פּוילן און דייטשלאַנד, אין זבאָנשין, האָבן זיך געוואַלגערט יידן; פּאָגראָמען, שרפות, הריגות. אַ טריט פון דאַנען איז געווען דער קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע. די פּוילישע „נאַראַ"־יונגען, מיט די גרינע שלייפעלעך אין לאַץ, האָבן געשפּאָלטן יידישע קעפּ.

און אים, זאַלקען, איז שוין געגאַנגען אין 26־טן יאָר. אין מיליטער האָט מען אים נישט גענומען. זיי האָבן אין די לעצטע יאָרן נישט געוואָלט קיין סך יידן אין מיליטער. דער טאַטע איז געוואָרן אַלט און גרוי. ער האָט געקוקט אַריבער דער בריל אין תהילימל אַריין. ער האָט, ווי אַלעמאָל, גאָרנישט געזאָגט, נאָר ס'איז געווען אַזויפיל שטומער, באַדאַכטער צער אין זיין גאָרנישט־זאָגן. פון וואָלפן האָט ער שוין זייטיק יאָ עפּעס געהערט — אַז ער איז ערגעץ אין אַלדי שוואַרץ יאָר, אין שפּאַניע; פון דובן איז ערב־ראש־השנה געקומען אַ ווינטש־קאַרטל מיט אַ בילד פון אַן אייניקל.

ס'איז מער קיין תכלית נישט געווען אויסצובאַהאַלטן זיך אין פרעמדן הויז. פון הינטער שטאָרן ציט עס אים כסדר אַריבערצוקוקן צום אויבסט־סאָד. אין אַלטן הויז לייכטן זיך די פענצטער ביז שפּעט. מען זעט טיילמאָל אויפן ליכטיקן פלויט פאַרבייאיילן אַ דינעם סילועט. ער ליגט אָפּ אין זיי־טיקן צימערל ביי דער דאָקטאָרין איין נאַכט, אַ צווייטע און ס'קומט צו אים קיין שלאָף נישט. דער קאָפּ איז שווער, אין די אויערן קלינגט אַזאַ ווייטע, אויסגעייענדיקע מוזיק. צוגן שניידן זיך ערגעץ אין דער נאַכט מיט אַ געפייף. אַ ווינט רייסט די לויזע בלעכן. ווען ער דרעמלט איין, איז שוין באַלד פרימאָרגן. דער מוח איז שווער, דער שלאָף — אַ הייסער.

דאָס הויז ביי שיינדלען האָט דורכגעלעבט אַ שטילע ירידה. ווען די געשעפטן זענען ווי־נישט־איז געגאַנגען אין האַלב־ליידיקן מאַנופאַקטור־געוועלב, האָט זיך שיינדל געפּוצט אין פאַרביקע זומער־קליידלעך און זיך נאָך געגוג יונג געוויגט אויף אירע שלאַנקע פיס. דערנאָך האָט לאָדזש אויפגעהערט צו געטרויען. די וועקסעלעך האָבן איינס נאָכן ס'אַנדערע אָנ־געהויבן אונטערצוקומען, האָבן געשטיקט. דאָס הויז האָט זיך געפירט ברייט, אַזויווי פריער. דאָס עלטערע מיידל, כאַנושיא, האָט געענדיקט די גימנאַזיע און דרייט זיך אַרום ליידיק; זיצט אָפּ טעג אין שאָטנדיקן זאַל אויף דער קאַנאַפּע, פאַרטון אין ביכלעך — שאָפּענהויער, שפּענגלער, וויינינגער, פרויד.

דירעשט האָבן די שטייערן צוגעשטיקט. מ'האָט אויפגעהערט צו צאָלן די אונטערלויפנדיקע וועקסעלעך. אין שטאָט האָט מען זיך גלייך דערוווסט. אין איינעם אַ פרימאָרגן איז פאַרפאָרן אַ וואָגן פון שטייער־אַמט, מ'האָט אַרויפגעלייגט אַן אַרעסט אויפן רעשט ביסל סחורה פון די האַלב־

ליידיקע פּאַליצעס. מיט איבערגעקערטע אויגן איז איצל, דער מאַן אירער, צום לעצטן מאָל געשטאַנען הינטער דער קליינער ביורקע, איבער׳ן ליידיקן טיש־קעסטל.

— לאָמיר פאַרשליסן און אהיימגיין — האָט זי אים אַ רוף געגעבן — אַ סוף־אַן־העק!

זי האָט, ווי אַלעמאָל, יעדן אומגליק אויפגענומען מיטן שפּילנדיקן שמייכעלע, וואָס האָט אַלץ פאַרדעקט. זי האָט זיך נאָך פאַריכט אַ לעקעלע ביים ביליקן וואַנט־שפּיגל, ווו די פּויערטעס פלעגן אין די מאַרק־טעג אָנ־מעסטן די קאָלירקע טיכלעך, און האָט אים אַ צי געגעבן ביים אַרבל:

— קום... אין לאָדזש, הער איך, טוט זיך אויך אָפּ געוואַלד!...

דער ווילדער עקשן, וואָס ער איז געווען, האָט זיך נאָך אָבער אַלץ נישט געוואָלט רירן פון דער שוועל. ער האָט געהאַט בדעה אַ וואָרף צו טון כאָטש עפּעס אַ שאַרף, באַליידיקנדיק וואָרט, נאָר אינמיטן האָט ער זיך פאַרהוסט, איז רויט געוואָרן ווי פייער, קלאַמערנדיק זיך אין די ליידיקע פּאַליצעס. ס׳איז געווען פאַרנאַכט, ווען זיי האָבן צום לעצטן מאָל אַראָפּגע־לאָזן די זאַלוזיעס איבערן גרויסן שויב־פענצטער, פאַרשלאָסן די שויבן־טיר און זענען אַוועק געאָרעמט איבערן טראָטואַר. זי האָט געשמייכלט, שיינ־דעלע.

אין אָוונט דעמפּט זיך דאָס ליכט אין די הינטערשטע צימערן. דאָרט זיצט דאָס יונגוואַרג — פאַרהענגלעך, אַ דיוואַניק, אויסגעניי׳טע קישעלעך, שפּיצן, טישטעכלעך מיט באַזוימטע מערעשקעס, אַ ביכער־שענקל. מען וואַלגערט זיך אין עס־צימער אויף דער קאַנאַפּע מיט די איינגעפאַלענע קישנס. און עפּעס ציט זיך דאָרט אַלעמאָל אַן אָנגעצויגן שווייגן, ווען כאַ־נושיאַ איז צעלייגט אויף דער אטאמאַנע. אַ דורכזיכטיק שאָטנדל לאָזט זיך אַראָפּ איבער אירע שמאָלע, איידעלע קינען. זי איז בלאָנד. דער קליי־נער מויל־שניט איז צוגעשלאָסן. אַ דינע, פאַרנעמט זי כמעט נישט קיין אָרט צווישן די אַרומגעזעצטע יונגעלייט און מיידלעך. זי לעבט שטיל אַדורך איר טראַגעדיע פון מוזן איבעררייסן דאָס לערנען זיך. זי צירט זיך נאָך אַלץ אין בלויען אוניפאָרם־בערעטל, טומלט אַרום מיט די סטודענטן, וואָס קו־מען אַראָפּ פעריען־צייט פון די אייראָפּעאישע הויפּט־שטעט.

ס׳קומט דער בחור מיט די פאַרהויכטע ברילן־גלעזלעך, אָנקריכנדיק אויף די שטולן און אויף די מענטשן. אַ הויכער, אַ יינגלש־איבערגעוואַק־סענער, פול מיט בלעטערלעך אויף די מאָגערע באַקן. מיט זיינע לאַנגע הענט און שאַרפע עלנבויגנס, סקריפּען די שטולן אונטער אים. ער זינגט מיט עפּעס אַ פאַלשן האַלדז־באַס סענטימענטאַלע ארץ־ישראל־לידלעך פון דער קבוצה:

כ׳בין אַ שומר אויף דער וואַך
אין עמק יזרעאל...

די מיידלעך, וואָס קומען, האָבן זיך שטילערהייט געלאָזן רעדן אַ שידוך, חתונה געהאַט מיט אַ קליינעם סוחר, אַפילו אַ בעל־מלאכה, מער נישט גע־וויזן זיך, פֿאַרשוואונדן. ס'ווערט אומעטיקלעך. אַלץ ווייניקער ווייזט מען זיך אין אָוונט. די האַרבסטיקע צווייגן וויגן זיך אויף די פֿאַרהויכטע שויבן. פֿון גאַניקל, צום סאַד, הערן זיך שטילע געלעכטערן, גערעדערייען, פֿליסטערן. כאַנושיאַס לאַנגע, איידעלע הענט שפּילן זיך מיט די צוויי היל־צערנע מיניאַטור־שיכעלעך אויף דער ברוסט, רעדנדיק מיט אַן איבערגע־טריבענעם ענטוזיאַזם וועגן די דורכגעלייענטע ביכלעך.

און אָט זיצט דאָרט איינמאָל זאַלקע אומגעריכט אויפֿן גאַניקל. ער פֿילט, אַז ס'איז שוין אפשר דער לעצטער אָוונט. איבער אים פֿאַלן שטיל דאַרע בלעטלעך פֿון די אַקאַציעס. אין דער טונקל זעט ער נישט קיין פּנים, נאָר ער הערט כאַנושיאַס פֿליסטערן:

— ווי דערנעמט איר זיך אַזוי פּלוצים ?... אַבי מיר האָבן געמיינט...

און ס'גייט פֿאַר זיי אויף דער ווייטער, ראָזער פֿאַרנאַכט פֿון צוריק מיט אַ יאָר אַכצן־ניינצן, ווען ער איז מיטן מיידעלע מיט די בלאָנדע מייזן־צעפּ־לעך געלאָפֿן איבער דער שטויביקער גאַס און האָט געפּילט איר וואָרעם הענטל אין זיינס. ס'איז באַלד צוגעפֿאַלן אַן אימהדיקע פֿינצטערניש. דער שלאַקס־רעגן האָט אַ קלונג געטון אין הייסן זאַמד. אויפֿן גאַניקל האָט זיך עפּעס גערודערט אין דער טונקל. מ'איז געלאָפֿן אַריין און אַרויס. דערנאָך, באַגינען, ווען די מאַמע איז אויסגעגאַנגען... ביידע האָבן זיי זיך געהאַדע־וועט אין זעלבן הויז און ווי ס'וואָלט מיטגעוואַקסן מיט זיי די וואַנט, וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט.

אַזוי פּלוצים האָט ער זיך דאָ איינמאָל באַוויזן דורכן הינטערשטן איינגאַנג צום אויבסט־סאַד. ער רעדט ווייניק, שמייכלט אַלץ פֿאַרלעגן.

— קומט! — רופֿט זי אים און אַליין בלייבט זי נאָך אַלץ שטיין אונ־טערן שוידערנדיקן אַקאַציע־ביימל אויפֿן גאַניק. איר קול איז מאַט. ער הערט איר שטים, וואָס קלינגט ווייט און היימיש:

— ס'וואָלט זיך אויך וועלן אַנטלויפֿן פֿון דעם אַלעם דאָ... לאָזן זיך ערגעץ אין דער וועלט אַריין... איר... דו... אַביסל זענט איר אָבער אַלע פֿאַרשלאָסענע... כ'ווייס...

וואָס ווייסט זי? ער שטייט און קלערט: וואָס זאָל ער איר ענטפֿערן? ער טראַכט וועגן איר און וועגן איינער אַ מיידל ביי בערגעלסאָנען אין „נאָך אַלעמען". יענע האָט זיך גערופֿן מירל און זי — כאַנושיאַ. מירלען איז אויך אומעטיק געווען, ס'האָט איר געטריבן אַן אומבאַוווסטער אומרו... זי האָט גאַנצענע טעג געשטעקט אין פֿענצטער, הינטער די געדיכטע פֿאָר־האַנגען... און אַפילו דער וועלקנדיקער אויבסט־סאַד איז אים עפּעס געקו־מען אויפֿן זינען...

— יאָ — מאַכט ער — ס'וואָלט אפשר טאַקע גלייכער געווען אַוועקצוגיין פֿון דעם אַלעמען דאָ...

# 28

ס׳איז שוין, זעט אויס, דער וועג — האָט ער באַנג נאָכגעטראַכט — פון די אַלע, וואָס זענען דאָ געגאַנגען פאַ ר אים. פאַרפאַלן, מ׳האָט באַדאַרפט איבערלאָזן דעם היימישן ברעג, דעם שוידער, אויסבאַהאַלטן זיך, פאַרשווינדן, אָן אַ שפור נאָך זיך, אַנטלויפן צו דער געדיכטער יידישער אָרעמקייט אין דער גרויסער שטאָט.

אַ פרעמדע שטאָט. אַ פרעמד לשון. אַ פּראָווינצער פאַרבלאָטיקטער אויטאָבוס מיט גרוי־פאַרלאָפענע שויבן האָט אים אַרום זעקס פאַרטאָג אָפּגעשטעלט אויף פלאַץ בראָני, ערגעץ אַרום מוראַנאָוו. לויט די זעלטן־פאַרבלאָנדזשעטע בריוולעך, האָט ער געוווסט אַן אַדרעס אויף דער מילע גאַס, ווו וואָלף זאָל זיך האָבן אַ שטיקל צייט אויפגעהאַלטן. נאָך דעם זעלבן אינדערפרי האָט ער זיך אָבער דערוווסט, אַז דאָרט איז געווען נישט מער ווי איינע פון וואָלפס וואַנדער־מליצות ; ס׳הייסט, ווו געטאָגט — נישט גענעכטיקט; און זאַלקע איז אין די ערשטע פאָר נעכט געשלאָפן אויפן זעלבן אויפלייג־בעטל אין קיך. ס׳איז געווען אין דער ענגעניש פון צוויי קליינע שטיבלעך, אויפן פערטן שטאָק פון אַ טונקעלן, אַרומגעשטעלטע הויף. די קורצע טעג און די לאַנגע אָוונטן, וואָס זענען דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, פרי צוגעפאַלן, האָבן זיך אויסגעדרייכערט אויף די געדיכטע פאַראיין־בערזעס, צו זוכן אַביסל אַרבעט, אין די ענגע, טומלדיק־אָנגערויכערטע קאַוויאַרניעלעך פון דער דזשיקע גאַס. ער האָט שוין געקענט אַלע בלאָנדזשענישן פון די, וואָס פאַלן אַריין אַהער פון דער פּראָווינץ.

דעם לערער ישראל האָט ער אויך אינגיכן אָפּגעפונען. ער האָט געוווסט, אַז ער האָט זיך אומגעקערט פון די תפיסות און האַלט זיך ערגעץ אויף. אַ טונקעלע טרעפּ אויף דער ניזקע, אויף אַ גאָרן, אין אַ פּיצל צימערל. ס׳האָט אָבער גלייך אַ ווייע געטון מיט היימישקייט, ווי דאָרט, אין קליינעם שטיבל, אין טייך־געסל, וווהין וואָלף האָט אים איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט מיטגענומען ביי אַ הענטל. ס׳איז דאָרט אויך געווען פול אָנגעוואָרפן מיט ביכער, מיט מלבושים אָנגעהאָנגען אויף אַ טיר, הינטער אַ ליילעך, אַ קליין טישל מיט אַ לאָמפּ אונטער אַן אבאזשור. סרוליק האָט געזשמורעט די בלויע, קינדישע אויגן און ס׳איז נאָך אַלץ געווען וואַרעמער שמייכל אין זיי.

— ביסט היפּש אויסגעוואַקסן, זאַלקע — האָט זיך דער קליינער מענטש מידלעך אויפגעריסן און נאָענט איינגעקוקט זיך אין אים —

כ׳וואָלט דיך, אויף מיין וואָרט, נישט דערקענט. וואָס מאַכט דער טאַ־טע? ער האָט נישט קיין נחת, זאָגסטו, האַ?...

און ווי אין זיין שטילן לאַכן וואָלט געקלונגען אַן אַלטער משפחה־זילבער. זיין לאַנגע, בלייכע האַנט האָט אַ רגע געבלאַנדזשעט איבער זאַלקעס ברייטן אַקסל. דער קאָפּ זיינער איז געווען דורכגעוואָרפן מיט גרויע פּאַסמעס האָר און ס׳איז געווען אין זיי די הייליקע שיין פון מאַר־טירער. ס׳איז געווען נאָכן לעצטן אָפּגעזעסענעם אורטייל פון פינף יאָר. מ׳האָט געזען, אַז די לאַסט פון יאָרן און תפיסות נעמט זיך פּאָרט לייגן אויף אָט דעם שטענדיק־אומרואיקן מענטש, וואָס האָט אין זיין לעבן אויס־געשטורעמט פון זיך אַזויפיל ענערגיע.

ס׳איז אויך געווען עפּעס אַן ענלעכער דעמפּיקער פאַרנאַכט ווי דאָרט, אויפן אַרומגעבראָכענעם סקווער; אין צופאַלנדיקן אָוונט האָט עס זיי אַראָפּגעטריבן אין גאַס אַריין. זיי האָבן זיך דאָרט ערגעץ לאַנג געפּלאָנ־טערט צווישן די איבערגעפּאַקטע טראָטואַרן אויף דער דזשיקע גאַס, צווישן די פיבערדיקע פאַראיין־בערזעס, און זאַלקע האָט אַלץ געהערט איבער זיך די רייד פון קליינעם, פאַרטראָגענעם מענטש:

— זענען זיך אַלע, זאָגסטו, צעלאָפן?... אין די תפיסות... קיין אויס־לאַנד... אָבער וואָלף, הער איך, דערלאַנגט זיי דאָרט גוט, די פאַשיסטן...

ווי די ווייטע, אָפּגעפרעמדטע משפחה וואָלט נאָך אַלץ געווען פאַר אים אַ קוואַל פון פאַרשונגען. ס׳איז נישט געווען מער דוב מיט זיינע מאָדנע יינגלשע בענקשאַפטן און רעיונות; ס׳איז נישט געווען מער וואָלף, וועלכער איז אָפּן און פראָסט, ווי דער טאַטע ביי דער מלאכה, געגאַנגען דעם אומזיכערן, פאַרביסענעם וועג פון אַ דערשטיקטער יוגנט — די קאָכעדיקע, עקזאַלטירטע יוגנט, וואָס האָט נישט קיין רעכט גע־האָט יונג צו זיין, פרייען זיך ווי אַלע, האָט אַפילו נישט קיין רעכט גע־האָט אָוועקצוגעבן די מוסקולן און די אינטעליגענץ זייערע דער אַרבעט אין אַ פאַבריק. און צוליב דעם אַלעמען האָט דער רעוואָלט געברענט אין אים ווי אַ שרפה, נישט איינצושטילן.

זאַלקע, וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין דער יידישער שול, האָט שוין אָבער באַוויזן פאַר דער צייט פאַרהאַרטעוועט צו ווערן. דאָרט האָט מען אים געלערנט, אַז ער איז גלייך מיט אַלעמען. דאָרט האָט נאָך אַרומ־געשוועבט דער גייסט פון לערער ישראל, אַפילו לאַנג נאָכדעם ווי ער איז געהאַט פאַרשוואונדן. און ווי ער וואָלט זיך איצט מיטאַמאָל געפילט מיט עפּעס פאַרשולדיקט פאַרן יינגל.

— ס׳איז מיר נאָר אַ ווייטיק אויף דיין טאַטן — האָט סרוליק גערעדט אומעטיקלעך — כ׳פאַרשטיי אים יאָ... און דובן האָב איך אויך פאַר־שטאַנען. אין די מענטשן רינט געזונט, פויעריש בלוט, פאַרשטייסט? וואָלטן זיי כאָטש קיין יידן נישט געווען...

ס׳איז, דוכט זיך, געווען אַ נייער טאָן, וועלכן ער האָט דאָ אויפגע־

כאַפּט אין זיינע רייד. ער האָט אָנגעקוקט מיט חידוש דעם קליינעם מענטש — ער האָט עס גיכער דערפילט, ווי פאַרשטאַנען; אָן שום ספק האָט דאָס דורכגעליטענע געמיט אַרויסגערעדט פון אים.

— יאָ, מיין יינגל... מיר דוכט זיך אויך, אַז קיין איינער פון די יידישע היסטאָריקער האָט נאָך ביז היינט ריכטיק נישט דעפינירט — וואָס זענען מיר אין תוך. אַז מיר זענען נישט בלויז אַ רעליגיעזע געמיינדע, איז קלאָר. צי איז עס דען רעאַל, דאָס כלומרשטע בענקען נאָך ציון? צי בענקען דען אַלע פעלקער צו זייערע אור־לענדער, פון וואַנען זיי זענען אַמאָל געקומען?

זאַלקע האָט שוין געוווסט, אַז ס'גייט אים נישט זייער גוט; פון דער שול האָט מען אים דערוויטערט, מיטן אויסרייד, אז ער איז אַ גע־פּאַר קעגנאיבער דעם שול־קוראַטאָריום. ער איז דאָ פאַרטון אין היס־טאָרישע שטודיעס, ליגט אָפּ אין די ביבליאָטעקן, אין די אַרכיוון. די שטילע פרוי, א לערערין, האָט אין ענגן צימערל געהאָדעוועט אַ דאַר, בלייך מיידעלע. קיין שטורעמס זענען, זעט אויס, אין לעבן פון די דאָ־זיקע אייביק־פאַרטייעטע מענטשן מער נישט געווען. אַזוי האָט אין יענע יאָרן אויסגעזען ס'רוב דאָס צוריקגעצויגענע, כמעט־אַסקעטי־שע לעבן פון די האַלב־הונגעריקע אינטעליגענטן.

— לערער — האָט אים דאָס יינגל געזאָגט מיט שטילן דרך־ארץ — אַ סך זענען זיך צעפלויגן, אָבער די יידן, די באַלמעלאָכעס פון טייך־געסל, זענען פאַרבליבן. מיר האָבן צו זיי צוטרוי.

— אויב ס'זאָל אַזוי אויסקומען אַמאָל צו פאַרטיידיקן זיך... — האָט דער קליינער, פאַרטראָגענער מענטש גערעדט און זיין בליק האָט גע־בלאָנדזשעט ערגעץ איבער מויערן — כ'האָב לאַנג נאָכגעקלערט... ס'איז דער גאַנג פון אַ פאָלק, פון קלאַסן. לאָז עס אזוי גיין, וועלן אַרויסקומען עקספּלואַטאַטאָרן און עקספּלואַטירטע. מ'האָט אונדז געצווונגען צו זיין אַ שטאָט־עלעמענט. מ'האָט אונדז, אין בעסטן פאַל, אַריינגעשטופּט צווישן די שניידערישע און שוסטערישע וואַרשטאַטלעך... אין דער צייט, ווען אַלע אַרום עוואַלואירן. צי וועלן מיר אַמאָל נישט, פרעג איך, צע־ריבן ווערן צווישן דעם אַלעמען?

— פאַרוואָס צעריבן ווערן? — האָט זאַלקע נישט פאַרשטאַנען.

— מיר טרעטן דאָ אפשר אויף הייליקער ערד. קוק אויף די ענגע גאַסן, אויף די אָפּגעריבענע מויערן, אין די פינצטערע הייף. פון די וואַרשטאַטלעך, וואָס קלאַפּן דאָרט, הייבט זיך אויף אַ דור נאָך אַ דור. איך געדענק נאָך יענע יאָרן... ווען פּרץ איז דאָ אַדורכגעגאַנגען אין זיין פעלערינע... מיר ווערן געשטיקט און — מיר לעבן פאָרט...

דער האַרבער, יאָרן־לאַנגער קאַמף, די ביטערניש פון אַ פאַרטייעט לעבן לייגט אומגעזען, ביסלעכווייז אַוועק דינע קנייטשעלעך אַרום די אויגן, אויפן שטערן; און כאָטש אַ שטילער, זעט ער אים נאָך אַלץ — אַ פלאַ־

מיקן, דאָס אויפגעריסענע מויל פון מיטינגען, פּאַרזאַמלונגען, אָפּאָנענט־רע־דעס, פול מיט בייסיקייט און גאַל; אָבער אין גרונט גענומען זוכט אַזאַ שטילער מענטש אַביסל רו, ווייט פון טומל, ערגעץ אויף דער נאַ־טור און געפינט עס קיינמאָל נישט. זיין בליק איז פול מיט לויער, זיין סילועט ווערט דינער און דינער, ווען ער שלייכט זיך אדורך צווישן מענטשן־שטראָם, ביז ער פאַרשווינדט ערגעץ אין אַ טויער, אָדער אין אַ טומל־דיקן דורכגאַנגס־הויף. אומעטום, אויף אַלע אומלעגאַלע דירות, טראָגט ער מיט זיך מיט דעם פּאַרטייעטן אומרו.

אַלץ אין זיין לעבן איז אויף דערווייל, צווישן אויספאַרשונגען און תפיסות. ער ווייסט נאָך נישט ווו זיין לעבן וועט זיך ערגעץ ענדיקן. מ׳האָט זיי געקענט טרעפן, אָט די פּאַרטייעטע מענטשן, פּראָסטלעך אָנגעטון, מיט די איינגעקוועטשטע דראָטענע ברילן, ערגעץ אויף דער שטילער „אָט־וואָצקער ליניע״, צווישן זאַמדן און סאָסנע־וועלדער. דאָרט האָבן זייערע שוואַכע לונגען אָנגעזויגן זיך מיט אַביסל געזונטער לופט. לאַנג זענען זיי אויף קיין אָרט נישט איינגעזעסן. ס׳האָט אַרויסגעיאָגט, ס׳האָט צוריקגע־טריבן צו די רויכערדיקע שטעט, מיט די קוימענס, מיט די איבערגע־פּאַקטע אַרבעטער־בערזעס.

דאָס האָט ער דערזען אין לערער ישראל, זאַלקע. ער האָט נישט גע־האַט קיין ווערטער פאַרן געפיל, וואָס האָט אים אַרומגענומען. מ׳האָט געזען, אַז עפּעס טראָגט אים. ער קוקט ערגעץ אַריבער קעפּ, אַריבער מויערן און זעט קיינעם נישט. אין מיטן געגיי אויף דער דזשיקע גאַס, איז שטיינגעבליבן פאַר זיי אַ קליין, שמאָל מיידל, די צעפּלעך איבער־געפלאָכטן איבערן שטערן. ס׳איז געווען דינה. אַבי דאָס האַרץ האָט זיך אין אים געשראָקן, אין זאַלקען, אַז ער וועט זי דאָ מער נישט געפינען.

— לערער ישראל — האָט זי געלאַכט מיט קינדערישע פּאַרפּל־צייז־נער — איר דערקענט מיך, לערער ישראל?

— כ׳וואָלט דיך טאַקע, אויף מיין וואָרט, נישט דערקענט, דינה — האָט ער צופרידן געזשמורעט די אויגן — ביסט לאַנג געזעסן אין שעד־לעץ?

— פיר יאָר... ס׳האָט כלומרשט געזאָלט זיין אַן אַמנעסטיע...

זאַלקע האָט געפילט איר קליין, שטרענג הענטל ביים אָפּגעזעגענען זיך. זי האָט אים, דוכט זיך, רעכט נישט אָנגעקוקט און האָט באַלד אַוועק־געאיילט. אין ראָג האָט געוואַרט אויף איר עפּעס אַ גאַנצע חברה.

— אייך האָט די שול אויסגעהאָדעוועט — האָט סרוליק נאָך אַלץ געזעדט פאַרטראָגן צו זאַלקען — ס׳איז די אַנאָנימע אַרמיי פון דער דזשי־קע גאַס... מען דאַרף אַלץ פּאַראויסזען, קינדער...

די אָונטיקע שיין צווישן די ענגע מויערן, אין דער קרומער, מיסטי־שער אָפּשטראַלונג, איז געלעגן אויף זייערע פּנימער. זינט ווען ער האָט זיך אַריינגעלאָזן אין פאָרשונגען, איז אָפּגעלעגן אין די ביבליאָטעקן,

צווישן פֿאַרשטויבטע שימות, אַלטע קאָפּיעס פֿון כתבים, האָט זיך געקענט דוכטן, אַז ער לעבט דאָס לעבן פֿון אַן אָפּגעשלאָסענעם מאָנאַך; זײַנע לאַנגע, בלײַכע הענט, דער פֿאַרטראָגענער בליק, האָבן אים עפּעס צוגעגעבן די שײַן פֿון אַן אַלכעמיקער, אָדער אַ פֿאַרצײַטישן אַסטראָנאָם. ס'איז אַוודאי נישט געווען מער דער אַמאָליקער סרוליק, אָדער לערער ישראל, ווען ער האָט זיך אַזוי פֿרײלעך געקענט ווישלען צווישן דעם יונגוואַרג אין בערלינערס מויערן, צווישן די פּעטערס און קוזינען, די אײנפּאַכע, געזונטע ייִדן. און דאָ, ווי ער וואָלט דאָ אָנגעטראָפֿן דעם טרוימער פֿון אָט דער איבערגעפּאַקטער דזשיקע גאַס.

ס'איז געווען אַ שטרענגער ווינטער יענעם יאָר. זאַלקע האָט זיך פֿאַרוויקלט אין אויסגעוואַקסענעם, צעקנײטשטן מאַנטל און פֿון אונטערן קרומען דאַשיק — די בלאָנדע פּאַטלע. אויף אַ סך צופּעליקע בעטלער האָט ער זיך געוואַלגערט. ווי ווײַט די הײם האָט זיך אים שוין איצט אויסגעוויזן. דער קורצער, ליכטיקער אײַנדרוק פֿון דינהן איז אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט געפֿילט, אַז ער דאַרף זי דאָ מער נישט פֿאַרלירן. אין רעגנס און אין שנײען האָט ער זי נאָכגעגאַנגען אַרומגעזוכט אויף די אָוונטיקע טראָטואַרן פֿון דער דזשיקע גאַס און האָט זי נישט געפֿונען. און כאָטש זי איז דעמאָלט אוועק אַ לאַכנדיקע, אָבער פֿאָרט אַן אָנגעברוגזטע, האָט ער געפֿילט, איז געווען זיכער, אַז אויך זי זוכט אים ערגעץ אַרום. אײנמאָל האָט ער זי, דוכט זיך, געזען פֿאַרבײַאײַלן אויפֿן אַנדערן טראָטואַר צווישן אַ פֿרײלעכער באַנדע. צי איז עס נישט געווען קײן אויסדוכטעניש? דער טראַמוויי האָט זיך פּונקט אַ פֿאַרדרײ געגעבן פֿון דער דזשעלנע, איז אָנגעפֿאָרן מיט אַ קלינגערײ און אין געדיכטן געגײ, האָט ער זי ערגעץ פֿאַרלוירן פֿון אויג. ער האָט שוין אָבער געוווּסט ווו מען קען זי געפֿינען און ער איז אײנמאָל געקומען אָפּוואַרטן זי בײַם טויער.

— כ'האָב דיך לאַנג אַרומגעזוכט — האָט ער זיך אין אָפֿענעם געלעכטער מודה געווען.

צוערשט האָט זי אים אָנגעקוקט אַביסל פֿאַרוווּנדערט, דערנאָך האָט זי אַזוי פּשוט און אָפֿן צוגעגעבן:

— איך דיך — אויך. — און זי האָט געלאַכט מיט איר העל געלעכטער.

זי האָט זיך ווי אויפֿגעכאַפּט פֿון עקזאַלטאַציע, פֿון טראַנס, פֿון אײַביקן ברויז, אין וועלכן זי איז דאָ צוריק פֿאַרקאָכט געווען, האָט אים אָנגעקוקט מיט שמאָלע, לאַכנדיקע אויגן־שפּעלטלעך, האָט זיך אַ טוליע געטון צו אים נענטער. ס'איז אים געפֿעלן געוואָרן די וואַרעמקייט און דער אײדעלער מעטאַל אין איר שטים. מער האָט זי אים שוין איצט נישט אויסגעמיטן. זי האָט אים אין פֿריען אָוונט, אין שיטנדיקן שנײ, אַוועקגעפֿירט צו די אויפֿגעבראָכענע גערטלעך פֿון טראַוגוטאַ־פּראַק, צו באַקאַנטע, ווו ס'איז געווען פֿרײלעך און טומלדיק.

— ווען מיר קענען זיך אַזוי אומקערן אהיים... — האָט דאָס יינגל, פּילנדיק איר וואַרעמען אָרעם, אַלץ גערעדט פאַרטראַגן.

— מיר וועלן זיך נאָך אומקערן... — האָט זי געלאַכט.

ס'איז אַלעמאָל געווען ווי צו איילן זיך. פייערלעך האָבן פאַרלאָקט די קליינע, היימישע שמחהלעך אין די פאַרשטעקטע גאָרן־שטיבלעך. זיי האָבן גאָרנישט געפילט קיין הונגער, קיין קעלט, נישט געפילט ווי דער נאַסער שניי, וואָס קרייצט די קרומע דזשיקע גאַס, צעגייט אויף זייערע הייסע באַקן.

דאָ, האָט ער זיך געזאָגט, איז די אַנזאַמלונג פון דעם אַלעם, וואָס ווערט אַרויסגעוואָרפן פון די היימען, ווען מען קען שוין מער נישט אָטע־מען. דאָ וועט מען זיך אפשר לייכטער פאַרטיידיקן. מ'איז געשלאָפן אַבי־ווי, געגעסן אַבי־וואָס. מ'האָט עפּעס אַלץ געוואַרט. מ'איז כסדר געווען געיאָגט, ביי אַ ליאַדע וואָס האָט מען געפרעגט דאָקומענטן. די פאַרזאַמ־לונגען זענען איבערגעפאַלן געוואָרן. די בלויע פּאָליציי־קעטשלעך זענען אומגעריכט אָנגעפלויגן, פאַרנומען ווער ס'איז געקומען אונטער דער האַנט. אין צענטראַל־אַרעסט אויפן טעאַטער־פּלאַץ האָבן זיי דורכגעזיפּט, געשלאָגן, פאַרהאַלטן, פאַרשיקט אין די תפיסות.

אַזוי איז אומגעריכט אַוועק דער ווינטער. מ'האָט יאָ געאַרבעט, נישט געאַרבעט. עפּעס איז כסדר געהאָנגען אין דער לופט. ס'האָט געשטיקט. די ענגע מויערן, דאָס גרויע פּאַסיקל הימל און דער וואַסערדיקער, דורכ־זיכטיקער בלוי, ווי נאָר די זון האָט צוריק אַ שיין געטון — די היץ, וואָס האָט געשלאָגן פון אָנגעגליטן שטיין. די פרילינגדיקע דזשיקע גאַס האָט זיך ווידער אויפגעכאַפּט מיט אַ יונגער מונטערקייט, האָט געאיילט, גע־לאָפן, געשטויסן זיך פון צווישן די ענגע, אָפּגעקרישלטע מויערן, אַרויס צו די אָפענע, נאַקעטע סקווערן אַרום דער ווייסל. אַרויפצו האָבן זיך די וואַלן און די פינצטערע געביייען פון אַלט־שטאָט, דעכלעך איבער דעכ־לעך, אַראָפּגעלאָזן האַרט צום נישט־רעגולירטן ברעג. לאַסט־דאַמפּערס האָבן זיך אונטן געריכערט. מ'האָט אויסגעלאָדן קוילן, קאַסטנס, זעק. פאַרטראָגענע רויכן פון אַ צוג, וואָס איז האַסטיק דורכגעפאָרן די באַן־בריק. אין יעדן אומבאקאַנטן האָט מען אַרויסגעפילט די געפאַר. מיט דער היל־צערנער באַן־בריק האָט מען זיך אַריבערגעכאַפּט אויפן אַנדערן ווילדן ברעג. אויפן פליכיקן שטיקל פּליאַזשע, אויף די זאַמדן, האָט זיך שוין פון די פרימאָרגן־שעהן געקליבן דער אַרבעטסלאָזער טעקסטיל־פּאַראיין פון די בערזעס.

פון די זעלבע פאַבריקלעך, פון זעלבן צווייג, איז מען געלעגן בינט־לעכווייז, געזונגען, געלאָפן אַריין און אַרויס פון וואַסער, געלאַכט, אַרומ־גערעדט די לאַגע, אויסגעבעטן איינער ביים אַנדערן אַ פּאָר צי. ביי די בלייכע מיידלעך איז אַביסל אַראָפּ די פאַרוויכערטקייט פון די פּנימער. און כאָטש ער האָט אונטערגעהונגערט, האָבן פון זאַלקען געשפּראָצט די גע־

זונטע, דאָרפישע זאַפּטן. ער איז געווען פאַרבראַנזט און דער גאָלדיקער שויבער איז אים געפאַלן אין די אויגן אַריין. דינה האָט געלאַכט, איז אַנטלאָפן, צוריקגעקומען. מ׳האָט זיך נאָכאַנאַנד איבערגעשפּאַרט, ביי אַ ליאַדע וואָס געוואָרפן זיך אין פּנים אַריין דאָס שרעקלעכע וואָרט אין יענע יאָרן — „קליינבירגער״, „קליינבירגערלעכע פּסיכאָלאָגיע״...

נאָר אַלעמאָל, ווען ס׳איז געקומען צום צעשיידן זיך, איז פּלוצים עפּעס באַנג געוואָרן. ער האָט זיך אַליין געכאַפּט — פון ווען אָן איז מיר דינקע אַזוי ליב געוואָרן? ס׳האָט אָנגעהויבן צו שרעקן דער זומער זאָל זיך אַזוי גיך נישט אויסלאָזן. אַ וואָלקנדל איז פאַרביי, אַ קיל ווינטל האָט אַ ווייע געטון, עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט געגאָסן אַ רעגן. דערנאָך האָט אין מיטן טאָג ווידער חמימהדיק אַ ברי געגעבן דער ברוק. דאָס שיטערע פּראַגער וועלדל איז געשטאַנען אין ברוינע, וועלקנדיקע קאָ־לירן; הויל און פריי האָבן אָפּגעהילכט די ווייטע געלעכטערן אונטן, ביים וואַסער. ס׳איז ליידיקלעך געוואָרן אויף די ווייטע שטחים פון דער וויל־דער פּליאַזשע.

דעם לעצטן מאָל זענען זיי דאָרט געלעגן אין אויסגעבריטן זאַמד. דינה האָט געשוויגן. זי האָט זיך, זעט אויס, געקליבן ערגעץ פאַרשווינדן צו ווערן. זאַלקע איז געלעגן אויסגעצויגן אין זאַמד, פאַרקוקט צום אַנ־דערן ברעג, וווּ ס׳האָט זיך געדיכט געגרויכערט די שטאָט.

— ווייסט כאָטש ווו מיר ליגן? — האָט ער דאָרט איינמאָל פּלוצים אַ פרעג געטון.

— ווו? — האָט זי אים אָנגעקוקט, אַ ווייטע, אַ נישט־היגע.

— אָט דאָ, ביים סאַמע ראַנד, ביים ברעג, ביז וואַנען די רויטע אַר־מיי איז אין 1920 צוגעקומען. דאָ איז עס געשען. דאָ האָט זיך די געשיכ־טע אַביסל פאַרהאַקט. ווער ווייסט... — האָט ער געלאַכט פרעמד — ווען זי פאַרהאַקט זיך נישט, די געשיכטע...

זי האָט מיט גרויס חידוש, ווי צום ערשטן מאָל, באַטראַכט די רח־בותדיקע לאַנדשאַפט, וואָס האָט זיך נידעריק אויסגעשפּרייט ביי זייערע פיס. די זון האָט נאָך געגוג געוואָרעמט, כאָטש זי האָט שוין געגומען נויגן זיך צו מערב־צו, הינטער דעכער, קלויסטער־טורעמס און פאַבריק־קוימענס. מ׳האָט געפילט דעם פרישן אָטעם פון וואַסער אין דער בידער אין קוים־באַמערקבאַרן פרי־האַרבסט.

— בלייב נאָך דאָ אַביסל, דינה — האָט ער געבעטן — כ׳האָב מורא דיך צו פאַרלירן.

און ער האָט דערפילט מיטאַמאָל, אַז אין דער פרעמד האָט ער גע־פונען דאָס ליבע, היימישע מיידל און אַז ער וועט דאָ נאָך אפשר איבער־לאָזן די גרויסע ליבע אין זיין לעבן.

# 27

אין דער לופט האָט שוין אומגעזען געשוועבט די נאָנטע בהלה. נאָך די זומערדיקע פּרווו־אַליאַרמען, ווען אין שווערן, דעמפּיקן אָוונט האָבן זיך איבער די אַלטע וואַרשעווער מויערן אַלע ליכטער אויסגעלאָשן, אַלע שטאָרן איבער די פענצטער האָבן געמוזט זיין געדיכט אַראָפּגעלאָזן און ס׳האָבן זיך אומהיימלעך צעוואָיעט די סירענעס, איז אויף דער איבער־געפּאַקטער דזשיקע גאַס, אויף אַלעמענס פּנימער, געפאַלן אַ רגע דער פאַרגליווערטער שאָטן פון אימה.

דעמאָלט האָט עס זאַלקען צוריק אַ צי געגעבן צום היימישן ברעג. קאַרגע צוויי יאָר ווי ער האָט זיך אַזוי אַרומגעוואַלגערט אין דער פרעמד. מער האָט ער נישט געקענט. וואָס ס׳זאָל נישט זיין, האָט ער זיך געזאָגט, אַזוי בלייבן ווייטער וועט עס סיי־ווי נישט. דינהן האָט ער נאָך דאָ ער־געץ אין פאַרנאַכטיקן גאַסן־פּלאָנטער אָפּגעוואָרט ביים טויער. ער האָט זיך אָבער אַלץ געשראָקן איבערצולאָזן זי אַליין אין דער פרעמד. דאָס מיידל האָט געפּלאָטערט. אין אירע אויגן איז געזעסן דער פיאַלעטער אָפּ־שיין פון פאַרנאַכט. זיי זענען נאָך איין מאָל געגאַנגען זען דעם לערער ישראל. זיי האָבן אים געפונען פאַרטון, ווי געוויינלעך, איבער ביכלעך און כתבים.

— קינדער — האָט ער זיי געזאָגט — ס׳איז אפשר גאָרנישט אַזוי קרום צו גיין באַצייטנס קיין מזרח. דאָרט וועט זיך סוף כל סוף אַלץ דע־צידירן. ווען כ׳וואָלט אַליין געקענט... — האָט ער שטום אַ בליק געטון אַרום זיך, צום אָרעמען צימערל, ווו הינטערן ווענטל האָט געפּלאָפּלט דאָס מיידעלע און די שטילע פרוי איז פאַרנומען געווען ביי אַ געוועש.

מאָדנע, ווי ער וואָלט געווען פאַראויסגעפילט — אינגאַנצן אַ פּאָר טעג פאַר דער סעפּטעמבער־בהלה האָט זיך זאַלקע האָסטיק אויפגעהויבן, איבערגעלאָזן דעם היימיש־געוואָרענעם גאַסן־פּלאָנטער אַרום מוראַנאָוו און האָט זיך לאַנגזאַם און פאַרזיכטיק, פאַרביי די געדיכטע יידישע שטעטלעך, גענומען צוריקציען צום היימישן ברעג. אַצינד — האָט ער זיך געזאָגט — האָבן זיי שוין מיט זיך אַליין צו טון. אַן ערך אַ 200 קי־לאָמעטער איז געווען דורכצושפּאַנען זיך. אַביסל איז ער געפאָרן מיט די האַלב־נאַכטיקע אויטאָבוסן, אויסצומיידן אַ פּאָליציייאיש אויג, אַביסל איז ער אין די לוילעכע טעג פון פריען האַרבסט געגאַנגען צופוס איבער די שלעכטע פוילישע שאָסייען. ער האָט הנאה געהאַט פונעם שפּאַנען.

אויף די פעלדער פון פּאָדלאַשיער פלאַכלאַנד האָט מען געהאלטן אינמיטן אַראָפּנעמען די קאַרטאָפל, די בוריקעס, מ׳האָט צום לעצטן מאָל

געקאָסעט היי אויף די לאַנקעס. ווילדע, געפלעקטע קעלבלעך און ברוינע לאָשיקעס זענען מיט פאַריסענע עקן אַרומגעלאָפן ביי די ליכטיקע סטאַוון. ס׳האָט זיך טיף אין קלאָר־אויסגעקילטן הימל אַריין געצויגן פון די נעפל־דיקע פעלדער, אין דער קרום, דער היימישער אַראָמאַטישער רויך פון די קליינע שייטערס און דער רויך פון נידעריקע קוימענדלעך אין טאָל. אינמיטן העלן טאָג האָט מען אויף די פעלדער געוואָרפן די ארבעט, פאַ־ריסן די קעפּ אין הימל אַריין, צום ניקלגעם אָפּבליאַסק פון אַעראָפּלאַן־עסקאַדריליעס, וואָס זענען געפלויגן גאַנץ נידעריק און געזעגט די לופט מיט אַן אומהיימלעכער זשומעריי.

— אַכיבאַ ס׳וועט טאַקע זיין מלחמה... — האָבן די פּויערים באַ־שלאָסן, און אָנגעקוקט מיטאַמאָל, מיט בולטן חשד, דעם פרעמדן, וואָס האָט, ווייס פון שטויב, געשפּאַנט מיט דער סטעזשקע. זיי האָבן אַ וויש געטון די שטרוי־וואָנסן און צוריקגעשטעלט די האַנט־פלאַך אין אַ דעכעלע צום לויטערן, שיטערלעכן בלוי.

אין הילצערנעם שטעטל, אַ קילאָמעטער דריי פון געלן, מוטנעם בוג, האָט זיך נאָך זאַלקע פאַרהאַלטן אַ פּאָר טעג ביי דער מאַמעס אַ וייטן קרוב, אַ שוסטער. דער ייד, אַן אָרעמאַן, אַ מטופל מיט קינדער, האָט זיך נאָר געשראָקן:

— זיי זאָלן כאָטש נישט, ווי אין יענער מלחמה, אַוועקטרייבן אין אַלדי שוואַרץ יאָר... ווי אַזוי וועל איך דען לויפן מיט מיינע זעקס קליינע שוואַלבן?...

זאַלקע האָט נאָך געפּרוווט צו טרייסטן אים מיט ווייטע אָנצוהערע־נישן:

— מען ווייסט נאָך גאָרנישט, ר׳ קרוב, וואָס דאָ קען זיך אַ מאַך טון...

אין די אָוונטן איז נאָך געווען גענוג לעבלעך. פון די אוגערקע־פלאַנ־טאַציעס האָבן די אָפּגעהאָרעוועטע טאָג־לוינער פאַרנאַכט צוריקגעצויגן צו די אַרומיקע דערפלעך מיט פאַרבענקטע לידער. מ׳האָט געגעכטיקט אויף די גאַניקעס. פון אַ הינטער־געסל האָט מען שוין באַצייטנס געהערט שופר בלאָזן. אין די הייפלעך האָט זיך געטראָגן דער ריח פון היימישן אָנגעברענטן קרופּניק. ער האָט נאָר באַדאַרפט, דאָ באַלד, אַריבערגיין דעם געלן, מוטנעם בוג, איבער די בריקן ביי דער פעסטונג, דורכשפּאַ־נען זיך די עטלעכע קילאָמעטער צופוס און ער איז שוין צוריק געווען אין דער היים.

אין יענעם שפּעטן פרייטיק נאָכמיטאָג, נאָך דעם ווי ס׳איז שוין באַ־קאַנט געווען וועגן די באָמבאַרדירונגען פון דער הויפּט־שטאָט מיט אַ נאַכט פריער, האָט ער די גאַסן געפונען אויסגעליידיקט, הפקר. אַ ווינט האָט געבלאָזן איבער די שפּורן פון זיינע אייגענע טריט. זעלטן־ווען אַ פייערל האָט אויפגעטוקט אין די יידישע פענצטער. דער אַלטער גרינער בית־מדרש איז אין זון־זעצן־זיך געשטאַנען מיט אָנגעצונדענע שויבן. אַן

אימה האָט געווייעט. מ׳האָט ווידער געפּילט, ווי אַן אַלטע וועלט טרייסלט זיך אין אירע פונדאַמענטן. דאָס געמאַטערטע לעבן, צו וועלכן מ׳איז פונדעסטוועגן אַזוי צוגעבונדן, ליגט הפקר, צווישן שטורעמס. ווער, האָט ער זיך געפרעגט, וועט אונדז באַשיצן?

אַ פּאָר טעג האָט ער זיך נאָך אויסבאַהאַלטן. ס׳איז אָבער געוואָרן געפערלעך. דערנאָך האָט ער באַטראַכט, אַז ס׳איז אפשר נאַריש, אַצינד, ווען מען קען אַליין האַלטן אַ ביקס אין דער האַנט... די מאָביליזאַציע־צעט־לען זענען שוין מיט אַ פּאָר טעג פריער געווען צעקלעפּט אויף אַלע מוי־ערן און פּלויטן. אַרום נידעריקן מייערל, אין דער באַן־גאַס, איז פון באַ־גינען אָן געשטאַנען אַ פינצטערער אָנגעלויף. אַ דאַרער, מילך־בלאָנדער סערזשאַנט, אין ווייקלערס אויף די לאַנגע פיס, איז געשטאַנען אויפן גאַ־ניק און האָט סילאַביזירנדיק אויסגעלייענט נעמען פון אַ לאַנגער ליסטע. ס׳איז שוין געווען אַ שטילע בהלה, כאָטש מ׳האָט נאָך נישט געוווסט וואָס־און־ווען. מ׳האָט שוין נישט געמאַכט קיין איבעריקע אויספרעגענישן. מען האָט אין איילעניש מאָביליזירט, אין איילעניש אַרייַנגעוואָרפן אין צע־קנייטשטן זעלנערישן אָנטון און אין אָפענע לאַסט־אויטאָס פּאַרטיעסווייז אָפּגעשיקט צו עפּעס אַ גרענעץ־דיוויזיע, אין אַן אָפּגעלעגן אָרט, ביים פּריפּעט.

אַהין האָט מען כמעט קיינמאָל קיין יידן, ווייסרוסן און אוקראַינער פון די קאַנטן נישט געשיקט. מ׳האָט געשמועסט, אַז אַ ליאַדע טאָג גייען אָפּ די ערשטע פּאַרטיעס צום פראָנט, ערגעץ הינטער קוטנע, ווו עס ברענט אַ גרויסע שלאַכט. דאָ, אין די היימישע מקומות, האָט זיך זאַלקע ווייניקער פון אַלץ געשראָקן. ער האָט געהאַלטן ס׳מויל, צוגעקוקט זיך, ווי געוויינלעך פון דער זייט, געהאַלטן זיך אין די ווינקעלעך, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף עפּעס.

אין די אויסגעלאָשענע קאַזאַרמעס פון גאַרניזאָן, אויפן רעכטן, העכערן ברעג פון פּריפּעט, האָט מען אַלץ געשפּאַנט געוואַרט אויף די לעצטע ידיעות פון די פּאַרביסענע שלאַכטן אַרום וואַרשע. פון די ראַדיאָ־כוואַליעס איז שוין מער קיין באַזונדערס נישט געווען צו דערגיין. ס׳איז אין די לעצטע טעג געווען עפּעס אַ גרויס צעמישעניש. דאָס ווייזערל פון ראַדיאָ־קעסטל איז געשפּרונגען, פּלוצים אָנגעטראָגן אַן אָפּגעריסענעם, כאָרכלענדיקן געוויש פון אַלט־איינגעבאַקענע פּוילישע פאָלקס־לידער, די לעצטע באַפעלן פון וואַרשעווער שטאָט־פּרעזידענט סטאַזשינסקי, אַ פּליטע מיט שאָפּענס „פּאָלאָנעז״; און אַלץ אָפּטער האָט זיך שוין איצט אַרייַנגעריסן די האַרטע שטים פון אַ דייטשן ספּיקער, מיט זיג־באַפעלן, זיג־קאָמוניקאַטן און זיג־מאַרשן. און דווקא דעמאָלט, ווען מ׳האָט זיך אַמ־ווייניקסטן געריכט, איז נאָך האַלבער נאַכט פּלוצים געקומען דער קור־צער, טרוקענער באַפעל פון דער הויכער גאַרניזאָן־געביידע, אַז מען רירט אין וועג אַריין.

קיינער האָט געגנוי נישט געוווסט — וווהין, קיינער האָט מער נישט געפרעגט, אָבער אַלע האָבן שוין סיי־ווי פאַרשטאַנען, אַז נישט אַנדערש, נאָר אַראָפּצו, ביז צו דער רומענישער גרענעץ. ווי דען אַנדערש? מיט מעת־לעתן פריער האָט מען שוין שטילערהייט אונטערגעמורמלט...

ס'איז נאָך אַלץ געווען דורכזיכטיקער, זוניקער סעפּטעמבער, אָבער די נעכט זענען שוין געווען לענגערע און קילע. אין די פּאַרוואָרפענע בלאָ־טיקע מקומות האָבן זיך פרי אויפגעהויבן גדיכטע נעפּלען ביז צו די קרוינען פון די טאָפּאָלן און סאָסנעס, לענגאויס דעם ברייטן, פינצטערן וואַסער. אַ זלידנע פייכטקייט האָט אַדורכגענומען די ביינער. קיין פייערן האָט מען אין ערגעץ נישט אָנגעצונדן. אין ריזיקן הויף פון רויט־ציגל־דיקן קאַזאַרמע־רינג, וואָס איז דאָ נישט לאַנג אויסגעבויט געוואָרן פאַרן גרענעץ־גאַרניזאָן, האָט זיך נאָך האַלבער נאַכט אויפגעהויבן אַ שטילער, האַסטיקער גערודער. ס'האָט אויסגעזען צו זיין אַ שטילע צעטומלעניש, אָבער אין דער אמתן איז אַלץ געגנוי פּאָראויסגעזען און אָרגאַניזירט גע־וואָרן פון פריער.

יעדער פּלוטאָן, יעדער סאָלדאַט און אונטער־אָפיציר, פון די אָרטיקע און באַשטענדיקע, נישט פון אָנגעלויף, האָט געגנוי געוווסט זיין ווינקל, זיין קאָמאַנדע־אָפיציר, זיין מאַגאַזין, זיין מאַרש־פּלאַץ. אין דער פינצטע־רער, וואָלקנדיקער נאַכט האָבן נאָך דאָ און דאָרט אַ לויכט געטון די גרינע, בולטע שטערן איבער זיי. צוערשט זענען אַרויסגעפירט געוואָרן די פערד פון די געמויערטע שטעלער. אין דער פינצטער האָבן זיי זיך באַ־וועגט שווער, ווי האַמטנע, פּרעהיסטאָרישע באַשעפענישן. די נישט־געשמירטע אַקסן פון די צוויי־רעדערדיקע וועגעלעך האָבן אַביסל אונ־טערגעסקריפּעט. די אַנטי־טאַנק קאַנאָנען זענען שוין געווען אויסגע־שטעלט לענגאויס די פּלויטן. יעדער פּלוטאָן האָט אין געאייל פאַרנומען זיין פּלאַץ אין דער פאָרגעזעענער מאַרש־אָרדנונג. די קליינע קאַנאָנען, געצויגן אויף דיקע שטריק, זענען איינגעשפּאַנט געוואָרן אין די שלייעס. די פערד האָבן באַלד דערפילט די ציענדיקע פייכטקייט, דעם נעפּל, דעם הפקר און האָבן זיך גדיכט צעהירזשעט. מ'האָט אַלץ געוואַרט אויפן סיג־נאַל אַרויסצורירן דורכן הויפּט־טויער.

לפנים וועגן האָט נאָך אַלץ געקלאַפּט אויסגעצייכנט; ס'האָט געהייסן, אַז די פּריש־אָנגעבערענגטע רעזערוויסטן, מענטשן פון פאַרשידענעם על־טער, באַדאַרפן שטרענג איינקאַדרירט ווערן. מ'האָט זיי טעג און נעכט געמאַטערט מיט די איבונגען. אָבער קיין שאַרף געווער האָט מען זיי דערווייל סיי־ווי נישט אָנגעטרויט. זיי זענען מערסטנס צוגעטיילט גע־וואָרן צום שווערן טראַנספּאָרט פון באַגאַזש און אַמוניציע. זאַלקען איז אויסגעקומען צו פירן די קליינע, צוויי־רעדערדיקע וועגעלעך. צו אים איז געווען צוגעטיילט אַ קליינער, קרעמפּער בחור, אַ פויער פון פויזנער

געגנט. אין דער פינצטער האָט זיך יענער אפּנים נישט באַלד געכאַפּט, אַז ער איז אַ ייד, דער אַנטרייבער.

— היי, כאַמיע — האָט יענער, אַ פּראָסטער בענדלדיקער, געצישעט, שוין באַלד ביים אַרויסרירן — אין דיין חזירים־דאָרף האָסטו אויך אַזוי אַ נעם־געטון ביי דער לייץ?... רירעוודיקער... ביי דער מאָרדע... אַזוי!

פאַר קיין פערד האָט ער זיך צופעליק נישט געשראָקן, זאַלקע, ווי די אַנדערע יידן, וואָס האָבן גאָר מורא צוצוגיין צו אַ פערד. די צערטלעכ־קייט ממש צו פערד איז געווען ביי זיי אין דער משפחה. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז מען דאַרף דערווייל האַלטן ס׳מויל.

— ס׳וואָלט געווען אַ יושר צו לאָזן די אַלע געביידעס אין דער לופטן... ווי מיינסטו? מיר וועלן זיך שוין זיכער מער נישט אומקערן. אזא געפיל איז ביי מיר... — אַזוי האָט אַ זאָג געטון דער קליינער פּאָד־פּאָ־רוטשניק פּענטשעק. ער האָט געוויינלעך ווייניק גערעדט, האָט ערשט מיט אַ האַלב יאָר צוריק געהאַט פאַרענדיקט די אָפּיצירן־שול און איז איבער־געשיקט געוואָרן אַהער, אין ספּעציעלן דינסט צו דער גרענעץ־וואַך.

— נאָכוואָס, סטאַכו? פאַרוואָס מיינסטו?... — האָט ער נישט באַלד פאַרשטאַנען, דער העכערער, דער קאַפּיטאַן וווּיטקעוויטש, און ס׳האָט זיך געפילט נישט ווייניק פאַרדאַכט אין זיין זיכערן טאָן.

— אָ, כ׳פיל, אַז מיר גייען אַצינד אין גלות אַריין, אויף דער עמיג־ראַציע... ווי דען אַנדערש?

זיי זענען צום לעצטן מאָל אַרונטער די ברייטע שטיגן פון דער אָפּי־צירן־קאַסינאָ, וואָס איז אין די הייסע פאַר מעת־לעת פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַן אַליארם־זאַמלפּונקט פאַר די קאַדערן, און האָבן זיך אין דער געדיכטער פינצטערניש געלאָזן לענגאויס די פלויטן אויף דער לעצטער אינספּעקציע.

ס׳איז געווען באַלד דערנאָך ווי די דריי פאַרלאָשענע אויטאָס פון די העכערע אָפּיצירן זענען שוין געהאַט אַרויסגעפאָרן, אָפּגעטראָגן זיך מיטן פינצטערן, גריבערדיקן שאָסיי; און אַז דער אַלטער פּולקאָווניק מיט דער העכערער סוויטע זענען עפּעס צו־איילִיק אַוועק, באַפוילן די פּלוטאָנען נאָכצופאָלגן אין שלאַכט־אָרדענונג, האָבן זיי דערפילט מיטאַמאָל, אַז ס׳איז אמת, ס׳האָט טאַקע שמאָל, דער שונא שפּאַרט פון אַלע זייטן. דאָ, האָבן זיי זיך פלוצים דערמאָנט מיט ווייטיק, אין די דאָזיקע מקומות, האָט דער „דזשאַדעק״ מיט זיינע לעגיאָנען אין 1920 פאַרביסן געקעמפט קעגן דער באָרוועסער רויטער אַרמיי פאַר יעדן שפּאַן בלאָטיקע ערד. אַצינד איז אויס — און ווער ווייס אויף ווי לאַנג...

דער אַליאַרם האָט זיך פונדעסטוועגן היפּש פאַרצויגן. אַרויסגערירט האָט מען שפּעט אין דער האַלבער נאַכט אַריין. אַ פייכטער ווינט האָט מיטאַמאָל שאַרף געצויגן זיי אין רוקן אַריין, מיטגעבראַכט דעם ביטער־לעכן ריח פון בלעטער־פוילונג. די הויכע רעדער האָבן אונטערגעטענצלט

איבערן שאָסיי, אַ לעכערדיקער, פול מיט קאַלוזשעס; אַ וועג, וואָס איז אין די טרוקענע זומער־חדשים אויף דער שנעל דורכגעלייגט געוואָרן דורך די אַנגעטריבענע ווייסרוסישע פויערים פון די אַרומיקע כוטאָרן.

וויגנדיק זיך אין די זאָטלען אַקסל־אין־אַקסל אויף די גרוי־געפלעקטע שקאַפעס, באַלד הינטערן סאַניטאַרן־פּלוטאָן, האָט זיך דער קליינער פאַד־פּאָרוטשניק נאָענט אָנגעבויגן צום קאַפּיטאַן. ער האָט געפילט, אַז מען דאַרף זיך האַלטן נאָענט; ביי די איבעריקע, ביי די סאָלדאַטן און אַפילו ביי די אונטער־אָפיצירן, ביי די אַלע „כאַמעס", וועט די גאַנצע דיסציפּלין באַלד מסתמא אויסרינען. אַ שטיקל צייט זענען זיי געריטן בייזאַמען, אין אַ זייט פון וועג, כדי באַלד אַרויסצורייסן זיך פאָראויס פון דער ווייט־פונאַנדערגעוואָרפענער קאַלאָנע.

— איז דער דייטש שוין, הייסט עס, אין וואַרשע... — האָט דער קליינער פאַד־פּאָרוטשניק אַרויסגעזיפצט — בעק, מאָשטשיצקי און רידז זענען... אַוועק, פּשוט... אַוועק, אַנטלאָפן. ס'איז שוין באַוווסט. מילא, דאָס אַלץ זענען נאָך זאַכן צום פאַריכטן.

— אָבער נישט צום פאַריכטן איז דער פאַראַט פון אייגענע און פרעמדע — האָט דער קאַפּיטאַן, וואָס איז ביז איצט געווען איינגעהאַלטן, אַרויסגעפּלאַצט — די יידן און די באָלשעוויקעס.... ווער זאָל זיך עס געווען ריכטן...

ס'האָבן זיך נאָך אין די לעצטע טעג געטראָגן קלאַנגען, אַז די גאַנצע דיוויזיע זאָל שנעל איבערגעוואָרפן ווערן הינטער קוטנע. אַצינד איז אַלץ געווען אויס. ווי לאַנג ערשט, אַז ס'איז נאָך אַלץ געגאַנגען גוט ?... מ'האָט אַפּלאָדירט „אונדזער רידז", ווייל ער האָט, צוזאַמען מיט היטלערן, אויך פאַרכאַפּט אַ ברעקעלע טשעכן און הייזעריקע העלדזער האָבן, פאַר די באַלקאָנען פון מלוכה־ראַט, געריטשעט : „פירער, פיר אונדז אויף קאָוונע !"...

דער טאָג האָט שפּעט גענומען בלייכן ערגעץ הינטער די אָליעכע־וועלדלעך. די לאַנגע, קרומע שורה פון אַרויסגעריסן גאַרניזאָן, צע־וואָרפן איבערן וועג, האָט זיך ביסלעכווייז גענומען פאַרלירן אין נעפּל אויף יענער זייט פון די כוטאָרלעך. דאָס יידישע שטעטל אין דער נידער האָבן זיי אויסגעמיטן; ס'איז געלעגן שטום, פאַרהעמערט, פאַרטייעט. די קאַלאָנע איז איצט געווען נאַקעט־אָפּגעדעקט פאַר דער אַוויאַציע, ווייל עטלעכע אויסשפּיר־אָפּאַראַטן האָבן שוין געקרייזט ערגעץ זייער הויך אי־בערן נעפּל און האָבן פון צייט צו צייט אַ פינקל געטון אין דער קילער, רויטער זון, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון די זומפּן. קיין פּוילישע האָט מען שוין לאַנג נישט געזען אומקרייזן, ווי אין די ערשטע מלחמה־טעג. פון ווייט אַרויפצו איז געקומען דער איבערוף, אַז די קאַלאָנע זאָל זיך צעשיטן פון ביידע זייטן וועג, אין די טיפע ראָוועס, הינטער די קוסטן.

ס'איז שוין דאָ סיי־ווי מער נישט געווען קיין שאָסיי, נאָר אַ דורכגעריע־דערטער, ליימיקער טראַקט, קאַלוזשעס.

מ'האָט אין די צעשאָטענע קאָלאָנעס שוין געוווסט צו דערציילן, אַז די רויטע אַרמיי איז אין אייניקע ערטער אַריבער די פּוילישע גרענעץ. אַפילו די מיט די אָפּגעריבענע פיס, וואָס האָבן באַלד אין די ערשטע עט־לעכע שעה גענומען אָפּשטיין, האָבן אַנגעיאָגט; זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרבלייבן פון די לעצטע. פון צייט צו צייט האָט זיי אַנטקעגן אַנגע־טרייסלט אַ פויעריש פורל; און כאָטש ס'איז געווען אַ שטרענגער פאַר־זאָג נישט אַריינצולאָזן זיך מיט דער אַרטיקער באַפעלקערונג אין קיין שום טענות, האָבן אייניקע אונטער־אָפיצירן געריטשעט צו די איבערגע־שראָקענע פויערימלעך:

— אָפּטרעטן פון וועג, כאַמעס!

ווען זאַלקע האָט אויפגעהויבן די אויגן, איז געווען אויפסניי אַ קור־צער איבערוף לענגאויס די קוסטן. מען האָט זיך פאַרהאַלטן. די קליינע, שטעכיקע זון האָט באַגילדעט די רויכלעך פון אַ כוטאָר אין טאָל — שטרויענע דעכלעך, נידעריק־געפלאָכטענע פּלויטן. אַ טויער פון בערעזע־ביימלעך האָבן אַלע פּלוצים דערזען פאַר זיך אַרויסהייבן זיך ביים סאַמע קרייץ־וועג, באַצירט מיט עפּעס רויטע בענדער, מיט אויפשריפטן. ס'איז געוואָרן אומהיימלעך. מ'האָט נאָר געזען פונווייטן ווי די אָפיצירן זענען דאָרט האַסטיק אַרונטערגעשפּרונגען פון די פערד און ווי איינער, אויף אַ ברוין פערד, איז זיי אַנטקעגן געקומען אַנצופליען ווי אַ ווינט.

אַנשווימענדיק נענטער, האָבן שוין איצט אַלע דייטלעך געקענט זען: אין דער מיט שאָסיי, ביים סאַמע אַריינפאָר צום נישט גרויסן דאָרף אין טאָל, איז געווען אויפגעשטעלט אַ טריאומף־טויער, באַצירט מיט יאָדלע־גרינס, מיט רויטע בענדער, מיט אויפשריפטן אין ווייסרוסיש, אויפצונע־מען די באַפרייער — די רויטע אַרמיי. זיי האָבן שוין דאָרט אַוודאי גע־ווּסט, אַז זי דערנענטערט זיך, אַז אַ ליאַדע שעה באַדאַרף זי אָנקומען מיטן טראַקט.

דאָס רויטלעכע פּנים ביים קליינעם פּאָד־פּאָרוטשניק איז געווען פינצטער. ער איז אַרונטער פון דער גרוי־געפלעקטער שקאַפּע, געשמיצלט מיטן שפּיצרוט אין די כאָליעוועס און איז נישט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און אויפן פּלאַץ, פאַר דער איינגעזונ־קענער גמינע־שטוב, אונטערן נידעריקן הימל, איז געווען צונויפגעטריבן אַלט און יונג — בערדיקע פויערים, אין לאַנגע העמדער איבער די הויזן, מיט אָפּגעדעקטע, נאַקעטע שאַרבנס, באַבעס מיט אונטערגעבונדענע קאָפּ־טיכלעך, יונגע פויערטעס מיט ווייסע, פלאַקסענע קעפּלעך פון קינדער אין די אָרעמס. פון די יונגע איז כמעט קיינער נישט געווען; זיי זענען

נאָך מיט אַ וואָכן פיר צוריק אַלע גערופן געוואָרן אין איילעניש צו די מאָביליזאַציע־פּונקטן.

ערגעץ הינטער זייערע רוקנס, אין טאָל, האָט זיך שוין געהאַט אויפֿגעהויבן אַ געדיכטער רויך אין הימל אַריין. די פֿייער־צינגלעך האָבן שנעל אַרומגעכאַפּט די כאַטעס, די שייערן, געשפּרונגען איבער פּלויטלעך. אַלע זענען זיי דאָ געשטאַנען בלייך, פֿאַרגליווערט, אָבער אַנטשלאָסן אַקעגן די צוויי אָפֿיצירן, אַרומגערינגלט פֿון די אונטער־אָפֿיצירן מיט די רויט־אָנגעגאָסענע פּנימער, מיט אָנגעשטעקטע באַיאָנעטן אויף זייערע קורצע ביקסן. בלייכע, ליימיקע, פֿאַרוואָלקנטע פּנימער, אָפֿענע בליקן פֿון העלבלויע, פֿאַרוואַסערטע אויגן, אונטערגעבונדענע קאָפּ־טיכלעך און פֿלאַקסהאָריקע קינדער אין די אָרעמס.

ס'איז נאָך דאָרט געווען אַ קורץ, העפֿטיק גערעדעריי. דערנאָך זענען די סאָלדאַטן זענען שטום געטרעטן הינטער זיי אַלעמען, צום בערגל. ניידעריק איז דער הימל געווען, פֿינצטער, פֿאַרוואָלקנט, אָן רחמים.

— מיר וועלן אומקומען... — האָבן דאָרט אַלע געהערט, ווי אַ קליינער, קנאַכיקער פֿויער, ווי אַ וואָרצל, האָט, אומדרייענדיק זיך, גערעדט מיט האַרץ — אָבער אויף דער דאָזיקער ערד וועלן די פּוילישע פּאַנעס שוין מער קיינמאָל נישט קאָמאַנדעווען... ביין...

און ווען אין דער פֿייכטער לופֿט האָבן זיך די אויפֿגעהויבענע רויכן געלייגט, און מחנות קראָען האָבן גענומען קרייזן נידעריק אונטערן הימל, זענען שוין מער קיין שיסערייען און קיין געשרייען נישט געווען. אַ בלאָטיקער וועג האָט אַקעגן פֿרי־צוגעפֿאַלענעם אָוונט געפֿירט צו אַ פֿינצטערן, אומהיימלעכן וועלדער־רינג און ס'האָט זיך געדוכט, אַז קיין אויסוועג פֿון אָט דער פֿיינטלעכער ערד איז שוין נישטאָ. ס'איז גלייכער געווען וואָס ווייטער אָפּצוטראָגן זיך פֿון טליענדיקן דאָרף, פֿון רויטן האָריזאָנט, פֿון די צעשאָסענע פֿויערים. מ'האָט שוין אַצינד גענומען אויסמיידן די פֿאַרזונקענע כוטאָרן, וואָס זענען געלעגן אויף זייער וועג. זיי האָבן אָפּגעקירעוועט פֿון הויפּט־טראַקט, דורכגעשלייכט זיך די הילצערנע בריקן, פֿאַרוואָרפֿן איבער די פֿינצטערע וואַסערלעך. פֿון די אויפֿגעלויכטענע דערפֿער איז איצט אויפֿגעגאַנגען אַ מונטער געזאַנג, היימישע האַרמאָניקע־מוזיק. אַלע נידעריקע קוימנס האָבן גערויכערט.

ס'איז אַדורך אַ געמורמל וועגן אַנטלאָפֿענע, וועגן אַזעלכע, וואָס מ'האָט געכאַפּט, איבערגעטועמע אין ציוויל.

אַ געבויגענער, מיט אַן אויסגעריסענער סענקאַטער דובינקע אין דער האַנט, האָט שוין זאַלקע פֿון לאַנג ערגעץ געשפּאַנט מיט די אָוונטיקע פֿעלדער צום פֿינצטערן וועלדער־רינג, ווי נאָר די ערשטע שאָטנס האָבן גענומען פֿאַלן.

# 30

ס׳איז געווען אין לעבלעכן חושך אַ שטום און נאָכאַנאַנדיק געגיי הינטער די פאַרשפאַרטע לאָדנס, אויף די טראָטואַרן, אין דער מיט ברוק, דורך די אויפגעבראָכענע הייף, ווי אַן אומענדלעכע טשערעדע וואָלט אַן אויפהער געטרעטן. די גאַסן זענען געזונקען אין חושך. יעדע אויפגעמאַכטע הינטער־טיר האָט, ווי אַ בליץ, אָפּגעדעקט אַ שטיק נאַכט. אַלע גאַניקעס, אַלע הויז־טירן, אַלע שטובן, אַלע גאָרן־שטיבלעך זענען געווען באַלאַגערט פון הימלאָזע, וואָס זענען כמאַרעסווייז געקומען אָנצולויפן פון יענער זייט בוג.

די נעכט פון טיפן סעפּטעמבער זענען שוין קילע און פייכטע. ס׳איז געפאַלן אַ רעגן און האָט אויפגעהערט. ס׳האָבן זיך שאַרף אַריינגעשניטן די קאָנטורן פון די האַלב־אָפּגעשאָטענע ביימער אין קילן לבנה־שיין איבער דער אַלטער, נידעריקער טאָפּאָלן־גאַס.

ווי ס׳וואָלט זיך, זינט די עטלעכע וואָכן, אָנגעהויבן אַ נייע פעלקער־וואַנדערונג. געצויגן האָט מען איצט אַלץ פון מערב; און ער, זאַלקע, איז גאָר געקומען אָנצושפּאַנען פון מזרח, ריכטיקער — פון דרום־מזרח, פון אַרום די האָרינער וועלדער.

ער האָט ערגעץ אויפן וועג איינגעשאפן זיך אַ פּאָר פויערישע געלאַטעטע פלודערן, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פּאָר פעסטע, זעלנערישע טרעטערס און אָנגעטון איינפאַכע קאָרע־לאַפּטשעס. אי ס׳איז לייכטער געווען צו שפּאַנען און אי ס׳איז געזונטער אַזוי, האָט ער זיך געזאָגט. עס טרעפן זיך אויפן וועג כלערליי אָפּגעריסענע מיליטערישע טיילן, דעזערטירן, סתם וועלף, וואָס קריכן פון ערגעץ אַרויס אין אַזעלכע אומרואיקע צייטן, פאַרדעכטיקע לייט; און דאָ איז ער אַ פרייער פויגל, מיט אַ סענקאַטע דובינקע אין האַנט; ער געפינט זיך כלומרשט צוריק פון אַ נאָענטן ישוב, שפּאַנט מיט די „באָטשנע״ וועגן, דורך אָפּגעשניטענע מעזשעס און האַרבסטיק־פאַרברוינטע אָליעכע־וועלדלעך, ווי אַמאָל, זיין טאַטע, דער דאָרפס־ייד, ווען ער איז ערב ראש־השנה אין איילעניש אַנטלאָפן פון פּרילוקי, צווישן די ברענענדיקע ראָזשינאָיער וועלדער. מיט זיין געזונט פויעריש לשון האָט ער זיך דורכגעפּלאָפּלט ביי די קרענעצעס מיט די באַבעס און מיט די אַלטע לייט. ער האָט אָבער זשעדנע געשמעקט די היימישע לופט, וואָס האָט זיך דערנענטערט און האָט שוין געטראָגן מיט פריער פוילונג און מיט האַרבסטיקע רעגנדלעך.

אַפילו די אויפגעלעבטע יידישע שטעטלעך, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אויפן וועג, האָט ער שאַרף אויסגעמיטן. ס׳איז דאָרט געווען ליכטיק, אי־

לומינירט און פריילעך, מ׳האָט געזונגען, ס׳האָט זיך געטראָגן דער ווײַ־
טער עכאָ פון רויט־אַרמײַאישע לידער, עס זענען געווען צעהאַנגען רויז־
טע בענדער און בײַנאַכט איז די גאַנצע געגנט אַרום געווען אויפגע־
לויכטן. אַ פרעמדער; אין דער פרעמד געטרויעט דיך קיינער נישט: ווער
אַזעלכענער ביסטו? פון וואַנען און וווּהין? און אים האָט עס אַלץ גע־
צויגן צו די היימישע קאַנטן. דעם קאָברינער שאָסיי וואָלט ער אַפילו
אין דער פינצטער אויך דערקענט לויט די אָפּגעריבענע מײַל־צייכנס.
דורך דאַנען האָט ער זיך נישט איין מאָל געטרייסלט אין די פויערישע
פורלעך צו די פאַרשטעקטע כוטאָרן פון מאַלאָריטער קרייז.

אָנקוקנדיק די נידעריקע יידישע גאַס, אײַנגעטונקט אין די טאָפּאָלן,
אין האַלב־אָפּגעשאָטענעם בלעטערוואַרג, די אויפגעלויכטענע פענצטער פון
בערלינערס מויערן, אין דער שרפה פון אַ שפּעטן זון־פאַרגאַנג, איז מאָד־
נע באַנג געווען צו טראַכטן, אַז סרוליק איז דאָרט געבליבן ערגעץ שטעקן
„אויף יענער זײַט״... אפשר... ניין, ער איז זיכער נישט געלאָפן
מער, ער האָט נישט געקענט לויפן — לויט זײַן געמיט, לויט זײַנע שטי־
לע רייד; אָבער דינה... דינקע... אויף איר האָט ער געוואַרט, איז געווען
זיכער. איר אָנוועזנהייט אין שטאָט וואָלט ער מיט די שאַרפע חושים,
ווי אַ חיה, באַלד געווען דערשמעקט. ווי מאָדנע — האָט ער זיך געזאָגט
— די ווירקלעכקייט איז ווייט דערפון, ווי מען מאָלט זיך עס אויס אין הייסן
נאָכטראַכטן. ערשט ווי לאַנג איז ער דאָרט געזעסן ביים ברעג ווייסל מיטן
ליבן מיידל? ביז אַהין האָט די רויטע אַרמיי דעמאָלט אַ שפּאַר געטון...

דאָס טויערל צום הויף האָט ער געטראָפן האַלב־אויפגעמאַכט, אָבער
אין גאַנצן אונטערשטן פליגל זענען די לאָדנס געווען פאַרהעמערט. פון
שיינדלס הויז איז קיינעם נישט געווען צו זען. אַזוי זענען זיי אויך דע־
מאָלט געווען פאַרהעמערט. אָ, דעמאָלט... און ער האָט טיפער אײַנגע־
אָטעמט. צווישן די נאַקעטע קאַרשן־ביימלעך, וואָס האָבן פאַר דער
צײַט אָפּגעדאַרט, האָט זיך געהויבן אַן עסנדיקער רויך פון נאַסע צווײַ־
געלעך. די היימלאָזע, וואָס זענען כמאַרעסווייז געקומען אָנצולויפן, האָבן
אַרום שייטער געקאָכט אין גרויסע, פאַרסאַדזעטע טעפּ. דאָס אײַנגע־
פאַלענע גאַניקל איז פול געווען מיט פרעמדע סילועטן. די מענטשן האָבן
אָפּגעטרעטן. אים דורכצולאָזן און פרעמדלעך אָנגעקוקט אים אין זײַן
פויערישן הילוך. אויפן גאָרן־שטיבל איז דערפאַר געווען צו־ליכטיק און
צו־רוישיק. ביים פּראָסטן, נאַקעטן טיש זענען געווען אַרומגעזעצט יידן,
ווײַבער, קינדער האָבן זיך געוואַלגערט אויף דר׳ערד. דער טאַטע האָט
יך, צוזאַמען מיט די פרעמדע, געפּאַרעט אַרום קיכל און האָט דאָרט
עפּעס פאַרפלאָמט אַריינגעשריגן:

— דער טאַפּ, זײַט־זשע מוחל, איז שוין צוגעברענט...

ער האָט נאָך דעם טאַטן קיינמאָל נישט געזען אַזוי פריילעך־צעטראָגן:

— זאַלקע... כ׳זאָל אַזוי לעבן... ס׳האַרץ האָט מיר אָבער באַלד עפּעס געזאָגט, אַז וועסט זיך אַרויסדרייען פון זייערע לאַפּעס... זע כאָטש וואָס מיר האָבן דערלעבט...

און ער האָט דעם ייִנגסטן זון פאַרגעשטלעט פאַר די פרעמדע ייִדן, פאַר די ווייבער, וואָס האָבן פול געמאַכט דאָס נידעריקע גאָרן־שטיבל; די פאַרע פון די שיסלען און טעפּ האָט געמאַכט ווייט און צעשווומען זייערע פאַרוואַקסענע און מידע פּנימער.

— מען שמועסט, אַז די דייטשן וועלן זיך צוריקציען ביז הינטער וואַרשע — האָט איינער, אַ בלאַסער ייִד, מיט אַ שיטער בערדל, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער קרום, דערציילט — כ׳וויל זיי מער נישט קענען...

די נאָגעניש פאַרן הפקר איז צערונען. מ׳האָט זיך דערפילט זיכערער צו גיין אויף דער ערד, צווישן אָט דער שוצלאָזער עדה, ווען די גאַסן און די פּלעצער זענען באַלייגט געוואָרן פון סאָוויעטישן מיליטער.

— מען פאַרשרייבט שוין, הער איך, אויף אַרבעט — האָט עמיצער ביים טיש דערציילט — גוטע באַדינגונגען, דערציילן זיי.

— און וואָס, כ׳בעט אייך, וועט אונדז דאָ פעלן? — האָט אהרון־לייב גערדרונגען — ס׳וועט זיין גענוג ברויט מיט קאַרטאָפל פאַר אַלעמען אין פּטור...

די נאַכט איז זאַלקע איבערגעשלאָפן אויף דר׳ערד, צוזאַמען מיט אַלע אָנגעלאָפענע ייִדן. נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, האָט ער זיך צום ערשטן מאָל דערפילט רואיק אונטערן טאַטנס היימישן באַלקן. ער האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן דעם אינדערפרי און איז אַראָפּ אין גאַס אַריין. אין בערלינערס מויערן איז, ווי אַמאָל, שוין געווען אַ קלוב, פאַרשידענע קאָמיטעטן. אָבער דינה איז אין ערגעץ נישט געווען. ער האָט געפילט, אַז ער וועט עס נישט אויסהאַלטן. פאַרוואָס? — האָט ער זיך געפרעגט. ער האָט כאָטש באַלד געוואָלט נעמען און לויפן; אָבער — וווהין לויפן? ווי אַזוי?

ערשט איצט האָט זיך אים געדוכט, אַז ער הייבט אָן צו פאַרשטיין דעם שטילן, פאַרחלשטן שמייכל אירן. זי האָט אַלעמאָל זיך צוגעהערט צו זיינע הייסע, ייִנגלשע רייד און האָט שטיל געשוויגן. ס׳איז געווען, דערמאָנט ער זיך, בלויז סוד אין איר יעדן קער. זי האָט אים דעמאָלט איבערגעלאָזן ביי אַ טויער און איז פאַרפאַלן געוואָרן, נאָך איידער ער האָט זיך רעכט אַרומגעקוקט. „דינה!“ — האָט ער נאָך געוואָלט אַ געשריי טון, אָבער זי איז שוין נישט געווען צו זען צווישן די המונים, וואָס האָבן זיך געטראָגן מיט דער פאַרנאַכטיקער דזשיקע גאַס.

אפשר, איז אים איינגעפאַלן, וועט ער זי פּאָרט ערגעץ אָנטרעפן צווישן דעם שטראָם אָנגעלאָפענע. ווען ער וואָלט אָבער דעמאָלט געוווּסט; דעמאָלט, ווען זיי זענען דאָרט צום לעצטן מאָל געלעגן אויף דער ווילדער פּליאַזשע, ביי דער ווייסל.. און סרוליק... ער איז געווען אומגעדולדיק, אָנגעפילט פונדעסטוועגן מיט אַ פריידיקן פלאטער.

דערנאָך האָט זיך איינמאָל, דורך אַ געלעגנהייט, באַקומען אַ שטיקל בריוול פון „יענער זייט". ער האָט געקוקט דערויף מאָדנע, נישט געוואָלט זיך צוגלויבן און דערקענט איר דראָבנע, קינדערישע האַנטשריפט. זי בלייבט דערווייל, האָט זי געשריבן, אין וואַרשע. זי מוז דערווייל בלייבן אין וואַרשע. מער גאָרנישט...

ס'איז געווען שטומע פאַרשלאָסנקייט און שטילע פּאַניק אין די באַלע־באַטישע הייזער; די צייטווייליקייט, די אָפּוואַרטנדיקע שמייכלעך ביי גע־וויסע. אַפילו די אַלטע בונדאָווקע סימע פּאַדווע, שטענדיק מיטן פּאַפּיראָסל אין מויל, קורץ אונטערגעשוירן, איינגאַנצן גרוי, האָט זיך נישט באַוויזן אויפן גאַניק. מ'איז דאָרט דורך די הינטער־טירן געגאַנגען אַריין און אַרויס. די קליינע געוועלב־לייט אַרום מאַרק זענען געשטאַנען פאַר די טירן, פאַר די ליידיקע פּאָליצעס, און האָבן געדיכט איינגעטענהט:

— איבער נאַכט פּטור געוואָרן פון די „פּאָדאַטקעס"... פון דער שרעק... סיי־ווי זענען די פּאָליצעס ליידיק...

די שטאָט איז פול געווען מיט פאַרשידענע לייט, ווי זיי וואָלטן ערשט איצט אַרויסגעשווומען אויף דער אויבערפלאַך. מ'האָט זיי גאָר קיינמאָל, דוכט זיך, נישט באַמערקט.

ס'איז אויך קיין סך צייט נישט געווען צופיל אַריינצוקלערן אין דער פאַרפלאָמטקייט פון יענע טעג. באַלד נאָך די אָקטאָבער־פייערונגען, איז שוין זאַלקע געווען פּאַרטון אין דער אויטאָ־באַזע. מאָביליזירט צו ווערן אין דער רויטער אַרמיי האָט ער שוין נישט באַוויזן. אין די קורצע פאָר וואָכן, ווען ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין דער גרענעץ־דיוויזיע, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אויסגעצייכנטן שיסער; זיינע פּאַרטיפּטע, בוימל־דיקע אויגן האָבן פּינקטלעך אויסגעמאָסטן דעם שטח און אין זיינע פעס־טע דלאָניעס האָט זיך די ביקס נישט געטרייסלט. ער האָט אויך אַלץ פאַר־שטאַנען אויפן ווונק, וואָס ס'איז געווען אויף די ליפּן ביי די צעקאָכטע אונ־טער־אָפיצירן.

— פון דיר וועט אומבאַדינגט זיין אַן אויסגעצייכנטער פּולימיאָטשיק!

— האָט אים סידאָר ביעלאַיעוו, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פון „וואָיענקאָ־מאַט", שטאַרק געריימט, ווען ער איז געשטאַנען צו דער קאָמיסיע פון די אויסגעדינטע סאָלדאַטן אין רעזערוו, און ווען ער האָט זיך אַזוי פונאַנ־דערגעשמועסט מיט אים מכוח דעם מעכאַניזם און וועגן די פאַרשידענע מינים סיסטעמען פון שווערן מאַשין־געווער.

און אַרכיפּקע דוגין, דער פּאַרזיצער פון מעכאַניקער־אַרטעל ביי דער אויטאָ־באַזע און טאַנקן־פּאַרק, האָט אים אויך אונטערגעהייצט:

— גיי, זעלמאַן! גיי, זאָגט מען דיר! וועסט אַ ביסל אַ שמעק טון פּולווער אין אונדזער אומבאַזיגבאַרער רויטער אַרמיי... ס'וועט דיר, ניש־קשה, צונוץ קומען.

דאָס האָט ער נאָר סתם אַזוי אַ זאָג געטון, אָבער ס'האָט נאָך נישט געהאַלטן דערביי ער זאָל אים אָפּלאָזן; אים און דעם אַלטן זיינעם האָט ער שוין געקענט. ס'האָבן אַלץ אויסגעפּעלט קוואַליפיצירטע הענט און זיי האָבן זיך באַלד גוט אויסגעקענט אין דער רעפּאַראַציע פון מאָטאָרן. איז ער נישט געגאַנגען, זאַלקע, ווייל לויט די אַלגעמיינע באַשטימונגען און נעמנדיק אין אַכט זיין וויכטיקע פונקציע אויפן אָרט, אין מעכאַניקער־אַרטעל, איז ער דערווייל פאַרבליבן אין רעזערוו.

און אַזוי — וואָס האָט אים דען געפעלט, זאַלקען, מיט די געזונטע פּאָר ידים און מיט זיין קאָפּ, וואָס האָט שנעל דערטאַפּט די „סמיקאַלקע" פון אַ יעדן קאָמפּליצירטן מעכאַניזם? ס'איז שוין באַלד געהאַט איבער־געלאָפן אַ יאָר זינט דינקע איז מער נישט געווען. דער יאַשמין האָט אין יענעם זומער אַזוי שיין זיך צעבליט הינטער די פענצטער צו די אויבסט־סעדער. די ליכטיק־אויסגעווייסטע צימערן זענען פאַרגאָסן געווען מיט זון. נאָר דינקע האָט דאָ געפעלט, זי זאָל דאָ אַרומפלאַטערן ווי אַ פייגעלע אין דער קליינער באַלעבאַטישקייט.

צי האָט זיך עס נאָך שענער געקענט אויסלאָזן אין דער מיטעלער פּראָווינץ־שטאָט, איינגעטונקט אין אַקאַציעס און אין טאָפּאָלן, פון וואַנען זיין דור, זיין גאַנצער דור, האָט זיך פריער געריסן צו אַנטלויפן אין דער וועלט אַריין, איז אַוועק אין די תפיסות פון לאַנד, איז פאַרפייניקט גע־וואָרן אין קאַרטוז־בערעזע?

ווי האָט זי דאָרט איינמאָל אַ זאָג געטון, דאָס שוועסטערל, וואָס איז פאַר דער צייט אויסגעוואַקסן אַ שטאַלטנע, געזונט מיידל, האָט אַרומגע־פלאַטערט איבער די צימערן און פאַרהילכט זיי מיט איר גלעקלדיקער שטים, מיט די אומפאַרגעסלעכע לידער פון דער יידישער שול:

— כיי־בי — האָט זי געזאָגט — וואָלטן דוב און וועלפקע דאָ געווען...

כאָטש זי האָט די ביידע ברידער כמעט ווי נישט געדענקט. זי איז געכאָוועט געוואָרן און אויסגעוואַקסן אויף פרעמדע הענט. און דער געעל־טערטער ייד, אהרון־לייב, האָט צוגעטאַקעוועט:

— זיי האָבן זיך אָבער געבראָכן דעם קאָפּ — האָט ער געלאַכט פויע־ריש־הילכיק; און מען ווייסט גאָרנישט פון וואַנען אַזעלכע מיני רייד האָבן זיך דערנומען צו אים — צו לייזן די יידן־פראַגע „אין אַלוועלטלעכן מאַס־שטאַב"... אָט האָסטו דיר... געהערט אַ לשון?...

דאָס שוועסטערל האָט געטראָגן דער מאַמע מינדעס נאָמען. זי האָט

געאַרבעט ביז די מהומות ביי אַ שניידערין, אַרומגעטומלט מיט דער אונטערגעוואַקסענער חברה אין בערלינערס מויערן, אויפן סקווערל און איז שוין „אַרויסגעגאַנגען” מיט אַ ייִנגל, אַ שלאָסער, וואָס האָט געאַרבעט צוזאַמען מיטן טאַטן און מיט זאַלקען אויף דער אויטאָ־באַזע.

אַהרון־לייבן האָבן אַ שטיקל צייט געשלאָגן פרישע פאַרבן אין אויסגעווינטשיקטן פנים אַריין. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין דער באַלעבאַטישקייט און געשעפּט נחת. זיינע הענט, וואָס זענען געווען צעאַקערט פון אַרומגיין אַ גאַנץ לעבן אַרום מעטאַלן, האָבן נישט גערוט. ער איז איצט געווען אַן אָנגעזעענער מיטגליד אין אַרטעל. ער האָט זיך עס נישט געקענט שענקען:

— נו, די ראַטנמאַכט האָט זיך אַפילו אַביסעלע פאַרשפּעטיקט צו קומען, אָבער געיאַוועט האָט זי זיך פאָרט, אַ לעבן אויף איר קאָפּ...

קורץ, זייער קורץ, האָט געדויערט דאָס גרויסע גליק. אָבער איידער מ׳האָט זיך נאָך רעכט אַרומגעקוקט, איז דער זומער מיטן ווינטער דורכגעלאָפן ווי אין חלום. אויפגעכאַפּט זיך אין יענעם זונטיק אינדערפרי, איז שוין די בהלה געווען גרויס. אַרכיפּקע דוגין האָט באַקומען אַ באַפעל תיכף אַרויסצופירן די אויטאָ־באַזע אין דער קרייז־שטאָט דאָראָהיטשין; און באַלד איז שוין צו קיינעם נישט געווען מער צו רעדן.

אַהרון־לייב איז געשטאַנען אין דער מיט שטוב, די הענט אַראָפּגעלאָזן, ווי ער וואָלט שוין געפילט, אַז דאָס מאָל ברעכט זיך אַלץ איין. דאָס שוועסטערל, מיט אַ גאַנצער באַנדע יונגוואַרג, האָבן זיך געגרייט אין איילעניש מיטצוכאַפּן זיך מיט די לעצטע צוגן. די שויבן האָבן שוין געציטערט פון די באָמבאַרדירונגען. פאַרפאַלן, מ׳האָט געמוזט לאָזן דעם טאַטן. דורך די בהלהדיקע גאַסן איז זאַלקע געלאָפן מיט זיי. ער אַליין האָט זיך אָבער נישט געקליבן מיטצולויפן. ער קען נישט אַוועק, האָט ער באַטראַכט, ביז ער וועט נישט אויפזוכן ערגעץ דינקען.

נאָכמיטאָג איז אויף דער אָפּגעלעגענער באַן־סטאַציע, אויף דער „סלאָבאָדקע”, ווו מ׳האָט פריער אָנגעלאָדן דאָס געהילץ פון די אונטערגעשוווענקטע וועלדער, שוין געשטאַנען אָנגעגרייט אַ ליידיקער טראַנספּאָרט־צוג און ס׳איז דאָרט געווען אַ פינצטערער אָנגעלויף, נישט צום דערשפּאַרן זיך. די אַוויאַציע און די אַרטילעריע האָבן געדונערט פון אַלע זייטן. דאָרט האָט מען עוואַקואירט נאָר די פרויען מיט די קינדער. אַ דיקלעכע קראַנקן־שוועסטער פון אָרטיקן מעד.־פּונקט, האָט געליאַרעמט פאַר דער טיר פון קליינעם, הילצערנעם וואָקזאַל און איז דריי מאָל געלאָפן טעלעפאָנירן. זי האָט זיך אָבער מער נישט געקענט דערקלינגען. זי האָט נישט געקענט אַדורכקומען מיטן פאַרשמירטן מאַשיניסט, וואָס איז געשטאַנען פאַר איר, די הענט פונאַנדערגענומען:

— נאַטאַליאַ וואַסיליעוונאַ — האָט ער זיך געבעטן רחמים — דאָס

„סאַמאָוואַרל" וועט, אויף מיין וואָרט, נישט אויסהאַלטן... און אויף די אָפּגעדעקטע פּלאַטפּאָרמעס... ווו וועלן זיי זיך דען אַלע אַהינטון?

— זאָל ער לאָזן די פּאַרע און — אין וועג אַריין! — האָבן די רויט־אַרמייאישע ווייבער, באַהאָנגען מיט פּיצלעך קינדער, געליאַרעמט.

אַרכיפּקע דוגין איז געקומען אָנצולויפן און האָט זאַלקען ביגוואַלד אַוועקגעריסן — די וואַרשטאַטן האָבן זיך אָן אים נישט געקענט אַרויסרירן.

מ'האָט דערנאָך דערציילט, אַז באַלד הינטער סטעפּין, אויפן וועג קיין לונינעץ, איז געווען אַ דייטשער אָנפאַל און אַז אַ סך האָט מען געלאָזן אין וועג. ווער? וועמען? קיינער האָט נישט געוווסט. ס'איז געווען אין זעלבן אָוונט, ווען אַלץ אַרום איז שוין דאָ געשטאַנען אין שריפות.

נו, און ביי די דייטשן איז אַלץ, פאַרשטייט זיך, צוגעגאַנגען קורץ און טרויעריק. אַ גאַנץ יאָר האָט מען זיך נאָך אַזוי אָפּגעמאַטערט אין דעם אַרומגעצוימטן פּערטל. זאַלקע איז געווען בלויז אויגן און אַזאַ אָרמעט ווי ס'האָט אַרויסגעקוקט פון זיי. די בענקשאַפט האָט געוואָרגן — צי לעבט זי נאָך ערגעץ, דינקע?

דעם טאַטן מיטן שוועסטערל האָבן זיי צוגענומען באַלד ביי די ערשטע „אַקציעס" אין שטאָט. מ'האָט שוין געוווסט וווהין מען פירט אַוועק אין די נעכט מיטן וועג קיין באַראַנאָוויטש. זאַלקע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אויף די בוידעמער, אין די קעלערן; ס'איז אָבער קיין תכלית נישט געווען אַזוי. אויף די ברייטע וועגן, צווישן זומפּן און וועלדער — אַהין האָט עס אים באַלד צוריקגעצויגן. ס'איז אָבער נישט אַזוי לייכט געווען. פונדעסטוועגן איז ער געלאָפן. אין אַלע שטעטלעך זענען געווען געטאָס און אַלע געטאָס זענען נאָך אין זעלבן זומער ליקווידירט געוואָרן. אַ שטיקל צייט האָט ער זיך נאָך אויפגעהאַלטן אינעם בלאָטיקן שטעטל, דאָראָהיטשינער קרייז.

דעם גאַנצן טאָג אָפּגעהאָרעוועט אין זומפּיקן וואַלד, אונטער די קלעפּ און שפּאָטערייען פון דער אוקראַאינישער פּאָליציי, האָט ער אין אָוונט קוים דערשלעפּט די פיס, פאַרקאָפּטשעט געוואָרן אָפּצוקאָכן עפּעס, צוזאַמען מיט די ווייבער, אין דער ענגעניש, דערשטיקט צו ווערן.

ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן דער יודען־ראַט, האָט די דייטשע זשאַנדאַרמעריע באַפוילן, אַז אַלע זאָלן אָנטון געלע לאַטעס און אַ באַנד מיט אַ מגן־דוד אויפן אָרעם. און אַזוי־ווי נישט אַלע האָבן באַוויזן אין זעלבן טאָג אָנצוטון, האָבן די דייטשן דעם פאָרזיצער צוזאַמען מיט נאָך צען יידן, תיכף דערשאָסן. דעם 22־ן יוני 1942, פינף אַזייגער פאַרנאַכט, האָבן די ס.ס.־לייט אַרומגערינגלט דעם קליינעם געטאָ. זיי זענען אָנגעקומען מיטן טראַקט פון דאָראָהיטשין און באַזעצט די שורה הייזער, ווו ס'איז פריער געווען דער מאַרק־פּלאַץ. מען האָט באַלד דערפילט, אַז דאָ וועט זיין נישט גוט. אַלע זענען שנעל געלאָפן באַהאַלטן זיך אין די קעלערן,

אויף די בוידעמער און ווו נאָר אַ באַהעלטעניש. די אַלע זענען טאַקע צו־פעליק געבליבן לעבן. די איבעריקע, וואָס מ'האָט זיי געכאַפּט, מענער, פרויען, קינדער, אַלטע און קראַנקע — זענען צוזאַמענגעשפּאַרט געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס. קיינער האָט נישט געטאָרט אויפהייבן דעם קאָפּ, אַנישט האָט ער באַקומען מיט דער קאָלבע. צוויי קילאָמעטער הינטער דער שטאָט האָבן די פּויערים שוין מיט דריי טעג פריער געהאַט אויסגעגראָבן גריבער. מען האָט זיי גענומען שלאָגן מיט אייזנס און מיט שטעקנס, די יידן, אָנגערייצט אויף זיי די גרויסע וואָלף־הינט. זיי האָבן געשריגן: „נעמט נקמה פון די רוצחים פאַר אונדזער אומשולדיק בלוט און פּיין". אין וואַלד הינטער בערעזאָווקע האָט מען זיי אַלע דערנאָך צעשאָסן.

דער הויפּט־„רעזשיסער" פון דער „פאַרוויילונג" איז געווען דער שעף פון לאַגער, יאַרין — אַ הויכער, דיקער מאַן פון אַ יאָר פערציק. איבער אים איז נאָך געווען דער אָבערשטורמפירער אַמעלונג, אַ פאָלקס־דייטש פון ריגע, אַ נידעריקער, אַ דאַרער. דער אונטערשאַרפירער אָטאָ — אַ הויכער, שוואַרצער דייטש, דער ס.ד.־מאַן שעפלער — אַ נידעריקער, אַ ווייסער. דער קאָמענדאַנט פון דער ווייסרוסישער פּאָליציי, באָבקאָ, פון באַראַנאָוויטש; זיין שטעלפאַרטרעטער, סטעפאַניוק, דער ליטווינער דיראָ, אַ גרויסער רוצח, אַ ספּעציאַליסט.

92 מאַן, די מער־געזונטערע, גוטע פאַכלייט, זענען אָפּגעקליבן גע־וואָרן. דער לאַגער־שעף יאַרין, האָט געהאַלטן פאַר זיי אַזאַ רעדע:

— פאַר אייך וועט נאָך זיין אַ ספּעציעלע אַקציע. ביז וואַנען מיר וועלן זיין, וועט איר אויך זיין. דערנאָך וועט מען אייך אַלע „פּאַרטיק מאַכן".

איין וועג איז געווען — אַראָפּבויגן דערווייל דעם קאָפּ, היטן די ביינער און זוכן די נקמה.

געאַרבעט האָבן זיי ביי פאַרשידענע פאַכן: שוסטעריי, סטאָלעריי, זייגערמאַכעריי, גאַרבאַריי. דערווייל האָט מען גענומען פּלאַנעווען ווי אַזוי צו אַנטלויפן פון לאַגער. איין פּלאַן איז געווען: אונטערצינדן די פערד־שטאַל, ווו מען האָט זיי אָפּגעשפּאַרט אויף ביינאַכט. דער פּלאַן איז אָבער אָפּגעפאַלן, ווייל אַ פייער וואָלט באַלויכטן די געגנט און אַלץ גע־קענט פאַרשיטן. האָט מען באַשלאָסן אויפהאַקן אַ לאָך אין פערדן־שטאַל. איז אָבער דאָס אַנטלויפן געווען פאַרבונדן מיט גרויס ריזיקע, ווייל אַרום זענען זיי געווען באַוואַכט פון פּאָליציי און קוילנוואַרפערס. דערפאַר האָט מען יעדן איינעם באַזאָרגט מיט סם, וואָס דער כעמיקער באָרע נייפעלד האָט אַליין געמאַכט. אויב וועט אויסקומען אַריינפאַלן אין די מערדערי־שע הענט, זאָל מען זיך נישט איבערגעבן לעבעדיק.

יעדעס מאָל פלעגן אונטערקומען נייע שטערונגען. כדי ס'זאָל ביים אַנטלויפן נישט ווערן קיין פּאַניק, האָט מען געצויגן גורלות, ווער ס'זאָל אַרויסגיין דער ערשטער, דער צווייטער און אַזוי כסדר. זאַלקע האָט גוט געקענט די געגנט, האָט ער זיך אונטערגענומען זיי אַלעמען צו ווייזן

דעם וועג צו די טיפֿע וועלדער אַרום די זומפּן. ער האָט באַקומען אַ רע־וואָלווער מיט 4 קוילן. אין משך פֿון וואָכן האָבן זיי זיך געאיבט ווי אַזוי אַרויסצוציִען פֿון לאַגער. אין באַראַק זענען זיי געקראָכן אויף די הענט און אויף די פֿיס. פֿאַר יעדן איינעם האָט אַ ייִד פֿון סווערזשנע, וואָס האָט געאַרבעט אין דער שמידעריי, צוגעגרייט לאַנגע מעסערס. דעם אַרויסגאַנג אין דער וואַנט האָט מען געמאַכט ביסלעכווייז. די סטאָליערס האָבן געבראַכט פֿון וואַרשטאַט בוייערס, זעגן, דלאָטעס. די לאָך האָט גע־פֿירט דורך אַ צימער פֿון וואַרשטאַט.

אין אַ פֿינצטערער זאַווערוכע־נאַכט, סוף מערץ, האָבן זיי שטיל גע־עפֿנט די לאָך און הונדערט מעטער דערביי אויסגעלייגט קאָלדרעס און מאַנטלען. אַ וואָך פֿאַרן אַנטלויפֿן האָבן זיי אויך געהאַט אָפּגעסמט אַלע הינט אין לאַגער.

אָבער אין זעלבן באַגינען איז געשען אַן אומדערוואַרטע זאַך. די פּאַרטיזאַנער פֿון די אַרומיקע וועלדער — ווייסרוסן און אויך פֿיל ייִדן — האָבן איבערגעריסן די טעלעפֿאָן־דראָטן און גענומען באַשיסן די שטאָט. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, זענען זיי, בערך דריי הונדערט מאַן, אַריין מיט אַ הורא־געשריי, באַפֿאַלן די דייטשע און אוקראַיִנישע וואַך־פּאָסטנס פֿון די געווער־מאַגאַזינען. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ מוראדיקע שיסעריי. די פּאַרטיזאַנער האָבן אונטערגעצונדן די געביידע, נאָכגעשאָסן די אַנט־לויפֿנדיקע דייטשן און פֿיל פֿון זיי אַוועקגעלייגט.

מיט זיי איז שוין זאַלקע צוריקגעגאַנגען אין די וועלדער אַריין, ווייל זיי האָבן גענומען נאָר יונגע מענטשן, דער עיקר אויסגעדינטע סאָלדאַטן. באַגלייט פֿון די פֿאַרבינדונגס־מענער, האָט ער זיך געמאָלדן אין אָטריאַד, אויפֿן נאָמען פֿון דימיטראָוו, וועלכער איז באַשטאַנען פֿון טויזנט מאַן, איינגעטיילט אין אַכצן גרופּעס. ייִדן זענען אין דעם אָטריאַד געווען בסך־הכל איין און דרייסיק.

אויפֿן אַנדערן טאָג, ווען זיי זענען אָנגענומען געוואָרן ביי די פּאַר־טיזאַנער, האָבן זיבן פֿון אָטריאַד, פֿינף ווייסרוסן, זאַלקע און נאָך אַ ייִד, באַקומען דעם באַפֿעל אויפֿצורייסן אַ צוג, וואָס איז געגאַנגען אויף דער ליניע פּינסק־לונינעץ. אין דער זעלבער נאַכט, ס׳איז געווען שטאַרק פֿינצ־טער, האָבן זיי זיך פֿאַרגנבעט אויף אַלע פֿיר צו די באַן־ליניעס און אונ־טערגעלייגט אַ מינע פֿון 12 קילאָ. אין 15 מינוט אַרום איז אָנגעפֿאָרן דער לאַסט־צוג און זאַלקע האָט דורכגעלעבט דעם ערשטן זיסן נקמה־ציטער.

אין האַרבסט האָט זיך אָנגעהויבן פֿילן אַ מאַנגל אין עסן. האָט מען צוזאַמענגעשטעלט אַ גרופּע פֿון דרייסיק מאַן און זיי באַפֿוילן, אַז זיי זאָלן פֿאַר יעדן פּרייז שאַפֿן פּראָדוקטן. זיי האָבן זיך געלאָזן אין דאָרף קוואַ־סעוויטש, קאָסאָווער ראַיאָן. דערווייל זענען אָנגעפֿאָרן צוויי לאַסט־מאַ־שינעס, באַלאָדן מיט עסנוואַרג. האָבן זיי זיך תיכף באַהאַלטן אין די קוסטן און געעפֿנט אַ שיסעריי. איין דייטש און פֿינף ווייסרוסן האָבן זיי

געפאַנגען לעבעדיק, די איבעריקע האָבן זיי אָוועקגעלייגט.

דער איבערפאַל אויפן קולאַקישן דאָרף קוואַסעוויטש איז דערפאַר גע־ווען ווייניקער גליקלעך. דריי פאַרטיזאַנער זענען אַרויס פונעם פייער, וואָס די פאַרשטאַרקטע דייטשע קאָמאַנדאַ האָט געעפנט. ביז נאַכט האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן אין וואַלד אַריין. אָבער דער וואַלד איז שוין אויך געווען אַרומגערינגלט. איין וועג איז געווען — צו די זומפּן. און דאָרט האָט זיך זאַלקען איינגעגעבן אַנטרונען צו ווערן; אָבער צוריק צו דער באַזע האָט ער זיך שוין מער נישט באַוויזן צו דערקלייבן.

אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן זיינע וואַנדערונגען אַליין, ווי אַן איינזאַ־מער וואָלף. אַ שטיקל צייט האָט ער געוואַנדערט איבער די דערפער ווי אַ שטומער בעטלער. מיט אַ שטיקל גלאָז האָט ער זיך אַרומגעקראַצט דעם בלאָנדן אויסשיט ביי די ליכטיקע סטאַוון. געצויגן האָט ער אַלץ ווייטער פון זיינע מקומות. די ערד האָט שוין געגומען אויפטייען, ווען ער האָט פאַרבלאָנדזשעט אין דעם דאָרף האָרין. באַגינען האָט אים פאַראַסקע, וואָס האָט געדינט ביים פּאָפּ, געטראָפן אָנטרינקען זיך ביים ברונעם, ווו זי איז אַרויס אָנשעפן וואַסער.

— אַ היגער? — האָט זי געפרעגט.

— אַוודאי אַ היגער! — האָט ער, נישט אַ פינטל טוענדיק מיטן אויג, געענטפערט; און ער האָט באַלד אַרויסגענומען ביי איר די צוויי פולע עמערס פון דער האַנט און געהאָלפן זיי דערטראָגן ביז צום פאָדער־הייזל פון פּאָפּ.

און זי האָט געלאַכט אין דעם באַגינען אַ פאַרשייט, הילכיק געלעכ־טער, די געשטופלטע פאַראַסקע, ווייל זאַלקע איז איר, זעט אויס, גלייך אַריין אין האַרץ אַריין.

# 31

אויף זיינע אייגענע אַקסלען, קען מען זאָגן, און מיט אַ נישט־גע־שטילטער עקשנות, האָט ער עס אַלץ אַליין אַדורכגעטראָגן, דער קליינער מענטש פון הויט און ביינער, דער אייביקער זוכער, גריבלער און געשיכ־טע־פאָרשער, ישראל אידלסאָן. די היימישע זאַפטן האָבן נאָך אַלץ געעירט אין אים. ס'איז געווען אין יענע קאַרגע עטלעכע חדשים, ערב דעם אַפּ־ריל־אויפשטאַנד. קיינער האָט שוין כמעט נישט געדענקט, אַז אין די פאַר־מלחמה־יאָרן איז ער אַמאָל געווען אַ לערער אין דער אָרעמער יידי־שער פאָלקס־שול, אין די געגנטן אַרום מוראַנאָוו, אַרום די געדיכטע, אומ־

לעגאַלע אַרבעטער־בערזעס. זיינע פאַרכאַפּנדיק־בלויע אויגן, מאָדנע גרע־סער־געוואָרענע, ווי ביי אַ צעבראָכענער פּופּע, האָבן נאָך אַלץ קינדעריש־אומשולדיק געקוקט אַרום זיך אויפן רשעות, אויפן טאָג־טעגלעכן אומקום אין געטאָ־וואַרשע.

פאַרבליבן איז ער אין לעצטן זומער כמעט ווי איינער אַליין פון אַלע זייניקע. ער האָט שטיל, פאַרטון אין זיך, געוואָגלט פון איין הפקרער דירה אין דער צווייטער, פון קליינעם געטאָ אין גרויסן געטאָ, געזוכט זיין נערונג, ווי א פויגל, אויף אַלע צופעליקע, געדיכט־אַנגעלאָפּענע פונקטן. אין זיינע אויגן איז געווען צוגלייך דער שטומער צער פון אַ זקן און פון אַ קינד. ער האָט אויסגעזען צו גראָבן נאָכאַנאַנד, צו ניש־טערן און עפּעס צו זוכן אַרום זיך. קיינער האָט געגוי נישט געקענט דער־גיין ביי אים פאַרוואָס ער קוקט מענטשן מאָדנע אין די אויגן אַריין, פונקט ווי מ׳האָט שוין באַלד מער נישט געדענקט ווער ער איז, דער שאָטן פון הויט און ביינער; ווייל בלויז פרעמדע יידן פון דער פראָווינץ זענען גע־ווען אויף די הפקר־אָנגעלאָפענע דירות. געוווסט וואָס ער זוכט האָט אפשר נאָר זיין גורל־חבר, דער פּעאיקער היסטאָריקער יהושוע מאַנדל־קערן; צוזאַמען האָבן זיי אַלץ געזאַמלט, פאַרשריבן און באַגראָבן, ס׳זאָל בלייבן פאַר אַ זכר לדורות.

ס׳איז שוין איצט מער נישט אַזוי לייכט געווען צו געפינען זיי אויף דער אויבערפלאַך יענע שטרענגע, פעסטע, גוטמוטיקע חברה פון די גע־דיכטע אַרבעטס־בערזעס; די פון נאָדל־פאַך, די שטריקער, די שוסטערס, די בעקערס און די ברייט־פּלייציקע ייִנגלעך פון טראַנספּאָרט — פון דעם אַמאָליקן פאַרנאַכטיקן גאַסן־פּלאָנטער אין מוראַנאָווער ראַיאָן, אָדער פון „מורדזיעל״. ס׳רוב, די מערסטע אפשר, זענען באַלד אין די ערשטע פאַר חדשים געהאַט אַוועק מיטן גרויסן שטראָם, מיט יענער בהלהדיקער פעל־קער־וואַנדערונג, אויף מזרח, ערגעץ אויף יענער זייט בוג. נישט וויניק זענען זיי דערנאָך געהאַט אומגעקומען בעת די אַקציעס פון דער אויס־גערעכנטער יידישער אינטעליגענץ, ביי די סעלעקציס אין די שאָפּן, ביי די בלאָקאַדעס פון די הייף און — ווען מ׳האָט זיי ביינאַכט, אינגאַנצן אומגעריכט, אַרויסגענומען פון די שטובן, דערשאָסן און געלאָזן זיי אַזוי ליגן אויף די טראָטואַרן, ביי די טויערן, אויף אָנצושרעקן דעם געטאָ.

דער קליינער מענטשן־שאָטן האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו זוכן. אומעטום איז ער אומגעריכט געווען. ערגעצוווּ, איז ער געווען זיכער, באַ־דאַרף נאָך פאָרט צו קלאַפּן דאָס אָדערל, דער פּולס פון דער דערשטיקטער אונטערערד.

ער האָט נאָך אַלץ בשום־אופן נישט געוואָלט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז די רעדער פון דער געשיכטע — ווי זיי חזרן עס דאָרט איבער מיט אַזאַ זעלבסטמערדערישן ציניזם — קאָנען טאַקע אַמאָל, גאַנץ שיין, דרייען זיך אויף צוריק, אויף יאָרהונדערטער. אויך אין בערשטער־שאָפּ, אויף דער

שוו. יערסקע, ווו די מענטשן האָבן, קאָשארירטע, אָפּגעשלאָסענע ביי דער שקלאַפֿישער אַרבעט, ביים אויספּאַריכטן די פּאַרלייזיקטע און פּאַרבלוטיקטע דייטשע שינעלן, קוים נאָך געזשיפּעט פֿון דער וואַסערדיקער זופּקע, האָט ער שוין לענגער מער נישט געקענט אויסהאַלטן. ער האָט דאָרט נישט געגלויבט מער די פֿאַלשע דייטשע מייסטערס מיט זייערע פֿייערלעכע צוזאָגן. ס'איז צוערשט שווער געווען אַריינצובאַקומען זיך; ס'איז אָבער אויך נישט אַזוי לייכט געווען אָפּצוטראָגן זיך. ער האָט דאָרט מער קיינעם נישט געפֿונען, ווי ער האָט עס אַזוי הייס געהאָפֿט. די מענטשן זענען געווען פֿאַרשלאָסן אין זיך, אָן אַ ברעקל צוטרוי; און ער האָט אַלץ איבערגעלעבט דאָס שאַרפֿע געפֿיל, אַז ער מוז נאָך דאָ ערגעצווו זען לויפֿן, איינרייסן, אָפּראַטעווען.

ווען ישראל אידלסאָן האָט זיך אין יענעם פֿאַרנאַכט צום לעצטן מאָל ווידער געהאַט אַריבערגעכאַפּט פֿון דער טוכלער מלינה אויף דער שוו. יערסקע, האַרט הינטער די מויערן פֿון בערשטעטער־שאָפּ, צוריק צום אַלטן הויף אויף דער נאָוואָליפּיע, איז שוין די שפּעט־שעה באַלד געווען צוגעפֿאַלן. זיין גרויער, צעאָדערטער בגד האָט זיך מאָדנע צוזאַמענגעגאָסן מיט די אָפּגעריבענע ווענט, הינטער וועלכע ער האָט אָפּגעשוואַכט, אָבער גענוג לייכט, געטראָגן זיין גוף פֿון הויט און ביינער; מיט די לאַנגע הענט און בלייכע פֿינגער האָט ער געטאַפּט אַרום זיך, ווי ס'וואָלט געווען שטאָקפֿינצטער; כאָטש געווען איז נאָך גוט ליכטיק, כמעט גרויסער טאָג.

די אָפּגעקראָכענע מויערן פֿון אַ האַלבער נאָוואָליפּיע גאַס זענען אין זון־זעצן־זיך געשטאַנען אָפּגעגאָסן אין אַ צו־שאַרפֿער בלענדיקייט, אַז ער האָט אַ ווײַלע די מידע אויגן געמוזט צומאַכן אין דינע שפּעלטעלעך. ס'איז געווען ווי אַן אומגעריכטע בלענדיקייט, וואָס גייט אויף פֿון אַלטע ספרים. ער איז שוין גאָרנישט געווױנט געווען צו אַזויפֿיל ליכט. בלינדערהייט האָט ער זיך פֿאַרנומען און איז פּלינק, ווי אַ שאָטן, פֿאַרשוווּנדן אין נידעריקן קילן טויערל, באַלד דערלעבן.

דאָ ערגעץ, אויפֿן לעצטן שטאָק, האָט ער געהאָפֿט צוריקצוגעפֿינען דאָס היימישע ווינקל, ווו ער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן באַלד נאָך דער ליקווידאַציע פֿון די עטלעכע אַרומגעשניטענע קוואַרטאַלן, נאָכן פֿאַרלירן, אין דער גרויסער בהלה, די פּרוי מיטן בלייכן, אַנעמישן מיידעלע.

ער האָט שוין גאָר מער נישט געגלויבט צו געפֿינען דאָ עמיצן. איצט האָט ער שוין אַלץ געוווּסט; ער האָט שוין געוווּסט, אַז זיי לעבן נישט מער, די פּרוי מיטן מיידעלע, אַז זיי זענען אַלע אַוועק מיטן לעצטן טראַנספּאָרט אויפֿן אומשלאַג־פּלאַץ. פֿון טאָג צו טאָג איז אַלץ ענגער געוואָרן. ס'האָבן זיך שוין געטראָגן קלאַנגען, אַז מען וועט אינגיכן אינגאַנצן ליקווידירן דעם קליינעם געטאָ; דאָרט, פֿון וואַנען מ'איז אין גרויס איילעניש, אין דער פּאַניק, אין יענער לעצטער נאַכט געהאַט אַנטלאָפֿן. דאָרט איז פֿאַרבליבן זיין ביבליאָטעק, זיינע שריפֿטן און פּאָרש־אַרבעטן; ס'זענען פֿאַר־

בליבן די איינגעבאַקענע היימישע שאָטנס, וואָס האָבן אים מער פאַר אַלץ געשראָקן און ווי געטון.

אָבער מ׳האָט פאָרט באַדאַרפט שטאַרק צו זיין, נישט אונטערצוגעבן זיך, נישט אַריינפאַלן אין עצבות, נישט לאָזן זיך אינגאַנצן באַהערשן פון דער מערדערישער האַנט, וואָס איז געהאָנגען איבער אַלעמענס קעפּ; ווייל ער האָט אַלץ מער איינגעזען, אַז דער שונא צילט נישט נאָר צו דערשלאָגן דעם מענטש פון געטאָ, נאָר אויך אָפּצוטויטן אין אים זיין וואַכזאַמקייט, זיין קילן שכל, אַז — ס׳לוינט נישט מער, ס׳איז אומזיסט, קיין שום אויסוועג איז שוין מער נישטאָ... ס׳איז נישט אמת — האָט אין אים געקאָכט די נישט־געשטילטע עקשנות — ס׳איז נאָך פאַראַן אַן אויסוועג!

און איבער די אַלטע, אָפּגעקראָכענע מויערן פון געטאָ־וואַרשע איז אַלץ געהאָנגען דער אויסגעוואַשענער, אומשולדיק־בלויער הימל. פון דער לוי־לעכער לופט, אָנגעזאַפּט מיט ריחות פון קאַרבאָל און שרפה, האָט מען ממש געפילט, אַז ערגעץ שיסן שוין אַוודאי אַרויס די אָנגעגאָסענע קנאָספּן אויף די אַלטע פוילישע ליפּעס און קאַשטאַנען; אַז ערגעץ שפּאַרט שוין דאָס גראָז פון אונטער דער ערד, פון אונטער אַ שטיין אַפילו; ווי די פייגעלעך וועקן זיך אין די שטילע פאַרטאָגן; ווייל שוין לאַנג, אַז די גרויע וואָראָבייעס זע־נען מער נישט צוריקגעקומען צו די נעסטן הינטער די הויכע שטאָטישע דעכער אין געטאָ און דאָס זעלטענע ביסל גרינס אין דער שטאָט פון שטיין, אַלטע, קרומע גאַסן מיט די פינצטערע, אויסגעזעצטע לאַמטערן, האָט אָפּגע־טיילט אַ וואַנט — די הויכע, באַוואַכטע מויערן.

פון אָט דער גאַסן־געדיכטעניש, פון די אַרומגעשטעלטע הייף, בוי־דעם־שטיבלעך און קעלערס, האָט ער זיך דערמאָנט מיט ווייטיק, זענען זיי געקומען, די בלייכע, אַרומגעשליסענע קינדער אין דער אָרעמער יידישער שול אַריין. אָבער נאָך איידער מ׳האָט זיך רעכט אַרומגעקוקט, האָט מען די דינע מיידעלעך מיט די מייזן־צעפּלעך שוין געזען שטיין אויף די ראָגן מיט קוישן בייגל, פאַרטויבן די גאַס מיט רויע קולות אויף זייערע בלוטלאָזע ליפּן; די בלייכע, געשלעכטלאָזע יינגלעך, וואָס די שטימען האָבן זיך ביי זיי ערשט קוים געגומען טוישן מיט אַ קריי, — אַרומדרייען זיך, די הענט אין די קעשענעס, דעם דאַשיק פאַרשאַרצט, אויף די אומלעגאַלע פאַראיין־בערזעס, אויסמישן זיך צווישן רויטן פלאַטער פון דעמאָנסטראַציעס און מאַסוווקעס אויף די הילכיקע ברוקן פון דער שטאָט און — אַוועקגיין דער־נאָך אויף לאַנגע יאָרן אין די תפיסות פון לאַנד. אַפילו מיט יאָרן שפּעטער, ווען זיי האָבן אים אַמאָל אָנבאַגעגנט אויף די אָרעמע יידישע גאַסן, האָבן זיי אים נאָך אַלץ, אַביסל שעמעוודיק, געגופן „לערער ישראל". זיי האָבן זיך געפּלאָנטערט אין די רייד און נישט געפונען קיין ווערטער; ווי ער וואָלט די נעפּלדיקע אויגן פון אָט די קינדער דאָרט אַמאָל געהאַט אויסגעוואַשן, געעפנט פאַר זיי אומגעריכט אַ ליכטיקע שפּאַרע, אַ פענצטערל, צו דערזען די שיינע אומברחמנותדיקע וועלט אַרום זיך.

ער האָט אין יענע יאָרן אַליין אויך צוגעהונגערט. די שול־אַרבעט, דער עיקר דעם געשיכטע־לימוד, האָט ער אָבער געטראָגן ווי אַ מיסיע. די קינדער האָבן עס גלייך אין אים דערפילט. נישט געווען וואָס פון קאַרגן לוין האָט ער מיט זיין קליינער משפחה קוים געקענט אַדורכלעבן, האָט אים נאָך איינמאָל די צענטראַלע שול־פאַרוואַלטונג אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן פון לערער־פּאָסטן. ס׳האָט געהייסן, אַז ער שטעלט אין געפאַר די שול קעגנ־איבערן מלוכהשן שול־קוראַטאָריום מיט זיין מעטאָד פון געשיכטע לערנען. ער האָט נאָך אַפילו טיילמאָל געפלעגט אָפּצוואַרטן ביים אַרויסגאַנג פון דער שול די קינדער. אין זיין שטילן, פאַרהונגערטן בליק איז געווען ממש צער.

— לערער ישראל... — האָבן זיי געריידט מיט שטילן דרך־ארץ און מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן צו דר׳ערד — מיר האָבן פּראָטעסטירט... מירן אָר־גאַניזירן אַ שטרייק...

ער האָט אויך נישט געקענט מסכים זיין מיט די עטלעכע פאַרעלטער־טע, רעזיגנירטע יידישע היסטאָריקער, וואָס האָבן נאָך דאָ ערגעצווו גע־זשיפּעט אין געטאָ. זיי זענען כמעט אַלע פאַר דער צייט אַריינגעפאלן אין עצבות, אין מיסטישע שטימונגען, טייל אין גאָט־זוכעריי אַפילו, אין ביש־טערן גמטריאות און איראַציאָנעלע סברות וועגן דער נאָנטער ישועה, ווייט פון וועלכער ס׳איז קילער, וויסנשאַפטלעכער, רעאַלער באַגרינדונג. ער האָט נישט געקענט מסכים זיין מיט זיי, אַז יידישע קהילות האָבן אַלעמאָל עק־זיסטירט נאָר מיט דער הילף פון שתדלנות און — בטחון. ס׳איז נישט גע־ווען בלויז בלינדער קדוש־השם ביי יידן דורך די יאָרהונדערטער, אַנישט וואָלטן מיר שוין טאַקע פון לאַנג מער נישט אויסגעהאַלטן. צווישן די יידישע גרייזן פון יענע מיטלאַלטערלעכע געטאָס, צווישן די בלייכע, דערשראָקענע יונגעלייט, האָבן אויך געלעבט יידן מיט געזונטן גייסט און פיזישן כוח אין זייערע מוסקולן. פּונקט ווי ס׳איז נישט ריכטיק, אַז די געשיכטע ביי אַלע פעלקער, איז די געשיכטע בלויז פון קעניגן, מלכים און מלחמות, נאָר קודם־כל די געשיכטע וועגן לעבן און קאַמף פאַרן לעבן פון פאָלק גופא; אַזוי איז אויך נישט ריכטיק, אַז אונדזער פיל־הונדערטיאָריקע געשיכטע איז די געשיכטע פון געטאָס און בלינדן, פאַנאַטישן קדוש־השם.

איבערגעלעבט אַ וואַרעמע ציטערניש האָט ער דער עיקר פאַר זיין גורל־חבר יהושוע מאַנדלקערן, אַ פּעאיקער היסטאָריקער פון יונגערן דור. די מענטשן האָט פאַרבונדן אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַ הייליקער עול. ס׳האָבן זיי אויך פאַרבונדן די געמיינזאַמע פאָרשונגען וועגן דער עמאַנצי־פּאַציע פון יידן אין 19־טן יאָרהונדערט. זיי האָבן אין געטאָ ביינאַנד שטיל געגראָבן, ווי די מוראַשקעס. אים האָט ישראל אידלסאָן כסדר באַגלייט ווי אַ שאָטן, פון איין באַהעלטעניש אין דער אַנדערער, פון איין מלינה אין דער צווייטער; געהאָלפן אים, אין דער שטרענגסטער קאָנספּיראַציע, צונויפנע־מען דאָקומענטן, פאַקטן, שמועות, גבית־עדותן פון יידישן אומקום, געלאָפן

דערוויסן זיך די קלענסטע פּרטים, קאָנטראָלירן זייער אויטענטישקייט. אַפילו אין משך פון די לעצטע עטלעכע חדשים האָבן זיי נאָך אויפגעהאַלטן זייער טעטיקייט אונטערן פאַרשטעלטן נאָמען פון עפּעס אַ חברה „תומכי עניים". זיי האָבן געגראָבן אין דער טיף, פאַרצייכנט יעדן פאַקט פאַר די קומענדיקע געשיכטע־שרייבער, ווייל זיי האָבן נאָך געגלויבט אין אַ גערעכטער וועלט, וואָס מוז קומען און אָפּמעקן דאָס רשעות פון פנים פון דער ערד; כאָטש קיינער פון זיי איז נישט זיכער געווען צי ער אַליין וועט עס טאַקע אַלץ דערלעבן. עס האָבן זיי געפרעסן אַנדערע מיני צווייפלען — און אויב דאָס אַלץ גייט פאַרלוירן פאַר דער יידישער געשיכטע? צי טאָר עס פאַרלוירן גיין? צי איז גענוג בלויז צו זאַמלען? צי טאָר מען זיך לאָזן אויסקוילענען ווי די לעמער?

ער האָט נאָך באַלד געוואָלט לויפן אָנזאָגן אים וועגן די צוויי הונדערט טויזנט פאַרלייזיקטע און פאַרבלוטיקטע דייטשע שינעלן, וואָס האָבן דאָרט פאַרוואַלגערט די האַליעס פון בערשטער־שאָפּ. די צוויי הונדערט טויזנט דייטשע שינעלן האָבן אים אַצינד געוואָרעמט. אין פיל פון זיי זענען געפונען געוואָרן בלעטלעך, געוואָרפן פון די סאָוויעטישע ליניעס — זיי זאָלן נישט פאַרגיסן דאָס בלוט פון אַרבעטער; אַפילו אין די שינעלן פון אָפיצירן האָבן זיי געפונען בלעטלעך. די צוויי הונדערט טויזנט שינעלן, דאָס איז זיכער געווען נישט מער ווי אַ קליינער רעזולטאַט פון עפּעס אַ סעקטאָר, נאָכן ערשטן ווינטער אויפן רוסישן פראָנט. אין דער לופט, האָט ער ממש געפילט, טראָגט זיך עפּעס אַ פרישער ווינט. אויפהייבן די פאָן פון מרידה, באַפרייען זיך פון די אייגענע יידישע פאַרעטער, די פּאָליציי, דעם יודענראַט. אָט הוליען זיי דאָרט נאָך אַלץ, פרעסן און טרינקען, אין דער מיט פון גוסטדיקן געטאָ.

פון הינטער פאַרהעמערטע טירן, נאָך דער שפּער־שעה, האָבן זיך אין אויסגעלאָשענעם געטאָ נאָך אַלץ אַרויסגעריסן די טאַנגאָס, די אומעטיקע יידישע פלייט־און פידל־טענער. פייפלעך האָבן געלאַכט. אַן אויסגעריבענער פּאַטעפאָן האָט אויסגעלאָסן געגרילצט אַלטע וואַלסן און שלאַגערן. זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פון נאַכט־לאָקאַל „אַריזאָנאַ", אויף מילנע 18, באַלד ביים פאַרדריי צו דער קאַרמעליצקע־נאָוואָליפּיע. ישראל אידלסאָן איז אין שפּעטן פאַרנאַכט נאָך לאַנג אַזוי דאָרט שטיינגעבליבן אויף דער פינצטערער טרעפּ. צו זיינע אויערן האָט זיך באַנג, ווי פון אונטער דער ערד, דערטראָגן:

אָ, דאָננאַ קלאַראַ,
איך האָב דיך טאַנצן געזען . . .

דאָס האָט אים מיטאַמאָל, איבער עפּעס, שטאַרק אַ דערמאָן געגעבן וועגן דעם, וואָס ער האָט אַנומלטן געהאט געלייענט ערגעץ, אַז אויף דער אונטערגייענדיקער שיף „טיטאַניק" האָט נאָך דער אָרקעסטער אויפן

אויבערשטן דעק, ביז דער סאַמע לעצטער מינוט, געשפּילט פריילעכע טאַנץ־מוזיק. ס׳האָט אים אויך שאַרף ווי געטון, וואָס אויף דער אַרישער זייט איז געגאַנגען דאָס חוזק־ווערטל : „מען ווילט זיך, ווי אין געטאָ״... אַפילו אַהין, אין נאַכט־לאָקאַל „אַריזאָנאַ״, האָט זיך אים איינמאָל, מיט אַן אויסרייד, איינגעגעבן אַריינצוכאַפּן דורך אַ הינטער־טיר. די קיך־ריחות האָבן אים דאָרט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. ער האָט זיך געשטאַרקט, נישט אומצופאַלן. ער איז געגאַנגען אין שליחות פון יהושוע מאַנדלקערן, פון דער פאַרבאָרגענער אינסטיטוציע „תומכי עניים״. מ׳האָט עס אַלץ באַדאַרפט צו זען מיט די אייגענע אויגן. מ׳האָט דערציילט, אַז גאַנצוויַיך אַליין, פון „13״־טל אויף דער לעשנע, כאַפּט זיך אָפּט אַריין אַהער מיט זיין חברותא. ס׳איז געוואָרן שפּעטלעך. די וואַנט־שמוגלערס האָבן זיך שוין געהאַט אויפגעשטעלט, באַפוילן דער דיקלעכער, לאַכנדיקער מויד הינטערן בופעט אָנצוגיסן זיך נאָך צו פולע גלעזלעך פון היימישן „סאַמאָגאָן״ און געקליבן זיך צו גיין אויף דער נאַכט־אַרבעט. זיי האָבן מיט ביטול אַרויסגעצויגן פון וועסטל־טאַש, מיט צוויי פינגער, און אַוועקגעוואָרפן אויפן בופעט עטלעכע צעקנייטשטע פּאַפּירלעך...

אין צוגעפּאַלענעם אָוונט האָט ישראל אידלסאָן נאָך באַוויזן צו דער־קריכן ביזן לעצטן שטאָק. ערגעץ טיף אין זיך האָט ער באַנג געזונגען : „בעלז, מיין שטעטעלע בעלז״... ער האָט זיך אָבער אַלע ווײַלע פאַר־האַלטן, אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. פון זיינע איינגעפאַלענע ריפּן איז די לופט געקומען מיט אַ פּייף. די פאַרענטשע איז געווען אָרומגעבראָכן, אַנדערע טירן — האַלב אויפגעריסן. ס׳איז אים אַפילו נישט איינגעפאַלן אַרײַנצוקוקן אין אַ טיר. דאָרט, קען זיין, האָט זיך נאָך אפשר ווער אויפגעהאַלטן, נאָך די אַקציעס, בלאָקאַדעס, נאָכן אַוועקשלעפּן די אַלטע לייט, די קינדער און די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעטס־שיינען. מ׳האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו קענען די צופעליקע שכנים; פרעמדע, ווילד־אַנגעלאָפענע, שאָטנס, אָפּגעהאַקטע שטאַמען. מענטשן זענען פאַרשוווּנדן, זענען מער נישט אַהיימגעקומען. ווער האָט זיך דען נאָכגעפרעגט אויף זיי ? זיי האָבן געשוואָלענערהייט דערשלעפּט ערגעץ די פיס זייערע, אַוועקגעפאַלן אויפן טראָטואַר און די פאַרבייגייער האָבן זייער פנים צו־געדעקט מיט אַ צייטונג. מ׳האָט זיי יעדן טאָג אין געטאָ צונויפגעקליבן אויף די פינקערט־וועגעלעך, באַגראָבן זיי אַנאָנים אין די מאַסן־קברים אויפן גענשער בית־עולם. דער טיפוס, דער הונגער און די דערשיסונגען האָבן ביסלעכווייז אויסגעליידיקט הייזער, גאַנצע הויפן. ס׳האָט אַפילו אויסגעזען גרוימער צו ווערן אין געטאָ.

פון הינטער אַלטע, דיקע ווענט און מויערן האָט זיך אים נאָך אַלץ געדוכט צו פאַרנעמען די טאַנגאָס, די אומעטיקע יידישע פלייט־און פידל־טענער און ווייטע, אַזויווי אונטערערדישע אָפּהילכן. דאָס שטיקל אָנגע־טריפטע ליכט, וואָס ער האָט שטענדיק מיטגעהאַט אין אַ קעשענע, האָט

זיך געשמאָלצן צווישן זיינע דורכזיכטיקע פינגער. אויף די נידעריקע ווענט האָט זיך נאָכמער אויסגעצויגן זיין אומגעלומפּערטער שאָטן. די שויבן האָט נאָך דאָ עמיץ באַוויזן געדיכט צו פאַרהענגען, אָבער קיינעם איז נישט געווען צו זען אין די נאַקעטע, דעמפּיקע דאַך־צימערלעך. ס׳איז אַפילו נישט געווען דאָ ווו צוצושפּאַרן זיך, ווו אַראָפּצולאָזן זיך. ער האָט פונדעסטוועגן באַשלאָסן איבערצוּוואַרטן דאָ די נאַכט און באַלד אינדערפרי לויפן ער׳געץ אויפזוכן דעם שווייגנדיק־פאַרשלאָסענעם יהושע מאַנדלקערן, אָנזאָגן אים וועגן די צוויי הונדערט טויזנט דייטשע שי־נעלן.

אַ צוג־ווינט האָט פּלוצים געצויגן הינטער זיינע פּלייצעס. ער האָט זיך אומגעדרייט און דערזען דאָס נידעריקע טירל, וואָס פירט צו די בוי־דעמער איבערן הויז; ווי עמיצער וואָלט עס דאָ אומגערן אָפן געלאָזן; ווייל ס׳איז געווען אין אַ זייט פון טיפן אויסהויל אין דער וואַנט, אָנצובייגן זיך אין דער העלפט, לייכט צו פאַרשטעלן מיט אַ שאַפע, אָדער אַ שענקל. די בלוילעכע טאַפּעטן פון דעם שטיקל וואַנט זענען דאָ טאַקע געווען הע־לערע, ווי מען וואָלט די שאַפע נישט לאַנג צוריק געהאַט אַוועקגערוקט פון דאַנען.

די לאַנגע, פאַרדרייטע בוידעמער איבערן הויז האָט ער גוט געקענט. ס׳איז דאָרט געווען פאַרפאַלן צו ווערן. זיי האָבן דורך לעכער אין די ווענט געפירט צו אַנדערע גאַסן און פאַרהוילענע אַרויסגענג. ס׳איז אים אַליין אַפילו איינמאָל אויסגעקומען צו אַנטרינען דורך אָט די לאַנגע, פאַרדרייטע בוידעמער, אונטער די נידעריקע, אָגעגליטע בלעכן, ווען די אוקראַינער און די יידישע פּאָליציי האָבן דאָ אָפּגעשלאָסן דעם גאַנצן ראַ־יאָן. ער האָט, טאַפּנדיק בלינד, געקענט די דעמפּיקע ווינקלען צווישן די לופטעס און דאַך־פענצטערלעך. די מויערן האָבן האַרט באַרירט די הייַ־זער פון מילנע געסל, וואָס דרייט זיך קרום צווישן פּשעיאַזד און דער קאַרמעליצקע. און ס׳איז אים מיטאַמאָל עפּעס איינגעפאַלן...

זיינע פיס האָבן זיך מיד אַראָפּגעזעצט צו דער פּאָדלאָגע, ביים פאַר־האָנגענעם פענצטער. ער האָט זיך נידעריק אָנגעבויגן און אין געדיכט־אָנגעפּאַלענעם שטויב, וואָס האָט געבלאָזן דורך אָפענע טירן און פענצ־טער, האָט ער בולט דערקענט עמיצנס פרישע טריט. ווי דער געניטער וואַלד־מענטש, וואָס דערקענט די שפּורן פון געווילד אין אַ פאַרהויבענער צווייג, אַפילו אין אַן איבערגעדרייט בלעטל, דעם לייכטן אָפּדרוק פון טלאָען אויפן זאַמד, אַזוי האָט ער זיך, לויט דער אומאָרדענונג אין הויז, לויט דער פּאָזיציע פון אַ בענקל, צי פון אַ טיש, אויסגעלערנט צו דער־קענען דעם דורכגאַנג פון פרעמדע מענטשן. זיין אויער האָט אויפגעכאַפּט דעם מינדסטן געשאַרך ער׳געץ אויף די שטאָקן אין הויז.

הייסט עס, אַז עמיצער איז דאָ נאָר־וואָס געווען, האָט זיך דאָ אפשר פאַרשטעקט, ווען ער האָט דערהער׳ט זיינע שטילע טריט אויף די שטיגן.

ס'האָט אים אַ מיש געטון אין מוח, ער האָט מער נישט געפילט ווי אַזוי דער קאָפּ איז צוגעפאַלן צו דער וואַנט און ער איז אַזוי אַ ווײַלע זיצן געבליבן אַ פאַרדרעמלטער. ס'האָט אַוודאי לאַנג נישט געדויערט, ווי פּלוצלונג האָט אים אַ שאַרפע שײַן אַ שטאָך געטון אין די אויגן און ער האָט דערזען פאַר זיך אַ פּאָר פיס, יונגע, קרעפטיקע פיס. ער האָט זיך נאָך געפּרוווט אויפשטעלן און נישט געקענט. אַ פּאָר פעסטע אָרעמס האָבן אים אַ הייב געטון פון דער פּאָדלאָגע.

— נאָך וואָס ביסטו צוריקגעקומען אַהער? — האָט עמיצנס אַ פאַר־שטיקט קול געפרעגט — ווער ביסטו?

ס'איז געווען ווי אַ נעפּלדיקע וויזיע, ווען דער מוח איז איבערגע־שטרענגט און אין האַלבן דרעמל הייבט מען אָן צו חלומען אויף דער וואָר. ער האָט אַ זשמורע געטון די אויגן־שפּעלטלעך און זיך נאָך אַמאָל שאַרף אײַנגעקוקט אין פרעמדן. ניין, ס'איז נישט געווען קיין דײַטש, נישט קיין אוקראַאינער, נישט קיין יידישער פּאָליציאַנט; אַ פּנים, וואָס איז אים אָבער באַלד קענטלעך געווען. ער האָט יאָרנלאַנג געדענקט עפּעס אַ ייִנגל, יאָסעלע — אַ פריילעך בחורל מיט רויטע, פרישע בעקלעך און פעסטע, אָנגעגאָסענע דלאָניעס, גאָרנישט פאַר זײַן עלטער. ער איז געהאַט אַריבערגעקומען קיין וואַרשע מיט זײַנע עלטערן פון דער פּראָ־ווינץ. אויף דער שול־באַנק איז ער, געדענקט זיך, לאַנג נישט אײַנגעזעסן. אַ פּעאיק ייִנגל, האָט זיך געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן און האָט אויסגעזען מער ווי אַנדערע צו דערכאַפּן פונעם געשיכטע־לימוד. ער איז אָבער גיך אַוועק אין עפּעס אַ מעטאַל־פאַבריק אויף דער אָקאָפּאָווע. מ'האָט אים דערנאָך דערציילט, אַז ער איז פאַרמשפּט געוואָרן אין אַ פּראָצעס פון עטלעכע און צוואַנציק. אַציגד, אין אָט דער נעפּלדיקער שעה, איז ער מאָדנע זיכער געווען אַז דאָס איז דער זעלבער יאָסעלע. אָבער ווי אַזוי קומט ער פּלוצים אַהער?

— יאָסעלע... — האָבן זײַנע ליפּן האַלב געשטאַמלט — ווען דו ווייסט יאָסעלע, ווי כ'האָב דיך אומעטום אַרומגעזוכט...

יענער האָט זיך אַ רגע שאַרף אײַנגעקוקט אין קליינעם מענטשן פון הויט און ביינער און האָט אים ווירקלעך אָנגעהויבן דערקענען; און כאָטש ס'איז צוריק פינצטער געווען, האָט ער אים געזען אַרויסשניידן זיך, דעם באַקאַנטן סילועט.

— כ'הייס נישט יאָסעלע... נאָר וואָס איז דען די נפקא־מינה? איר געדענקט, לערער ישראל, די געשיכטע־לעקציעס?.. ווי איר האָט אונדז אַמאָל געהאַט דערציילט...

— אַוודאי געדענק איך, יאָסעלע...

— ווי איר האָט אונדז אַמאָל געהאַט דערציילט וועגן די געטאָס, וועגן תחום־המושב... און ווי זיי האָבן אויסגעקויפט זייערע קינדער פון סאָל־דאַטן, די בעלי־טאַקסע... ווי זיי האָבן געלעקט ביים פּריץ די שטיוול...

טאָ זאָלט איר וויסן, לערער ישראל, אַז מירן זיך נישט לאָזן מער... מירן
נקמה נעמען... אויב שטאַרבן, איז כאָטש מיט כבוד...

— טאָ ווי אַזוי, יאָסעלע ?

און ס'איז געווען וואַנזיניקע פרייד אין אים. ער האָט מיטאַמאָל דער־
פילט, ווי אַ פּעסטע, וואַרעמע, זיכערע האַנט נעמט אים אָן און פירט אים
מיט זיך. ער האָט מער נישט געפרעגט וווהין. דאָס קול זיינס האָט שוין
לאַנג אַזוי וואַרעם נישט וויברירט. טאַקע, וואָס האָט נאָך דעם מענטשן־
שאָטן ביז איצט דערהאַלטן אויף זיינע וואַקלדיקע קניען ? ס'איז צוריק
געווען לעבן אין זיינע לאַנגע, אומרואיקע הענט, ווען יענער האָט אים גע־
פירט צו די בוידעמער; און דעמאָלט האָט דער קליינער מענטש פון
הויט און ביינער טיף אין זיך אַריינגעהעשעט, אָן טרערן און אָן אַ קול.

ס'איז פונדעסטוועגן וווּנדערלעך, ווען ס'קומען נאָך איין מאָל צוריק די
אויפגעלייזטע טרערן פון דער ווייטער קינדהייט; ווען מען געפינט ענד־
לעך דעם, וועלכן מ'האָט אַזוי לאַנג אַרומגעזוכט. ווייל נאָר דאָס אַליין
קען מען זאָגן, האָט ישראל אידלסאָנען נאָך אויפגעהאלטן ביי דער בידנער
עקזיסטענץ אין געטאָ־וואַרשע, ביז סאַמע ערב דעם אַפּריל־אויפשטאַנד.

# 32

אַזויפיל שיינע לידער האָבן נאָך באַנג פאַרקלונגען, ווען דאָס קליינע
מיידל האָט זיך אין יענעם פרילינג צום לעצטן מאָל אַדורכגעגליטשט אויף
יענער זייט געטאָ־מויערן. אַזוי־אָ, מיטן אומשולדיקן, קינדערישן שמייכל,
איז זי געווייגלעך געגאַנגען און צוריקגעקומען. דאָס לעצטע מאָל אָבער
האָט זי זיך דורכגעריסן מיט די קאַנאַלן. אַ קליינע, אַ ליכטיק־בלאָנדע, קוים
צו דערקענען, אַז זי איז געפאַרבט, מיטן פויעריש־פּאַריסענעם נעזל, מיטן
גילדערנעם צלמל אויפן דיסקרעט־פאַרמאַכטן דעקאָלט, מיטן ווייסן, אָפּגע־
לייגטן קעלנערל, האָט מען זי נאָך אַלץ גיכער געקענט אָננעמען פאַר אַ
שילערין פון עפּעס אַ קאַטוילישן אַנשטאַלט.

זי האָט אַלעמאָל מיטגעבראַכט ידיעות, פאַרבינדונגען, טיילן פון רע־
וואָלווערן, פּלענער פון מאַשין־געווער, פאַר היימיש־פּרעפּאַרירטע מאָ־
לאָטאָוו־קאָקטאַילן. נישט איין מאָל, ווען אַ זשאַנדאַר האָט זי געפרוווט צו
פאַרהאַלטן ערגעץ אין אַן אָפּגעלעגענער געגנט און ס'איז מער קיין אויס־
וועג נישט געווען, האָט זי זיך לעגיטימירט מיטן פּאַרטיזאַנישן „אויסווייז"
— מיטן רעוואָלווער, אָן קווענקל און — שמייכלענדיק. זי האָט זיך גע־
מאָלדן צו אַן ס.ס.־אָבערשטורמפירער, אַז זי האָט עפּעס גאָר וויכטיקס אי־

בערצוגעבן. ווען זי האָט דיסקרעט אָנגעקלאַפּט און אַריין, איז דער ס.ס.־אָפיציר געזעסן הינטערן שווערן שרייב־טיש, דעם קאָלנער פונאַנדערגעשפּיליעט, גערויכערט און זיין שמייכל איז געווען פול מיט איבעראַשונג:

— גיבט עס אויך ביי אייך איינע גרעטכען ?...

און ער האָט זיך הויך אויפגעשטעלט איר איר אַקעגנצוגיין.

האָט דאָס מיידל רואיק אויפגעמאַכט איר קליינעם האַנטבייטל און מיטן געלאָדענעם רעוואָלווער, ווי עפּעס אַ שפּילצייג, האָט זי אים מיט דריי קוילן אַוועקגעלייגט אויפן אָרט. דערנאָך האָט זי פּאַוואָליע צוגעמאַכט די טיר אויף יענער זייט, איז אַדורך דעם לאַנגן קאָרידאָר און פאַרבייגייענדיק די סאַלדאַטן, מיטן זעלבן אומשולדיקן שמייכל, איז זי אַראָפּ פון די הויכע טרעפּ, איז דורכן באַוואַכטן טויער פאַרשווונדן. אַזוי רואיק און שמייכלענדיק האָט אין דעם קליינעם מיידל געברענט דער גרויסער, הייליקער האַס.

מ׳האָט איר שוין דעמאָלט אַרומגעזוכט. ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַ פּרייז פאַר איר קאָפּ. עס זענען געגאַנגען וועגן איר לעגענדעס. זי פלעגט אַריינשפּרינגען אין אַ טראַמוויי אין פולן גאַנג. איינמאָל האָט זי באַמערקט, ווי דער מאַן פון קעגנאיבער באַטראַכט זי מיט עפּעס אַ מאָדנעם שמייכל; זי האָט נישט שטאַרק ליב געהאַט אַזעלכע באַגעגענישן און ביים ערשטן אָפּשטעל איז זי אַרויסגעשפּרונגען; און ווען זי האָט באַלד דערנאָך געוואָלט איינשטייגן אין אָנקומענדיקן טראַמוויי, האָט זי דערפילט ווי עמיצער לייגט איר אַרויף די האַנט אויפן אַקסל. זי האָט פונדעסטוועגן אויפגעציטערט און דערזען, אַז ס׳איז דער זעלבער. זי האָט באַלד לאַנגזאַם געוואָלט אַ נעם טון די האַנט צום בייטל, אָבער דער צופעליקער באַקאַנטער האָט שמייכלענדיק געזאָגט, אַז די באַוועגונג אירע איז אַן איבעריקע. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט און געבעטן זי זאָל זיך מיט אים טרעפן. זי האָט אים קיל געפרעגט אין וואָס אים גייט. האָט ער זי גענומען דערקלערן, אַז ער האָט זי געזען אין גאָר אַן אַנדערע סיטואַציע, ווי ביים אַריינשפּרינגען אין טראַמוויי, און ער איז נייגעריק צו וויסן, וואָס אַ מיידל מיט אַזאַ קינדערישן שמייכל האָט צו טון מיט אַזעלכע זאַכן. האָט זי געהאַט אַ מינע פון אַ באַעוולט קינד, אים קווענקלענדיק צוגעזאָגט, איז, פאַרשטייט זיך, נישט געגאַנגען און האָט פון דעמאָלט אָן אויסגעמיטן די טראַמווייען.

טרעפן זיך מיט וואָלאַדעקן איז אויסגעקומען אין דער קאַוויאַרניע „פּאָד יאַגודקאָן״, ערגעץ אויף זשאָליבאָזש. דאָס איז געווען אַ יונגער סטודענט פון די פּ.פּ.ר.־קאַמפּס־גרופּן. ס׳האָט זיך דעמאָלט געהאַנדלט וועגן אַרויספירן יונגע קעמפער פון געטאָ צו די פּאַרטיזאַנער אין די ווישקאָווער וועלדער. ער האָט זי צוערשט אָנגעקוקט מיט אַ ביסל חשד און איז זיכער געווען, אַז ס׳איז איינפאַך אַ טעות, ס׳איז נישט די, וועגן וועלכער מ׳האָט אים איבערגעגעבן.

זי האָט נישט געהאַט קיין וווינונג, נישט קיין דאָקומענטן. דאָס האָט מען זיי טאַקע געהייסן אַרומקוקן זיך וועגן אַ דירה מיט אַ טעלעפאָן, כדי

מען זאָל צו יעדער צייט קענען זיך פאַרבינדן. ס׳איז אַפילו פּראָיעקטירט געוואָרן אין אָנהייב זיי זאָלן ווינען צוזאַמען, אָבער ס׳האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז בעסער נישט.

דאָס געמיינזאַמע זוכן אַ מלינה האָט זיי אומגעריכט דערנענטערט. אין אַ פאַרשטעקטן הויף, ערגעץ אויף אַ פערטן שטאָק, האָט זי זיך פאַרקליבן. ס׳איז געווען אַ קליין, ציכטיק צימערל, בלומען־טעפּלעך, הייליקע בילדער. פּאַר וולאַדעקן איז זי נאָך אַלץ געווען אַ רעטעניש. זי האָט ליב געהאַט מוזיק, טעאַטער, בלומען און פּאָעזיע. אין „ציוויל״ איז זי געווען אַ שניידערין און איר אוניווערסיטעט איז געווען — די תפיסה. זי האָט זיך געקענט ווילצען, האָט זיך געפילט אומעטום אויפגעלעבט אין אַ פריילעכער געזעלשאַפט. איינמאָל האָט זי אים געזאָגט, אַז זי מוז אים דערציילן עפּעס גאָר אינטערעסאַנטס. ער איז גרייט געווען אויסצוהערן איינע פון אירע פיל קאָמישע געשיכטעס. אָבער דאָס מאָל איז עס נישט געווען קאָמיש.

— כ׳בין אַ יידישע... — האָט זי עס אים פּשוט דערציילט.

האָט ער געלאַכט און געפרעגט :

— צי נאַרסטו מיך נישט אָפּ, קליינע ?...

און פון דעמאָלט אָן האָט ער זי נאָך אָפטער באַגלייט. עפּעס האָט ער זיך מיטאַמאָל גענומען שרעקן פאַרן לעבן פון אָט דעם קליינעם מיידל. אויף כאָטשימסקע גאַס האָט אַ פּוילישע פרוי זיך איינמאָל שאַרף איינגעקוקט אין איר, דערקענט, זעט אויס, און האָט זיי גענומען נאָכגיין. די מאָקאָטאָווער געגנט איז געווען פול מיט דייטשן. ווען זיי האָבן זיך באַמיט זי מיטצוציען אויף טשערניאַקאָוו, האָט יענע זיך מסתמא אָריענטירט, אַז דאָ קען עפּעס זיין נישט גלאַטיק, און האָט זיך זייטיק אָפּגעטראָגן; ס׳איז געווען נאָך איידער די נאַכט איז צוגעפאַלן.

אין אָוונט האָבן זיי שטיל אָנגעקלאַפּט ביי באַקאַנטע. ס׳איז דאָרט געווען וואַרעם, אָנגענעם; ס׳איז געווען טיי, צום פאַרבייסן, אָבער דאָס מיידל איז זיצן־געבליבן אויף דער קליינער סאָפע, אין שאָטן פון אבאַזשור. זי האָט זיך דערנאָך ווי אויפגעכאַפּט. זי האָט געזונגען יידישע לידער, האָט געלייענט פון אויסנווייניק, מיט אַ מאָדנעם פּאַטאָס, די פערזן פון טובים, בראָניעווסקי, פון ברונאָ יאַשיענסקיס פּאָעמע „דאָס וואָרט וועגן יאַקוב שעלאַ״, דעם פּוילישן פּויערים־בונטאַר; און די מענטשן אין הויז האָבן זיך צוגעהערט צו די ווייטע מעלאָדיעס, צום קלינגענדיקן וואָרט אין מויל פון קליינעם יידישן מיידל און זיי האָבן עפּעס נישט פאַרשטאַנען — אַ פּאָלק, וואָס האָט צוזאַמען מיט זיי געווינט ביי די ברעגן פון דער ווייסל... און ווי מען וואָלט געווען אָפּגעטיילט מיט הויכע ווענט...

דאַכט זיך אַזאַ געוויינלעכע און — ווי אַ פרעמדע וועלט וואָלט געלעבט אין אָט דעם קליינעם מיידל... און מיר אַלע, האָט זיך וולאַדעק געכאַפּט, מיר האָבן עס איינפאַך נישט געוווסט, נישט געוואָלט וויסן; זייט יאָרהונדערטער אַרומגערינגלט זיי מיט שפּאָט, מיט האַס, מיט שאָדנפרייד

און... אָט זענען די קאָנסעקווענצן. אונדזערע שיינע „פּאַטריאָטן" העלפן אויסליפערן זיי צום טויט, צום באַרבאַר. און ער האָט זיך אַליין אויך עפּעס געפילט מיטשולדיק קעגן די אַלע, וואָס שלאָגן זיך אַזוי העראָאיש הינטער די ווענט פון געטאָ.

און ער האָט נאָכמער ווי פריער געציטערט איבערן מיידל, האָט זי מער נישט געלאָזן, ווען זי האָט זיך געריסן צו גיין, צו לויפן, נישט צו בלייבן דאָ אַזוי, אין אַ ווינקל, און אויסבאַהאַלטן זיך.

— קוק, דער האָריזאָנט איז נאָך אין פלאַמען, וואַנדע — האָט ער געזאָגט צום מיידל — אָבער דער לויטערער מאָרגן איז פאַר אונדז אַלע־מען... אָן אונטערשיד... אין דעם וועל איך נישט אויפהערן צו גלויבן, אַפילו איין סעקונדע פאַרן זאַלפּ פון עקזעקוציע־פּעלעטאָן.

און זי האָט ברייט אויפגעריסן די אויגן און ס'איז ווידער געווען אין זיי יענע לויכטנדיקע פרייד פון די ערשטע טעג, ווען זי איז נאָר־וואָס גע־האָט אַריבערגעקומען פון הינטער די געטאָ־מויערן.

ס'איז מער נישט אַזוי לייכט געווען צו באַוועגן זיך. זי האָט מער דער־ווייל נישט באַדאַרפט זיין נאָענט צו „יענע גאַסן", אַרום דער געטאָ־מויער. פון די חברים האָבן אַ סך שוין מער נישט געלעבט, מ'האָט מער נישט גע־ווּסט פון זייער געדעכעניש. מענטשן, האָט זי געטראַכט, האָבן זיך עפּעס אַזויווי פאַרוואַנדלט אין זאַכן. מען ווערט גלייכגילטיק און טעמפּ צום שוי־דער אַליין. די האַרטע ערד אונטער די פיס וועלן זיי אָבער נישט אַוועק־נעמען. יעדער איינער אויף דער „אַרישער" זייט האָט געקענט זיין דער שונא. צום קאַלטן רעוואָלווער, מיט וועלכן זי האָט זיך מער נישט צעשיידט, האָט זי געפילט אַ מאָדנע צערטלעכקייט. ס'איז אויך אַ זין פון אַ לעבן.

די נעכט סוף מערץ, פרעסטלדיקע, ערב־פרילינגדיקע, זענען דעמאָלט שוין רויט געווען פון שרפות. פון יענער זייט פון די שיינע ווייסל־ברעגן האָט זי אַריבערגעקוקט אין די נעכט צום געטאָ. ערשט ווי לאַנג, אַז זיי זענען דאָרט געלעגן אין די אויסגעבריטע זאַמדן, אויף דער „ווילדער" פליאַזשע און דאָס ייִנגל, זאַלקע, האָט איר אומעטיק דערציילט, אַז ביז דאַנען זענען זיי צוגעקומען, די באָרוועסע רויט־אַרמייער. דאָס אָרעמע ייִנגל... צי האָט ער דען געוווסט ?...

פאַר די אויגן איז איר אַלץ נאָך געשטאַנען — סרוליק; ווי מ'האָט אים אין יענער נאַכט געבראַנגט צופירן אין בונקער אַריין, דורך די בוידעמער איבער דער נאָוואָליפּיע. ס'איז געווען דער שאָטן פון אַמאָליקן לערער ישראל. ער האָט געבעטן אַ טרונק וואַסער און — אַ ביקס. אַצינד איז אַלץ געווען אויס. דער געטאָ איז זינט וואָכן געשטאַנען אין פלאַמען.

אַלץ זעלטענער האָט זי געזונגען. אין איר בליק איז שוין געהאַנ־גען אַן אומזעבאַרער שאָטן. פון דער גאַנצער גרופּע איז צולעצט געבליבן בלויז וואַנדע און וולאַדעק. ס'איז געווען נאָכן דורכפאַל פון דער אַקציע אויף די „קאַממער־שפּיעלע־ליכטענטעאַטער". אין דער מלוכהשער פאַבריק פון

װערט־פּאַפּירן האָבן זיי אויסגעפירט אַ טויט־אורטייל אויף צוויי דייטשע דירעקטאָרן און צוגענומען 40 ביקסן. וויקטאָר... קאַזשיק... די אַקציע אויף דער מאָסטאָווע. פון דער ספּעץ־גרופּע זענען פאַרבליבן צולעצט נאָר זיי ביידע.

ס'איז מער נישט געווען די זעלבע וואַנדע. זי האָט געזוכט פאַרגעסונג נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ, נאָכן טויט פון סרוליקן, נאָכן טויט פון אַזויפיל חברים. די לעצטע אַקציע איז געווען אויף דער וואַשינגטאָן־גאַס, וווּ זיי האָבן אַוועקגעלייגט דריי געשטאַפּאָ־אַגענטן. ווען זיי האָבן גע־האַלטן אין ליקווידירן דעם דריטן, האָט ער זיך געוואָרפן צו די פיס און גענומען בעטן רחמים. וואַנדע האָט דעמאָלט אַ טופּע געטון מיט צאָרן, אַ אַ געשריי געגעבן : „גיב אים אַ קאָפּ אין דער מאָרדע !"...

זי האָט שלעכט אויסגעזען. רינגען האָבן זיך געלייגט אַרום אירע אַלעמאָל פריילעכע אויגן און זי האָט מאָדנע גענומען ענלעך ווערן צו אַ יידישע. אַפילו די גאָלדענע צעפּ, וואָס האָבן באַשיינט איר קאָפּ, האָבן באַקומען אַ חשודיקן אָפּגלאַנץ. פאַרביטערטקייט איז געווען אַרום אירע מויל־ווינקלען, אירע קינדעריש־איבערגעוואַקסענע ציין האָבן געבלאַנקט ווי חלפים.

מער האָט זי זיך אָפּט נישט באַדאַרפט באַווייזן אין גאַס, צוליב די שאַנטאַזשיסטן, די „שמאַלצאָווניקעס". זי האָט באַקומען אורלויב, אָבער זי האָט געזאָגט, אַז זי איז נישט פעאיק צו בלייבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, אַז זי וויל נישט אַוועק פון וואַרשע, וווּ עס זענען אומגעקומען אירע באַנטסטע ; און ס'האָט איר נאָך אַלץ פאַרקלעמט געצויגן צו די מויערן אַרום געטאָ.

זי איז אַרויסגעפאָרן אויף אַ פּאָר טעג צו פריינט קיין זשעלאַנקע, איז באַלד צוריקגעקומען. זי איז געזעסן אין קיך אויף אַ בענקל, מיט פונ־אַנדערגעפלאָכטענע צעפּ, וואָס האָבן פאַרשאָטן איר שמאָלע מיידלשע פּלייצע, און דערציילט עפּעס אויסטערלישע מעשיות דעם קליינעם רישאַ, דאָס פיר־יאָריקע ייִנגעלע.

און ווען זי האָט שוין מער נישט געלעבט, פלעגט זיך דער קליינער נאָך אַלץ באַכפּרעגן אויף דער „מומע וואַנדאַ" ; און אַז מ'האָט אים דער־ציילט, אַז זי איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ, האָט זיך דאָס קינד זייער געקלעמט, נישט פאַרשטייענדיק די טראַגעדיע. ער האָט עס ערשט פאַרשטאַנען, ווען מ'האָט אויף דעם פאָטער זיינעם צוגענו־מען. אין דעם טאָג האָט וולאַדעק באַשטימט צו טרעפן וואַנדען ביי זיי אין שטוב און נאָר אַ גאָס־רעגן האָט אים מציל געווען. ער האָט אָנגעקלונגען, כדי אָפּצורעדן זיך אויף אַן אַנדערן טאָג. ווען ער האָט געבעטן וואַנדען, האָט ער דערקענט אַ פרעמדע שטים ; און אין דער רגע האָט ער מיט קלעמע־ניש פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיידל געפינט זיך אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ.

# 33

נאָכן האַלבן טאָג, וואָס האָט זיך געזעצט הינטער די שייבלעך אין דער פּאַרווייעטער קאַשטאַן־אַליי, איז דער משונהדיקער צערקווע־שמש טיכאָן האַווריליטש ווידער אַמאָל געשטאַנען אין דער מיט פון דער נידע־ריקער, אָנגעהייצטער שטוב, אַ צעכראַסטעטער; אָבער אָנשטאָט אויסצו־הערן די מוסר־רייד, ווי ס'פירט זיך געוויינלעך אין די פייערלעכע און פאַרכטיקע טעג ערב דעם געבורט פון איסוס כריסטאָס, האָט ער גאָר גע־מוסרט דעם לאַנגן, אייביק־שיכורלעכן פּאָפּ:

— נישט שיין, כ'לעבן, פאַר אַ פּראַוואָסלאַוונעם מענטש... נישט שייך, פאָטערל... זיבן קוואָרטירעלעך „סאַמאָגאָן" האָב איך אָפּגעציילט... און וויפל האָט דיר פּאַראַסקע געזען אַריינגיסן?...

— יעי באָהו... — האָט זיך דער לאַנגער פּאָפּ נישט אויפגעהערט צו שווערן און האָט זיך קוים דערהאַלטן אויף די פיס — יעי בהו, ווי אַ צוויי־דריי דאָרט און נישט מער...

— שיין, שיין... — האָט טיכאָן געשאָקלט מיטן פאַרוואָקסענעם קאָפּ — און ווער ס'איז געווען דער הייליקער יאָהאַנאַן און וואָס ער האָט גע־פּריידיקט פאַר די ברידערלעך, ווייסטו מסתמא דאָס מאָל אויך מער נישט געדענקען... אַ שאַנדע, אויף מיין וואָרט, פאַר די פרומע שעפּעלעך, וואָס קומען זונטיק אין גאָטס הויז אַריין...

ווייל דאָס האָט טיכאָן געגרייט פאַר אים יעדעס מאָל די פּרשה פון דער וואָך, פון דער הייליקער עוואַנגעליע אַרויס, איינגעחזרט מיט אים, מיט אַ ניגון, מיט אַ טאָלק, מיט אַלע פּשטלעך, ציטירט די אַפּאָסטאָלן, די הייליקע, געברענגט ראיות; אָבער ווען ס'איז געקומען דער זונטיק איב־דערפרי, האָט מען דעם פּאָפּ געמוזט ברענגען צעשלעפּן און קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס.

דאָס האָט ער זיך דער עיקר אין די פאָר אומעטיקע מלחמה־יאָרן אַזוי אַריינגעלאָזן אין ביטערן טראָפּן. צי דערפאַר אפשר, וואָס ער האָט זיך נישט געקענט מיט זיי אַזוי געניטן אויסטענהן, מען ווייסט נישט פאַרוואָס, נאָר פאַר די דייטשן האָט ער געציטערט אימת מות; כאָטש זיי זענען זעלטן ווען אַראָפּגעקומען אַהער, אין דעם אָפּגעלעגענעם העק, צווישן די אונטערגעשווענקטע וועלדער, ווו ס'איז געווען אַ סכנה פון פאַרטיזאַנער. טיכאָן האַווריליטש, וואָס האָט דאָ איינמאָל פאַרבלאָנדזשעט אַהער, איז אים אַראָפּגעפאַלן אַזוי ווי פון הימל אַראָפּ — אַ שווייגער, האָט געשמייכלט נאַריש, אָבער אַמאָל, אַז דו ציסט ביי אים אַרויס אַ פּאָר ווערטער, לייגן זיי זיך דווקא אויפן שכל.

דעם גאַנצן זומער איז ער ערגעץ אָפּגעלעגן מיט די קי און שעפּסן צווישן די אונטערגעשווענקטע לאַנקעס, אין די טאָלן, ווייט פון אַ מענטשן און האָט זיך אומגעקערט ערשט סוף וואָך. געשלאָפן איז ער אויף די היי־בוידעמער. ער איז געגאַנגען אויף דער ערד שטיל, מ׳האָט אים קוים באַמערקט. דער לאַנגער פּאָפּ האָט זיך אַלעמאָל אויפסניי דערפרייט מיט אים, ווייל דער זונטיק, איידער מ׳האָט זיך אומגעקוקט, איז ער אונטער־געלאָפן און די זונטיק־דרשה איז נישט געווען צוגעגרייט. דער עולם פון די אַרומיקע צעוואָרפענע כוטאָרלעך איז מלחמה־צייט געוואָרן גלויביקער, פרומער און האָט דורשטיק אויסגעהערט די קלוגע רייד פון די הייליקע שריפטן אַרויס. געגוג עבירהלעך, משמעות, האָבן זיך אָנגעקליבן, דער עיקר ביי די, וואָס זייערע זינדלעך האָבן זיך אויסגעסטראָיעט אין די שוואַרצע, פּאָליציייאישע אוניפאָרמען און זענען אַוועק, צוזאַמען מיט די דייטשן, צעשיסן די יידישע געטאָס אינעם קאַנט...

— נאָכוואָס לייקענען? — האָט אים דער פּאָפּ אַלעמאָל באַגעגנט — ביסט מיר, טיכאָן, אַריין אין האַרץ אַריין... לאָמיר אויסטרינקען...

און ער האָט אים, נאָך די אַלע מוסר־רייד, אויפסניי אונטערגערוקט דאָס קוואַרטירעלע.

— ביי דיר, טיכאָן, קען מען זאָגן, איז אַ וואַזשנער קאָפּ... וואָס, כ׳זע נישט?... אַן אַרכיערייִ, ביי אַלע הייליקע, ווי ס׳קען פון דיר אַרויס־וואַקסן...

— נאָכוואָס, פּאָטערל, אַן אַרכיערייִ?... — האָט טיכאָן זייער תמי־מותדיק אַוועקגעמאַכט און אויסגעזונגען מיט אַ באַסל — מיר זענען פּאָ־טערל, מענטשן איינפאַכע, ערד־אַקערער... נו, און אין די הייליקע ספרים־לעך האָבן מיר אויך ווען נישט איז אַריינגעשמעקט... דאָס אַלץ איז פאַרן מענטש, וואָס טראָגט אַ גלויבן אין האַרצן... נו, אָט — אַ קיילעכדיקער יתום פאַרבליבן... די מלחמה האָט אַלץ אָפּגעמעקט. האָט עס אַרויסגע־טריבן צווישן גוטע מענטשן, דאָס שטיקל ברויט ערלעך צו פאַרדינען...

די געשטופּלטע פּאַראַסקע, וואָס האָט זיך געפּאָרעט אין דער באַלע־באַטישקייט, האָט אים אַלעמאָל אונטערגערוקט אַ פעטן ביסן. די אָרעמע האָט זיך דאָ אויך נישט ווינציק געלאַנגווייליקט; איבערהויפּט אין די לאַנ־גע, פאַרווייעטע ווינטער־נעכט, ווען וועלף קומען אַרויס פון די וועלדער, פאַרטייען זיך שטיל צו אַ ישוב.

דאָס מאָל איז דער פּאָפּ געווען אָן דער ברוינער, געוווּנטשענער ריזע אויף זיינע אַקסלען, נאָר אין די בלויזע לייוונטענע פלודערן, דאָס העמד אַריבערגעוואָרפן אויפן היפשן בויך, די פלאַקס־קוטשערן זענען אים גע־פאַלן אין די אויגן. אַ פינצטערער וואָלקן איז געלעגן ביי אים אין די פאַרגאָסענע אָפּלען.

— אין קאָפּ איז טאַקע אַביסעלע אַ טומאַן, אָבער נישט צוליב די פּאָר קוואַרטירעלעך... — האָט ער רונד אויסגעשרויפט דאָס פינצטערע מויל

— אוך, מען זאָגט, טיכאָן, אַז — פּאַרטיזאַנער... דייטשן און מאַשינעס און הינט זענען אויפן וועג קיין האָרין...

— דייטשן? מאַשינעס? הינט? — איז טיכאָן אַזויווי קלענער געוואָרן — אָט האָסטו דיר, טאַטעלעך...

און ער האָט פאַרזיכטיק אָפּגעדרייט דעם קאָפּ, ווייל אַ שאָטנדל, האָט ער דערפילט, לייגט זיך דין אין דער נידעריקער טיר, הינטער אים. ס'איז געווען די נידעריקע טיר צו דער אָנגעהייצטער קיך, וווּ פּאַראַסקע האָט זיך געפּאָרעט. אומבאַמערקט איז זי אויסגעוואַקסן. זעט אויס, אַז אַ ליאַדע שאָטנדל האָט אים אָפּגעשראָקן, דעם משונהדיקן פּאַסטוך און צערקווע־שמש פון פאַרוואָרפענעם כוטאָר, טיכאָן האַווריליטשן.

וואָרים טיכאָן האַווריליטש איז טאַקע, נאָך אַלעמען, געווען אַ מאָדנער פּאַסטוך און אַ מאָדנער צערקווע־שמש. ער האָט געטראָגן לאַנגע, ווייצענע וואָנסאַליעס, פאַרוואַקסענע קוטשערן און די פאַרטיפטע, בוימל־דיקע אויגן זענען אים געווען צעשטעלט נאָנט פון די בולטע קינען. דאָס האָט די אויגן זיינע נאָך טיפער געמאַכט. אָבער אַזעלכע פלאַכע, סלאַווישע פנימער גיבן אָפּט אויס אויך אין די סאַמע געדיכטענישן פון פוילישע און וואָלינער יידישע שטעטלעך און זענען געקומען צו אונדז ווער ווייס דורך וואָסערע ווייטע בלוט־קרייצונגען, אין צייטן פון מלחמות, פּאָגראָמען און מהומות אַוודאי. זיי, די דאָזיקע, מיט אַזאַ גליקלעכער צורה, איז, ווי באַוווּסט, פיל לייכטער געווען דורכצוטראָגן דעם בלוטיקן יידישן נסיון אין די עטלעכע פינצטערע יאָר, ווען די היטלערישע חיילות האָבן, ווי אַ זומפּ, פאַרשווענקט און פאַרגאָסן די פוילישע, ווייסרוסישע און אוקראַינישע ערד. אָבער אויך נישט אַזוי לייכט, ווי מען מיינט.

ווייל אין דער אמתן האָט גאָר טיכאָן האַווריליטש גערופן זיך זלמן, זאַלקע, לויטן פאָטערס נאָמען — אַהרון־לייב. ווען די גרענעצן, די פראָנטן זענען אין יענער אומפאַרגעסלעכער יוני־נאַכט מיט איין מאָל איבערגעריסן געוואָרן, האָט ער שוין מער נישט באַוויזן אַוועקצוגיין מיט דער רויטער אַרמיי.

אין די האָרינער וועלדער איז שוין טאַקע לאַנג שטיל געווען. דורכן גאַנצן רעגנדיקן זומער, ווען די זומפּן האָבן דאָ אונטערגעשווענקט די אוראַלטע וועלדער, די קעמפּעס, וווּ ס'האָט פול געראָיעט מיט געווילד און פייגל, האָבן זיי זיך זעלטן־ווען אַראָפּגעיאַוועט אַהער, די באָרוועסע, אַרומגעפליקטע יינגלעך. מ'האָט זיך אָנדערציילט פון זיי, אַז ערגעץ אין די נאָנטע קאַנטן לאָזן זיי אַרונטער גאַנצע עשאַלאָנען פון די רעלסן, באַפאַלן די פּראָוויאַנט־מאַגאַזינען, די אַמוניציע־לאַגערן, קוילענען אַוועק די דייטשן, זייערע אָרטיקע משרתים, קעמפן העלדיש און גייען, אַז מען מוז, העלדיש צום טויט.

אָבער אין טיפןווינטער, ווען אַלע וואַסערלעך אַרום זענען געלעגן איינגעקאָוועט אין אייז, די סטעזשקעס פאַרווייעט אונטער מעטערדיקע

שנייען, איז אָפּט אויסגעקומען צו באַמערקן די פּאַרזיכטיקע שפּורן זייערע, ווי מען באַמערקט אין שניי די שפּורן פון פוקסן, אָדער האָזן, ביים ראַנד פון די וועלדער, ווען זיי האָבן זיך איבערגעוואָרפן פון קאַנט צו קאַנט. טיילמאָל האָבן זיך עטלעכע פון די וואַלד־יינגלעך, צווישן טאָג און נאַכט, מיטן בלוי־אָנגעפּאַלענעם שאָטן אויפן שניי, ווי די וועלף, אַראָפּגעשלייכט אַהער, אין אָפּגעלעגענעם כוטאָר אַריין, געבעטן אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל וואַרעמס, אַ העמד איבער־צוטון, אַ פּאָר קאַרע־לאַפּטשעס, און זענען פרידלעך צוריק אַוועק.

דער כוטאָר איז געלעגן אינאַזייט פונעם הויפּט־טראַקט, אינאַזייט פונעם קנופּ באַן־ליניעס, ווייט פון אַ שטאָט, אַ קילאָמעטער 16 פון אַ וואַקזאַל.

— אוך, זיי וועלן אָבער קומען און צושטיין... — איז דער לאַנגער פּאָפּ געוועזן אין איין שרעק — „גיט אַרויס די פּאַרטיזאַנער!"... אַוועלכענע פּאַרטיזאַנער, פרעגט איר? ביי זיי העלפט קיין צלמען און קיין פּאַלן צו די פיס אויך נישט... אַך, טאַטעלעך...

„איז שוין טאַקע גלייכער אַוועקצוגיין מיט די יינגלעך, אויב זיי וועלן זיך דאָ אויף אַן אמת באַווייזן" — האָט עס אויפגעלויכטן אין זאַלקען. ס׳איז אָבער לייכט אָפּצורעדן... אַז דער אומצוטרוי קוקט אַרויס פון זייערע אויגן, ביי די וואַלד־יינגלעך : ווער ביסטו פּאַרן אײנער? וואָס טוסטו דאָ? פון וואַנען ?...

ס׳איז נמאס געווען. אין די פּאַרוואָרפענע כוטאָרן אַרום האָט מען שוין אַלצאיינס גענומען אונטערמורמלען, אַז אָט דער משונהדיקער צערקוועשמש, דער פּאַסטוך טיכאָן, איז דיר עפּעס אַ צו־קלוגינקער, כאָטש אַ ווילדער שווייגער... מ׳האָט שוין געהערט פון אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַכדעם אויסגעגעבן פאַר געפערלעכע. די געשטופּלטע פּאַראַסקע מיטן בלאָנדן לאָק אין די גרינע אויגן, איז כסדר צוגעשטאַנען צו אים: „דו, טיכאָן, נעם זיך נאָר נישט איבער וואָס זיי פּלאַפּלען דאָרט"... און האָט אים אַלץ אויסדערציילט, ווען זי איז געקומען צו אים אין די נעכט אויפן היי־בוידעם.

זי איז טאַקע געווען אַ ביסל אַ ווילדלעכע, די מויד; מ׳האָט זי קינדווייז אונטערגעוואָרפן; און כאָטש אַ געשטופּלטע פון פּאָקן — אַ שטאַלטנע אַזאַ, מיט אַ בלאָנדן לאָק אין די גרינע אַגרעס־אויגן. גוטע מענטשן האָבן זי געהאָט אַריינגענומען צו זיך, און ווען דער פּאָפּ איז פּאַרבליבן אַן אַלמן, האָט זי געפירט ביי אים די באַלעבאַטישקייט. אָבער אויף די זאַבאַוועס אין כוטאָר האָט זיך קיינער אויף איר נישט אומגעקוקט, מ׳האָט זי נישט איינגעלאַדן צום טאַנצן. נו, און ווען די דייטשן האָבן זיך אַראָפּגעיאַוועט, איז דאָ געווען אַן אויסכאַפּעניש אויף די אַלע יונגעלייט. מ׳האָט געזאָגט, אַז זי לעבט מיטן פּאָפּ. ס׳איז נאָר געווען צום לאַכן פון אַזאַ וויסטן חשד. ווער וואָלט דען געוואָלט ווערן אים אַ ווייב, דעם וויסטן שיכור? די ברוינע, געוועדנטענע ריזע האָט ער סיי זומער, סיי ווינטער נישט אַראָפּגעלאָזן פון

לייב. מ׳האָט אים שוין סיי ווי געהאַלטן פאַר אַ שטיקל חסר־דעה אויך; ווייל פאַרוואָס איז דען פלוצים אָנגעפאַלן אויף אים אַזאַ שרעק, אַז די דייטשן קומען אַהער? אַז אינגאַנצן אַ פאָר מאָל האָבן זיי זיך דאָ געיאָ־וועט, אויפגעכאַפּט אַ פאָר פאַרדעכטיקע, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין דער געגנט און נישט געקענט געבן דערווייזן פון וואַנען זיי קומען, ווער זענען זיי.

דערפאַר איז טיכאָן, אָדער זאַלקע, אַזויווי קלענער געוואָרן און האָט פאָרזיכטיק אָפּגעדרייט דעם קאָפּ, ווען ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, ווי אַ שאָטנדל לייגט זיך דין אין דער נידעריקער קיך־טיר. לאָזן זיך אין אַזאַ וועג אַריין, אַצינד, ערב ניי־יאָר, אין די טיפע שנייען, אַנטרונען ווערן אין די אומבאַקאַנטע וועלדער, איז געווען אַ צו־גרויסע ריזיקע. וואָלט מען כאָטש דאָ ווי־נישט־איז געקענט דערציען ביזן פרילינג. אָבער איינשטעלן — דאָס איז אויך נאַריש. טאָמער יאָווען זיי זיך טאַקע אַראָפּ אויף אַן אמת? ער האָט זיך פלינק דורכגעגליטשט די פינצטערע קיך און דורכן פאָדער־הייזל דערקריגן זיך צו די היי־בוידעמער. דאָרט האָט ער שוין פון לאַנג געהאַט אָפּגעלייגט אַביסל ברויט־סוכאַרעס, זאַלץ, שוועבעלעך אין זיין פאַסטוך־טאָרבע — ווי אַ מעשה מאַכט זיך...

אינעם היי האָט די קעלט אַזוי שאַרף נישט געצויגן. די שפּאַרעס האָבן, איבער די גערטנער, אַרויסגעקוקט צו ביידע זייטן וועג. עטלעכע ברעטער זענען געווען אָפּגעשפּאַרט. דאָס קליינע, הילצערנע צערקווע, אַן אויסגע־לאָשנס, איז געשטאַנען הינטער די כאַלופּעס, אויפן בערגל, און אין די בלינדע שויבן איז פלוצים אויפגעגאַנגען אַ ווייטער, ראָזער פלאַם פון האָ־ריזאָנט. אין לינדן אַפּריל — איז אים איצטער אַ שאָד געוואָרן — ווי נאָר די שנייען וועלן זיך נעמען שמעלצן, האָט ער סיי־ווי שוין גערעכנט צו לאָזן זיך מיט די וועלדער, גיין זוכן זיין חיה׳ש גליק פון אַ פאַרפאַלגטן. צו לאַנג זיך פאַרהאַלטן דאָ. ווען נישט די פאַראַסקע, וואָלט טאַקע שווערלעך געווען. צי האָט זי דען נישט געוווסט עפּעס, די כיטרע? וויפל מאָל איז זי אין די נעכט דאָ געלעגן שטיל, איינגעהאָרכט זיך אין אַרום און פלו־צים הייס געפּליסטערט:

— כ׳ווייס, טיכאָן... ווען די מלחמה וועט זיך אויסלאָזן, וועסטו סיי־ווי אַוועק... כ׳ווייס... ביסט אַ פויגל פון אַ פרעמדער נעסט...

— און ווען כ׳נעם דיך מיט?... — האָט ער, פאָרשנדיק, געפּרוווט זי צו פאַרעדן אין געלעכטער — כ׳וועל דיך אויסטראָיען ווי אַ קראַסאַוויצע, אין שטאָטישע קליידלעך און בענדלעך...

— ביז אין העק וועלט, ליבינקער... — איז איר אָטעם געווען אָפּגע־האַקט און הייס — ביסט עפּעס צו־קלוג פאַר אונדזערס אַ פויער... דאָס זעט זיך גלייך...

צו אָוונט־צו האָט דער רייסיקער ווינט זיך געלייגט. אונטערן גרין־אויסגעשטערנטן הימל האָבן די פאָרזיכטיקע טריט זיך געבראָכן גלאָזיק

אויפן איינגעפּראָרענעם שניי. דער הימל־ראַנד ביי די וועלדער האָט אַלץ מער זיך געראָויטלט און פון דאָרטן, דוכט זיך, זענען עס געקומען די פאַרשטיקטע, אַזויווי אָפּזיפצנדיקע אויפטרייסלען. דאָס האָט אים דערמאָנט אין יענער נאַכט, אינעם שטעטל ביים ראַנד פון די וועלדער. שוין מער ווי אַנדערטהאַלבן יאָר אַזוי ווי ער האָט דעם פלאַטער מער נישט דורכגעשוידערט; זינט ווען ער איז אין יענער נאַכט אַנטלאָפן פון לאַגער, זינט ווען ער האָט זיך אַרומגעיאָגט אין די וועלדער. מיט פאַרשפּיצטע חושים האָט ער דערפילט, אַז דאָ דאַרף זיין עפּעס אומגעווייגלעכס.

אין דער נידעריקער, אָנגעהייצטער כאַטע האָט דער פּאָפּ נאָך אַלץ געשטעקט אין אָפּגעהויכטן, פיר־קאַנטיקן שייבל, פאַרלאָפן פון אָוונט־טוי. די פלייצע האָט זיך ביי אים געהויקערט און אָן דער ריזע, האָט ער גאָר אויסגעקוקט ווי אַ סטראַשידלע; הינטער אים — פאַראַסקע, מיט פאַרבראָכענע הענט. זאַלקע האָט מער נישט געוואַגט ווייטער צו גיין פון דער שוועל איבער די סקריפּענדיקע ברעטער. ער האָט זיך נאָך אַלץ עפּעס נישט געקענט אַנטשליסן.

אין דעם פאַרוואָרפענעם העק האָט מען שוין לאַנג מער נישט געוווסט וואָס עס טוט זיך אָפּ אויף דער ברייטער וועלט. פריער, ווען די יינגלעך פלעגן זיך אַראָפּיאַווען אויף אורלויב, האָבן זיי געברענגט די ביי־עסן. אַצינד זענען זיי מער נישט געקומען. גלייכער, וואָס זיי זענען נישט געקומען. אָבער די, וואָס האָבן צוגעשטעלט קאַרטאָפל און היי פאַר דער קאָמענדאַנטור אין דער קרייז־שטאָט, האָבן, אומקערנדיק זיך, דערציילט, אַז ס'האַלט, דוכט זיך, גאָר שמאָל. די רוסן שפּאַרן. אָבער אַז ס'זאָל שוין טאַקע האַלטן אַזוי נאָנט, האָט מען זיך נישט געריכט. דאָס האָבן זיי עס אַוודאי אָנגעשראָקן דעם שיכורן דאָרפישן פּאָפּ. אָנפאָרנדיק נאָך האַלבן טאָג מיט די שליטנס, האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן ביי דער קאַשטאַן־אַליי און דורכשניידנדיק די סטעזשקע מיט די גערטנער, זענען זיי אַריין אַביסל דערוואַרעמען זיך אין דער אָנגעהייצטער קיך.

— אוך, בייז זענען זיי, די דייטשן... זיי קלייבן זיך, שמועסט מען, אין די קאַנטן... מען זאָגט, אַז — פאַרטיזאַנער. אָבער יאַקאָש זעט מען זיי נישט. צי זאָלן עס אַמאָל נישט זיין די פון דער „גרויסער ערד”? — האָבן זיי כיטרע געפרעגט איינער ביים אַנדערן — כ'מיין די, וואָס פאַלן פון הימל אַראָפּ...

אַזוי האָט דער איינזאַמער מענטש, וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן געטאָ און צעשיסונג־גריבער, צווישן אָפּגעריסענע פאַרטיזאַנער־אָפּטיילן און אויפן אייגענעם וועלפישן באַראָט, געגומען אַרויסקריכן פון דער פאַרשטעקטער באַהעלטעניש, מיטן צוריק־דערנענטערן זיך פון דער רויטער אַרמיי צו די היימישע קאַנטן. ס'איז נאָך געווען טיפער ווינטער אויף דער ערד, אָבער אין דער שאַרפער, פראָסטיקער לופט האָבן זיך שוין געטראָגן די באַפרייאונג־ווינטן פון שיינעם פרילינג 1944. אַזש פון ווייטן סטאַלינ־

גראַד, ביי דער וואָלגע, האָט זי אַ שפּאַר געטון ביזן רוים פון מערב־ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַינע, ביזן רוים פון די ווייסל־געביטן.

דעם ברויט־זאַק האָט ער געלאָזן פאַרשטעקט, די אונטערגעקאָוועטע שיך אויך און איז מיט אַ נייעם, דרייסטערן טראָט אַוועק צו דער קיך. פאַראַסקע איז געשטאַנען אויף דער שוועל. אין דער טונקל האָט איר אונטערגעבונדן קאָפּ־טיכל זיך געבלייכט און די קאָפּטע איז געווען פונאַנדערגעשפּיליעט. זי האָט קיין איין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען. איר ברוסט האָט זיך געהויבן; ווייל אין זיין זיכערן טראָט, אין זיין אומהיימלעכן שווייגן, האָט זי באַלד דערפילט, אַז טיכאָן האָט נאָר־וואָס אָנגענומען אַ פעסטן באַשלוס. „טיכאָן!"— האָט זי זיך אָפּגערופן פאַרשטיקט און ער האָט ביים שיין פון אויפגעלויכטענעם האָריזאָנט אויף איין רגע דערזען אירע גרינע אויגן. ווי זי וואָלט מער ווי אַלעמאָל זיכער געווען אין איר חשד, וואָס זי האָט אַ גאַנץ יאָר אַרומגעטראָגן אין זיך. „וועסט אַוועקגיין, כ'ווייס"... — האָט זיך עס אומגעריכט אָפּגעריסן פון אירע ליפּן.

— יאָ, פאַראַסקע — די ווערלדער רופן... — האָט ער געוויזן צום האָריזאָנט — כ'קען נישט מער דאָ... פאַרשטייי... אָבער מיר וועלן זיך נאָך, האָף איך, באַגעגענען...

ער איז שוין צוריק אין דער ליכטיקער שטוב נישט אַריין. דער האָריזאָנט האָט וואָס אַמאָל מער אויפגעלויכטן מיט אַ שפּיזיק ליכט און אין דער שיין האָבן זיך געזען די סילועטן פון כוטאָר אין דער נידער. עפּעס זענען זיי דאָרט געלאָפן, אַראָפּ־טראַקט. זי האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג צום פאָדער־הייזל און איר בליק איז געווען פאַרטראָגן צו די שטאַכעטלעך, וווּ ס'זענען געווען צעהאָנגען די איבערגעדרייטע ערדענע טעפּ. אַ ווײַלע האָט זי אים נישט דערקענט. אויפן פּאָן פון האָריזאָנט, האָט זיך איר געדוכט, זענען עס די זעלבע סילועטן, וועלכע זיי האָבן נאָר־וואָס באַמערקט אויפן טראַקט. און ער האָט זיך בלינד געלאָזן פירן פון איר, פון אירע גרויסע, פייערישע, ווארעמע הענט, וואָס האָבן מער ווי אַלעמאָל געפּלאַטערט; ווייל נישט איין מאָל, אין די נעכט, איז אויסגעקומען אַזוי צו טראַכטן, אַז די פאַראַסקע... ווי שיקט זיך עס... און אפשר איז זי דאָרט פאָרט ארויס אַ לעבעדיקע פונעם פייער, דינקע ?... און אפשר פאַרטיזאַנעוועט זי... ער האָט געוואָלט אַרויסרייסן זיין האַנט פון פאַראַסקעס פאַרקלעמטע פינגער און באַלד נעמען און אַוועקלאָזן זיך אַהין, מיט די טיפע שנייען, צו די וועלדער.

די ערד האָט געבריט אונטער די פּיאַטעס. אַוועק, אַנטלויפן, נאָכגיין דעם בלינדן גורל. ער האָט געוואָלט, אַז די לאַנגע ווינטער־נאַכט זאָל שוין וואָס גיכער זיך אויסלאָזן. פרימאָרגן וועט אפשר אַלץ קלאָר ווערן. נישט נאָר דער האָריזאָנט האָט געפּלאַקערט, מ'האָט דייטלעך געזען גרינע און רויטע ליכט־ראַקעטן פון דער אַוויאַציע און פון דער אַרטילעריע. אַזוי פייערלעך האָט ער זיך שוין לאַנג נישט דערפילט. באַלד, האָט ער זיך גע־

זאָגט, ענדיקט זיך די נאַכט. זי האָט אים נאָך אַ ווײַלע געלאָזן הינטער די ווענט פון אויסגעלאָשענעם קלויסטערל און אַליין האָט זי אַוועקגעפלאָ־טערט צו דער ליכטיקער שטוב.

— זאָלסט נישט אַוועק! — האָט זי גערופן — וואַרט!

אָבער ער האָט זיך שוין מער נישט געקענט דערוואַרטן.

# 34

ס'איז געווען אַ לאַנגע, פינצטערע נאַכט, פון וועלכער ער האָט זיך נאָר־וואָס קוים אַרויסגעפּלאָנטערט. אין זײַערע פּיס־טריט איז ער געגאַנ־גען. זיי זענען דאָ, זעט אויס, אין דער לעצטער נאַכט ערגעץ אָנגעפלויגן, דורכגעריסן זיך און פאַרשוווּנדן צווישן דעם ווייס־פאַרשנייטן וועלדער־רינג. זייער פייער־וועג האָט באַדאַרפט צו זײַן אינגאַנצן אַ קילאָמעטער צען פון די פאַרלוירענע כוטאָרן.

דער דורכגערעדערטער שליאַך צו דער קרייז־שטאָט האָט אים בליג־דערהייט געפירט אַהין. ער האָט זיך געשניטן צווישן די פאַרווייטע, אָבער קליינגענדיקע וועלדער און האָט זיך מיטאַמאָל אַראָפּגעלאָזן צום גלייכן, נאַקעטן טאָל. דער שניי איז באַגאָסן געווען מיט ראָזיקייט. ער האָט אַלץ געצויגן צום רויכערדיקן האָריזאָנט. סטייעס קראָען האָבן זיך געטראָגן נידעריק איבער די קאַרליק־סאָסנעס. באַגינען האָט זיך פון דאָרט אויפגע־הויבן אַ קליינע, רויטע זון און ס'איז געווען ביי אים דער איינדרוק, אַז דאָס איז נאָך אַלץ דער אָפּשיין פון די בייננאַכטיקע שרפות. אָבער געזען האָט ער זיי נישט. די לופט איז נאָך פול געווען מיט פאַרטראָגענע רויכן און מיט האַרבע פעך־ריחות, וואָס האָבן זיך געזונט געלאָזן אײַנאָטעמען.

איצט האָט שוין מער נישט אויסגעמאַכט וווּהין, אייגנטלעך, ער שפּאַנט. כאָטש ער איז נאָך פול געווען מיט פאַרדאַכטן. אַהין, אין זײַנע היימישע קאַנטן, האָט עס אים דערווייל נישט געטראָגן. נאָך וואָס? צו וועמען? צי ווייסט ער דען נישט? קיין שום אילוזיעס זענען נישט געווען, ווי ביי אַנ־דערע, כאָטש איין מאָל נאָך אַ קוק צו טון — אפשר...

הינטער זיך האָט ער שוין פון לאַנג געהאַט געלאָזן די פאַרווייטע כוטאָרן. קיין פערד האָט נישט געהירזשעט, קיין קו האָט נישט געמעקעט. אַפילו די גלייכע, דינע רויכלעך זענען נישט אויפגעגאַנגען פון די איינ־געזונקענע סטרעכעס.

„וווּהין, אַ שטייגער, שפּאַנט אַזוי דער לעצטער ייד אויף דער ערד פון די סלאַוון?“ — האָט ער געפרעגט ביי זיך אַליין און איז נאָך פונ־

דעסטוועגן אַליין פֿאַרגאַפּט געוועזן פֿונעם פּלוצימדיקן פֿריי־זיין, פֿון שפּאַנען איינער אַליין, ווען אַרום האָט נאָך אויף טריט און שריט געלויערט דער טויט. דריי־פֿיר יאָר האָבן דאָ, אַרום ערגעץ, געוויכערט די קוימענס פֿון פֿאַרברענטע יידישע גופֿים; די ליימיקע גריבער האָבן זיך אָנגעפּילט, אַז די ערד האָט זיך טעג־לאַנג דערנאָך געהויבן פֿון די אָנגעשוואָלענע לייבער. וועט נאָך זיין רחמנות אויף דער ערד פֿאַר די רעשטלעך פֿון יידישן שטאַם?

איז אים אָבער אויסגעקומען אין הילצערנעם שטעטל, אויפֿן מאַרק, אין זעלבן פֿרימאָרגן, אָנצובאַגעגענען נאָך אַ לעבן־געבליבענעם ייד, אַ רויט־אַרמייער, אַ טאַנקיסט. ווי אַזוי נישט דערקענען אַ ייד, אַ רויט־אַרמייער, מיט אַ שוואַרצן, וועכער ווייס פֿון וויפֿל טעג שוין, נישט אַרומגעגאָלטן האָר־אויסשיט, מיט אַ שויבער פֿון אונטער דער פּילאָטקע? אַ מאַרק פֿון אַ קליין, צעגראָמירט יידישע שטעטל אַוודאי. מיטן אָנגעטראָגענעם געהילץ פֿון די האַלב־חרובֿע הייזער האָבן דאָרט די סאָלדאַטן פֿון פּינצטערן באַגינען אָנגעלייגט אַ שייטער, זענען געשטאַנען אַרום און ס'האָט געזעצט אַ פּאַרע פֿון זייערע מיילער, פֿון זייערע שינעלן. עטלעכע זענען דערביי געלעגן אויסגעצויגן און געפּאָרעט זיך ביים פֿאַריכטן און אויסשמירן די הינטערשטע צאָן־רעדער. דער טאַנק איז דאָ, זעט אויס, שטעקן געבליבן אין די טיפֿע שנייען און מ'האָט אים באַדאַרפֿט שנעל צורעכט מאַכן. ביים אָרעמען קלויסטערל, אַרויפֿצו, זענען געשטאַנען עטלעכע פּויערישע שליטלעך און פֿאַרוויקלטע פּויערים האָבן שטום געגלאָצט צום וווּנדער, וואָס איז געשען איבער נאַכט. עפּעס דראָטן האָט מען שוין געצויגן איבער דער גאַס, און איינער, אַ געל־וואָנסיקער, האָט געליאַרעמט מען זאָל דאָ גיכער פֿאַרטיק ווערן און נישט פֿאַרשטאָפּן דעם דורכפֿאָר.

און אַזוי איז טאַקע זאַלקע שטיינגעבליבן קעגנאיבער דעם פֿרעמדן און מאָדנע־אייגענעם, שוואַרץ־פֿאַרוואַקסענעם טאַנקיסט, אָן לשון. זעט אויס, אַז אין זיין אויג האָט אויך געגליווערט אַ שטומע טרער, אַנישט וואָלט זיך אפֿשר יענער נישט אַזוי פּלוצים אומגעדרייט צו אים, זוכנדיק זיין האַנט אַ דריק צו טון, פּעסט אַ דריק צו טון:

— אַ ייד, ווי כ'בין אַ ייד! — און ער האָט מיטאַמאָל דערפֿילט אויף זיך די האַרבע ריחות פֿון מאַכאָרקע און שווייס פֿון שטייפֿע, דורכגעפּעטסטע קליידער. אַרום זיי איז שוין געווען אַ קליין, זשומענדיק געזעמל.

— אַ ייד און — איז דיר עפּעס נישט קיין ייד! — האָט דאָרט איינער, אַ רויט־פּנימדיקער, לאַכנדיק ברייט, אים באַטראַכט אַקוראַטנע, צוגעטראָגן אַ פֿלעשל מיט עפּעס שאַרפֿס צו זיין מויל — פֿון וואַנען, זאָג, זענען ביי דיר אַזעלכע טיפֿע, נישטערנדיקע אויגן?

די איבעריקע האָבן אים געקלאַפּט אין דער פּלייצע און אים ערנסט פֿאַרזיכערט, אַז אַ סך אַזעלכע בראַווע זענען שוין צו זיי אַרויס פֿון די וועלדער.

— אוך, האָבן זיי געשניטן פּאַסן פונעם דייטש !...

ביי זאַלקען איז רעכט געווען שוין צו כאַפּן אַ ביקס און גיין העלפן אויסרויכערן דעם דייטש; אָבער דער רויט־פּנימדיקער טאַנקיסט, יעפּי־מאָוו לויטן נאָמען, האָט אים רואיק געראָטן צוצוואַרטן און מעלדן זיך פּאַרנאַכט אין שטאָב אַריין, וואָס וועט אונטערקומען אַ ליאַדע מינוט.

אויפן שטאָב איז, פאַרשטייט זיך, מער נישט אויסגעקומען צו דער־וואַרטן זיך; ווייל ס'זענען מיטן אויסגעפאָרענעם טראַקט אונטערגעקומען אַלץ נייע עשאַלאָנען פון דער געפּאַנצערטער דיוויזיע, פון דער אַרטי־לעריע און פון דער ווינטערדיק־סיבירער קאַוואַלעריע. זיי האָבן זיך אָן אויפהער, נישט איבערצוציילן, ווי אַ וויכער געטראָגן איבער דער איינ־געזונקענער גאַס אויף זייערע בידעריקע, פלינקע פערדלעך פון אַ טיף־געפלעקטן ברוין. אַ טאַנק האָט אים נאָך דעם זעלבן פאַרנאַכט געבראַכט ביז צו די פּאַרווייעטע שטעטלעך, נאָנט אַרום קאָוועל ערגעץ. דאָרט האָבן זיך קאָנצענטרירט עטלעכע דיוויזיעס, צו פאָרסירן דעם פאַרפרוירענעם בוג.

אין די עטלעכע גליקלעכע טעג, פול מיט רעש און ווילדער פרייד, איז זאַלקען אויסגעקומען זיך צו איבערצייגן, אַז ער איז נאָך פונדעס־וועגן נישט דער לעצטער ייד אויף דער ערד פון די סלאַוון און — אַז אויף דער דאָזיקער ערד איז נאָך פאַראַן רחמנות פאַר די רעשטלעך פון יידישן שטאַם. אין הילצערנעם שטעטל האָבן זיך געהאַט צונויפגעקליבן אַרום אַ צענדליק אַזעלכע ווי ער. זיי זענען נאַר־וואָס געהאַט אַרויס פון די וועלדער, פון די באַהעלטענישן, צוזאַמען מיט דער אָנפּליענדיקער אַר־מיי, אָפּגעשליסענע, אין אָנגעבלאָזענע, וואַטאָווע הויזן, אין קורצע פוי־ערישע פעלצן, אין באַראַשקענע היטלען; טייל האָבן אַפילו געטראָגן דייט־טשע שינעלן. געווען אויך אַ יידישע פרוי צווישן זיי — טאַניע. אַ פולבלעכע און אַ פעסטע, אין הויזן. וועגן איר האָט מען גערעדט, אַז זי איז אַ גרויסער העלד. זי איז געקומען פון די ראָזשינאָיער וועלדער.

„די ראָזשינאָיער וועלדער"... דאָס זענען דאָך זיינע וועלדער, איינ־געבאַקן פון דער פריסטער קינדהייט; און ער האָט זיך, אַביסל שעמעוו־דיק, געגומען נאָכפרעגן ביי איר וועגן סטעפּין, וועגן אָטריאַד אויפן נאָ־מען פון דימיטראָוו. ס'איז געווען באַלד אויפן אַנדערן אָוונטפאַרנאַכט, אין אַ געראַמער, אָנגעהייצטער שטוב. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי אַליין האָט אויך ערגעץ געלאָזן אַ מאַן מיט אַ קינד אין די געטאָס, האָט זיך אַרויסגעריסן אין דער לעצטער מינוט און ס'איז קיין צייט נישט געווען זיי צו ראַטעווען. זי האָט אויסגעזען צו זיין פאַרנומען און איז נישט איינ־געזעסן אויף קיין אָרט.

ערגעץ אויבן, אין טיף־פאַרשנייטן ווייסרוסלאַנד, אַרום די ביאַלאָ־וועזשער וועלדער, און אַ טריט פון דאַנען, ביים בוג, זענען נאָך אָנגעגאַנ־גען פאַרביטערטע שלאַכטן. דאָ איז געווען דער קלין, וואָס די רויטע אַר־

מיי, איבערהויפּט די פּלינקע, סיבירער קאַוואַלעריע, האָט אומגעריכט אַריינגעשניטן זיך אין רוקן פון לאַנג־פונאַנדערגעוואָרפענעם פראָנט.

פון שטעטל האָט מען זיך דערווייל נישט גערירט. טאַניע האָט יעדן אויפדערנאַכט געקאָכט גרויסע טעפּ היימיש געקעכטס. יעדן טאָג האָט עמיץ אַנדערש געברענגט פון די דערבייאיקע דערפער און שטעטלעך אַ שעפּס, אַ מילך־חזירל, אַ פּאָר הינער. פון דער אויטאָ־באַזע פּאַר רעמאָנט, וווּ זאַלקע איז באַלד אַוועק אַרבעטן, האָט ער געברענגט בראָנפן, מאַכאָרקע און יעדן אָוונט איז פריילעך געווען אין נידעריקן שטיבל. ס'האָט זיי נישט געאַרט, וואָס די דייטשע אַוויאַציע האָט דאָרט איינמאָל אַראָפּגעריסן אַ שטיק דאַך. אינמיטן דער נאַכט האָבן זיי ערגעץ אויפגעזוכט אַן אַנדער נאָרע און ס'איז דאָרט צוריק פריילעך געווען.

אין שטאַב פון דער דיוויזיע האָט מען טאַניען, דעם פאָרשטייער פון דער קליינער גרופּע באַפרייטע פּאַרטיזאַנער, כסדר באַרואיקט מיט צוזאָגן.

— פאַרוואָס איז אייך באַפאַלן אַזאַ אומגעדולד? אייך איז צייט אַביסל אָפּצורוען. ס'עט אייך נאָך, נישקשה, אויסקומען אַ קלאַפּ צו געבן דעם דייטש...

מיטגעקומען איז מיט איר דער שטאַבס־לייטענאַנט, יעגאָרקין — אַ פריילעכער יאַט, אַ וויצלער און אַ זעלטענער אַקאָרדעאָניסט. ער איז אין אָוונט געזעסן אין נידעריקן ערד־שטיבל, רייטנדיק אויף אַ פּויערישער, דריי־פּיסיקער טאַבורעטקע, אין דער מיט פון אָנגעהייצטן צימער, און האָט אויסגעשפּילט אַלערליי פריילעכע און אומעטיקע לידער פון גרויסן היימלאַנד. דער עולם האָט צוביסלעך געטרונקען, צוביסלעך גערויכערט, אָנדערציילט זיך וועגן די ביטערע פּאָר יאָר אין די וועלדער. נאָר ווען טאַניע איז שפּעטלעך אַרויס באַגלייטן דעם לייטענאַנט יעגאָרקין דורך דער הויפּט־גאַס, צום שטאַב, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין דעם איינציקן געמויערטן הויז, אין געוועזענעם מאַגיסטראַט, איז דער עולם זיצנגעבליבן אַביסל אָפּהענטיק, מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט.

— איך ווייס וואָס אייך קוועטשט אַלעמען — האָט זיך דער ביעלסקער, אַ קליינער, קרעמפּער, פאַרוואַקסענער ייד, הייזעריק צעלאַכט — אָט די באַבע אין די הויזן! עך, איר! אין די עטלעכע יערלעך איז אייך קיין צייט נישט געווען אַפילו אָפּצואָטעמען, דער קאָפּ איז נישט געלעגן דערביי, וואָס? און אָט, אַצינד... צי דען וועלן אייך פעלן באַבעס?

די איבעריקע האָבן געשטומט ווי די פיש.

— פאַר אונדז, די רעשטלעך — האָט ער גערעדט פאַוואָליע — בלייבט איין זאַך: ווען די מלחמה וועט זיך אויסלאָזן, צו לעבן אַביסעלע קליגער ווי פריער.

זיי האָבן אַראָפּגעדרייט דעם לאָמפּ און אַנידערגעוואָרפן זיך אין שטרוי אַריין. אין דער טונקל האָבן נאָך לאַנג געפינקלט די פייערלעך פון

זייערע מאַכאָרקע־טרייבלעך, פאַרדרייט אין צייטונג־פאַפיר. מ׳האָט געהערט, ווי דער רייסיקער ווינט קלאַפּט צו די אָפן־געלאָזענע הויז־טירן און לעדלעך. דעם הימל, באַלויכטן פון ראַקעטעס, האָבן געזעגט אַעראָפּלאַנען.

ביזן פרילינג זענען עטלעכע פון זיי אויסגערונען, אָן אַ זיי־געזונט. ווער ס׳איז אַוועק אין די רויט־אַרמייאישע אָפּטיילן, ווער אין די נייע פוילישע דיוויזיעס, וואָס האָבן אַ שפּאַר געטון אַהער אַזש פון הינטער לעבינאָ. טאַניע איז אַוועק פאַר אַ קראַנקן־שוועסטער און זאַלקע איז שוין פאַרבליבן אין באַוועגלעכן רעמאָנטיר־גאַראַזש. מ׳האָט זיך, זעט אויס, אומעטום גיך דערקענט אויף זיינע גילדערנע פאָר הענט. ער איז מיטגעווען מיט זיין אָפּטייל ביים פאָרסירן דעם בוג, ביים אַריינרייסן זיך קיין לובלין און אין שפּעטן האַרבסט איז ער שוין געווען אין גרויסן ווייסלרוים, ערגעץ הינטער וואַרשע.

# 35

ער איז געגאַנגען און דער הייליקער געטאָ־שטויב האָט זיך לייכט געוויקלט אַרום זיינע פאַרלוירענע טריט. איבער דער פאַרכאַפּנדיקער ליידיקייט, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל געעפנט פאַרן בליק, האָט געהויערט אַ זוניקער און ווינטלדיקער טאָג אין חודש אַפּריל.

אין קראַשינסקיס גאָרטן האָבן די אַלטע, אַרומגעבראָכענע קאַשטאַנען שוין געהאַט אַרויסגעלאָזן בלייכע קנאָספּן. און ס׳איז מאָדנע וווּנדערלעך געווען צו זען, ווי צווישן די אומענדלעכע הויפנס ציגל און זעלטן־שטיינגעבליבענע, אַרומגעסמאַליעטע ווענט, קוועלט ווידער אַרויס פון אונטער דר׳ערד דאָס יונגע, צאַפּלדיקע גרינס. ווייט־אויפגעריסן און טיף־אויסגעבלויט — האָט אין זיין דמיון אַ רגע דער הימל ווידער זיך געשפּרייט איבער יענעם פינצטערן פּלאָנטער פון די היימיש־איינגעבאַקענע, פון יידן שוואַרץ־באַפּינטלטע גאַסן און געסלעך פון אַמאָל. קיין שום מויער און קיין שום וואַנט האָט אָבער דעם הימל מער נישט פאַרשטעלט. ס׳איז געווען אַזאַ ווייטע, בלענדיקע העלקייט אין ווייסן געטאָ־שטויב. בלינדערהייט וואָלט ער דאָ מיט ציטער דערקענט יעדן פאַרדריי, יעדן ראָג, יעדן טומלדיקן דורכגאַנגס־הויף פון די נאַלעווקעס צו דער דזשיקע.

אָט אַזוי, אין אַזאַ ליידיקייט נאָך אַן אונטערגעגאַנגען לעבן, האָט ער זיך אַמאָל אויסגעדאַכט די שטאָט פּאָמפּעי, פאַרגאָסן פון דער ווולקאַ־

נישער לאַווע. אָבער דאָ האָט די בלוטיקע לאַפּע פון ראַפּינירטן רוצח זיך אויסגעשטרעקט איבער אונדזער האַלדז אין דער לאַנגער, פינצטע־רער געטאָ־נאַכט. דאָ האָט זיך עס אָפּגעשפּילט. קליין און פאַרלוירן איז ער אין ווינטלדיקן אַפּריל־טאָג געשטאַנען פאַר די רעשטלעך פון אויס־געלאָשענעם נעכטן. ס'האָט דאָ אַמאָל, אין די טיפענישן, געברויזט און געיערט אַ טויזנט־יאָריק לעבן; דאָ איז אויסגעפיבערט געוואָרן אונדזער פאָלקס־קולטור, אונדזער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַוווסטזיין; דאָ זענען געגאַנגען אונדזערע גרויסע טרוימער; דאָ האָט יצחק לייבוש פּרץ אַמאָל געטראָגן אין זיין גליענדיקן בליק אַ חלום. „האָף און גלויב — האָט ער געמוטיקט — נישט ווייט איז שוין דער פרילינג". פון דאנען האָט זיך פון די ענגע, פינצטערע וואַרשטאַטלעך, אויפגעהויבן אַ פלאַמיקע יוגנט מיט הייליקע לאָזונגען, איז אַוועק אויף די באַריקאַדן, אין אַלע תפיסות פון לאַנד, איז פאַרפייניקט געוואָרן אין קאַרטוז־בערעזע.

אָט דאָ, האָט ער זיך געזאָגט, איז ער געגאַנגען, דער לערער ישראל; דאָ איז אפשר אויך געגאַנגען דינה. זייער אומבאקאַנטער קבר איז דאָס אָפּגעמעקטע געטאָ. די זעלבע סטעזשקעס האָבן אים — ערשט ווי לאַנג? — אַראָפּגעפירט צו דער „ווילדער פליאַזשע", אויף די אויסגעברייטע זאַמדן, ווו ס'האָט זיך געזאַמלט דער אַרבעטסלאָזער טעקסטיל־פאַראיין. דער לינדער אַפּריל־ווינט פון די ווייסל־ברעגן האָט געשווידערט אין די פראָ־וויזאָריש־פאַרצויגענע דראָטן און ס'האָט זיך אים אַ רגע געדוכט, אַז ס'האָט דאָ ערגעץ הינטער אים אויפגעהילכט איר העל, קינדעריש לאַכן.

צום אָנגעוואָרפענעם צימער אין קאָמיטעט־הויז, אויף פראַגע, איז נאָך דעמאָלט נישט לייכט געווען אַריבערצובאַקומען זיך אַקעגן אומענד־לעכן שטראָם פאַרער און פוסגייער איבער דער פראָוויזאָרישער בריק. ס'איז אויסגעקומען אומצוקערן זיך שפּעט. ס'איז אַלץ שווער געווען אָפּצורייסן זיך פן די פאַרצויגענע זיצונגען, פאַרזאַמלונגען, פון די אָנ־געפּראָפּטע קאָרידאָרן מיט די אָנגעלאָפענע יידן. ער האָט מיטגעהאָלפן ביים אויפזאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן, פאַרשרייבן גבית־עדותן. צו־ריקגעפירט האָט מען זיי אין קליינעם לאָסט־אויטאָ פון קאָמיטעט. ווי ער וואָלט אין ליידיקן צימער נאָך אַלץ געווען אַ גאַסט אויף דערווייל. ס'איז צו גאָרנישט געווען קיין געדולד. אויפן טישל, אויפן שטול — נישט־פונ־אנדערגעוויקלטע צייטונגען, נישט־אויפגעשניטענע ביכער, אַ קראַוואַט, אַ קאָלנער, אַ נאַכט־העמד, אַ צעשטויסענע וואַליזע, וואָס האָט זיך שוין געוואַלגערט אין צוגן, אין וואָקזאַלן, אויף לאָסט־אויטאָס. דער לעבעדיק־סטער ווען איז נאָך אַלץ געווען דער טעלעפאָן און — דער געלאָדענער רעוואָלווער אין טיש־קעסטל. דער שלאָף איז אויך געווען אַ האַסטיקער, אַ הייסער, אַן אומרואיקער.

„וואָס האָט ער דען געמיינט, דער ביעלסקער מיטן „לעבן אַביסע־לע פאַרשטענדיקער און קלוגער, ווי פריער"? ס'הייסט, פאַרגעסן, ווערן

אַן אַנדערער, צופּאַסן זיך? לייכט אָפּצורעדן. מיטן ניכטערנעם שכל האָט ער נאָר אַזוי גערעדט. צי האָט ער אַליין זיך אויך דען נישט געוואָרפן די גאַנצע נאַכט אויפן שטרוי און ס'איז צו אים קיין שלאָף נישט געקומען. און טאַניע? צי האָט זי נישט אויסגעזען אַביסעלע צו־לייכט צו פאַרגעסן? אַזעלכע געדאַנקען און צווייפלען האָבן אַלץ געפרעסן.

יעדעס מאָל אינדערפרי, ווען דער קאָמיטעט־וואָגן האָט זיך האַסטיק געטראָגן צום אַנדערן ברעג ווייסל, קיין וואַרשע, איבער דער פּראָוויזאָרישער בריק, אין געגיי, אין געפּאָר, אין געלויף פון אויטאָס, לאַסט־מאַשינען, ראָווערן און אַ כמאַרע פוסגייער, האָט ער אין דער מיט פון אָט דער פעלקער־וואַנדערונג, אין ראָזן פרימאָרגן, אַריבערגעקוקט אַהין, צו יענעם ווינקל, ווו ס'האָט זיך באַדאַרפט צו געפינען די אַלט־שטאָט. דער הימל איז דאָרט מאָדנע הויך געווען. צי האָט טאַקע אַלעמאָל אַזוי די בריק דאָמינירט אַ שטיק פון דער ווייט־פונאַנדערגעוואָרפענער שטאָט אויף ביידע פלאַכע ווייסל־ברעגן? אַלץ פאַר זיין אויג איז אין דינעם, בלויען נעפל אַוועקגעשווומען ווי אַ דורכזיכטיקער אַקוואַרעל. אָט דער טייך, די זעלבע מוטנע וואַסערן, וואָס קייקלען זיך איבער דער פּוילישער ערד, האָט אָפּגעטיילט צוויי פיינטלעך־פאַרביסענע וועלטן, ביזן לעצטן אָנשטורעם.

נישט באַשערט איז זיי געווען, די אייביק־צעטומלטע יידן פון יענע ענגע געסלעך, פול מיט געפילדער, צו דערלעבן עס; און אין יענע געסלעך האָט מען לאַנגע יאָרן געחלומט וועגן אָט דעם גליקלעכסטן טאָג. אַצינד ציט דער שטראָם צוריקגעקומענע יידן איבער די בריקן פון דער ווייסל. זיי בלאָנדזשען דאָ נאָך אַלץ אַרום ווי פרעמדע, ווי לונאַטיקער. זיי געטרויען נישט דעם אייגענעם שאָטן. זייער בליק איז פאַרלאָפן פון ווייטיק און שנאה. ווער איז זיי דען בכוח צו טרייסטן?

און אים אַליין האָט עס אויך אַוועקגעטראָגן ערגעץ ווייטער, צו די געדיכטע זאַמל־פּונקטן, צו די עשאַלאָנען, וואָס האָבן אין יענעם יאָר צוריקגעפירט די יידן פון די ווייטע סאָוויעטישע געביטן.

אין לאָדזש האָט ער זיך אויך לאַנג נישט פאַרהאַלטן. אַ פרעמדע, גרויע שטאָט און עפּעס אַזאַ פרעמדער, גרויער פרילינג האָט געשיינט איבער די אַלטע, פאַרוויכערטע מויערן. דאָס אויג האָט זעלטן־ווען געפונען אַביסל גרינס, אָפּצורוען. אויף דער הפקרדיקער מלינה איז געווען אַן אַנגעלויף. אַן אומרו האָט זיי דאָרט אַלעמען געטראָגן; מענטשן, וואָס האָבן מער קיינעם נישט פאַרמאָגט. אומעטום זענען געווען צעשטעלט בעטלעך, וועגטלעך, וואַליזעס, אויוונס מיט רערן. מ'האָט דאָ אַלץ לייכט געקענט אויספאַריכטן, אָבער די הענט האָבן זיך נישט געלייגט צונויפצוקלאַפּן אַ טיש, אַ בענקל, אַ שטיקל בעט. מ'האָט זיך געשטופּט אין די קאָמיטעטן. און ער איז נאָך אַלץ אַרומגעגאַנגען מיט שטילע טריט אויף דער ערד,

ווי אין וועלפישן לויער צווישן די אונטערגעשווענקטע וועלדער פון זיינע קאַנטן.

די גרויע, פאַרויכערטע אינדוסטריע־שטאָט לאָדזש האָט נאָך אין יענעם פרילינג נישט געראויכערט. אַכט אין אָוונט האָבן זיך די גאַסן אָפּ־געליידיקט, די טויערן — פאַרהאַקט. אין די איבערגעפּאַקטע מלינות איז געווען אַ געגיי פון טיר צו טיר. אַמאָל האָט מען נאָך געהערט אַ שיסעריי פון די נאָענטע גאַסן. ס׳האָט אַביסל דערמאָנט דעם יידישן אַנגעלויף ביי זיי דאָרט, אין יענעם סעפּטעמבער 1939. ווער וואָלט זיך עס געווען ריכטן? דאָרט זענען נאָך די יידן פול געווען מיט אומרו איבער אַ פּאַציאַטקע, וואָס מ׳האָט געלאָזן, איבער אַ נייעם טאָפּ, איבער אַ טישל. נישטאָ וואָס צו זאָגן — צעטומלטע מענטשן, אַ צעטומלטער דור. זיי האָבן זיך דאָ אַלץ אויפגערעגט איבער די קאָמיטעטן, ווו זיי האָבן יעדן טאָג אָפּגעקלאַפּט די טירן, און איבער זייער גאַב:

— מען גנבעט דאָרט מער, ווי מען גיט אַרויס... — האָט זיי איינע אַ דיקלעך ווייבל באַזונגען — זיי מיינען, אַז מען ווייסט נישט...

און איינער אַ צעקאָכטער יונגערמאַן איז איר אַריינגעפאַלן אין די רייד אַריין:

— דורך די הינטער־טירן, פאַרשטייט איר מיך, טראָגן זיי אַלץ אַרויס... זיי האָבן מיר דאָרט אָפּגעשטעקט אַן אַמעריקאַנער קאָסטיום מיט קראַטקעלעך, האָט ער, אויף מיין וואָרט, אויסגעזען ווי אַרונטערגע־צויגן פון עפּעס אַ צירק־פּאַיאַץ... צוויי אַזעלכע ווי איך האָבן געקענט אַריין אין די הויזן. פון די לעכער רעד איך שוין נישט. דערפאַר זענען די צוויי אַמעריקאַנער קראַוואַטן געווען טעמ׳עדיקע... עפּעס אַזעלכע מיתה־משונה־קאָלירן, כ׳זאָל אַזוי גוטס האָבן...

מ׳האָט געזונגען, איבערגעוווערטלט זיך און ווי נאָר ס׳האָט גענומען ווערן שפּעטלעך, האָבן זיך הינטער די ווענטלעך אָפּגעטיילט די פּריש־געבאַקענע פּאָרלעך; מ׳האָט זיך געשושקעט, געהאַט עפּעס ווייכטיקע פּלע־נער און צומאָרגנס האָט מען זיי מער נישט אָנגעקוקט. זיי זענען געלאָפן פאַרטיעסווייז איבער דער גרענעץ.

די הפקרע דירות האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען אָפּליידיקן. ס׳איז געשען נאָך איידער מ׳האָט זיך רעכט אַרומגעקוקט. די יינגעלייט, וואָס זע־נען געקומען פון דער רויטער אַרמיי, פון די קאָלכאָזן, זענען אַוועק אין די קאָאָפּעראַטיוון, אַוועק אויף ערד אין נידערשלעזיע. די פלינקע, וואָס האָבן זיך אומעטום, אַפילו אין ראַטנפאַרבאַנד, געדרייט, אויסגעמיטן צו אַרבעטן, האָבן זיך דאָ דערפילט אומבאַקוועם, זענען אַוועק אויף אַנדערע מלינות, נאָכאַנאַנד געהאַט צווישן זיך סודות. זיי האָבן זיך געדרייט

צווישן די לייט, וואָס האָבן געדופן די יידן צו לויפן אין די דייטשע לאַ־גערן אַריין, מיט דער אומלעגאַלער עליה.

ס'האָט אים פון דאַנען אויך אַרויסגעטריבן, זאַלקען. ער האָט גע־בלאָנדזשעט איבער דער פרעמדער שטאָט. אַ פאַרנומענער עולם האָט גע־איילט. מיליציאָנערן אין כאַקי, מיט אויטאָמאַטן אָנגעהאָנגען אויפן אַקסל, האָבן רעגולירט די באַוועגונג, דעם גרויסן שטראָם מיליטערישע אויטאָס. אין קליינעם טיי־הויז, אויפן ראָג, ווו עס שטייען די דראָשקאַזשעס, האָט אים קיינער נישט חושד געווען, אַז ער איז אַ ייד, ווייל מ'האָט זיך דאָרט, אַביסל פאַרשטיקט, איבערגעוואָרפן:

— ס'איז טאָקע נישט צו פאַרשטיין, „פּאַנאָוויע"... פון וואנען דער־נעמען „זיי" זיך איצט ווידער אַזויפיל?...

— דאָס זענען זיי צוזאַמען מיט דער „באָלשעוויע" געקומען אָנצו־לויפן... דאָרט זענען זיי — נישט איבערצוציילן...

— זיי לויפן ערגעץ ווייטער... אויף מערב... זיי דערשמעקן שוין אָבער, די כיטרע... נישט אַנדערש, ס'גרייט זיך ווידער מלחמה...

די אָונטיקע גאַס, ווו ס'טראָגט זיך דער נייער ריטם פון פאַרקער, ווערט פרי איינגעשטילט. די מאַסיווע טויערן פאַרקלאַפּן זיך, ווען דער אָוונט פאַלט צו. אויפן ראָג, אין אַ טויער־נישע, שטייט דער נייער מילי־ציאָנער מיטן אויטאָמאַט. ער היט. לעבן די פאַבריקס־טויערן — דער דעזשורירנדיקער עלטערער, וואָנסיקער אַרבעטער מיט דער ביקס. ער קלאַפּט היימיש אויס דעם טראָט. מען פילט, אַז ער היט דאָ אַלעמענס אייגנטום. די טראַמווייען פאָרן אָן אַלץ זעלטענער, האַלב־אויסגעליידיק־טע. אין באַר זיצן אָוונט־צייט מיליטערלייט אַרום די טישלעך. ס'איז עפּעס מער נישט די פּוסטע שטייפקייט פון אַמאָליקן פּוילישן אָפיציר. די העפלעכקייט איז מער נישט קיין מאַנירלעכע און פאַרפומירטע. כאָטש זיי האָבן ליב די עלעגאַנץ, דעם שיינעם זשעסט, דאָס גלאַטיקע וואָרט. דאָס געשיקטע אונטערטראָגן דעם פּאַרטסיגאַר דאָס מיידל ביי דער זייט און אַלע שכנים. און די מיידלעך זעען גיכער אויס ווי פאָלקס־מיידלעך. אַזאַ נייער ווינט בלאָזט דאָ. און אפשר באַהאַלטן זיך דאָ אויך געשיקט אויס די, וואָס טראָגן זיך נאָך אַרום מיט פינצטערע כוונות און פלענער? מען פילט אָבער דאָס אויג, וואָס וואַכט, די האַנט, וואָס האַלט דעם פּולס.

ס'איז קיין תכלית נישט געווען אַרומצודרייען זיך. אין קאָמיטעט האָט אים דער ענערגישער בחור פון פאַרטיזאַנער־פאַרבאַנד געראָטן:

— ביסט אַ גוטער עלעמענט פאַר נידערשלעזיע. פאָר אַהין. מען בוי־טיקט זיך דאָרט אין אַזעלכע ווי דו.

— כ'האָב דאָרט קיינעם נישט... — איז זאַלקע צוערשט שטיינגעבליבן נישט אַנטשלאָסן.

— כ'פאַרשטיי... די היים... — האָט אים יענער אַרויפגעלייגט אַ וואַרע־מע האַנט אויפן אַקסל — ערגעצווו האָט אַ רויט־אַרמייער, אַ קאַלכאַזניק, אויף די פראָנטן, אויסגעדריקט עס אין עטלעכע פשוטע ווערטער: די דאָרפישע הילצערנע שטוב, פאַר די נידעריקע פענצטער — די ווייסע בעריאָזע... יענע יוגנט אונדזערע, וואָס האָט אָפּגערוישט, איז אַוועק אין די תפיסות, אויף די תליות, האָט געהאַט פאַרן בליק די וויזיע — די זי־כערע היים ביי די ברעגן פון די פוילישע טייכן, ברויט צו דער זעט, אַר־בעט, לידער. זיי זענען נישטאָ מער, אָבער די היים איז פאַרבליבן. מען דאַרף זי אויפהייבן פון די חורבות און... פאַרטיידיקן, אויב ס'וועט ווידער נויטיק זיין...

ער האָט עס גיך פאַרשטאַנען, זאַלקע. אויך די טאָפּאָלן־גאַס וועט זיך אויפהייבן פון די חורבות; דאָרט, ווו אונדזער וויג איז אַמאָל געשטאַ־נען, אויף די וועגן, ווו מיר זענען געטרעטן, גייען נייע מענטשן. זיי בויען אַ פרידלעכע היים, אַוועקצושטעלן די וויג פאַרן ניי־געבוירענעם.

ס'איז נישט געווען מער נאָך וואָס אומצוקערן זיך צום הויז אין דער טאָפּאָלן־גאַס. ערגעץ אויף יענער זייט בוג, וואָס טרייבט נאָך אַלץ זיינע מוטנע, ליימיקע וואַסערן איבערן פלאַכלאַנד, האָט פון אונטער די חור־בות זיך אויפגעהויבן אַ ניי לעבן; נייע מענטשן, פלייסיקע, האָבן געבויט, געמייסטרעוועט; דאָס לעבן האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, ס'איז אַן אויפ־הער געפלאָסן, ווי דער מוטנער בוג.

די עשאַלאָנען פון מיטל־אַזיע האָבן זיך שוין דאָ מער נישט פאַר־האַלטן. זיי זענען דירעקט געגאַנגען קיין פּאָמערן, קיין נידערשלעזיע. דאָרט, אין די אַלט־פוילישע געביטן, זענען געשטאַנען ליידיקע הייזער, פאַבריקן. אַ ים מיט אַרבעט האָט געוואַרט אין די גרינע שטעטלעך, צווישן די רוישיקע וואַסערן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך זאַלקע אויפגע־הויבן און מיטגעכאַפּט זיך מיט אַ צוג קיין ווראָצלאַוו. אין אַנגעפּראָפּטן הויף פון קאָמיטעט האָט ער זיך לאַנג נישט אַרומגעדרייט.

אין דעם שטעטל, ווו דער טייך ניסע, אַ פול־וואַסערדיקער, אַ גרויער, האָט זיך רוישיק געגאָסן האַרט הינטער די ווענט און אונטער די אַלטע בריקן, האָבן די צעטומלטע יידן נאָר געוואַרט ס'זאָל פינצטער ווערן, און זיי האָבן זיך כמאַרעסווייז געלאָזן איבער דער גרענעץ. זאָלן זיי לויפן, די, וואָס דאַרפן לויפן — האָט ער קיל באַטראַכט און האָט זיך אָפּגעדרייט פון זיי.

און ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק צו די זייניקע, האָט זיך איינגעשאַפן אַ היים, אַ שטילע פרוי און ער האָט זיך געזאָגט:

אין דער שלאַכט מיטן מענטשן־שונא איז אומגעקומען אַ וועלט אַ גאַנצע, אָבער די לעבן־געבליבענע בויען ווייטער, וועלן נישט מיד ווערן צו בויען און וועלן מיט די ציין און נעגל פֿאַרטיידיקן די נייע היים. דאָ, ביי די טייכן פֿון נידערשלעזיע, האָט ער זיך געזאָגט, אויב וועט דאָס פֿייער נאָך אַמאָל דערגיין אַהער, וועט אַלצאיינס די גאַנצע וועלט שטיין אין פֿלאַמען. אָבער אומברענגען אַלעמען וועלן זיי נישט; זיכער וועלן זיי אַליין אומקומען. דאָס איז זיכער.

דער באַגינענדיקער פֿייף פֿון דער פֿאַבריק האָט גערופֿן און ער האָט זיך מיט אַלע צוגלייך אַרויסגעשאָטן צו דער אַרבעט. ס׳איז געגאַנגען אַ נייער פֿרילינג אויף דער ערד. מיט צוגעלענטע אויגן איז ער געגאַנגען אַקעגן דער יונגער זון; און ער האָט דערפֿילט, ווי ער וואָלט ענדלעך צוגעשווומען צו אַ ברעג.

## פון זעלבן מחבר:

„צווישן ווענט״, נאָוועלן, וואַרשע, 1933,
„גרויע פּראָפילן״, נאָוועלן, פּאַריז, 1937,
„דער מאַרש אויף בריסק״, ראָמאַן, פּאַריז, 1938,
„די יידן פון בעלוויל״, ראָמאַן, פּאַריז, 1948,
„רות און נעמי״, דערציילונג, ווראָצלאַוו, 1949.
„געווען איז עס נעכטן״, ראָמאַן, פּאַריז, 1951,

איבערזעצונגען:

אַראַגאָן: „דאָס רוימישע רעכט עקזיסטירט נישט מער״.
ה. דע באַלזאַק: „די קוזינע בעטי״.

אין צוגרייטונג:

„די ברידער כייקין״, ראָמאַן, צווייטער און דריטער בוך.

